# אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ

## אינהאַלט פון די 18 בענדער

# פון פאַרלאַג „יידיש"

דער קליינער און יונגער יידישער אַרגענטינער קיבוץ איז אַ דאַנק דער שוידערלעכער יידן־אויסראָטונג זינט אויגוסט 1939 געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע יידישע ישובים אין דער וועלט. דער יידישער וועלט־חורבן האָט אונדזער ישוב דערהויבן און אים אָנ־געטון אַ טראַגישן און גרויסן זכות.

אַ זכות גייט ביי אונדז זייט שטענדיק אָן האַנט ביי האַנט מיט חוב. פאַר דעם גרויסן טראַגישן חוב איז אונדזער ישוב אַ סך, אַ סך שולדיק. און פאַרלאַג „יידיש", וואָס איז אין דער פאָרעם אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג און אין תוך געהער ער צום גאַנצן ישוב, שטרעבט צו באַצאָלן אַ קליינעם טייל פון די חובות, וואָס דער ישוב איז שולדיק.

דורך דעם פארלאַג „יידיש" וועט דער אַרגענטינער יידישער ישוב אָנהויבן העלפן אויפבויען דאָס דאָזיקע, וואָס דער שונא האָט חרוב געמאַכט.

און נישט אומזיסט הייבן מיר אָן מיט אונדזערע קלאַסיקער! דאָס דאָזיקע לעבן, וואָס מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם האָבן באַ־שריבן וועט מען שוין מיט קיין טאָנקען אויך נישט אויסמעקן.

און ווען דער צאָרן וועט זיך ענדיקן און אייראָפּע וועט זיך נעמען באַנייס אויפבויען און מען וועט דאָרט נעמען אויפבויען אויך דעם יידישן שאֵרית הפּליטה, וועט דער אַרגענטינער ישוב דורך דעם פאַרלאַג „יידיש" שיקן די ביכער פון די קלאַסיקער פאַר די ערשטע פון סניי אויפגעבויטע יידישע ביבליאָטעקן.

פאַרלאַג „יידיש" הייבט אָן מיט אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ, ווייל בעצם האָט פּרץ געראַטעוועט דאָס מאָדערנע יידישע לעבן פון אַ שריפה, וואָס האָט עס גענומען אַרומכאַפּן פון אַלע זייטן. פּרץ איז אַריין אין פייער אַריין פון השכלה און אַסימילאַציע און ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם סאַמע עיקר פון דער באַדראָטער יידישקייט. די ערשטע ווערק וואָס מען וועט אַריינשטעלן אין אַ באַנייטער יידישער ביבליאָטעק פון אייראָפּע, מוזן זיין פון י. ל. פּ ר ץ!

י. ל. פּרץ

# אַלע ווערק

מיט בילדער, פּאַקסימילן, געקליבענע פּערזענלעכע בריוו און

ביאָגראַפישע שטריכן פון יעקב באָטאָשאַנסקי

פאַרלאַג „יידיש"

פון וואָלף ברעסלער און אברהם מיטלבערג

בוענאָס איירעס 1944

# אינהאַלט:

# יעקב דינעזאָן

עקב דינעזאָן איז מער מאָראַליסט — זיטן־לערער, אַלס קינסטלער. ווייניקסטנס האָט זיך דער קינסטלער אין אים אַנידערגעלאָזט אויף די קניען פאַרן ליבעראַלן זיטן־לערער, און האָט זיך אים אונטערגעוואָרפן, אונטערגעגעבן, דאַכט זיך — אויף לעבנסלאַנג.

פריער — הייסט עס — זיי ליבעראַל, גוט און ערלעך, דערנאָך ערשט — שיין!

דאָס בילד, די סצענע, דאָס שטיק אָפּגעמאָלט לעבן איז נישט קיין צוועק פאַר זיך אַליין. — דאָס לעבן האָט אפשר פאַר זיך אַליין קיין תכלית נישט! — דער קינסטלער מוז דעריבער לכל הפחות באַווייזן — אַז איין מענטש דעם צווייטן דאַרף ליב האָבן; אַז איין געשלעכט דאַרף דאָס צווייטע נישט אונטערדריקן; אַז פאַלשקייט, אינטריגעס, פאַנאַטיזם א. ד. ג. שלעכטע מידות פירן נישט צו קיין גוטס; אַז „יידישקייט" איז נישט דער אַבערגלויבן אין צדיקים און זייערע ניסים... וכדומה.

צי פאַרקלענערט דאָס דינעזאָנס ווערט?

געוויס נישט. מען דאַרף נאָר קענען וואַרפן אַ ריק־בליק אויפן יידישן לעבן פון פאַר גאָר דער לעצטער צייט... מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען און זיך גוט פאָרשטעלן: דלפנ׳קע, קבצאַנסק, זיבן־בלאָטיווקע, ציאַכנאָווקע, און דעם גאַנצן תוהו־ובוהו פון אַלטע יידישע „שטעט און שטעטלעך".

איידער עס האָט פון דעם „תוהו־ובוהו" זיך געקענט אַרויסאַרבעטן אַ וועלט, אַ מער אָדער ווייניקער אָרגאַניזירטע, נאָר מיט אַלערליי פאַרשידענע נאַציאָנאַלע, קלאַסן־און מענטשלעכע אינטערעסן, אָדער פאַרשטעלונגען פון אַזעלכע; איידער עס האָבן זיך געקאָנט אָפּטיילן די וואַסערן אויף אויבן און אונטן; ווי עס איז — אויסגעשטערנט ווערט אַ הימל אין דער הייך, און פרוכטבאַר ווערט די ערד אין דער נידער... ווייל דאָס „יונגוואַרג" — דער נאָמען פון דער ניי־אויפשטייענדיקער וועלט —

האָט נאָך אַפּהענטיק און פאַרמאַטערט געפּוילט און איז איינפאַך פאַר־גאַנגען אין פאַנאַטיש־אונטערדריקנדיקער פינצטערניש, — האָט געמוזט פריער עמעץ קומען און זאָגן: „יהי אור"! — וואַרפן אַ ליכטיק־וואַרעמע שטראַל איבערן „חושך על פני תהום". פריער — ליכט, דערנאָך ערשט וועט מען זען, וואָס צו טון...

און אפשר שטעקט דער פעלער נאָר אין דער שפּראַך. אויב די שפּראַך — און אין דעם האָט אין אָנהויב פון דינעזאָנס ארויסטרעטן קיינער נישט געצווייפלט, — אויב די שפּראַך איז פאַר זיך אַליין קיין צוועק נישט, ווייל זי האָט קיין צוקונפט נישט — מוז אויך איר ליטעראַטור עקזיסטירן נישט פאַר זיך אַליין, נאָר עמעצן אָדער עפּעס צו דינען... עמעצן, אָדער עפּעס צוליב.

ווי עס איז, דעם „יהי אור" האָט דינעזאָן געזאָגט.

אויב איר ווילט, איז דינעזאָן קיין זון נישט, קיין לבנה און קיין שטערן נישט. די דאַרפן פּיליכט ערשט קומען. ער איז אָבער אויך נישט קיין פאַלש־פּלעמל, וואָס הייבט זיך און ציטערט איבער דער בלאָטע, אראָפּצופירן דעם וואַנדערער פון וועג... אויך נישט קיין נידעריק־פליענ־דיקער ג ל י ־ וו אָ ר ע ם! ווי אויך קיין פונק, צווישן די לויזע פונקען, וואָס הייבן זיך, און פליען מיכלומרשט, איבער אַ שמידעריי, און גיבן אַמאָל אַ ליבע סעקונדע דעם אויג, אָבער קיינמאָל גאָר נישט דעם האַרץ. און אויך נישט איינער פון די פונקען, וואָס די ווייטער־לויפנדיקע לעבנס־לאָקאָמאָטיוו וואַרפט אונטער זיך... און קימערט זיך נישט, נישט אום זיי, נישט אום זייער באַגרעבעניש...

אויב איר ווילט, איז דינעזאָן קיין אָדלער נישט. ער פליט נישט אזוי הויך, ער האָט נישט אַזוינע שטאַרקע פליגל און אויך קיין שאַרף אָדלער־אויג, ארומצונעמען ווייטערע האָריזאָנטן... ער איז אָבער אויך קיין נאַכט־פויגל נישט, וואָס אַנטלויפט פאַרן ערשטן שטראַל פון טאָג, און אויך נישט קיין פּאַפּוגע פון פרעמדע, נישט איבערגעלעבטע ווער־טער...

אַן ערלעכע, געטרייע שוואַלב איז ער. אַן ערלעך־געטרייע שוואַלב, וואָס איז גרייט יעדע סעקונדע זיך אויסצורייסן ביז דער לעצטער פעדער אויף דער ברוסט, אונטערצובעטן דעם יונגן געשלעכט, עס זאָל אים וואַרעם זיין אין נעסט... וואָס איז געפּאַסט יעדער רגע, אויפצורייסן זיך די ברוסט , און אָנקאָרמען דאָס יונגוואַרג מיטן אייגענעם וואַרעמען בלוט... נישט קיין זון, נישט קיין לבנה, נישט קיין שטערן, נאָר אַן אמת־

כשר נשמה־לעמפל, וואָס האָט זיך אריינגעשטעלט אין פארפינצטערטן אָרון־קודש, פון וועלכן מען האָט שוין די ספרים ארויסגענומען, און עס איז נישט מער געבליבן דערינען, ווי דאָס קידוש־און הבדלה־פלעשל... אַן אמת־כשר נשמה־ליכט, מיט וועלכן ער איז אַראָפּגעגאַנגען אין טיפסטן תהום אריין, ווו דער ז אָ מ ע ן פון נייעם לעבן האָט געפוילט, און האָט עס געוועקט צום אויפלעבן, צום בליען און ארויסבליען איבערן תוהו־ובוהו...

איבער דער צייט פון פינף־און־צוואנציק יאָר ליטעראַרישער ארבעט, האָט דינעזאָן דעם יידישן לעזער נישט פיל נעמען געגעבן: „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק", „אַ שטיין אויפן וועג", „הירשעלע" און „יאָסעלע", און אַ פּאָר קלייניקייטן. אָבער דאָס, וואָס ער האָט געגעבן, האָט דאָס פאָלק גענומען און געלעזן, און איבער און איבערגעלעזן. עס האָט געפילט, אַז דאָס איז זיין, „אַ פלייש פון זיין פלייש, אַ ביין פון זיינע ביינער". און עס איז אין פאָלק, ווי זאַלץ אין וואַסער, צעגאַנגען. עס איז אין זיין בלוט אריין. קרעפּטיקערס וואָלט נאָך זיין מאָגן נישט פאַרדייט, גרעסערס — זיין מויל נישט פארנומען. און קיין טראַגעדיע האָט נאָך אַזוי פיל טרערן נישט אויסגעפּרעסט, אַזוי פיל הערצער נישט צעריסן און פאַרציטערט געמאַכט, ווי דאָס אָרעמע, דערשלאָגענע „יאָסעלע", וואָס רופט זיך אליין „גנב"; און עס האָט נאָך קיינמאָל נישט אויפגעפלאַמט אַזאַ געוועכטער האַס קעגן אַל־דאָס־בייז און שלעכטס, ווי קעגן „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק", וואָס האָט מיט זיינע אינטריגן אומגעברענגט אַ פאַמיליע פון אומשולדיקע נפשות. און ביזן היינטיקן טאָג, קען זיך דער „לעזער" נישט בארואיקן, נישט וויסנדיק דעם אמתן סוף פון שיין־זינגענדיקן, ליבן און געטרייען „הירשעלע", וואָס מען האָט נאָר מיטן עטאַפּ פון שטאָט ארויסגעפירט, און מען ווייסט נישט עד־היום: ווו אהין, און — צי לעבט ער נאָך, און ווי אַזוי?

דינעזאָן איז אַ מאָראַליסט. ער וויל דעם לעזער גוט און ערלעך מאַכן. ריינוואַשן זיין נשמה, קלוג און קלאָר מאַכן זיין קאָפּ. דער קינסטלער האָט זיך דעם זיטן־לערער אונטערגעוואָרפן, און ער נויט זיינע העלדן, זיי זאָלן דערקלערן זייערע געליבטע — כדי דער יידישער לעזער זאָל הערן — וואָס עכט־יידישקייט איז; וואָס גוט און פרום הייסט. און אויך: פון וואַנען עס פאַלט רעגן און שניי, וואָס וואָלקנס זענען; פאַרוואָס איז טייל מאָל דער הימל רויט... נאָר ער קומט נישט אויף כל־ישראל מיט דער בייטש, ווי דער אַלטער משכיל, און שווישציעט אים נישט אי־

בער די פּלייצעס... ער איז קיין „בייזער מלמד" נישט, און אויך קיין „אַלטער אפּיקורס" מיטן אויסגעלאָסענעם געלעכטער נישט! און אויך נישט קיין פּראָקוראָר, וואָס רעכנט אויס דעם באַקלאָגטן דעם „על־חטא" מיט אַ שטאָלצן ניצחון, אָדער פאַרביטערטער ענג־האַרציקייט. ער רעדט ווי אַ ברודער צום ברודער, גאַנץ אָפט ווי אַ מוטער צום געליבטן קינד — פון האַרץ צו האַרץ, מיט אַ ליבהאַרציקער טרויער און טרויעריקער ליב־האַרציקייט... אַזוי ווי מען האָט געדאַרפט רעדן צו די קראַנקע געטאָ־קינ־דער... דער קינסטלער אין אים קניעט פאַרן מאָראַליסט, אונטערגעגעבן, אונטערגעוואָרפן. אָבער נישט געבונדן און ווי אַ קרבן אויף זיין מיזבח פאַרברענט. ער לעבט און עטעמט. מיר פילן זיין אָטעם, מיר הערן זיין פּולס איבעראַל... שוואַכער ביי די הויפּט־פּערזאָנען, ביי די העלדן, וואָס דער מאָראַליסט הייסט טון זיין ווילן און אַרומשוועבן אין דער לופט, אָן פלייש און ביינער, און רעדן וועגן השכלה, חכמה, יידישקייט, יהדות און ערלעכקייט... פאַר דאָס אָבער שטאַרקער אין די נעבן־פּערזאָנען, אין די ביי־מענטשן, פון וועלכע דער מאָראַליסט לאָזט גאַנץ אָפט אַראָפּ זיין אויג, פאַרגעסט אָן זיי, און לאָזט זיי בליען און וואַקסן ביז צום פיינסטן אַר־טיזם. — זאָגאַר אין „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק" טרעפט איר די קהלישע מומע, אַ קאַבאַליסט, שמעיה דעם מטלן, פּיסקאַלניק דעם מלמד... די אַלטע דינסט אין „אבן נגף". סצענעס פון חסידישן לעבן, בילדער פון בית־המדרש. דאָס פירן איבערן מאַרק אַ פאַרזינדיקט מיידל, און דער־גלייכן זאַכן, וואָס רייסן זיך דינעזאָנען פון דער האַנט אַרויס, און לעבן זייער באַזונדער, אייגנאַרטיק לעבן, דעם מאָראַליסט ווי להכעיס...

נאָך 25 [illegible] אַרבעט האָט דינעזאָנס נשמה אַ נייעם פרילינג באַקומען. דער [illegible] האָט זיך נאָך אַמאָל בליען געמאַכט. אַ נייער ראָמאַן „[illegible]־בילדער און נאָוועלן, יום־טובדיקע דערציילונ־גען... [illegible] נייע, ווי זיינע אַלטע זאַכן, איז באַשיינ־פּערלעך [illegible] דער געלעזנסטער פון צווישן אַלע, דער באַ־קאַנטסטער [illegible] איז זיך שווער פאַרצושטעלן אַ יידישן לעזער, וואָס זאָל [illegible] נישט קענען.

עס [illegible] מאָטערן אַן אַנדער פראַגע:

זיינע לעצטע זאַכן שרייבט דינעזאָן היינט! היינט ווען פון „תוהו־ובוהו" איז שוין אַ יידישע וועלט אַרויס, ווען עס האָט אויפגעבליט אַ ניי לעבן מיט ניי־ברענענדיקע לעבנס־פראַגן.

צי איז דינעזאָן מיטגעגאַנגען?

ניין! ער האָט זיך נאָר טיפער אַראָפּגעלאָזט... טיפער, פון ווו דער אַלטער „תוהו־ובוהו" איז נאָך נישט פארשווינדן געוואָרן; טיפער, צו די נידעריקסטע ספערן און שיכטן פון פאָלק, וואָס קענען אָן אים נישט באַפרייט, נישט אויסגעלייזט ווערן פון דער פויל־פייכטער פינצטערניש! און דאָרטן אונטן זענען נאָך די מאסן, דאָס רוב פון פאָלק... די טויזנטער, און צען־טויזנטער נשמות, וואָס בעטן זיך תיקון...

א גוטער ייד האָט אמאָל פארציילט, ווי ער האָט געבלאָנדזשעט צווישן די הרי־חושך, ווו די מענטשן האָבן אין דער אייביקער פינצטערניש כמעט די אויגן פארלוירן, ווייל מען האָט נישט מיט זיי וואָס צו טון געהאַט; ווייל מען האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי זיי צו באַנוצן. און וואָס עס ברענגט קיין נוצן נישט, דאָס ווערט נישט געשפייזט, דאָס פארגייט מיט דער צייט... און דער עולם, וואָס האָט שוין לאַנג נישט געקאָנט די אויגן באַנוצן, האָט געלעבט מיט די אויערן, ווי די האָזן; מיטן חוש־הריח, ווי די הינט, און האָט געקלעטערט אין דער פינצטער פון איין לעבנס־צווייג צו דער צווייטער. ווי א פויל־טיר1) און אַז עמעצער האָט פארציילט, אַז ער האָט פון עלטער־עלטער זיידן, פון דער צייט פון פארן גלות, צו די הרי־חושך א קבלה, א מסורה וועגן ליכטיקע טעג, אָדער א חלום וועגן ליכטיקן גן־עדן, האָט מען געלאַכט, אָדער געזאָגט: עס האָט אמאָל געמוזט זיין אַזאַ קרענק, אַזאַ אונטערגאַנג, אַזאַ שיגעון אפשר! און די יחידי־סגולה, וואָס האָבן נאָך געהאַט א זיכר פון אַלטע גוטע צייטן, זענען פארשוויגן געוואָרן, און זייער גלויבן אָן ליכט, און אָן חלומות פון ליכטיקן גן־עדן, נאָך טיפער אין די הערצער באַהאַלטן. און אַז ער, דער גוטער ייד האָט אַהין פארבלאָנדזשעט, האָט ער די יחידי־סגולה אויפגעזוכט, צוזאַמענגערופן, און געזאָגט: קומט, וועלן מיר זיך צוזאַמען אַרויסאַרבעטן פון דער פינצטערניש, און גיין צום ליכטיקן טאָג, צום ליכטיקן גן־עדן. און מאַנכע, וואָס דער גלויבן האָט אין זיי נאָך פעסט געלעבט, האָבן געפאָלגט און מיטן רבין געגאַנגען. געגאַנגען און געגאַנגען. איבער טאָל און איבער בערג, איבער וואַלד און איבער פעלד. אָן ליכט, אָן א וועג. איבער שטיינער און איבער דערנער... און צווישן חיות רעות: —

און אויפן וועג זענען מאַנכע פון די עטלעכע מיניאנים יחידי־סגולה אָפּגעפאַלן, מיד און אָפּגעשוואַכט, מיט געראַניעטע פיס. האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, און געזאָגט: ווייטער גייען מיר נישט! מיר

1) חיה. — די רעד.

וועלן עם נישט אויסהאַלטן, דאָ וועלן מיר שטאַרבן. ווייל די גרענעץ פון מענטשלעכן לעבן איז נענטער פאַר דער גרענעץ פון דער פינצטערניש! אַנדערע האָבן געשאָלטן פאַר צאָרן, און פאַר צאָרן אין ליכט פון גן־עדן געלייקנט. נאָך אַנדערע האָבן זיך געבעטן: ווער וועט זיין אונדזער ראש, וואָס וועט אונדז פירן צוריק?...

און גאַנץ ווייניקע זענען ווייטער געגאַנגען; קרעכצנדיק, פול מיט ספיקות, פול טרויער... נאָר איינער צווישן זיי, דער עלטסטער, האָט איבער דער גאַנצער צייט כּימעט געהאַלטן זיך ביים רבינס גאַרטל. טריט ביי טריט נאָכגעגאַנגען. און האָט קיין איינציקע סעקונדע נישט געצווייפלט, קיין רגע אין כעס אריין נישט געפאַלן, איבערן גאַנצן וועג קיין בייז וואָרט נישט גערעדט.

מיט געראַניעטע פיס איז ער געגאַנגען און אין דער פינצטער צום ווייטן ליכט געשמייכלט...

אָבער שפּעטער, אַז דאָס ליכט האָט זיך באַוויזן...

אַז מען האָט פון ווייטן אַ זילבערשוימיקן נעפּל דערזען; און אין מיטן דעם נעפּל — אַ גרויסע, העלע לויטערקייט; און אין מיטן דער לויטערקייט, — אַ שניי־ווייס געדעקטן טיש, מיט גאָלדענע שטילן אַרום טיש; מיט צדיקים, וואָס האָבן געשיינט ווי די זון, אַרום טיש; מיט די קרוינען אויף די צדיקימס קעפּ...

דעמאָלט האָבן די, וואָס האָבן פריער געשאָלטן, געצווייפלט, געוואַקלט זיך, געוואָלט זיך אַראָפּלאָזן און שטאַרבן אין דער פינצטער — אָנגעהויבן טאַנצן, זינגען, און מיט טאַנץ און געזאַנג לויפן צום ליכט, צו דער העלקייט, צום באַוויזענעם גן־עדן...

— געדאַרפט האָט מען — האָט דער גוטער ייד געזיפצט — אָנהייבן פליען, זיי האָבן אָבער קיין פליגל נישט געהאַט, זענען זיי געלאָפן...

אָבער דער אַלטער, דער שטענדיק־צופרידענער, גלייב־הערציקער; דער, וואָס האָט איבער דער גאַנצער צייט, אין דער פינצטערניש, צום ווייטן, געהאָפטן ליכט געשמייכלט, — דער האָט פּלוצלינג אָפּגעלאָזט דעם רבינס גאַרטל און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס איז מיט דיר? — פרעגט דער גוטער ייד, — האָסט דאָך שוין דאָס גן־עדן באַשיינפּערלעך פאַר ד'אויגן?

— אמת, — האָט דער אַלטער געזאָגט, — אָבער וואָס וועט זיין מיט יענע?

און ער האָט זיך איבערגעדרייט און געוויזן צו די הרי־חושך... ער וויל אָן זיי ווייטער נישט גיין. ער קען אָן זיי נישט גיין, ער מוז צוריק, און זאָגן זיי, וואָס ער האָט געזען... זיי וועלן אים גלייבן... מיט זיי צוזאַמען וועט ער קומען!... ער וועט מיטן לעצטן קומען...

און ער איז צוריקגעגאַנגען צו די הרי־חושך...

— און דער — האָט דער גוטער ייד געזאָגט — איז געווען, אויב נישט דער גרעסטער, על־כל־פנים — דער בעסטער פון אלע... יענע האָבן נאָך געקאָנט פארבלאָנדזשען...

---

# ליטעראַטור און לעבן



מאָל אין די גוטע יאָרן פלעגן זיין „שדים אויף די ביידעם"; לצים פלעגן אַרומטאַנצן אין די הייף, נשמות פון עולם הדמיון — האַלץ האַקן אין אַלע וועלדער; פון אַלע חורבות פלעגן רוחות אַרויסשרייען „קוקעריקו" ווי דער בעסטער האָן, און גע־שטאָרבענע אַפּיקורסים, אָדער הינטערן פלויט באַהאַלטענע דייטשן — אַרומלויפן אויף די דעכער בצורת כלב און בילן, און בעטן זיך תיקון!

עס איז געווען אַן אמת ראָמאַנטישע צייט, סאַמע שילערישע „הוילע גייסטער" און מלאָכים אַפּילו האָבן זיך אויך נישט זעלטן באַוויזן! פאַר־קערט — זיי פלעגן זיך גאַנץ אָפט צו „יאַווען" און פונקט צו דער רעכ־טיקער צייט, אָפּצווישן דער אַלמנהס טרערן, אויפצוהייבן אַ יתומה פון גלאַטן אייז... זיי פלעגן טיילמאָל אַפילו זיך צו באַווייזן דעם רשע אין אַ חלום און אָנזאָגן אים זהיר והזהר, ער זאָל נישט איבערפולן דאָס מעסטל זינד! אויסער דעם — פלעגט אַמאָל אומגעזייעט אַרויסוואַקסן אליהו הנביא, אַריינוואַרפן אין אָפּגעקומענעם דאַנציקער סוחר אַ זעקל געלט דורכן פענצטער, ענדיקן אַ שטיקל אַרבעט פאַר אַ קראַנקן בעל־מלאכה און גאָר אַ פשוטן בטלן — אונטערוואַרפן אַ כשרע מציאה...

---

וואָס האָט דעמאָלט אַ „יידן" געפעלט?

„מי יאכילנו בשר" 1) איז גאָר קיין שאלה נישט געווען! אונטער אַלע בריקן האָבן געבלעקט פאַרכישופטע קעלבער! געלט? אין אַלע אַלטע קעלערס זענען באַגראָבן געווען אוצרות פון אַמאָליקע קלויסטערס, און יעדן פאַרנאַכט האָבן זיך אוצרות באַוויזן! שימחות? זאַבאַוועס? אין אַלע הייף האָבן קונדייסעוועט לצים, סצענעס געמאַכט: געוואָרפן זיך מיט שאָלן פון אייער און קאַרטאָפל; פראָסט — צום קראַנק־לאַכן... אויסער דעם איז

---

1) „ווער וועט אונדז געבן צו עסן פלייש".

געוועזן מער בריתן ווי היינט אנדערע סעודות מיצווהס! און אין אלע קרעטשמעס איז געוועזן מוזיק! דאס האבן שדים חתונהס געשפילט!...

„הקפות" איז היינט איין מאל אין יאר און נאר ביי'ן א מינין, דע־מאלט האט יעדערער שיכורער בעל־עגלה געהאט צען, מאל אין יאר הקפות און א גאנצע נאכט ארום איין בוים אין א וואלד!

קעגן שעבוד מלכיות — פאספארטן. גרענעצן וכדומה שווערע זאכן, האט געהאט די קבלה פארשריבענע רעצעפטן, צו ווערן א רואה ואינו נראה: פ"ח תעניתים, תקצ"ז סגופים, תרפל"ג שמות און: גירא בעיניך, סטראזשניק, מען הערט דיך ווי די קאץ!

האט זיך אמאל באוויזן א המן הרשע, א צורר היהודים — איז געוועזן א רפואה צו דער מכה: א ליב שרהם מיטן קניפיקל, וואס האט פון אים לאקשן געשניטן!...

א חוץ — וואס היינט־מארגן קומט „משיח־צדקינו"; איידער דו קוקסט דיך אום — א פאפירענע בריק, בולקעס אויף דיביימער, תחית־המתים וכו' נאך אנדערע גוטע זאכן!

וואס האט געקענט פעלן אויף דער וועלט, אז זי איז געוועזן מיט יענער אזוי פארקניפט און פארבונדן? עס האבן זיך „הימל און ערד גע־קושט"; צווישן זיי איז געוועזן א צוזאמענהאנג: א חלום, א מלאך אדער אן אנדערע מאדע אינטערווענציע 1) פון דער השגחה פרטית; צווישן הימל און ערד איז געשטאנען א בריק, אויב נישט א פאפירענע — על־כל פנים א שפינוועבענע.

די פאנטאזיע האט פון אונדזער בלאטע ביז צום ריינעם בלויען הימל אויפגעשטעלט א לייטער, און מענטשן האבן פארמאכט די אויגן, געעפנט די מיילער און געקלעטערט אויף אלע פיר!

און אז עס האט זיך גוט געלעבט, האט זיך גוט געשריבן (אפילו שלא על מנת לקבל פרס), די שרייבער זענען אויך געשטאנען מיט איין פוס אויף דער, און מיטן צווייטן אויף יענער וועלט... און אויף יענער וועלט (האבן מיר דאך א קיימא־לן!) זענען מיר תקיפים... אלע אומות האבן נאר „שרים" און מיר — דעם רבונו של עולם אליין! און מיטן רבונו של עולמס הילף האבן זיך אלע מעשות גוט געענדיקט; דער „קורא נכבד" 2) איז

1) ארייגמישן זיך.

2) דער געערטער לעזער.

באַלד אַן „הוריות״ רואיק און פעסט איינגעשלאָפן, און אַלע ש״י עולמות האָבן זיך אים געחלומט!

ביי׳ן א מחבר, נאָר אַן אפּיקורס, האָט זיך דעם חלום, דער שד, דער מלאָך, אליהו הנביא און אנדערע הימלישע אינטערווענציעס — פאַר־שטעלט אין א ירושה פון א מומען אין אמעריקע... נאָר סיי־ווי־סיי איז דער סוף געווען א מחיה. דער גוטער בחור האָט גענומען די גוטע בתולה מיט נדן און דרשה־געשאַנק כדת משה וישראל! דער שלעכטער בחור איז אוועק מיט „אַן אָפּגעשנייצטער נאָז״ אָדער — „ווי א קאַץ פון דער מילך״.

. . . . . . . . . . . . . .

אנדערע צייטן — אנדערע לידער...

די פּריצים האָבן אויסגעהאַקט די וועלדער און די אָרעמע נשמות פון עולם הדמיון האָבן נישט ווו האַלץ צו האַקן... טרעפט זיך אַמאָל א הונט אויפן דאַך, איז עס א פּראָסטער, משוגענער אָדער א מרה־שחורה־דיקער הונט, און בילט נישט, און בעט זיך נישט קיין תיקון... אויף שאָסייען מיט וויאָרסטן האָבן לצים קיין שליטה נישט; אוים הקפות! מיט די לצים צוזאַמען זענען פאַרשווינדן געוואָרן די פאַרבישופטע קעלבער... די באַן האָט דריי פערטל קרעטשמעס פאַרמאַכט און — ווייסט דער טייוול — ווו שדים מאַכן חתונה!... אליהו הנביא באַווייזט זיך נישט, ווער ווייסט אויב ער וואַלגערט זיך נישט נעבעך ערגעץ אַרום אַלס „ניעפּאָ־מניאַשטשי״ אין א קאַזאַמאַט אין סיביר, אָדער ער זיצט נישט אין ירושלים, עסט יעבוצ׳עס דינע פּרומע גריץ פון טויטע ביינער מיט עטלעכע גרויפּן פון שליידענס חכמה, און גייט אַלע פרייטיק אין באָד אַריין על־חשבון החלוקה, אונטער יוסף ריבלינס השגחה פּרטית...

קיין מלאָך זעט מען נישט פאַר א מיליאָן... די יתומות מיט די אַלמנות האָבן שוין אַפילו אויפגעהערט אויף זייער הילף צו האָפן, גיכער שוין העלפן זיי אַמאָל אַרוים פון דער נויט די „גאָלדענע יונגע לייט״, וואָס האָבן פון די אַלטע פּריצים געירשנט prawem kaduka דעם “Jus primae noctis”

מיט דער אַלטער פאַרמאַקאָלאָגיע צוזאַמען האָבן זיך איבערגעלעבט דער קבלהס רעצעפּטן אויף רואה ואינו נראהס; ליב שרהסעס ווערן נישט געבוירן, פון אוצרות הערט מען נישט, און כשרע מציאה, וואָס זענען אַמאָל א האַלבע פּרנסה געווען, פירן היינט גלייך אין קרימינאַל אַריין...

אוים ראָמאַנטיק! אוים פּאָעזיע! דאָס לעבן איז טרוקן און פּאָסטנע!

עס ווייזן זיך אַפילו אַמאָל עאָוסאָפּיעס פיס אויפן אָרט פון שדים;

פון טייל נשמות ווערן אפילו טיש־פּויקער און מען וואָלט מיט דער צייט פון זיי שיל־קלאַפּער געמאַכט, אויפן אָרט פון איין „משיח־צדקינו" האָבן מיר אפילו א סך, א סך אזוינע, וואָס ווילן אונדז ארויסשלעפּן פון גלות... עס איז אָבער דאָך נישט דאָס!

עאוסאפּיעס פוס כאַפּט מען גאַנץ אָפט ווו מען דאַרף נישט; גוטע שטעלן האָבן נאָר יחידי סגולה, קוים איינס פּראָ־מיל פון אלע טעלער־לעקער! און די משיחלעך זענען שוין, ווי מען זאָגט אין שוסטער גאַס; ווי נאָר א ישיבה־בחור לערנט ער זיך רייטן אויף — דער כנסת ישראל...

עפּעס רעכטס זעט מען נישט!

„נייע צייטן, נייע פייגל, נייע לידער"! —

די ליטעראַטור, האָבן מיר א קיימאַ־לן, איז א שפּיגל פאַרן לעבן; זי באַשאַפט נישט קיין נייעס. ווער עס קוקט אריין, דער קומט ארויס; א רב, א בדחן, א גביר, א בטלן, א קאַץ אפילו, אלץ קומט ארויס כהויה; און דער־ריבער איז קיין וואונדער נישט, אז מיט דער נייער צייט איז אין דער העבּ־רעאישער ליטעראַטור א מרידה געוואָרן און מען האָט א געשריי געטון; „ריאַליזם!"

אוים ראָמאַנטיק! אוים פּאָעזיע!

---

אז עס איז א שטורעם־ווינט אויפן ים, אז דער ים שפּייט שוין אפילו מיט פאַליעס דעם הימל אין פּנים אריין, אז עס טאָפּיען שוין שיפן און גייען אונטער ווי בליי... ציטערט נאָך אלץ נישט דאָס קליינע ביסל לופט אינעם ענגן שפּאַלט פון פעלדז, ווו די ווייכע מאָליוסקע[1]) האָט זיך באַ־האַלטן. זי ליגט זיך רואיק און בינעימות אין איר הייזל וואָס וואַקסט מיט איר צוזאַמען; נאָר שפּעטער — ערשט גאָר שפּעט, ווען דער ים איז שוין צוריק רואיק ווי א שפּיגל, עס שווימען שוין נייע שטאָלצע שיפן, מיט נייע מאַטשן, נייע פענער — דעמאָלט ערשט גנבעט זיך אריין קוים א בלאָז אין דער מאָליוסקעס הייזל! דעמאָלט ערשט ווערט זי פאַרציטערט, און שטעקט ארויס דעם ווייסן קאָפּ מיט די גרויס־נאַרישע אויגן, צו זען: וואָס פאַר א שטורעם־ווינט עס וויל איר חרוב וניחרב מאַכן דאָס הויז!

אין שוסטער גאַס, טרעפט זיך, האָט מען שוין אין א נייס פאַרגעסן, און זי האָט זיך אלץ נאָך נישט אריינגעגנבעט צום תפוס אונטער שלאָס און ריגל! און נישט איינמאָל געשעט, אז בשעת ווען דער אָרעמער תפוס

---

1) ווייב־טיר, חילזון.

טאַנצט פאַר פרייד, אַז דער „נביא" איז געבוירן געוואָרן, זענען שוין סי און קעלבער מעלה־גרה דאָס גראָז אויפן נביאס קבר!

אָדער — למשל — איישישאָק! ווען ווערט דאָרט מאָדע אַ הוט?

ווען ער ליגט שוין אין פּאַריז אין מיסט־קאַסטן...

ביי גאָט קען מען קיין שאלות נישט פרעגן; אַזאַ מזל האָבן שוין: די מאָליוסקע אינעם שפּאַלט פון פעלדזן, דער אַרעסטאַנט אונטער שלאָס און ריגל, און דאָס פּראַנטל, דאָס גיגערל אין איישישאָק!

אַזאַ מזל האָט שוין אויך אונדזער „אַלטע מאַמע" — די העברעיִשע ליטעראַטור...

בשעת ווען מען האָט אין אונדזער „אַלטן הייזל פון עק", אַ געשריי געטון: „רעאַליזם" און די אַלטע ווענט מיט פּוסבאָדן און סופיט, מיט די איינוווינער בכלל, האָט געכאַפּט אַ ציטער, האָבן שוין אַנדערע גליקלעכערע ליטעראַטורן דעם רעאַליזם איבערגעלאָזט פון הינטן... זיי זענען שוין אַפילו אַריבער איבער מאַטעריאַליזם, דעקאַדענטיזם און סימבאָליזם און ציאַצקען זיך שוין מיט אַ נייעם בן־זקונים — מיט אָקולטיזם, נאָר ער האָט אויך עפּעס אַ גרין פּנים, ציט ווייניק ביי דער ברוסט, און וועט זיך אויך לאַנג נישט האַלטן...

וואָס וועט זיין נאָך אָקולטיזם? אָדער: וואָס באַדייטן די שמות הקדושים, די אַלע „איזמען"? פרעגט ביי וועמען איר ווילט, נאָר מיך לאָזט צורו, איך מיין אַז „די לצרה בשעתה", 1) ווען זיי וועלן מאָדע ווערן ביי אונדז, ווען עס וועט אַ ניי ליטעראַריש גיגערל אָדער אַ מאָליוסקע אַרויפשפּרינגען אויפן אַלטן דעכל מיט אַ גאָלדן שופרל אין זיסן מיילעכל און אַ בלאָז געבן דער כנסת ישראל אַ נייעם „משיח צדקנו", אַ נייעם „איזם"!

נאָר נישט אין דעם שטעקט דער קאָמיזם!

דער עיקר קאָמיש איז דאָס, וואָס דעם נייעם ליטעראַרישן טעסטאַמענט האָט אונדז געבראַכט בן־אביגדור!

ווען בן־אביגדורן איז דער עולם מחולק; דובנאָוו און וואָסכאָד און בן־דוד אין המליץ האָבן זיך די לונגען גערירט און אויסגעבלאָזן בן־אביגדורן ווי אַ לונג־און־לעבער; געמאַכט פון'ם לכל הפּחות אַ וויקטאָר הוגאָ! (דער אַלטער זאָל מיר עס מוחל זיין, אויב ער דרייט זיך איבער אין קבר), דער רעשט עולם און דער עיקר „אונדזערע" גרויסע און קליינע

1) עס וועט צייט זיין ווען די צרה וועט קומען.

נאָוועליסטן. אָדער — אָפֿן גערעדט — דאָס מיסט, וואָס בן־אביגדורס בעזעם האָט ארויסגעוואָרפן פון שטאַל, וואָלטן אים פארזייפט אין א לעפל וואַרעם וואַסער! זיי זענען כופרים בעיקר אין זיין טאַלענט... דער אמת ליגט דאָ אויך אין דער מיט: בן־אביגדורס מוזע איז אַ גוטע ליטעראַ־רישע הון, וואָס לייגט אַלע טאָג כימעט אַן איי... פון די אייער וועט קיין לעבעדיקע זאַך נישט ארויס, ווייל זיי זענען פון בלויז רייבן זיך אין אחד העמס וואַנט... נאָר דאָס זענען דאָך אייער, נישט קיילעכלעך פון ערד אָדער פערדס־מיסט, אין וועלכע אונדזער ליטעראַרישע רשעים לייגן זייערע מיק־ראָסקאָפּישע אייעלעך... בן־אביגדור האָט טאַלענט, עס פעלט אים נאָר בילדונג... ער איז אייגנטלעך נאָך יונג, ער וואָלט צייט געהאַט זיך אויס־צובילדן, נאָר די מוכרי־ספרים לאָזן נישט, זיי זאָגן אַז קיין בעסערע סחורה דאַרף מען נישט... אַז פאַר בעסערע לייזט מען נישט... נאָר נישט אין דעם גייט עס... דאָס קאָמישע איז, אַז צווישן אַלע אייער, וואָס בן־אביגדורס מוזע האָט ביז אַהער געלייגט, איז נאָך קיין איינציק רעאַליסטיש איי נישט געווען און עס וועט נישט זיין, וואָרום בן־אביגדור איז בטבע אַ פאַרחלומטער אידיליסט, — אַן אידעאַלנע־נאַציאָנאַלער פּאַלעסטיניעץ... בטבע כאָטש ער זיפצן אין דער לופט; דערביי האָט ער שוין אַזוינע אויערן, אַז ער הערט ווי וועלדער דאַווענען, אָדער ווי משה רבינו דרשנט אַ לאַ „אחד העם”...

נו, אדרבאָ, שטעלט אייך פאָר אַ רעאַליסט, וואָס איז זיך נישט מיישב און רייסט אויס פון דער יידיש־הישפּאַנישער געשיכטע אַן אַלטן אויסגעקראָכענעם לאַפּען פון אַ פּעלץ, און פּוצט און וואַשט אים אויס מיט ליבעראַלנע אָדעקאָלאָן, שטרייכט אים איבער אויף אַ היינט מאָדישן באַלעבאַטישן ביבער, און איז כופה הר כגיגית, און נייט דעם העלד, ידעם אומגליקלעך געבוירענעם דאָן־מיגעל, ער זאָל דרשענען פיר הונדערט יאָר צוריק אין הישפּאַנישן אויף לאַסקערס אויפן, אָדער כאָפּן היים־געבראַטענע ליבעראַלנע בולבעס פון היינטיקן ווירכאָוס מויל!... בן־אביגדור זאָל זיין אַ רעאַליסט, וואָלט ער אפילו ביי ווייניק בילדונג דאָס, עכ"פ, פארשטאַנען, אַז פאַר פיר הונדערט יאָר איז צו פרי, און היינט ווייטער, אויב די צייט איז נאָר כנגד המזיקין, איז שוין צו שפּעט צו קאָרמען דעם עולם מיט דער פראַזעאָלאָגישער סיעצקע...

אָדער: שטעלט אייך פאָר אַ רעאַליסט, וואָס שטעלט אויף אַ ברייַ, אויסצופּאַשען פּאַלעסטינצעס לויט אחד העמס רעצעפּט, אויף קלייען פון רעקענדאָרפס יידיש־היסטאָרישע דערציילונגען, וואָס זענען (צווישן

אונדז געשמועסט) אזוי ענלעך צו דער יידישער, ווי „לפני ארבע מאות שנה״ צו דער יידיש־הישפּאַנישער געשיכטע!

דער אייגענער בן־אביגדור דרוקט „דניאל דירונדו״ — אַ גלאַז אידעאַלנע־נאַציאָנאַלער גאַגעל־מאָגעל! ער דרוקט: סמועלים שירים, ווו דער „פּאָעט״ טענהט זיך אוים מיט די פּאַליעס אזוי ראָמאַנטיש־בטלניש־פילאָזאָפיש, אז אָדם הכהן וואָלט אים מקנא געווען; פרישמאַנס פּאָעטיש־ראָמאַנטישע נאָכווייען, ווו מתים האָבן שוין נישט מער וואָס צו טון, נאָר צו רופן האַלבער־נאַכט אין שיל אריין עולה־תורה צו זיין אַ יידישן פּאַרליבטן משורר!

דער אייגענער בן־אבינדור אידעאַליזירט אזוי פיין דאָס קליין־חנעוודיקע מיילעכל פון מנחם הסופרים ווייבס שוך, אז עס כאַפּט אָן ביים האַרץ!

בן־אביגדור איז דווקא, לויט ווי איך קען אים, אַן ערלעכער מאַן! ער איז נ י ש ט — דאכט זיך — אחד בפה ואחד בלב... און אָט אין דעם שטעקט דער אמתער קאָמיזם, אין דעם, וואָס בן־אביגדור נעבעך האָט זיך אליין געוואָרפן אַ שטיין אין וועג אריין, איבער וועלכן ער שטרויכלט אויף יעדן שריט און טריט!

„שרייבט פון לעבן!״ רופט דער ארויסגעבער פון „אפרים קו״, אָדער דער מחבר פון „אהבה וחובה״, וואָס שיקט זיין העלד ש ט ו ד י ר ן קיין אמעריקע און לאָזט אים צו זיין היים־געליבטער קיין בריוו נישט שרייבן, ביז עס איז נישט צו שפּעט, ביז זי שטאַרבט נישט מיטן בריוו אין דער האַנט אויף אַן אָפּצערונג!

„פאָטאָגראַפירט, שטודירט דאָס לעבן, וואָס איז ארום אייך, לאָזט אייך נישט חלומען״... אזא רעצעפּט פאַרשרייבט דער מחבר פון „מנחם הסופר״, פונעם אומגליקלעכן קליינעם אייזעלע, וואָס ליגט נעבעך דער־דריקט אונטער דער אומגעהייערער משא פון דער רעאַליסטישער טענדענץ, אז מען זעט אים קיין פּיצל פון די אידעאַלנע, גרויסגעוואַקסענע אויערלעך נישט ארוים!...

אַ מענטש טוט זיך נאָר אליין!

נאָר וואָס קומט ארוים אז עס איז קאָמיש? „אין אחרי מעשה ב״ד כלום״![1] בן־אביגדור איז אַ „פּוסק״. די ליטעראַרישע לעצטע אינ־סטאַנץ... און „רעאַליזם״ איז ערגער ווי אַ דין אין אַ שלחן ערוך!

---

1) אַז דאָס בית־דין (סאַנד) האָט אָפּגעטון איז פאַרפאַלן.

נאטירלעך האָט א שטר א שובר, פּראָצענט — א היתר עסקא, פּסח — מכירת־חמץ, שבת — עירובין, און דער דין אין שולחן ערוך, וואָס דאכט זיך, ער שטייט ווי א מויער, האָט פאָרט אַן אונטער־וועגל עכ"פ „א יוצא מן הכלל"...1) דער דין פון רעאליזם האָט'ן אויך א „ווילאזקע".

ער איז נישט נוהג, למשל, ביי חשבונות פון חובבי ציון, ביי נאכריכטן איבער די קאָלאָניעס, ביים באשרייבן זייער באשטאנד... דאָס חלק „ליטעראטור", געראָט דווקא אמבעסטן פון דער ווייטנס! און דערביי מ ו ז עס געשריבן ווערן מיט אידעאלנע־רויטלעך־פּריילעכע טינט!

נאָך מער — וואָס ווייטער דער שרייבער איז פון אָרט איז אַלץ בעסער!

גוט שרייבט זיך פון אָדעס, בעסער — פון ווארשע, ווייל — פון דינאבורג, גאָר גוט פון איישישאָק און אמבעסטן נאָך וואָלט געווען פון הינטער די הרי חושך! פון דערווייטנס מישן זיך אוים די „אָ"ח" און „ל"ח" 2) אין דער „הכנסה" באשיינען ראָטשילדס קאָלאָניעס די חובבי־ציונישע; פון דערווייטנס איז שווער צו באמערקן, אז די הוצאה איז „כל־ישראלס" אויסער ראָטשילדן, און דער גאנצער אינוועטאר איז ראָטשילדס אויסער כל־יש־אל... פון דער ווייטנס מאכט די חובבי־ציונישע אייזערנע קאסע אויך נישט קיין שלעכטן איינדרוק; על־כל פּנים איז נישט מעגלעך צו דערזען קיין שפּארע, קיין לעכל, אריינצושטעקן א מינדסטן פינגער... פון דער ווייטנס זעט מען אפילו נישט ווער עס שרייט «Мы пахали» דער אָקס אליין, אָדער די פליגן צווישן זיינע הערנער, און דער עיקר איז יעדער מעקלער ביי קאָלאָניעס — פון דער ווייטנס א הייסער פּאטריאָט, דער טערק א דימאנט, דער אראבער — א זיידענע בריאה און אַלע אונד־זערע קאָלאָניסטן זענען לכל הפּחות גיבורים ווי די מאקאבעער און אָט, אָט וועט זיין נאָך אמאָל די קונץ מיטן בוימל!

קומסטו אָבער נענטער — זאָל גאָט שומר ומציל זיין; אַלע חושים נאַרן דיך אָפּ! די קאסע, דאכט זיך דיר, איז געמאכט „מעשה רשת", ד. ה. א נעץ מיט גרויסע אויגן, און די „מתעסקים בצרכי הצבור" האָבן פינגער גלייך מיט אַלע מענטשן! דו ביסט חלילה קיינעם נישט חושד, נאָר דאָך ווערט דיר מארקאָטנע אויפן הארץ, און טיילמאָל הייבט דיר אָן אזוי צו שווינדלען פאר די אויגן, אז פון „מעשה רשת" ווערט גאָר א שפּינוועבס, און דו זעסט אין דער האליוצינאציע: עטלעכע גרויסע שפּינען און גאנצע

---

1) אויסנאַם. 2) אני חייב, לי חייב.

הורמעס ישראליקלעך בצורת אָרעמע אויסגעזויגטע... פגרימלעך פון פליגן... דו רייסט דיך אוועק פון דער קאסע און באטראכסט דעם גרויסן פאטריאָט, דעם קאָלאָניסטן־מעקלער, דעם גענעראלנע עצה־געבער, און האָסט ווייטער א טעות, און דו וואָלסט געשווירן, אז דאָס איז יוסי ריבלינס א לייבלעכער ברודער!

דער טערק פארלירט אויך דעם חן אין דיינע אויגן; ער שמייסט מיטן באמבוס אין דער פּאָדעשווע און צאפּט מיטן „באקשיש" דאָס בלוט פון די אָדערן... דער אראבער, די זיידענע בריאָה, זעט דיר אויס, רחמנא־ליצלן, ווי א געפּערלעכער רוצחישער גנב, און אונדזערע מאקאבעער — כהויה, גלייך זיי וואָלטן געלעגן אונטער די בעטן!

נאָר ווי קומט רעאליזם צו חובבי ציון אין פּאלעסטינע? אזא צווילינג קען נאָר געבוירן ווערן אין מנחם הסופרים קראנקן מוח... פּאלעסטינע איז פּאלעסטינע און רעאליזם איז נאָר נוהג ביי נאָוועלן... נאטירלעך נישט יעביץ'עס, ווייל ער שרייבט נאָוועלן אויך פון פּאָלעסטינע...

---

נאָר מיינט נישט אז רעאליזם, כאָטש ער איז נאָר נוהג ביי נאָוועלן, איז א קלייניקייט! אמת איז, אז אין דער התחלה האָט זיך אלע אזוי געדאכט!

— מאי כולי האי — האָט מען געזאָגט — זאָל זיין רעאליזם! אָבי מען פארלאנגט נאָר נישט קיין טאלאנט, אפילו קיין „לשון", קיין „מליצה", אפילו קיין גראמאטיק נישט, און צאָלן, קען זיין וועט מען, וועט איבער „רעאליזם" קיין שידוך נישט אָפּגיין!

פארקערט — מיטן גרעסטן פארגעניגן! „לא בשמים היא" — רע־אליזם דארף קיין הימל נישט, „ולא מעבר לים" — מען דארף נישט ווייט צו קריכן; מען דארף גאָרנישט ליב האָבן, נישט פיינט האָבן, מען דארף קיין צוועק, קיין תכלית! אלעס איז גוט, ארום און ארום ליגן טעמאטן ווי האָלץ! ווו דו ביסט, וואָס דו זעסט — באשרייב!

ווינסטו, למשל, אין ווילנע — באשרייב די בלאָטע! ליגסטו אין בית־המדרש הינטערן אויוון — שטודיר די טאראקאנים, אָדער — די שמשטע, וואָס שענקט אריין דורכן פענצטערל! ווער עס קען א בוגרות, א גרושה, אן אלמנה, שוועסטער, וואָס רייסן איינע ביי דער אנדערער אויס די חתנים, לערער, וואָס האָבן שוין מזל און ברכה ביי אלע גענדז און ווערן בשעת הדחק חולקים אויף בעלאמי, זאָל באשרייבן! דערביי ווערט מען נאָך אביסעלע פרייער, עס איז כמעט א הפקר־וועלט, ווילסטו —

שטעקט א „פּאָליסמען" אַרונטער די האַנט, ווו מען דאַרף נישט — לית דין ולית דיין!

עס איז אָבער א טעות געווען! רעאַליזם איז פאַר אונדזערע ברידער „אָן עבודת הפרך" און — נאָך אַלע טייכן שוויים, נאָכן גאַנצן מי און מאַטער — איז נאָך פון רעאַליסטישן ליים קיין איינציקער רעכטער ציגל צום העברעאישן „פּתום ורעמסס" נישט אַרויס! פּראָסט — עס קלעבט זיך נישט!

עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס איז לייכטער אָנצעשיטן א געלע־בערטן זאַק מיט הוילע מליצות, קלוג צו ווערן פון ליפּערטן אין פּרישמאַנס איבערזעצונג, צו טרעפן למשל וויפל פינגער עס האָט אין יעדער האַנט די פּרישמאַן ־ ליפּערטישע חיה, וואָס האָט פיר הענט און — מיט צען פינגער מער פאַר א מענטש;

אַז עס איז לייכטער אויסצעשלאָגן אַ טראָפּן אידייע פון אַלע זינגערס אַרטיקלען און ראָמאַנען, אויסצוזוכן א קאָרן אין די גאַנצע קערץ פון זיינע קריטישע פּלעווען, אַז עס איז לייכטער אָוועקצוגנבענען ביי פּראַנצויזן אַ „יזכור", אַוועקצושלעפּן ביי גי־די־מאָפּאַסאַן די „לעצטע פ ר א נ צ ו י ־ ז י ש ע לעקציע" אין עלזאַס־לאָטאַרינגען אונטער דער פּ ר י ס י ש ע ר ממשלה און איבערמאַכן פון איר אַ „לעצטע ה ע ב ר ע א י ש ע לעקציאָן" נאָכן חורבן אונטערן ר ו י מ י ש ן י אָ ך , אָדער — אַז עס איז לייכטער אין א גאַנץ קורצע צייט צו פאַרניכטן, אויב מען האָט, זיין אייגן שטיקל טאַלענט און בלייבן, למשל, ביי היינעס פערזען־מאָאס, אָן אַ רוח פון זיין פּאָעזיע ב פּ ר ט , און אָן אן אידייע ב כ ל ל . . . אַז עס איז לייכטער אפילו אויפצושטעלן א בנין, א גאַנצן „סיסטעם" פון בע"שט'ס חלומות אָדער צו דרייען א קריטישע בייטש פון בן־אביגדורס זאַמדיקע ביכלעך — אַז דאָס אַלעס איז לייכטער איידער אויפצושרייבן די קלענסטע רעאַליס־טישע נאָוועלע!

---

און נישט נאָר בן־אביגדור איז איבער דעם שטיין, וואָס ער האָט זיך אַליין אויפן וועג געוואָרפן, געפאַלן...

סאַמועלי איז אַריין אין בדחנות איבער די אויערן און כאָטש זיי זענען, ב"ה, גענוג לאַנג, וועט אים שוין קיינער נישט פון דעם זומפּ נישט אַרויסשלעפּן... יעדעס וואָרט שמעקט נאָך פּורים־שפּיל, חתונה־גראַמען, נאָך „אליקום צונזער"... נישט בעסער איז טאַוויאָווען געראָטן; דער איי־גענער טאַוויאָוו, וואָס האָט זוכה געווען צו הערן מיט זיינע אייגענע אויערן

פון אזוינע, וואָס האָבן זיך געשטויסן פון באראָן הירשס רייד, אז זיין גאַנצער צוועק איז נאָר צו מאַכן גויים פון יידן, און אַז זינגער האָט דאָקעגן פּראָטעסטירט, האָט ער (טאַוויאָוו מיין איך) אויף אים געעפנט אַ מויל, און שיר־נישט איינגעשלונגען, דער אייגענער גביר נעבעך, איז אויך אריינ־געפאלן אין בטלנישן בדחנות, און באלד דערנאָך, אינעם „מים שלנו", אינעם עיבּוש פון אונדזער היימיש געבאַקענער פּסיכאָלאָגישער פילאָזאָפיע, און דווקא מיטן קאָפּ אראָפּ... אפשר גלייבט איר נישט? נאט אייך: אין זיין „השדכנות בתור שדכן" מאַכט איינער מטעמים פארן „המליץ" — ארטיקל מיט הארץ און מיט פייער, און שרייבט אונטער נישט ז י ך, נאָר, טאַוויאָוון צוליב, זיין דרייצניעריקע טאָכטער! אין די ארטיקלען פארליבט זיך א יונגערמאן, האָט חתונה מיטן שרייבערס טאָכטער, און דער היוצא לנו מזה זאָל זיין: אז ווען מיידלעך זאָלן לעזן העברעאיש, וואָלטן בחורים בעסער געשריבן... נישט קיין בעסערן סוף האָט געהאט זיין קעגן־צד, זינגער! דער אייגענער זינגער, וואָס איז שיר־נישט אומגע־קומען על־קידוש־השם, ווען נישט וואָס טראכטמאן האָט אים קוים ארויס־געשלעפּט ביי די שפּיצפינגער פון די פיס פון טאַוויאָוום מויל, האָט אויך נעפּרוווט זיין כוח אין רעאליזם!

ער האָט אויפגעשריבן א „קרבן היום"! א מעשה גאָר א קורצע, אויף צווייערליי פּאפּיר: וועלין און פּראָסטע, און גאנץ שיינע דרוק.

צוויי מחותנים קומען זיך צוזאמען שמועסן מכוח אן אָפּגעשלאָ־סענעם שידוך. קריעת ים־סוף האָט דער שדכן געהאט, איידער ער האָט זיי, די סוחרים (וואָס האָבן קוים א דראכמע צייט און ווילן גאנצע פודן כבוד) צוזאמענגעשלעפּט, און צום סוף, אז דאָס נס איז אים שוין, דעם אָרעמען שדכן, געראָטן, אז מיזרח־ומערב זענען זיך שוין צוזאמענגעקומען לפּנדק אחד, האָט זיך געמאַכט צווישן די מחותנים א וויכוח מכוח... נו, טרעפט מכוח וואָס?

— מכוח נדן?

ניין!

— מלבושים?

אויך נישט!

— קעסט?

איר קריכט שוין נ אָ ר אין א זייט! איר וועט שוין נישט טרעפן, זע איך, וואָס א רעאליסט האָט אין זין! דער וויכוח איז דווקא מכוח ארגענטינע און פּאלעסטינע; א יי ן מחותן האלט מיטן באראָן הירש, און

דער צווייטער האָט זיך אין דער סטאַדע, און באָרעט זיך פאַר בן־אביגדורן, טאַוויאָוון, יהללן, יעבצ'ן, צעדערבוימען, גמזון מיטן „הנדיב הידוע", ראָטשילדן צוזאַמען; ער וויל נישט שמעקן צו ארגענטינע! כאַלערניקעס, אפּנים, זענען זיי ביידע געווען: א וואָרט צו'ן א וואָרט, זיי האָבן זיך צע־קריגט, צעזידלט גלייך מיט ווייסברעמס גיבורים, אפשר זיך נאָך צע־פּאַטשט. און — און טאָמער וועט איר, על־כל־פּנים, טרעפן וואָס דער סוף איז געווען?

— דער שידוך איז אָפּגעגאַנגען?

נאָך ווייניק!

— עס האָט איינער דעם אנדערן געמסרט?

איר פאַרקריכט ווייטער אין א זייט!

— א מעסער אריינגעשטאָכן?

אך, איר האָט גאָר קיין געפיל נישט אין רעאַליזם!

— וואָס דען?

דער ש ד כ ן איז געשטאָרבן! פאַרשטייט איר: ער איז זיך אַזוי אָנגעלאָפן, אָנגעיאָגט, און הונגעריק איז ער געווען, און זינגער האָט נישט געוווּסט מיט וואָס צו ענדיקן, איז ער נעבעך, דער שדכן מיין איך, גע־שטאָרבן; ברוך דיין אמת, איבערגעלאָזט א ווייב מיט קינדער...

און זעט אליין: דאַכט זיך גאָר פּשוטע זאַכן: פּאַלעסטינע און אר־גענטינע, א וויכוח דעריבער, מחותנים, א שדכן... סאַמע רעאַליזם, און די מעשה שמעקט פאָרט פון אַלטן שוויצבאָד...

אפשר ווילט איר וויסן ווי אַזוי אונדזערע פריש־געבאַקענע רעאַליסטן מאָלן נקבהשע שענקייטן? נאָט אייך:

א פרוי א יונגע. א פיר און צוואַנציק יעריקע. א הויך געוואַק־סענע און א דאַר־לייביקע: איר פּנים איז ווייס און אויפן ווייסקייט פון די בלאַסע באַקן באַווייזן זיך דאָ און דאָרט (פּה ושם!) זון־פלעקן (זומער־שפּרענקעלעך); איר ברייטע נאָז באַשיינט און באַהנט איר פּנים און אירע (דער נאָזס) ביידע נאָזלעכער זענען ווי גליסטיקער (נחמד) רויזן בעכער. אירע (דנ"ר מוידס) אויגן זענען שוואַרץ און פלאַמענדיק און דורך זיי קוקט אַרויס א זידנדיקע (רותחת) נשמה און א האַרץ פול מיט לעבן... איר מויל איז קליין און די ליפּן אירע זענען פולע און ברייטע און רויטע ווי בלוט... איר ווייסער און מאַגערער האַלדז איז אָפן (מגולה), זי טראָגט אַ שלאָף־קלייד (שלמת שנה)...

אָט האָט איר, און זייט מודה, אז „רעאַליזם" איז פאַר אונדזז מחברים א קלאָץ דעם האלדז צו ברעכן!

---

און עס איז א רחמנות אויף אונדזערע מחברים, אויף אונדזערע אָרעמע נאָוועליסטן!

אונדזערע אריסטאָקראטן, די רעדאקטאָרן מיין איך, עקספּלואטירן זיי ערגער ווי דער ערגסטער פאַרצייטישער פּריץ — דעם פּויער, ערגער ווי פּרעה! פאַר אונדז איז די ליטעראַטור נישט קיין קו און נישט קיין ציג, זי גיט קיין איינציקן טראָפּן מילך, פּייכט צו מאכן די פּאָעטיש פאַרברענטע ליפּן. זי איז קיין „קרדום לחפור בו", מען זאָל פון איר כאָטש האָבן וואַסער אויף קאַשע, און אויסער צוויי־דריי „מולי"ם", וואָס האָבן, אָדער עס דאכט זיך אז זיי האָבן, פּרנסה בכבוד, קען אפילו דער באַרימטער מנחם הסופר זיין ווייב די שיך נישט פאַריכטן! נאָכוואָס ארבעט מען? אויף וואָס האָרעוועט מען? וואָלטן כאָטש אונדזערע שרייבער געהאט אן אידייע, אין וועלכער זיי וואָלטן זיך פאַרליבט, פאַר וועלכער זיי וואָלטן דאָס לעבן געשטערקט, ביזן לעצטן טראָפּן בלוט זיך געראַנגלט; אן איי־דעאַל, וואָס וואָלט זיי געגעבן כוח, דערפרישט דאָס פוילע בלוט, די אלטע ביינער... דאָס האָבן זיי לײדער נישט! וואָרום — מיינט נישט, אז „נאַציאָנאַליזם" מיט „פּאַלעסטינע" זענען מער ווי „טעמאַטן" צום שרייבן; מיינט נישט, אז עס איז אזוי ערנסט דערמיט... זיי שפּילן די אייגענע ראָלע וואָס א „שרפהלע", א „מחלוקת", אָדער אן אנדערער ווינט, וואָס מאַכט זיך אין אונדזער קליין גלעזל וואַסער...

עבודת הפּרק מיטן תנ"ך און צען ווערטער־ביכער אין דער האַנט, ארבעט מען טאַקע נאָר פאַרן פּיצעלע כבוד? און פאַר דעם איינציקן טראָפּן אמבראָזיא, פאַרן „החכם הסופר" ביים לעבן, און א שווארץ רעמל אין „הצפירה" אָדער „המליץ" איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, האָט מען נאָך די העזה צו פאַרלאַנגען — א חוץ צייט, טינט, פעדער און פּאַפּיר נאָך — רעאַליזם!

---

אמאָל איז כאָטש געווען א רחמנותדיקע קריטיק! די אלטע גבאיטע (וואָס מען האָט געקענט קונה זיין נישט נאָר בשלושה, נאָר בכמה וכמה דרכים) — האָט כאָטש באמת צוגעטיילט כבוד אויפן ארשין! און פאַרוואָס נישט? רחמנות איז א יידישע מידה, „כל ישראל ערבים זה בזה", איז א יידישער כלל, וואָרום באמת — „זונות מפרנסות זו את זו, ת"ח לא כל

שכן!" און די אלטיטשקע קוקט ארוים פון ביהמ"ד, ז י ו ייס ט עס און פאר י ע ד ן מחבר, פאר י ע ד ן ספר, האָט זי געוווסט צו געפינען א וואָרעם וואָרט, א לעבלעכע מליצה! —

די פרומע אלטע גבאיטע האָט מער נישט געוווסט נאָר איין שפּרוך פאר אלע: „פּרו ורבו"; איין ברכה פאר אלע: ומלאו את הארץ! זאָל זיין וואנצן, אבי לעבעדיק צו מאכן די אַלטע מאַמע... זאָל זיין עיפּוש, אבי איר ארייגצובלאָזן אין דער נאָז.

היינט, ליידער, ווערט דאָס אויך צו שאנד! אפילו קריטיקוס דער־מאָנט זיך, אַז „יזכור" איז קאַרל עמיל פראַנצאָזס, הנ"ע אין הצפירה — דאַרף נייטיק דערציילן, אַז ער האָט ערגעץ אמאָל אין א דייטשן ספר געלעזן אַן ענלעכעס צו „שכול ואלמון", גראַסליק ווערט גאָטס קאָזאַק און מוז אויסווייזן אַז „גלית הפלשתי" איז א פּראָסטע פּאשקוויל, און אפילו דער אייגענער זינגער, וואָס מיר האָבן אים אַזוי הויך געלויבט, איז אויך ערשט נישט לאַנג ארוים אין „הצפירה" מיט א „דבר כל חזון", ווו ער וויינט בדמעות שליש אויפן חורבן: וואָס די מולי"ם זענען ווייניק געבילדעט, די מחברים — כמעט גאַרנישט, און די מעצענאַטן, וואָס שטיצן די ליטע־ראַטור — פּראָסטע בורים... און — אַן „איש־יהודה־קריאות" (וואָס א נאָמען דאָס האָט!) ווייזט אוים אין „המליץ", אַז דער אייגענער זינגער האָט איבערגעדרוקט טאוויאָוום א פעליטאָן...

נו, איז מען היינט זיכער מיטן לעבן? עקט זיך נישט דער אלטער גבאַיטעם וועלט?

---

נאָר די מחברים יאָך די מחברים, זיי ווען זיך פאָרט אַן עצה געבן און נישט פארלוירן ווערן אין דער רעאַליסטישער צייט, א מ ת אומגליק־לעך איז נעבעך געוואָרן א מלאָך!

---

איר מוזט וויסן, אַז איינער פון „אונדזערע" מחברים האָט געהאַט ביי זיך א שרף, א ברענענדיקן מלאָך, וואָס פלעגט אויפ'ן צו ארבעטן ווי אַן אייזל; ער האָט אים געמוזט דיקטירן ארטיקלען, שירים, מליצות, קריטיקן און וואָס איר ווילט נאָר אליין... אַזוי האָט זיך געפירט א צייט, ביז מען האָט דעם קרוג אָפּגעהאַקט די אויערן! ביז גאָט האָט געוואָלט, עס האָט געשאָסן א בעזעם, די רעאַליסטישע באָמבע איז אריין אין אונד־זערע ד' אמות, און — אונדזער מחבר האָט ארויסגעטריבן דעם שרף אין

מיטן ווינטער, אין א הינטיש וועטער, אזוי ווי א בעל־עגלה טרייבט ארוים אן אפגענוצט אלט פערד אן הויט, פלייש און ביינער!

דער שרף, נעבעך, איז געגאנגען פון טיר צו טיר, ביי אלע מחברים זיך געבעטן, ביי די פיס געלעגן.. „ואין מאסף אותו הביתה”, עס לאזט אים קיינער נישט איבער דער שוועל! אוים „מלאכים”!, „רעאליזם”! שרייט מען! מען ראט אים, ער זאל פליען צוריק אין הימל אריין.

פלי! אז ער איז פארשטארט פאר קעלט; פלי! אז די גאסן־יונגען האבן אים דערווייל אויסגעריסן די פעדערן פון די אמאליקע ווייסע פליגל! אין דער ווייסל אריין האט ער זיך געוואלט ווארפן; אזוי פארצווייפלט איז ער געווען!

און ער וואלט עס געטון, נאר ער האט צוויי מערכות געהאט: ערשטנס איז היינט די ווייסל פארשטארט און געפרוירן ווי דעם בראפעסאר יוסף הלוים פאעזיע, און צווייטנס האב א י ך אים געטראפן! איך האב'ן מיטגענומען פאר רחמנות אין „טאניאק” 1) אריין, גענעבן אים אביסל הייסע זופ מיט א לעבל ברויט און פאר דאס געזעצט זיך אביסל אויפ'ן רייטנדיק און געפלויגן איבער ווארשעווער דעבער פון אמתן „כלי־קודש”.

---

עס איז געווען ביינאכט (בייטאג וואלט איך מיך געשעמט צו רייטן אויף אזא אפגעריסענע משונהנע בריאה) און פון „כלי־קודש” שלאגט אזא „ימש־חושך”, אזא פינצטערקייט, אז איך האב ג א ר נ י ש ט געזען! נאר פאר דאס — האבן זיך מיינע אויערן געפאשעט! איך האב א סך געהערט...

דער שרף איז געווינט געווארן צו פארן מיט דער באן, צו קריכן אויף טרעפ און האט כמעט דאס גאנצע פליען פארגעסן... דערצו איז ער נאך מיד און שוואך! דעריבער שטעלט ער זיך אפ ביי יעדן קוימען, סאפעט און בראאכט און איך הער דערווייל א גוט ווארט.

און איך בין צופרידן דערמיט! ווען עס איז א פ ר י ש ע ר ג ע־ ז ו נ ט ע ר מלאך, וואלט ער מיר ארויפגעשאסן גלייך צום הימל, איבער די כמארעס, איבערן רעגנבויגן, מיר וואלטן געיאגט אויף די מילך־שטראסן, צווישן לבנה און שטערן.

איך בין מודה ומיתוודה, אז איך אליין, אז איך אלטער בבל פון דער אלטער מאדע, וואס בין א פארפאלענער ראמאנטיקער בטבע, וואלט

---

1) א ביליקע קיד.

דערפון א הנאה געהאט, אפילו נחת געשעפּט! נאָר וואָס וואָלט איך געהאט פאר א רעאליסטישן נוצן דערפון? איך וועל פאבריצירן ראָמאנטיק און אידעאליזם בשעת ווען בן־אביגדור שרייט: „רעאליזם", זינגער רופט „חכמה" און גאנץ „קהל־הקודש" וויל — — שטרוי און קליען?! קיין איינציקער מוכר ספרים וואָלט היינט אזוינס אין דער האנט אריין נישט גענומען, אפילו נישט אויף קאָמים מיט דריי פייען!

מיט דעם שרף אָבער קלויב איך רעאליסטישע שווארצע פערל, אין דעם רייכן ריעס פון אלע קוימען, פון זיי וועל איך בינדן א שנור אויפן האלדז פאר „אונדזערע אָרעמע ברידער" פארן „יידישן פאָלק" פאר „כנסת ישראל"! עס וועט זיין א רעאליסטישער ראָמאן אין גראמען, אָדער אָן גראמען, נאָר טאקע אויף ווערלין פאפיר, דער רעאליזם זאָל נאָך גרעבער זיין, דערצו באלעבאטיש געבונדן אין לעדער און דווקא מיטן גאָלדענעם שניט! זאָל דער עולם לעקן די פינגער!

נאָר דאָס אלעס וועט זיין שפּעטער; כאַפּט נישט די פיש פאר דער נעץ! אצינד וועל איך אייך נאָר שארפן דעם אפּעטיט מיט אן אחד משישים פון דעם גן־עדן!...

פון די קוימען וועל איך אייך דערווייל פארציילן א בשורה טובה, וואָס וועט אייך דערפרישן דעם מארך אין די ביינער! עס וועט אייך הנאה טון גלייך ווי מיר!

איך בין מודה ומיתוודה, אז ביז אהער האָב איך געמיינט, אז די ליטעראטור האָט גאָר קיין פעולה נישט אויף אונדזערע לייט; אז דער „קורא נכבד" זאָגט „טי מאָוו, א יאַ זדראָוו!", אז מיר שפּילן זיך נאָר אין ווארפן ארבעס אין וואנט. עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזן פון די קוימען אז עס איז נישט אזוי... אינעם „הברדם" האָט אחד העם געשריבן „שטיקלעך", און אין איינעם פון די שטיקלעך האָט ער „אויסגעוויזן", אז אמונה איז כהויה א פאס; נאָך מער, אז דער אלטער כלל פון „אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו" 1) איז דאָ, ביי דעם פאס, נישט נוהג... דאָס פאס איז הייליק אפילו ווען דער וויין איז אויסגעוועפּט, אפילו ווען א שענקער א שווינדלער האָט עס אָנגעגאָסן מיט וואסער, אָדער מיט נאָך עפּעס ערגערס... ווייל דער עיקר — זאָגט אחד העם — איז נישט די משקה, נאָר דאָס פאס!

איך בין אייך נישט מחויב איבערצודערציילן זיינע ראיות; ערשטנס איז גענוג אז „אחד העם" זאָגט, צווייטנס איז אויף אזוינע באווייזן נאָר

---

1) קוק נישט אויפן קרוג, נאָר אויף דעם, וואָס עס שטעקט אין אים.

לשון הקודש מיט אירע אמת פילאָזאָפיש־גליטשיקע אויסדריקע אַ לשון; בשעת ווען זשאַרגאָן מיט זיינע ווערטער, וואָס האָבן נאָר צו איינציקע טייטשן און דווקא — פעסטע, זיכערע, איז פאַר אַזוינע קונציקע צונגען־טענץ אַ לא יצלח; און דריטנס — נישט אין דעם בין איך דאָ אויסן! מיך און אייך דאַרף גאָר פרייען, אַז אַזוי ווי בן־אביגדור איז אַ פוסק אין רעאַליזם, אַזוי איז „אחד העם" אַ פוסק אין פילאָזאָפיע, און זייט ער האָט געשריבן וועגן פאַס איז דער גאַנצער עולם פרום געוואָרן...

אַלע פרום! אויסגעשטאָרבן אַלע אַלטע אפיקורסים, אַלע אונדזערע היימישע ביכנערס, דאַרווינס, ספענצערס... קיין לעק און קיין זיכר! אין אַלע קוימען רעדט מען נאָר פון גאָט ב"ה; אין קיין איינציקן קוימען האָב איך קיין איינציק וואָרט אָן זיין ליבן נאָמען נישט געהערט.

איך האָב מיך געשמאָלצן אין פוטער; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך לעז נאָך אַמאָל דער בת־מלכהס אַ ראָמאַן!

אין איין קוימען, למשל, הער איך:

— געלויבט איז גאָט, שיין געלט פאַרדינט אין ארץ ישראל־אתרוגים!

אין צווייטן — הער איך פ א ר ק ע ר ט , נאָר אַלץ מיטן רבונו של־עולם!

— עס איז מיר, ב"ה, געראָטן — איך האָב אָפּגעריסן די פּיטומס, אַריינגעפּאַקט די קאָרפּיערער אין ארץ ישראל קאַסטן, און — געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, אַ גאַנץ שיינעם יו"ט געמאַכט...

אין דריטן קוימען קלינגט:

— געלויבט איז גאָט, הור־ר־ראַ, רבונו של עולם! אויס באָגדאַנאָוו! א ו נ ד ז [illegible] פאַר[illegible]סן! וויוואַט שלעמיעל־עט־קאָמפּאַניע, וויוואַט!

אין [illegible]:

— [illegible] געלויבט איז דער, וואָס איך בין נישט ווערט זיין ליבן נאָמען צו דער[illegible], קען מען אויך שיין פרנסה האָבן... עס איז אַ גאַנגבאַרע סחורה: [illegible]שיר־המעלותן, תיקונימלעך, סליחות, להבדיל... תחינות...

— [illegible] — הער איך אין פינפטן — איז ב"ה דאָ, בפרט זייט איך האָב אויפגעהערט צו רייכערן אין שבת בפרהסיא... פון „כל ישראל חברים" לעקט מען אויך אָפּ אַ ביין, גאָט ב"ה, זאָל נאָך צוריקגעבן די סעקרעטאַרסטווע ביי חובבי ציון אָדער, אויב נישט, עכ"פ אַ שטעלע ביים באַראָן הירש, וואָלט איך ערשט געלויבט און געדאַנקט זיין ליבן נאָמען!

איך וואָלט אפילו פאר זעקס שעה קיין מילכיקס אין מויל אריין נישט גענומען!

דער שרף גיט א ציטער, אפנים פאר קעלט, און מיר פליען צו'ן אן אנדערן קוימען:

„איך האָב געמיינט (הער איך) אז עס איז מיין עק, דער הונגער דרייט אין די געדערעם, קיין משכון צו פארזעצן איז נישטאָ, קיין בטוח בין איך נישט... וואָס טוט גאָט? גנבע איך אוועק א זילבערנעם לעפל"...

דער שרף גיט ווייטער א ציטער, נאָר שוין פאר שרעק, אזא ליארעם, אזא געפילדער האָט זיך ראפטום געמאַכט אין די גאסן, און מיר זענען אראָפגעפאַלן פאר גרויס פחד.

נאָך אינעם אראָפפאלן האָב איך שוין געהערט אין וואָס עס גייט: די רבנים אין ירושלים האָבן געמסרט בן יהודהן!

---

און דאָס אראָפפאלן האָט מיר הערצלעך באַנק געטון! נאָכוואָס, נאָכוועמן? וואָס פאר א נייעס איז דאָ געשען? איז דען נישט מסרן א יידישע זאך? אברהם אבינוס איינעקלעך זענען רחמנים בני רחמנים, מיט אייגענע הענט וועלן זיי קיין עוף קיין קעפל נישט אָפדרייען, דערצו דארף מען א ספּעציאלנע שוחט, אָבער — פארוואָס זאָל „ער" נישט קומען אויף אנדערע הענט?

אמת, דען דין איז נישט אזוי, מסרן, הייסט עס, טאָר מען נישט, נאָר עלפּי דין איז פּראָצענט אויך נישט זייער קיין כשרע זאך און פונדעסטוועגן לעבן יידן און לאָבן, מאַכן קינדער חתונה פון ליכווע, זייערע ווייבער טראָגן דערוויל די משכנות און עס ווערט נישט קיין לאָך אין הימל! און ווי אזוי דען זאָל מען פטור ווערן א מיאוסן קאָנקורענט, אנטיסאַרבעטן זיך א שלישי, פטור ווערן פון א חוב, פארמאַכן איינעם דאָס מויל, ער זאָל נישט אויסזאָגן פון חדר, אָדער מבער זיין אן אפּיקורס, וואָס ברענגט אַלע מגיפות אין אַ ריין-יידיש שטעטל אריין? ווי אזוי דען וועט מען פירן א מחלוקת איבער רבנים און שוחטים? א לאָך אין קאָפּ פון א שלחן-לייכטער היילט זיך אויס! אפשר באַשטעלן ביי קרופּן צי ערגעץ אנדערש ספּעציעלע יידישע הארמאטן? נו, וואָס דען טוט מען? אדרבא, גיט א בעסער כלי-זיין! דער מענטש האָט פּאָרט נישט קיין קאלט בלוט פון א פיש, און אפילו פיש שלינגען אויך איינס דאָס אנדערע איין!... און די אלע ווייטער, וואָס עס שטעלן זיך זיי האָר און נעגל קאַפּויר, וואָס געמסרט האָבן דווקא רבנים און דווקא אין ירושלים, די אלע געדענקען, א פּנים, נאָר אין דעם,

וואָס ירושלים איז געווען און קענען נאָר אונדזערע היינטיקע, היגע רבנים אין די שטעט, ווו א דין תורה פסקנט דער מיראָוואָי, שטאָט־זאַכן געהער צו די „פּני" אָדער „טובי", ווו דער רב האָט נאָר צו טון מיט שאלות נשים און הינער בּיפּקעס, אין וועלכן עס קאָנקורירט נאָך מיט אים יעדער גמרא־מלמד; ווו דער רב לעבט דער עיקר פון מתנות לאביונים, יום טוב־פּורים־חנוכה־חתונה. און ברית־מילה־געלט; ווו דער עיקר איז דער טריפהנער גראָשן פון שבת־שענק, הייוון און ליכט און דער כשרער עטאַט איז נאָר א צושפּרונג צו דער פּרנסה.

אמת איז, אז אמאָל אין ירושלים זענען קיין מוסרים נישט געווען; מען האָט נישט געהאט פאר וועמען צו מסרן און — מען האָט נישט געדארפט, ווייל מיט מלקות און ארבע מיתות בית דין וואָלט דער גרעס־טער טאָרקוואָמאַדאָ יוצא געווען! נאָר פאר דאָס פריער נאָך, אין מצרים, האָט מען דעם ערשטן משה רבינון געמסרט! שפּעטער ווייטער, אין ירושלים שוין, אונטער דער ממשלה פון די רוימער, אין דער צייט פון די דייני גזירות, ווען אדמון איז א תנא געוואָרן, איז געשען די גרויסע הייליקע מסירה פאר פּילאַטוסן!

דעמאָלט טאַקע האָט מען פאַרפלאַנצט דאָס הייליקע מסירהלע, דאָס ביימעלע, פון וועלכן מיר האָבן א גאַנצן מיטל־אַלטער די גוטע פּירות גענעסן... פּילאַטוס האָט זיך גיך און באַלד אָפּגעוואַשן מיט איינמאָל און מיט ריין וואַסער די הענט און איז געבליבן א נקי־כפּים עד היום הזה, און אונדז האָט דאָס שווארצע מיטל־אַלטער מיט אונדזער אייגן בלוט הונ־דערטער מיט יאָרן געוואַשן און — איין גאָט ווייסט, וואָס פאר א בּנים מיר האָבן נאָך היינט!

און ווער האָט דעמאָלט געמסרט? אונדזערע רבנימס עלטער־זיידעס; די פּרושים, די פאַרצייטישע רבנים, וואָס זענען שטענדיק לאָיאַל, גוט און פרום געווען; וואָס האָבן פאַרשאָלטן די בריונים, אַרויסגענגבעט זיך אלס טויטע דורך די טויערן צו די רוימער און, אז זיי האָבן נושא חן געווען, נישט מער געבעטן, נאָר מען זאָל זיי איבערלאָזן דאָס רבנות, די ישיבות, די שטריימלעך מיט די גזירות!

נאַטירלעך — א היינטיקער רב, א כבד־פּה, א בטלן, וואָס קען נישט קיין צורת מטבע, ווייל דאָס ווייב טיילט אים צו יעדן פרייטיק א דרייער אויף טאַבאַק; דער תלמיד חכם שאין בו דעה, דער וואָס ציטערט פאר שמש, קצב און בעדער און ליגט אונטערן ערגסטן שניידערס צעריסענע פּאָדעשווע, איז נישט געפערלעך... מיט שופרות און חרמות שרעקט מען

היינט קליינע קינדער, און מען טרעפט דערמיט, גלייך ווי מיט א כשרע מציאה, אין קרימינאַל אריין... נאָר מיינט נישט אז אונדזער רב איז בטבע אזוי! אז פון די אמאָליקע פּרושים מיט נעגל און באקציין זענען לעמער געוואָרן, אז אין אונדזער ווייגאָרטן אויפן גרונט פון „אתה בחרתנו", געמיסטיקט מיט נאַציאָנאַליזם, וואקסן נישט קיין טאָרקוואָ־מאדאָס! דאָס איז נאָר «Среда заѣдаетъ» און — גלייך מיט באפּירנאָס האָן אין „משלי הזמן" טענהט דאָס שטילסטע רבל, אונטער פיר אויגן מיטן רבונו של עולם, און פרעגט:

פאַרוואָס האָסט אונדז נישט געגעבן
דיינע דונערן און בליצן?
אָך, וואָס העלפן שוואכע דרשות
און די נעגעלעך מיט שפּיצן?

גיב צוריק אונדז דאָס גיהנום
דאָרטן אויבן, דאָ אויף דער ערד!
גיב אונדז מלקות, ארבע מיתות,
העק און שטריק, שפּיז און שווערד!

כאָטש א קליינע גיליאָטינע!
גיב אונדז כוח, נעגל, הערנער!
וועל — מיר ריניקן דיין גאָרטן,
וועל מיר רייסן אויס די דערנער!

אָט, דאָ איז דער הונט באגראָבן!

קיין איינציקע פּיאווקע וועט קיין איינציקן טראָפּן בלוט נישט אויסזויגן, כל־זמן זי ליגט אין באנקע... זי קלעפּט זיך צו מיטן הנעוודיקן ווײדעלע צום גלאַטן גלאָז, און שאָקלט זיך אזוי אומשולדיק ריין, אזוי גוט און פרום, אז עס כאַפּט אָן ביים הארץ! קיין צורת מטבע, קיין צוויי נישט ציילן! נאָר פרווו בינד אויף דאָס שטריקל, נעם זי ארויס פון תפיסה און שטעל זי דיר אויפן לייב!

פּרוווט גיט אונדזערע רבנים די ממשלה אין די הענט אריין, וועט איר שוין זען, ווי אזוי די פּאסטוכעס פּאשען די שאָף! און אפילו היינט, אין היינטיקן דור, דאָ ביי אונדז, ווו דער רב האָט נאָר א פּראווע אויף

קדושין, מילה און אַ שטריימל, האָט זיך דאָך געפונען אַ רבל, וואָס האָט אָפּגעמסרט זיין אייגן קהל מיט כלל ישראל צוזאמען: אז אַן רב, קיטל און טלית שווערן אַלע יידעלעך פאלש, וואָרום... וואָרום אז דער רב קומט צו דער שבועה כאַפּט ער אַ רובל פאַרן וועג!

נעמט דאָס אייגענע רבל און שיקט עס איבער קיין ירושלים, גיט אים אַ ממשלה איבער קהל דורך דער חלוקה, גיט אים אַ שטיקל דיעה ביים טערק, וועט ער לייגן ראָטשילדן אין חרם אריין פאר שקאָלעס, פארשיקן אפילו יעבצ'ן אויף טערקיש סיביר און מעשים טון ווי די יידישע יאָאַנא ד'ארק — די בריסקער רביצין! ער וועט אפילו שותפות מאכן מיטן טערק אין „עבודת הבורא”; דער טערק וועט שלאָגן מיטן באמבוס אין דער פּאָדעשווע אריין פון אונטן אַרויף, דאָס רבל וועט קלאַפּן במקל ורצועה, מיטן שופר און שיל־קלאַפּער, אין קאָפּ אריין, פון אויבן אַראָפּ און אַזויערנאָך וועט זיך אַמבעסטן דערהאַלטן דאָס „פינטעלע ייד” אינעם יידישן הארץ אינדערמיט!

---

און וואָס שרייט איר? איר האָט אויף ירושלים נישט געריכט?

וואָס קענט איר בעסער האָפן פון אַ שטאָט, וואָס איז פון אייביקע דורות שוין אַ שפּוק־ און מיסט־קאַסטן, אַן איזאָלאַציאָנס־שפּיטאָל פאַר אַלע יידישע קהילות אין דער גאַנצער וועלט געוואָרן? ווו נאָר אַ בטלן, אַן אינטריגאַנט, אַ מיאוסקייט, אַ בלינד געוואָרענער שוחט, אַן אָפּגעשלאָגענער פּראָצענטניק, ווו נאָר אַ שנאָרער, אַ נגע, אַ צרעת, אַ קולאַק — אַ רביצין, אַ משוגענער רב, אַלץ וואָס „אין לו תקנה אלא קבורה”... דאָס אַלעס האָט מען אויסגעשפּיגן, אויסגעקערט און אוועקגעטריבן קיין ירושלים...

דאָ ביי אונדז זענען טייל אפילו נאָר פּראָסטע שוטים געווען, נאָר אווירא דארץ ישראל מחכים, ווערן זיי מוסרים... אז „אווירא דארץ ישראל מחכים” איז נישט קיין הוילע וואַנט, נישט קיין אויסגעבלאָזן איי, האָט איר דעם בעסטן סימן אין יעבצ'ן, דעם יידישן טרייטשקע אָדער אילאָווייסקי... דאָ, האָט מען פארשידן גערעדט איבער זיינע פעאי־קייטן, היינט איז שוין קיינער נישט מסופק, אז דאָרט איז ער ערשט עכט קלוג געוואָרן... ער וועט שוין היינט קיין איינציק פּיצעלע בלאָטע פון קלענצטן נעגעלע פון דער כנסת ישראלס מינדסט פינגערל נישט לאָזן אראָפּפאלן, און — אויב די ירושלים־רבנים וועלן אים אויס ליטער

קאָנקורענץ נישט ליגן אין חרם אריין אָדער פאַרשיקן ווו דער טערקישער פעפער וואַקסט, וועט ער ארויסוואַקסן אַ גאַנץ גרויסע קלוגע שפין, וואָס זיצט אַקוראַט אין ירושלים אין הארץ פון ארץ ישראל, וואָס איז טאַקע די מיט (על כל פנים) פון דער יידישער וועלט, און כאַפּן פליגן מהודו ועד כוש — פון איישישאָק ביז האָצעפּלאָץ... און אַז יעבץ איז קלוג געוואָרן וואָס דאַרף נאָך ווערן פון אמתע גמרא־קעפּלעך?

---

אומגעריכט פון ריינעם הימל איז נאָר דער דונער אין די חובבי ציון אריין! אַך, וויפל דאָס האָט געקאָסט, איידער דער רבנישער הימל האָט זיך פאַר זיי אויסגעלייטערט און איז ריין און אויסגעשטערנט געוואָרן! צו דעם צוועק האָבן די „בני משה" אָנגענומען אַ גרויסן יעזואיטישן שלחן־ערוך מיטן הויפּט־פּאַראַגראַף: פרום צו זיין, כדי צו געפעלן דעם המון עם! סלוצקי, נעבעך, האָט זיך געוואַשן אין דער בלאָטע פון רבנישע פּים! עולי־רגלניקעס האָבן אונטערגעשריבן די „ערלעכע חשבונות" פון דער „חלוקה" אין ירושלים; מיט גרויס מי און אויף אייגענע הוצאות, האָט מען ארויפגעשלעפּט אויפן אייפל־טורעם אַ קליין פאַרגעסן רבל און געמאַכט דערפון אַ רב־הכולל, אַ „גראַן־ראַבען" מיט משה רבינוס פּנים! אינעם ווערמאָנטישן „המליץ" האָט מען שוין אפילו אָנגעהויבן צו שמועסן מכוח איבערגעבן אַלע חדרים, די גאַנצע דערציונג פון נייעם דור און אַלע קהלישע עסקים אין רבנישע הענט אריין, (כאָטש מיטן יעבץ און רעקענדאַרף קען מען יוצא זיין לכל הדעות)! מיט אַיין וואָרט — מען האָט אַלעס געטון, די רבנים זאָלן זאָגן: „באָם!" כדי די חובבי־ציון זאָלן האָבן „בים־באָם"! און די שעפּסן זאָלן זיך שערן אום געבלעקט...

— צום סוף, נאַ!

די אַלטע יעזואיטן האָבן אריינגענאַרט די נייע אין זאַק אריין; בן־יהודה זיצט תפוס, די פאַבריק פון לשון־קדש ווערטער איז פאַרמאַכט, און גיי פרעג שאלות ביי גאָט!

---

נאָר מיינט נישט, חס־ושלום, אַז איך וויל דאָ אַ וויכוח האָבן, אָדער נאָך אפשר גאָר מלחמה האַלטן, מיט די חובבי־ציון; ערשטנס: מה אנו ומה חיינו? ווי קומט אַ לץ צו שטעלן זיך מיט אַזוינע לייט, וואָס הערן דעם סולטאַן ווי די קאַץ, וואַרטן נישט אויף משיחן, בויען אַליין די פּאַפּירענע בריק און זאָגן דער כנסת ישראל: בטלן, גיי פּאַטש! און אייל דיך, וואָרום

— קוים וועסטו א ישוב האבן, וועסטו שוין קיינמאל נישט פאטשן 1)! צווייטנס בין איך אליין א „חובב ציון", כאטש אויף אן אנדערן אויפן, דריטנס איז אין דער חברה, אויסער די „בני" — נאך דא די „בנות" ציון, און זיי וואלטן נישט נאר א בייזער־ליץ, נאר אפילו דער גרעסטער אנטי־סעמיט געגלעט... פערטנס — און דאס איז דער עיקר — עס איז נישט פאר מיין קאפ, נישט פאר מיין כוח!

איר האט אוודאי געהערט, אז פארצייטנס, אין דער ראמאנטישער אלטער צייט, פלעגן זיין — אויסער די גוטע זאכן, וואס מיר האבן אויס־געררעכנט אין אנהייב פעליעטאן — נאך פארכישופטע חיות ובהמות, וואס פלעגן חרוב־ונחרב מאכן דערפער און שטעט... פון צווייטן, פון מענטשלעכן צד, פלעגן ווייטער זיין אמאטארן — העלדן, אזוינע אמתע גיבורים, וואס פלעגן זיך מקריב זיין לטובת הכלל, כאטש עס איז נאך דעמאלט קיין צייטונג נישט געווען און עס האט קיינער נישט נאטירט קיין איינציקן זיפץ פאר די א ר ע מ ע ב ר י ד ע ר . . .

אזא גיבור פלעגט ארויסגיין בחרבו ובקשתו, איינער אליין, אן חברות, אן סובווענציע, אן אן אויסגעבעטלטן גראשן; ביי קיינעם זיך נישט אנגעפרעגט, ביי קיינעם אויף הוצאות נישט גענומען און באגעגענען זיך מיט דער חיה־רעה! א סך גיבורים זענען געפאלן, טייל איז דאך געראטן צו באפרייען דאס שוואכע דארף אדער דאס שרעקיגע שטעטל פונעם כישוף!

שלעכט איז אבער געווען דעם גיבור, אז ער האט געהאט צו טון מיט א „דראקאן".

דראקאן, איז א פארכישופטער פיפערנאטער, אדער אזא גיפטיקע שלאנג, מיט — אדער אן פליגל, נאר מיט עטלעכע טוץ קעפ... יעדער קאפ האט א באזונדערן פיסק, באזונדערן גיפט און א באזונדערע מעלה — אז, אפגעהאקט, וואקסט ער תוך כדי דיבור צוריק! בייקומען אזא דראקאן, האט מען אנדערש נישט געקענט, נאר סיידן, אז מען האט אים אלע קעפ מיט א יי נ מ א ל אפגעהאקט!

אזא מין דראקאן זענען די חובבי ציון, און נישט, חס־ושלום, ווייל זיי זענען חובבי ציון, נאר ווייל זיי זענען א ח ב ר ה ! אלס חברה האבן זיי טויזנט קעפ, די קעפ זענען נאך צעשפרייט און צעזייט אויף ארבע פינות העולם... און גיי זוך פאר זייערט וועגן א שנייד־מעסער?

---

1) וואָרט־ביי־וואָרט פון „כורת" (קאָווערעס) אַרויס.

אויב איך מיינט, אז די מעשה מיטן דראַקאָן איז א „משל כחרס הנשבר", ווייל דער דראַקאָן איז, להבדיל, גלייך מיט איוב הצדיק, עליו־השלום, א לא היה ולא נברא, און אז ער, דער דראַקאָן, האָט דעריבער גע־קאָנט שאַדן נאָר די, וואָס האָבן אינ'ם געגלייבט, בשעת ווען די חובבי־ציון זענען ד אָ, זענען א פאקט גלייך מיט אנטיסעמיטיזם, רעאַליזם און אַנדערע פאַקטן? וועל איך אייך ענטפערן, אז אין דעם טאַקע איז ערשט דאָס משל אמת! וואָרן, צווישן אונדז גערעדט, איז דער „ציון" און די חיבת־ציון" אויך ווי איוב הצדיק נישט געשטויגן, נישט געפלויגן, און די „חובבי־ציון" זענען אויך דעריבער נישט שעדלעך נאָר פאַר די, וואָס גלייבן און געטרויען!

אויב עס איז דאָ צו געפינען א חילוק, שטעקט ער נאָר אין דעם, וואָס דער דראַקאָן האָט געהאט נאָר איין מאָגן, איין מאָגן הכולל פאַר אלע קעפּ און דעריבער האָט ער וויניקער געברויכט, בשעת ווען ביי'ן א מענטשלעכער חברה האָט יעדער קאָפּ א באַזונדערן מאָגן; יעדער קאָפּ מוז באַזונדער בייסן, רייסן און פרעסן אויף זיין באַזונדערן אייגענעם חשבון, און דעריבער — קאָסט אונדז יעדע חברה אזוי פיל, אַזוי טייער! דעריבער איז ביי „צדקה" דער רעאַליזם נישט נוהג, די חשבונות מוז מען מאַכן פון דער „וויטנס", עס העלפט קיין שלאָס און קיין ריגל, און נישט אומזיסט שרייט דער דאָקטאָר סקאָמאָראָווסקי, אז פאַר „ציון" איז דער רעאַליזם סם, אז אויסלייזן דאַרף מען נאָר אידעאַליסטן, אז די רעשט זאָל מען איבערלאָזן צו אַלדי שווארצע יאָר אין פינצטערן גלות!

---

ניין, ברידער! איך וועל מיר שוין איינשטעלן דאָס לעבן און ארויסטרעטן קעגן דער גרעסטער חיה ובהמה, אזוי אן לעבן ווי אין דער ליטעראַטור, איך וועל אפילו אָנטרעטן שלאַנגען און עגדיסן אויף די וויידל, לייגן א פינגער אַפילו מוסרים אין מויל אריין, נאָר מיט א דראַקאָן, זייט מיר מוחל, קען איך נישט האַלטן מלחמה! ווייל א דראַקאָן מיט עטלעכע טוץ קעפּ קען מען אפילו ביי קיין ליגן נישט כאַפּן! בפרט ווען דער דראַקאָן פּראַלט גלאַט אַזוי הויל־אויפגעבלאָזן־ווייך, אז עס נעמט אים קיין מעסער נישט. און טוישט נאָך דערביי יעדע רגע, און אזוי געשווינד, די קעפּ, אז עס שווינדלט אין ד'אויגן...

פינפאונדרייסיק קעפּ שרייען: לויפט, פליט, רייסט, יאָגט קיין פּאַ־לעסטינע... עס רינט דאָרט פאַר אייך האָניק און מילך, דער טערק וואַרט

מיט אויסגעשפּרייטע הענט, דער אַראַבער חלשט נאָך אייך!... און אַז עטלעכע הונדערט צי אַ טויזנט בעלנים הערן און פאַרגייען אין דער נויט, ווערן בלינד פון שלעכט וואַסער, אויסגעדאַרט פאַר הונגער, אויסגעזייגט פון באַקשיש; אַז ווייבער ווערן דורכגעשמיסן פון באַמבוס — אויף די נאַקעטע ברוסטן, און נערה־שנתפתתה׳ס וואַקסן פון פּאַטריאָטן ווי האָלץ — הייבט זיך אויף אַ זעקסאונדרייסיקסטער קאָפּ, און דרשנט: מ י ר האָבן באַלד געזאָגט: לויפט נישט! אַ בפירושער פּסוק: בשובה ונחת תושעון! עמאַ פּזיזאַ, רחמנה־ליצלן!...

זעקסאונדרייסיק פאַרשטאָפּטע, פאַרפּאַנצערטע פיליסטער־קעפּ שרייען אויס: „פאַנאַטיזם! שולחן־ערוך! לאַנגע רצועות און בערד! רבנים!" און דערנאָך, אַז דער עולם קוקט זיך אום, און עס ווערט אים נימאס פאַרן אַלטן רבנישן לידל מיט די פאַרחושכטע תנועות, הייבט זיך אויף אַ זיבנ־אונדרייסיקסטער קאָפּ און זאָגט: „אדרבא איפכא! אמת, עס זענען דאָ צווישן אונדז עטלעכע פלעדערמייז, אָבער מיר אַליין, מיר, חובבי־ציון, באמת... אדרבא, לערן כאָטש שליידען! אָט דרוקן מיר גאָר ליפּערט!"

זיבנאונדרייסיק קעפּ שרייען: אויס יפת! פּאַשאָל וואָן, יפת! אויס גריכנלאַנד, אהיים, יידעלעך! אונזער א י י ג ע נ ע קולטור! און אַז מען קומט נענטער און פרעגט: ו ו ע ר איז די קולטור, ענטפערט אַן אַכטאונדרייסיקסטער אָפּענער מוח גאָר בווידעם! איז די „גמרא" מפרש, אַז די „משנה" האָט נאָר געמיינט — „טאַנצן מיט ווייסע האַנטשו", אָבער מאַטעמאַטיק „מהיכי־תיתי"... און תוך כדי דיבור גייט אַ באַל פאַר „יהודה", הייסע חובבי־ציון טאַנצן מיט — אויך נישט קאַלטע נקבות, עס גייט צו אייראָפּעאיש מיט אַלע מפרשים, אפילו מיט קרייצן פאַר די טענצער...

נו, גיי שפּאַר דיך, אַז דו ווייסט נישט מיט וועמען? און דערצו זענען אַלע אונטער מאַסקעס, זעקסאונדרייסיק שטריימלעך וכנגדם ביבשה: זעקסאונדרייסיק זשעטאָנען פון פאַרשידענע אוניווערזיטעטן! אַז אַפילו רביים חלומען שוין אויך פון „ישוב", זיי „ווענשען" אויך מיט די נעז, זיי האָבן שוין אויך אַ ביין דערפילט!

און אַלע האַלטן זיך אונטער א י י ן פּאַראַוואַן, אונטער איין „אהבת־ציון"... באַ, וואָלטן זיי כאָטש ווייניקער שלינגע אין די מיילער געהאַט... דערווייל האָבן זיי נאָך גאַנצע ברונען!

. . . . . . . . . . . . . . .

איך האָב נישט איין מאָל געזאָגט, אַז איך בין בטבע נישט קיין

ליץ, נאָר דווקא אַ בעל־בכי און אז נאָר מיין פינצטערע פּרנסה האָט מיך פּאַר אַ ליץ געמאכט; איך זאָג אייך נאָך אמאָל: איך בין בטבע אַ גרויסער בעל־בכי, און דאָך, כאָטש ביז אהער בין איך פון שוחד נישט בלינד געוואָרן, און איך האָב נאָך כמעט גאָרנישט געוויינט אויף גלות־השכינה, אפילו קיין פּאַפּירענע טרערן נישט פאַרגאָסן, קען ביי מיר די שרעקלעכע מסירה קיין איינציקן טראָפּן נישט אַרויסנאַרן! דער רבנימס כבוד אַרט מיך נישט, אויף ירושלים, אַלס שטאָט, האָב איך שוין לאַנג אָוועקגעמאכט מיט דער האַנט! און איך וויים, אז ווען איך זאָל וועלן לאָזן כאָטש איין טרער אויף יעדער יידישער מסירה, וואָלט איך אויפסנייעס אַ מבול געברענגט, עס וואָלט מער וואַסער געווען ווי אין אַלע אונדזערע ליטעראַטורן...

איך וואָלט געקענט רירן די קאָלאָניזאַציע אַליין, — נאָר איר וועט עס נישט שאַטן. איך גלייב באמונה־שלימה, אז דאָס יונגע קינד וועט אַנדערש נישט געזונט ווערן און אָנהייבן וואַקסן, ביז מען וועט עס נישט באַפרייען פונעם אומריינקייט אויפן קעפּל...

ביז מען וועט נישט פאַרמאַכן די פאַבריקן פון קרעציק־מיסטיקן פּאַנאַטיזם, די „זאַוואָדן" פון מלשינות־פּולווער, באַשקווילן־קוילן און שקרים־האַרמאַטן, ביז עס וועלן נישט אויפהערן „ערנסטע ווערטער", אין וועלכע עס קלינגען: עטלעכע מטבעות, ווערמאָגטס עדות און צעדערבוימס שכל־הישר... ביז מען וועט נישט פאַרמאַכן אפילו — די „בתי־חרשת" פון נייע בלעכענע לשון־קודש־ווערטער...

. . . . . . . . . . . . . . .

פאַרטראַכט אין די געדאַנקען, וואָס פאַסן גאָרנישט פּאַר אַ ליץ, האָב איך גאָר אינעם מלאך פאַרגעסן, און ער איז מיר דערווייל נעלם געוואָרן!

איך רוף, איך שריי, איך ווער הייזעריק, קיינער ענטפערט נישט!

צי האָט אים זיין אַלטער באַלעבאָס נישט צוריקגענומען פאַר רחמנות? צי האָט אויף אים אַן אַנדערער, נישט מאָדישער מחבר, די השגחה־פּליגל פאַרשפּרייט? צי האָט אים נישט עמעצער, חס־ושלום, גע־מסרט?

דאָס ווייסט איין בורא־עולם, נאָר איך מוז אָפּהאַקן פון מיין פּעליעטאָן; פּליען איבער די דעכער — האָב איך נאָך געקענט, נאָר צופוס גיין צווישן דעם מיסט — לאוו!

אַדיע! צום ווידערזען אויף בעסערע צייטן!

---

# איבער שריפות



עדן זומער מערן זיך די שריפות אויף דער האָלצערנער פּראָווינץ,
נאָר דאָס יאָר האָבן מיר געהאַט אַ מ ג י פ ה פון שריפות.

מען האָט נישט גערעדט פון פאַרברענטע הייזער, נאָר פון גאַסן און שטעט, וואָס זענען אַוועקגעגאַנגען מיטן רויך!

טויזנטער פאַמיליען זענען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, טויזנטער בעלי־מלכות — אָן וואַרשטאַטן, אָן כלים צו דער אַרבעט; באַלעבאַטישע מענטשן האָבן געמוזט אויסשטרעקן די האַנט נאָך בעטל־ברויט.

אויך איז זיך זעלטן באַגאַנגען אָן לעבעדיקע קרבנות.

מיר האָבן געלעזן פון מענטשן, וואָס זענען אַרומגעלאָפן משוגע פאַר שרעק אין די ברענענדיקע גאַסן, און האָבן נישט געפונען דעם וועג פון דער שריפה אַרויס.

פון עלטערן, וואָס האָבן אין פייער און רויך די ק י נ ד ע ר פאַרגעסן און געראַטעוועט אַ שעניק מיט שטרוי אָדער אַ שייטל האָלץ.

פון באַלעבאַטים פאַרברענטע, וואָס האָבן געדריקט אין פאַרקנוילטע הענט עטלעכע רובל...

ווער איז שולדיק אין דער שרעקלעכער מגיפה פון שריפות?

שולדיק איז געוויס דער דלות, וואָס בויט מיט האָלץ און שטרוי, נישט מיט שטיין און אייזן.

שולדיק איז די ברענענדיקע זון, וואָס האָט דאָס אַלץ אויסגעטריקנט ווי די קינדער...

שולדיק איז דער, וואָס איז נישט געוואָרנט געווען און האָט דעם ערשטן פונק געלאָזט.

שולדיק איז דער ווינט, וואָס האָט געשפּילט זיך מיטן פייער און איבערגעוואָרפן די פייערדיקע צונגען מיט די רויכיקע זיילן פון איין עק שטאָט צום צווייטן.

נאָר שולדיק איז אויך די פאַרשטעלונג פון אַ „געראָטן קינד“, דאָס

אַ י ד ע אַ ל פֿון גוטע, ציכטיקע ייִנגלעך, וואָס האָט נוהג געווען אַמאָל און איז נאָך נוהג עד־היום אויף דער פּראָווינץ, וואָס איז געבויט פֿון האָלץ און פֿון שטרוי...

וואָס הייסט אַ גוט ציכטיק קינד? נישט אַזוינס, וואָר וואַרפֿט אַרויף די פּאַנטאָפֿל אויפֿן דאַך פֿון נידעריקסטן הייזל, ער זאָל דערנאָך אַרויפֿ־קריכן און זיי אַראָפּנעמען; אַפֿילו נישט אַזוינס, וואָס פֿילט אין זיך אַן איבעריק ביסל כּוח און וויל עס אויסברענגען מיט „איבערהאָצקען" די גאַס! אַפֿילו נישט אַזוינס, וואָס שפּרינגט איבער דער שטוב פֿון איין ענגןווינקל צום צווייטן!..

ווי און ווינד איז דעם קינד, וואָס מען האָט געטראָפֿן רייטנדיק אויפֿן שטאָט־צאָפּ, אַרומשפּרינגען אויף די ברעטער, וואָס מען האָט אָנ־געגרייט צו׳ן אַ בנין.

ציכטיק און שטיל הייסט — גיין ׳זיין וועג מיט קליינע שפּרייז, ווי אַ כּשרער ייִד אין שבת, נישט אָפּשטעלן זיך אין גאַס און אַן אויג וואַרפֿן אויף דעם, וואָס טוט זיך אַרום, בפֿרט נישט אַרויסכאַפּן זיך פֿון שטאָט און זען, ווי דיביימער וואַקסן אָדער ווי עס שאָקלען זיך די זאַנגען אין פֿעלד.

אַן איבעריק מאָל באָדן איז אַ זינד; אַ הויך, פֿריילעך, קינדיש געלעכטער איז אַ סימן פֿון אַ „לאָבוז", פֿון אַ מיאוסן קונדאַס! ווער שמועסט אַ פֿייפֿ־טון אָדער לאָזן אַ פּאַפּירענע שיף אויפֿן רינשטאָק! צו שפּילן אין באַל מוז מען שוין זיין אין אמת אַ „שייגאַץ"...

אַ גוט, ציכטיק קינד הוידעט זיך נישט אויפֿן בענקל, קוקט נישט אַרויס דורכן פֿענצטער, שטייט נישט אין טיר; די איינציקע באַוועגונג, וואָס אים איז דערלויבט, איז צו שאָקלען זיך ביים דאַווענען און צו־הרייען מיטן גראָבן פֿינגער ביים לערנען; זיצן אויף אַן אָרט, נישט קענען צוגיי צייַלן; זיצן שטיל מען זאָל „זיין פּאַרע נישט הערן"!

אָט דאָס איז אַ ווויל געראָטן קינד!

אַ מאַמע פֿרייט זיך, אַז איר קינד זעט שוין, קיין עין־הרע, אויס, ווי אַן אַלטער! על־כּל־פּנים ווי אַ מענטש!

נאָך גרעסער איז די שימחה, אויב עס קרומט זיך אים אויס דער מאַרך־ביין מיטן פּלייצעלע פֿון התמדה; ווער שמועסט, אויב דאָס קינד ליידט שוין אויף אַ געוויסער קרענק גלייך מיטן ערשטן בעסטן מלמד!

אַן אידעאַל פֿון אַ קינד איז — אַ ווייך לייב ווי אַ קלוסקעלע, אַ

געל פּנימל ווי וואַקס, און דורכזיכטיקע הויט ווי גלאָז... דערצו מוז עס נאָך זיין קרום ווי אַ שופר...

אין אמת יידיש קינד הייסט עס, אַ רינענדיק נעזל און טריפנדיקע אייגעלעך האָט עס, אויף ליימענע פיסעלעך שטייט עס, נאָר עס שיינט און האָט טויזנט חן! טאַקע אַ פיין, גרין ציבלקעלע, וואָס האָט אַרויסגע־שפּראָצט אויפן מיסט אין גושן פון מצרים...

פון די שטיל־שווייגנדיקע קינדער ווערן חתן־בחורים...

אַלע אַרום האָבן געטון זייערס בשלימות: דער פאָטער האָט אויסגעפּאַטשט, די מוטער — אויסגעקניפּט, פעטערס און מומעס — אויסגעשריען, און די מלמדים — אויסגע־שמיסן אַ פיין חתן־בחורל...

אומזיסט באַמיט זיך די לעבעדיקע יוגנט אויסצובלאָזן אינעם פאַר־טריקנטן הערצל עפּעס אַ פאַרלאַנגען, אַ חשק צום לעבן; דער הויך פון פרישן זומער בלאָזט אויף אַש, דער מאָרגן־טוי פאַלט אויף פויל האָלץ.

דעם חתן־בחור בליצן אויף די אויגן אפשר דעמאָלט, ווען ער קריגט אַ מתנה אַ זייגערל, אַ יאַרמולקעלע; ווען ער מאַכט אַ סיום, ווען מען פאַרברענט דאָס חמץ, אָדער ווען אַ ייד מעג נעמען אַן איבעריק ביסל בראָנפן, דאָס הייסט, פּורים — המנען אויף פּאָהיבעל! אפשר נאָך שמחת־תורה!

מיד און פאַרשלאָפן שטעלט ער זיך אונטער דער חופה און כאַפּט זיך אויף שוין אַלס יונגערמאַן!

עס שפּראָצט אים נאָך קיין איינציקע האָר איבער דער אויבערשטער ליפּ און ער איז שוין איינגעשריבן אין חברה קדישא!

איידער ער געוווינט זיך צו צו דער נייער „תבונה", צו זיין אייגע־נער שטאָט אין קלויז, צו'ן אַ באַלעבאַטישע עלייה — איז ער שוין אַ טאַטע פון אַ קרענקלעך קינד, וואָס וועט דורכמאַכן דעם אייגענעם קראַנקן וועג, אונטער דעם אייגענעם רעגן פון צופּ, ריס, קניפּ, דזשאָך און פּעטש...

נאָר — מיר האַלטן נאָך נישט ביים קינד.

דער פאָטער ווערט דערווייל אַן אמת פיין באַלעבעסל! ער מישט זיך נישט אַריין אין קהלס זאַכן; ער וויל נישט וויסן, וואָס עס טוט זיך ביי דער קלפּי; זיין דאגה, ווער עס איז גבאי אין בית־המדרש! ער זאָגט קיינעם קיין דיעה נישט, ער האָט זיין ווייב, זיין שטוב, זיין גמרא אויף זיין שטענדער און זיצט זיך שטיל ווי אַ טויב,

נאָר דער גאָרב ווערט גרעסער און גרעסער און אויף דער לעבער הייבט ער אָן צו לײדן...

מיר ווילן דעם שטילן ציכטיקן יונגנמאן נישט באגלייטן אויף זיין שטילן, ציכטיקן וועג ביז אין קבר אריין. מיר פארהאלטן זיך ביי דער מינוט, ווען ער איז אין די בעסטע, בליענדיקע יאָרן — א שיין יונג באַלע־בעסל, ווי געזאָגט — פון אן אייגענער שטוב, פון אן אייגן ווייב און קינדערלעך, מיט אן אייגענער שטאָט אין בית־המדרש. אַ חנעוודיקער יונגערמאן! אויסגעוויקט ווי אַ העריגגל:

ביי די שלייפן אונטערן דינעם הייטל שפּרינגען ארויס בלאָע אָדערן.

אַז ער נעמט די קופּערנע קוואָרט מיט די צוויי אויערן צום וואַשן אין דער האַנט אַריין, ציטערן אים די הענט.

אַז ער גייט איבער דער גאַס אויף די שטרויענע פּיסלעך, ווייסט מען נישט, צי לאָמט ער, צי האָט אים אַ ווינט געכאַפּט און אויסגעקרומט!

די אויגן זענען באַהעפטט צו דער ערד — טאָמער, חס־ושלום, קומט אים אקעגן אן אישה!

דער קאָפּ איז געבויגן איבערן דאַרן ברעטל, וואָס מען רופט „ברוסט", ער זאָל, חס־ושלום, נישט דריקן די פּיס פון דער שכינה!

מיט די הענט וואַרפט ער נישט, עס איז קיין דרך, קיין שטייגער נישט!

אָט — אַ שטיל־ציכטיק באַלעבעסל ווערט פון אַ שטיל־ציכטיק קינד...

און אַז דאָס שטעטל באַשטייט פון אַסאַך אַזוינע באַלעבאַטים, און עס איז געבויט פון האָליץ, און די היצן האָבן דאָס האָליץ אויסגעטריקנט, און אַ שיכור האָט פאַרלוירן אַ פונק, און עס מאַכט זיך דערצו אַ ווינט... פאַרשטייט איר שוין אַליין די רעשט!...

אונדזער יונגערמאַן וועט קיין קאַן וואַסער נישט טראָגן, אויף קיין דאַך נישט קריכן; קיין האַק, קיין דראָנג אין האַנט אַריין נישט נעמען...

אונדזער יונגערמאַן שטייט פאַר זיין אייגן הייזל און ציטערט ווי אין אַ פיבער! ער ציטערט, נאָר ער מישט זיך נישט... אַז דער רבונו של עולם וועט וועלן, וועט ער איבערדרייען דעם ווינט אָדער עס וועט אראָפּ־פאַלן אַ שלאַגס־רעגן... און אויב נישט, אויב זכות־אבות וועט נישט העלפן און דאָס פייער וועט צוקומען צו זיין אייגן הויז, דעמאָלט... אָ! דעמאָלט וועט ער ערשט משוגע ווערן פאַר שרעק און ראַטעווען אַ שייטל האָליץ...

איך האָב די באַמערקונג געמאַכט מיינס אַ באַקאַנטן זיידענעם יונגנמאַן, בשעת מיר זענען געזעסן אויף אַ שטיין, אַ שריד־ופליט פון אַן אָפּגעברענטע גאַס און האָבן באַוויינט דאָס פרישע חורבן.

— אייך איז גוט צו זאָגן — ענטפערט מיר דער יונגערמאַן —
און א י ך וויל אייך פאַרציילן, וואָס מיין פעטער אברהמל האָט געהאַט!

איינמאָל איז ער ארויסגעגאַנגען שפּעט ביינאַכט, שבתצונאַכט, פון א שלוש־סעודות, נאָך א קענדל פּריש וואַסער צום פּלומפּ...

ער איז א בעלדזוער חסיד, און בעלדזער חסידים פירן לאַנג שלוש־סעודות...

היים איז געווען, האָט זיך זיי פריש וואַסער פאַרגלוסט.

ווער זאָל גיין צום פּלומפּ? האָט מען גורל געוואָרפן! און דער גורל איז געפאַלן אויף מיין פעטער אברהם!

מילא, דער גורל איז געפאַלן, גייט ער.

ער גייט־צו צום פּלומפּ, נעמט אָן א קענדל וואַסער און גייט צוריק אין איין ציטערניש, עס זאָל אים קיין הונט נישט אָנפאַלן; וואָרן שפּעט ביינאַכט, אַז עס ווערט שטיל אין מאַרק, הערט זיך דאָס וואָיען פון די הינט פון דער פאָרשטאָט, אַז עס גייט א שוידער דורכן לייב.

טיילמאָל טרעפט זיך, אַז א הונט פאַלט איין זיך דורכשפּאַצירן אין גאַס און אָפּרייסן א ייד א פּאָלע.

הכלל — ער גייט.

לויפן קען ער נישט, דאָס קענדל מיט וואַסער איז גענוג שווער; אויסגיסן און צוריקומען מיט א ליידיקע קאַן, שעמט ער זיך!

נו — טרעפט זיך אים א נס!

ער זעט פונווייטנס, אַז עפּעס בלישטשעט רויטלעך. „אַן אוצר" מיינט ער, און דאָס באַנייט אים דעם כוח און ער לויפט־צו מ י ט ן קענדל וואַסער! ער האָט עס קיין צייט נישט געהאַט אָוועקצושטעלן!

ער קומט צו נענטער, זעט ער, אַז משה־אהרן דעם שוחטס הייזל הייבט נאָר־וואָס אָן צו ברענען; איר קענט דאָס הייזל? עס וואַקסט שוין א יאָר 40 אין דער ערד אריין, ציגן שפּרינגען ארום אויפן דאַך.

און דאָס דעכל ברענט אין א זייט, א שפּיץ פון דער שטרויענער זוים ברענט ווי א ליכטל...

מיין פעטער אברהם קלערט נישט לאַנג, גיסט ארויף דאָס קענדל וואַסער און גיט א געשריי: „געוואַלד!" —

וואָס קלערט איר? א סוף ווי המן האָט ער געהאַט!

א יאָר דורכאַנאַנד האָט מען אים געשלעפּט אין פּאָליציי און אין סאָנד אריין פאַר אַן עדות! איר קענט מיין פעטער אברהם? א ש יי נ ע ר עדות? ערשטנס פאַרגעסט ער אראָפּצונעמען דאָס היטל — כאַפּט מען עס

אים אראפּ מיטן קאָפּ צוזאמען; דערנאָך זעט מען, אז ער איז אריין מיט בלאָטיקע שטיוול, ווארפט מען אים ארויס, ער זאָל זיי אָפּווישן; מיינט ער, אז מען הייסט אים אהיימגיין — שלעפּט מען אים צוריק מיט זשאנ־דארן. און דערווייל קען ער קיין צוויי ווערטער גוייש נישט רעדן. און דאָ הייסט מען אים דערציילן, וויפל איילן ווייט ער האָט דאָס פייער דערזען, ער זאָל אָפּמעסטן אויפן טיש, ווי גרויס דאָס פייער איז געווען...

און ער הייבט נישט אָן צו וויסן, וואָס מען רעדט צו אים! און אז ער פארשטייט שוין, וואָס מען פארלאנגט און וויל מעסטן, דער־זעט ערשט דער בורמישטש, אז ער האָט פארסמאָליעטע הענט און ווארפט אים ווייטער ארויס — ער זאָל זיך אָ פּ וו א ש ן די הענט און נישט איינריכטן דאָס גרינע טישטעך!... וואָס קלערט איר, עס האָט געדויערט א יאָר; מיין פעטער אברהם האָט נישט געהאנדלט, נישט געלערנט, נישט געגעסן, נישט געשלאָפן און איז ארייננגעפאלן פאר צרות אין א קרענק!

אמבעסטן — זאָגט מיין זיידענער יונגערמאן — איז פאר א ייד זיך נישט אריינצומישן! נאָר פון וויטנס!

זעט ער — עמעץ שלאָגט זיך אין גאס — פּליטה!

מען רעדט א הויך וואָרט, מאַך פּיס!

גייסט ביינאכט און עמעץ ברעכט שלעסער — טראָג דיך אָפּ!

פון נישט, האָט מען קיינמאָל קיין חרטה נישט!...

נאָך לאנג רעדן און שפּאצירן האָט ער מיר אפילו מודה געווען, אז עס וואָלט נישט געווען קיין לאָך אין הימל, ווען זיין פעטער אברהמל זאָל נישט געווען פארגעסן אויסצוטון דאָס היטל באלד אויף דער שוועל פון מאגיסטראט. אז עס וואָלט גאָר קיין עוולה נישט געווען, ווען זיין פעטער אברהמל זאָל זיך געווען פריער אָפּוואשן די הענט און אויספּוצן די שטיוול (פארקערט מיינט ער: פריער אויספּוצן די שטיוול און דערנאָך אָפּוואשן די הענט).

ער איז מודה, אז „דינא דמלכותא דינא" און אויב דאָס מלכות וויל, אז די פּאָדלאָגע אין מאגיסטראט און דאָס גרינע טישטעך זאָלן זיין ריין, דארף מען נישט דווקא טון פארקערט.

נאָר, א ייד זאָל געזונט זיין „ווי א פּויער", איינשרייבן זיך אין פּאָזשארנע קאָמאנדע און ארויפשפּרינגען בשעת־מעשה אויף א ברענענ־דיקן דאַך, דאָס איז נישט מעגלעך!

דאָס א י ז נישט און עס ו ו ע ט נישט זיין!

„ווי הייסט"?

ארום אונדז האָט זיך דערוויל פאַרזאַמלט אַ רעדל פון „נישרפים" און „נישרפיטעס" (די לעצטע זענען געשטאַנען אָפּגערוקט פון דער־ווייטנס,) און אַלע האָבן מודה געווען, אַז אַ ייד קען נישט געזונט זיין ווי אַ טערק, למשל. ווייל אַ מענטש מיט תורה קען באַין אופן נישט זיין אַזוי מגושמדיק!

— יראַ־שמים — רופט זיך אָן אַ מלמד — מ ו ז זיין אַ כשל־ברך!

אַז מען זיצט און לערנט — מאַכט אַ צווייטער — אַז מען פילט נאָר אַ טעם אין לערנען, קען מען שוין נישט אַזוי אַכטונג געבן אויפן גוף! ווער עס וויל געזונט זיין, דער מוז עסן צו דער צייט, שלאָפן צו דער צייט, שפּאַצירן גיין, אַ שעה — דאָס איז אַלץ נישט פאַר קיין ייד גע־מאַכט געוואָרן...

— איך גיי איינמאָל אין יאָר — זאָגט אַ דריטער — צו תשליך, האָב איך די־והותר!

— אויף מיין וואָרט — שווערט זיך עמעץ — אַז שבת דאַווענען גיין, איז מיר אויך טיילמאָל שווער; די שיל אין ווייט, און גיי גלאַט איבער דער גאַס, גאָרנישט?! גיי איבער דער גאַס! וואָס? דאַוון איך טיילמאָל ביחידות...

— רבותי, האָב איך זיי געענטפערט, ליגט נישט דעם גאַנצן בייגל אויף דער תורה! די תורה איז דאָ ווייניק־וואָס שולדיק... צי טוט נישט דאָס זעלבע דער יידישער שניידער, שוסטער, האַלץ־העקער, שטיין־קלאַפּער און אַלע יידישע בעלי־מלאכות? צי זיי, וואָס האָבן נישט צו טון מיט סאַמע תורה און יראת־שמים, וואָס פילן נאָר אַ טעם פון אַ שניט און אַ פּאַלבאַנע — צי זיי אַרבעטן מיט אַ סדר, צי זיי עסן, שלאָפן און רוען צו דער צייט?

— אמת — איז מיר עמעצער מודה, נאָר דער אָוונט איז צוגעפאַלן און איך זע נישט ווער, — דער יידישער דרך איז שוין אַזוי, אַלץ ביז די לעצטע כוחות...

— עס איז אָבער נישט אַזוי גוט אַזוי, זאָג איך און וויל זיי אויס־ווייזן, אַז יידן אין ארץ־ישראל זענען געווען געזונט טאַקע „ווי די פּויערן", אַז זיי האָבן אויך מלחמות געפירט, גבורות געוויזן, ווי אַלע מענטשן געלעבט.

איך וויל דורכגיין די געשיכטע פון אברהם־אבינו, וואָס האָט די ערשטע מילחמה געהאַלטן מיט פינף מלאכים, ביז די חשמונאים, וואָס

האָבן די גריכן געשלאָגן... איך וויל מיך צעלאָזן, ד ע ר ה י צ ן, ציטירן ציפּע דער שניידערנס רייד:

„פאַר וואָס קומט גן־עדן זאָלן זיי מיר זאָגן,
נאָר געלעניש — זאָכעניש, נאָר חולה־מאָגן?
גבריאלטשע, איך פרעג דיך, פאַר וואָס?

צי זענען געוועזן אויך שוואַך און אָן אָטעם
יעקב־אבינוס עשרת השבטים?
געדענקסטו? אַז אַ קול זאָל דערלאַנגען
ביז פּרעהן, צום פּאַלאַץ, געדענקסטו גבריאל?
פּרעה, פאַר שרעק — אַ טאַלעץ פון דער שטול...
און היינט־זשע — דאָס שפּרינגען אויף זאַנגען?

און וואָס איז געווען, זאָג, שימשון הגיבור?

. . . . . . . . . . . . . .

איך האָב געוואָלט רעדן און רעדן, פון דוד׳ס דריי גיבורים, וואָס האָבן זיך דורכגעשניטן דורך אַ מחנה פון שונאים און געברענגט דודן פריש וואַסער! פון אהוד... פון טויזנט אַנדערע; עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז איך רעד אומזיסט.

זיי ו ו י י ס ן דאָס אַלץ.

— באַ, באַ, — מאַכט אַן אַלטער ייד מיט אַ װוּנדערלעכער העל־זילבערנער באָרד — באַ, באַ, ג י ט אונדז אַ לאַנד! גיט ערד, גיט דערפער, גיט פרישע לופט...

— יידן — שרייט עמעץ דורכגייענדיק — יידן, מעריב דאַווענען!

דער עולם איז זיך צעגאַנגען און דאָס איז מיין גליק געווען; די צונג איז מיר ווי האָלץ געוואָרן, נישט איבערצודרייען!

---

# וועגן יידישער חוצפה



ס איז פשוט משוגע צו ווערן!

וואָרום באמת — וואָס טוט מען?

געלט אויף בעלער, ווערט וואָס אמאָל ווייניקער! נייע שאַנ־סאַנעטקעס, מען זאָל קענען האָבן אַן אָוונט יצר־הרע פאַר אַ רובל, קומען נישט. נייע קלוינען — דער צירק זאָל אינטערעסאַנטער ווערן, באַווייזן זיך נישט, און פאַר דער פּאָליטיק גייט זיך אָן די גרינגע גאַל...

וואָס איז היינט פּאָליטיק? גאָרנישט!

אין פּאַריז גייט אַ סדרה — אַסומפּציאָניסטן; ווייסט דער טייוול, וואָס פאַר אַ שוואַרצע חברה דאָס איז!

דער „פּשעגלאָנד טיגאָדניאָווי", וועלכן די „ראָלאָ" האַלט פאַר אַ יידיש בלאַט, זאָגט, אַז די אַסומפּציאָניסטן זענען אַ באַהאַלטענע חברה פון גלחים־אינטריגאַנטן, וואָס ווילן איבערקערן די גאַנצע פראַנצויזישע רעפּובליקאַנישע שיסל, און אונדזער „קוריער וואַרשאַווסקי", לעווינטאַלס, דעם געוועזענעם אַפּיטראָפּס פון יידישן שפּיטאָלס בלאַט, זאָגט להיפּוך: די אַסומפּציאָניסטן זענען ווייסע שטילע טויבן, וואָס האַלטן זיך אין דער הייך אויף די שפּיצן פון קלויסטער און מען הערט נישט זייער פּאַרע...

און גיי וויים!

פון אַפריקע הערט זיך נישט מער, נאָר ויסעו ויחנו. אַהין געזוקט, אַהער געזוקט, צוויי בורען געפאַלן, פיר ענגלענדער געפאַנגען. — עס ווערט נימאס ומאוס!

ענגלאַנד האָט זיך פאַרקייכט אינמיטן איינשלינגען דעם בוער; נישט אַרויסצוואַרפן, נישט אַראָפּצושלינגען!

וואָלטן כאָטש די בורען אונטערגעלייגט יאָהאַניסבערג, אין דער לופט זי אויסצושפּרינגען! וואָלט כאָטש געפאַלן אַ הייסער דיאַמאַנטע־נער רעגן...

פון כינע קומען אַזוינע שקרים, אַזוינע גוזמאות:

אַז, ווען נישט, וואָס אויף דער קראָקעווער פאָרשטאָט איז פאַראַן אַן אָפּן געוועלב מיט אַ שילד מיט כינעזישע אותיות — ווען נישט, וואָס דאָרט שטייט אַ בפירושער לעבעדיקער כינעזער, מיט אַן אמת־כינעזישן צאָפּ, אויף וועלכן די ווייבער קוקן מיט וואסער אין מויל און אויגן פאר קינאה, ווען נישט, וואָס ער שטייט אַ גאַנצן טאָג און פארקויפט, ווי ער אַליין זאָגט, ריינעם כינעזישן טיי מיט אַ צולאָג, וואָלטן מענטשן געזאָגט: „איוב לא היה ולא נברא!” — עס איז קיין מלחמה נישט פאראַן, קיין כינע נישטו! עס איז אַ חלום, אַן אויסגעטראַכטע מעשה; ווי די דריי פראנצויזישע ברידער „גלייכהייט, פרייהייט, ברידערשאַפט”, מיט וועלכע מען האָט אַ לאַנגע צייט צו נאר געמאַכט דעם עולם.

הכל — פוסט, תוהו־ובוהו!

וואָס דען טוט מען? פון וואָס וואָס שרייבט מען אין די צייטונגען!

האָט מען זיך טאַקע אזוי לאַנג געבראָכן דעם קאָפּ, ביז מען האָט באַקומען פון וואָס צו רעדן, מיט וואָס די צייט צו פאַרברענגען; אבי נישט פון זיך אַליין צו קלערן, אַבי בּטור צו ווערן פון נאַציאָנאַליזם, ציוניזם און אַלערליי גנבא־געשפּענסטער, וואָס שרעקן די וואַרשעווער לייט בייטאָג און ווערגן זיי ביינאַכט... אַ ניי עסק האָט מען געפונען, די — י י ד י ש ע ח ו צ פּ ה!

עס איז אַפילו נישט קיין נייע זאַך! נאָר אַפילו וואָרט. דער גרעס־טער שניידער פון פּאַריז, וואָס שאָקלט מיט גאַנץ וואַרשע ווי מיט אַ לולב, איז אויך נישט מחויב, אַפילו נישט איין מאָל אין יאָר, אויסצוקלערן אַ נייע מאָדע; ער נעמט אַן אַלטע און פרישט זי אויף. און די אַלטע מאָדע ווערט ניי, צוריק שיין, און ווערט צוריק אַ מאַגנעט, וואָס ציט אַרויס ביי די ווייבער דאָס האַרץ און ביי די מענער דאָס ביסל מטבעות...

די פראַגע וועגן יידישער חוצפּה איז זייער אַלט; אַזוי אַלט, ווי די יידיש־פּוילישע, אָדער די פּויליש־יידישע אַסימילאַציע, מיט איר אַלטן פּראָגראַם, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין איין וואָרט: „שאַ! שאַ!” שטיל זאָל זיין! דיין קול זאָל מען נישט הערן! דיינע תנועות זאָל מען נישט זען! קיין פּאה, קיין פּאָלע, קיין יידיש וואָרט! ביפּרט אין אַ „צוקערניע”.

אַזוי האָט עס געהייסן!

טראָגן אַ לולב מיט אַן אתרוג אין גאַס — פוי, יידישע חוצפּק! יענער מיט די אָנגעצונדענע ליכטלעך און בעזעמלעך, — מעג! אַן איבערגעשפּאָלטן פוטערן מיצל, צוזאַמענגעבונדן מיט בענדלעך, איז אַ

מחיה; א „פריוועסאָוועקע" — זאָל גאָט היטן! א העזה זיך צו ווייזן דער־
מיט אין גאַס! ווער שמועסט רעדן אַ וואָרט יידיש אין גאַס, אין טראַמ־
ווײַ, אין וואַגאָן פון אייזנבאַן, — דאָס איז שוין שפּיץ־דיי־שפּיץ חוצפּה!

א צייט לאַנג האָט א יידיש־פּוילישער, אָדער א פּויליש־יידישער משכיל גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט געשפּיגן מיט „חוצפּה"..

אַלץ ווערט אָבער נימאס און די חוצפּה איז אויך נימאס געוואָרן! מען האָט אָן איר פאַרגעסן... אַצינד, אין דער שלעכטער צייט, האָט מען זיך אָן איר דערמאַנט, מען האָט אַרויסגערוקט פון אַלטן אויוון א צע־בראָכן ערדערן טעפּל מיט פאַרגליווערטן חוצפּה־מאכל, מען האָט עס אויפגעפרישט, דערוואַרעמט, צוגעזאַלצן, צוגעפעפערט... און, נאָט אייך, יינגלעך און מיידלעך און עסט! פאַרשטופּט אייך די מיילער און רעדט נישט פון געטאָ, ציוניזם, נאַציאָנאַליזם, קייט נישט און שלינגט נישט די האַרטע זאַכן, פון וועלכע אַ פּויליש־יידישער אָדער א יידיש־פּוילישער מאָגן פאַרדאַרבט זיך אויף אייביק, אַז קאַרלסבאַד וועט אים נישט העלפן.

— — — — — — — — — —

און צוריק די אַלטע שאלה: צי איז פאַראַן יידישע חוצפּה, צי ניין?

איינער זאָגט: יאָ, אַן אַנדערער: ניין, א דריטער מיינט: אַמאָל איז געווען און היינט איז נישטאָ!

און אַלע צדדים ברענגען ראיות, פאַרופן זיך אויף פאַקטן.

נאָט אייך עטלעכע:

עס איז פאַראַן אין וואַרשע א „צדקה גדולה", נישט קיין יידישע, נישט קיין קריסטלעכע, נאָר בכלל א צדקה גדולה. הייסן הייסט זי „וואַר־שאַווסקע טאָוואַזשיסטוואָ דאָבראָטשיננאָשטשי". פאַרשרייבן דער צדקה־גדולה הייזער, קאַפּיטאַלן מעג יעדער, אַפילו דער גרעסטער חוצפּהניק — אַ ייד! דער „סטרוזש" פון הויז, וואָס גייט פון צייט צו צייט אַרום פון טיר צו טיר מיט אַ רשימה אויף נדבות פאַר דער צדקה גדולה, מאַכט אויך נישט קיין חילוק, ווען ביי וועמען פּסח געפאַלט! ווער עס גיט, דעם פאַר־שרייבט ער, ביי דעם נעמט ער.

הכלל — די חברה נעמט ביי אַלע; גיבן, זאָגט מען, גיט זי נישט אַלע... און עס איז קיין וואונדער נישט! מיר האָבן ערשטנס אונדזער „קהל־שטוב", מיר האָבן אונדזערע בעלער און קאָנצערטן אויף צדקה, אונדזערע „שנײַ־קוילן" אַפילו פאַר יידישע אָרעמעלייט! אויף דעם גרינדן מיר אַ נייע י י ד י ש ע „צדקה גדולה", וואָס די רעגירונג האָט שוין דערלויבט...

און צ ו ו י י ט נ ס, ווייזט אויס די „ראָלאַ״, די „גיוואַ־פּאָלסקאַ״ און דערגלייכן ערלעכע בלעטער, אַז צדקה קומט פון לויטער ליבשאַפט, און — אויף ליבשאַפט האָבן די קריסטן אַ מאָנאָפּאָל; על־כן, איז די צדקה גדולה, וואָס איז געבויט אויף ליבשאַפט צו אָרעמעלייט, אַ ק ר י ס ט ל ע כ ע חברה... איי וואָס? יידן גיבן אויך אמאָל געלט? אויף וואָס גיבן זיי נישט?

הכלל — עס איז פאַראַן אַ צדקה גדולה, וואָס נעמט ביי א ל ע, גיט נ י ש ט אַלע — אַ פאַקט!

דער עיקר איז, אַז ווו עס איז פאַראַן אַ חברה, מוזן זיין גבאים, און ווו עס זענען פאַראַן גבאים, מוז זיין אַ קלפּי... איז דער עיקר שאלה נישט, וו אָ ס די חברה טוט, — צי בויעט זי הייזער, צי טיילט זי פאַר אָרעמעלייט, וכדומה, נאָר — וו ע ר ד אַ ר ף אַ ר ו י ס פ ו ן ק ל פּ י ?

כל־זמן יידן האָבן זיך צונויפגענומען ביי דער קלפּי און געמאַכט יד־אחת מיט די ליבעראַלן, וואָס האָבן, פ אַ ר דער קלפּי און נ אָ ך דער קלפּי (דאָס הייסט: כמעט אַ גאַנץ גייענדיק יאָר, ווייל חברות און קלפּים איז דאָ אַ סך!) צו די יידעלעך געשמייכלט און צוגעווינקען, איז גוט געווען, האָבן די ליבעראַלן געהאַט די חברה אין דער האַנט!... דאָס יאָר אָבער זענען ווייניק יידן געקומען צו דער קלפּי, זענען אַרויס כמעט סאַמע ווייסע מיוחסים און שוואַרצע אָרטאָדאָקסן...

ווערט אַ מחלוקת:

זאָגן טייל, אַז עס איז אַ העזה געווען פון יידן, נישט צו קומען קאָפּ אויף קאָפּ צו דער קלפּי און איבערלאָזן די ליבעראַלן אָן הילף, און אַנדערע זאָגן: פאַר אַ שמייכל, וואָס איז שוין פאַרגליווערט געוואָרן אויפן אַלטן ליבעראַלן פּנים, האָבן שוין יידן די הוצאָה נישט געהאַט צו קומען צו דער קלפּי... זיי ווייסן שוין, אַז די האַלב־געפּגרטע קאַץ וועט שוין פאַר זייערטוועגן מיטן עק נישט רירן...

נומער צוויי:

עס איז פאַראַן אין וואַרשע אַ חברה, וואָס גיט באַלעבאַטים קרעדיט אויף הייזער...

יידישע באַלעבאַטים איז פאַראַן אין וואַרשע אַ דריטל; דירעקטאָרן האָט די חברה דריי. האָבן זיך די נאַלעווקעס מיטן גזשיבאָוו געוואונדערט, פאַרוואָס זענען אַלע דריי דירעקטאָרן נישט קיין יידן... און אַז איינער

פון די דריי דירעקטאָרן איז ניפטר געוואָרן, האָבן זיי זיך מיישב געווען, פּרוּוון אָפּצוּגעבן שטימען פאַר א ייד...

געראָטן איז זיי נישט... נישט אַלע יידישע באַלעבאַטים האָבן גע־וואָלט א ייד; א סך האָבן מורא געהאַט פאַר א „יידישן טשינאָווניק"...

זאָגן טייל: אַז די יידן האָבן די העזה נישט געהאַט צו מאַכן יד־אחת, אויסצוקלייבן א יידישן דירעקטאָר; און אַנדערע זאָגן, אַז עס איז א חוצפּה געווען, אַזוינס גאָר צו ווערן!...

נומער דריי:

עס זענען פאַראַן אין וואַרשע יידישע סקולפּטאָרן, א סך יידישע סקולפּטאָרן. האָבן זיי זיך צוזאַמענגענומען מיט עטלעכע קריסטלעכע חברים, געמאַכט אַן אסיפה, און מען האָט אָפּגעקלערט: היות די סקולפּ־טאָרן האָבן עד־היום נאָך קיין צעך נישט, זאָל מען מאַכן א צעך.

מען האָט אָנגעגעבן ווי מען דאַרף, א בקשה; עס איז געקומען א דערלויבעניש, און דער מאַגיסטראַט האָט פאַרבעטן די סקולפּטאָרן אויף א זיצונג, מען זאָל עפענען דעם צעך.

דאַכט זיך, אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג; דער באַאַמטער פון מאַגיסטראַט עפנט די פאַרזאַמלונג, לייגט פאָר, מען זאָל אויסקלייבן עלטסטע, א קאַסירער, א סעקרעטאַר... שפּרינגען ארויס די עטלעכע קריסטלעכע סקולפּטאָרן און זענען מודיע דעם באַאַמטן פון מאַגיסטראַט, אַז זיי קענען מיט יידן צוזאַמען בשום־אופן קיין צעך נישט מאַכן, אַז די יידן קענען נישט די אַרבעט, זיי זענען פושערס, מאַכן און פאַרקויפן טאַנ־דייט און אַזוי ווייטער, ווי אין „ראָלאַ" שטייט, ווי אין „ניוואַ פּאָלסקאַ", שטייט, און — ווי אַלע גוטע, פרומע קריסטן זאָגן...

און די קריסטן האָבן פאַרלאָזט דעם זאַל...

אונדזערע יידישע סקולפּטאָרן האָבן נישט געוואָלט גרינדן דעם צעך אָן די קריסטלעכע חברים, האָבן זיי די אסיפה אָפּגעלייגט... אַנגעווענדט זיך [illegible] [illegible] ענהן, געבן צו פאַרשטיין; באַשר־בכן — עס איז נישט [illegible] נישט מעגלעך! יידן — א נוצלעך פאָלק, יידישע סקולפּ־טאָרן — [illegible] מלאכות; אַז אַנטיסעמיטיזם איז א פאַסקודנער בילבול, ו[illegible]... [illegible] איז דערווייל אַוועק א צייט...

און די [illegible] [illegible], די יידישע סקולפּטאָרן האָבן באַנוצט צו פאַרשוואַרצן [illegible] חברים דעם אַנטיסעמיטיזם, האָבן די קריסטלעכע סקולפּטאָרן [illegible] אביסל קליגער: זיי האָבן זיך באַמיט און איינגעגעבן א [illegible] און באַקומען א דערלויבעניש אויף א קריסט־



לעכן צעך, און דערמיט אַליין איז אָפּגעפאַלן די ערשטע אַ ל ג ע מ י י־נ ע דערלויבעניש...

דעמאָלט ערשט הייבן אָן אונדזערע יידישע סקולפּטאָרן צו קלערן וועגן אַ באַזונדערן יידישן צעך! זאָגן טייל, עס איז אַ ווונדער, וואָס זיי האָבן די העזה נישט געהאַט צו בלייבן אויף דער ערשטער אסיפה און צו גרינדן דעם צעך אָן די קריסטלעכע חברים...

אַנדערע אָבער זאָגן, אַז עס איז אַ יידישע חוצפּה, היינטיקע צייטן, צו גרינדן אין פּ ו י ל י ש ן וואַרשע אַ י י ד י ש ן צעך...

וואָס דען? וואַרטן דאַרף מען!... דער אַנטיסעמיטיזם וועט דאָך אַמאָל אונטערגיין... ער וועט מוזן אונטערגיין!

און, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אונטערגיין, וועט מען אַריינ־נעמען יידישע בעלי־מלאכות אין די קריסטלעכע צעכן! איי וואָס? די קריסטלעכע צעכן האָבן קריסטלעכע הייליקע פענער; יעדער צעך האָט זיין קריסטלעך הייליקן פּאַטראָן, זיינע קריסטלעכע ימים־טובים, — וועט זיך דאָך דער יידישער גאָט נישט בייזערן, אויב די יידן וועלן דאָס אַלץ מיט־מאַכן! הלמאַי, עס האָט נאָך קיינעם קיין דונער נישט געטראָפן ביי'ן אַ יאָלקע! און אַז נישט, וועלן די יידן נ י ש ט האַלטן די ימים־טובים פון צעך, נ י ש ט טראָגן די פאָן. מאי כולי האי? ווייניק באַגייען מיר זיך אָן פענער, אָן ימים־טובים?!

און, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אונטערגיין — וועט מען נישט האָבן קיין צרות מיט דער נייער סעקציע פון בעלי־מלאכות, וואָס וויל זיין ריין פון יידן, וואָס פאַלט חלשות פאַר אַ ריח פון קנאָבל אָדער אַ ציבעלע . . .

און אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט בטל ווערן, וועט מען אָנעמען יידישע דאָקטוירים צו דער „פּאַגאָטאָוויע ראַטונקאָוועי" („גיכע מעדיצי־נישע הילף"), וועט כאָטש זיין איין פור פאַר כשרע זאַפּ ביי דער „געזעל־שאַפט קעגן בעטלער", און אויף אַ סימן פון כשר וועט מען נישט טרו־מייטערן, נאָר בלאָזן שופר...

זאָל נאָר דער אַנטיסעמיטיזם בטל ווערן [illegible] דער עולם...

— — — — — — — — — —

און, האָט מען אָנגעהויבן רעדן פון יידישער חוצפּה, וועט זי שוין אַזוי געשווינד פון צונג נישט אַראָפּ!... דאָס האָבן שוין אין זיך אַלע יידישע פראַגן, אַז זיי ציען זיך ווי סמאָלע, [illegible]! און עס איז אַ פּשוטע זאַך: דאָרט, ווו מען טוט, ווערט אַמאָל [illegible], אָבער ווו מען

רעדט און מען קען נישט מער נאָר רעדן, — איז טאַקע פון די „ניין מאָס רייד" נישט פּטור צו ווערן! דערמאַנט מען זיך, אַז ערשט נישט לאַנג האָט איינער פון אונדזערע יידיש־פּוילישע אָדער פּויליש־יידישע שרייבער, אַ געוויסער „אָהר נומער 2", געשטעלט אין אַ בראָשורע די פראַגע: פאַר־וואָס האָבן מיר נישט ליב די יידן? און האָט געענטפערט: דורך דער יידישער חוצפּה!...

אין דער געזעלשאַפט דערציילט דערוויל עמעץ אַ מעשה:

ער האָט געקויפט אַ בילעט אויף דער אייזנבאַן און איז אַריין אין וואַגאָן, ווו ער האָט זיך אויסגעקליבן אַן אָרט, אַנידערגעלייגט דאָס פּעקל, און איז צוגעגאַנגען צום פענצטער נאָכאַמאָל זיך געזעגענען מיט באַקאַנטע.

אַז דער צוג האָט גערירט, איז ער צוריקגעגאַנגען און געוואָלט זיך זעצן, נאָר דער פּלאַץ איז שוין געווען פאַרנומען און דאָס פּעקל זיינס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד.

— מיין הער, מאַכט ער, נאַטירלעך אויף פּויליש, צו'ן אַ קריסט, וואָס האָט אים דאָס אָרט פאַרנומען, אָבער...

הערט ער אַ קלאָרע תשובה: פּאַשאָל וואָן!...

ווערט ער שוין אביסל אין כעס, זאָגט ער נאָכאַמאָל, ווי הייסט? עס איז זיין אָרט, זיין פּעקל געלעגן...

ענטפערט יענער שוין מיט אַ וואָרט מער:

— פּאַשאָל וואָן, זשידזשע!

זאָגט ער: ווי הייסט? באַצאָלט האָב איך גלייך מיט דיר; האָב איך דאָס זעלבע רעכט, ווי דו... וכדומה...

הייבט יענער אויף אַ האַנט...

רוקט ער זיך אָפּ פאַר דער יד, און וואַרט אויפן קאָנדוקטאָר.

אינאייננוועגנס קוקט ער זיך אום, און זעט, אַז אין וואַגאָן איז דאָ אַ סך יידן און גאַנץ ווייניק קריסטן.

„פאַרן ערגסטן פאַל"... טראַכט ער...

דער קאָנדוקטאָר קומט דערוויל אַריין; הערט אים אויס, און פרעגט דעם עולם, ווי אזוי עס איז געווען. צי עס איז אמת, וואָס דער ייד זאָגט.

דער קריסט, וואָס האָט דאָס אָרט פאַרנומען, שווייגט און שמייכלט פּייניונגעריש.

די יידלעך אין וואַגאָן שוויגן אויך. נאָר די עטלעכע קריסטן אין וואַגאָן רופן זיך אָן, דאַכט זיך, שלא ממין הטענה:

עס איז מיט די יידן — זאָגן זיי — נישט מעגלעך צו פאָרן צו־זאמען אין איין וואגאָן: שטענדיק אומרוען. שטענדיק האָבן זיי טענות, טשעפען זיך אָן ווי א סמאָלע... מען דארף פאר זיי האָבן עקסטרא וואַגאָנען ווי פאר פי...

דער קאָנדוקטאָר, וואָס איז גאָרנישט געוואָר געוואָרן, גייט נאָ־טירלעך ארוים מיט גאָרנישט...

די קריסטן רעדן ווייטער, ווי אומעגלעך עס איז צו פאָרן מיט יידן צוזאמען; די יידן שווייגן. איינער פון זיי האָט דאָך נישט אויסגעהאלטן! עס איז געווען אַ ייד לויט דער נאָז, נאָר א קריסט לויט די וואָנסעס!

— אמת יידישע חוצפה! — האָט ער אויסגערופן אויף אָן עכט יידיש־פויליש לשון! א לאַדע וואָס מאכט מען אַ געשריי!

און אַן אנדערער האָט דערציילט אַן אנדערע מעשה:

איך גיי, — זאָגט ער — אין גאַס, טרעף איך א באַקאַנטן פון פּראָווינץ, אמאָל ביי מיר געווען. איך האָב'ן געקענט אַלס סוחר, אַלס גרויסן סוחר; גרויס קרעדיט געהאט!... ביי מיר טאַקע געקויפט... גע־האנדלט — נישט קשה... געדונגען זיך, נאָר געצאָלט צו דער צייט.

פּלוצים האָט ער אויפגעהערט צו קויפן... רעכן איך, ער איז איי־בערגעגאנגען צום קאָנקורענט... וויל איך אים שרייבן... היות... עס פּאסט נישט... איך וועל אים העכערן דעם קרעדיט... קלענערן די פּרייזן... וכדומה... האָב איך אָבער פארגעסן... פארנומען, ווי איר ווייסט...

אַז איך טרעף אים אָבער אין גאַס, דערמאַן איך מיך, א זיכרון, ברוך־השם, האָב איך! גיי איך צו, שלום־עליכם!.. ווי אזוי רעדט מען מיט א ייד פון פּראָווינץ?

שלום־עליכם... געשעפט איז געשעפט!...

איך זע, ער איז אָפּגעריסן! ביי מיר איז ער געווען אין באַלעבאַ־טישע קליידער; רעכן איך, אַז דאָס איז ער צו מיר געקומען אין גאַנצע קליידער, אָבער אין גאַס, — א פּראָווינץ־יידל, — טראָגט ער זיך ווי אין דער היים!... פּראָווינץ־גבירים, ווייסט מען שוין, גייען אָפּגעריסן, געכטיקן אין אָרעמע נאכט־הייזער, עסן אין די ביליקע קיכן... אזא טבע האָבן זיי.

הכלל — „שלום עליכם!" — „עליכם שלום!"...

קלער איך מיר אזוי: אהיימפירן איז א בושה פאַרן לאָקיי; פארבעט איך אים אויף שווארצע קאווע... מן־הסתם אויף די נאַלעווקעס, צו קאַנאַריקן...

פאָרן מיט אים אויף א דראָשקע, פאסט נישט; גייען מיר צופוס, כאָטש, איר ווייסט, אז די פיס ציטערן מיר... נאָר — איבערגעקומען!

מיר זיצן שוין ביי דער קאווע... זאָגט ער מיר, ער איז הונגעריק!

היים איך עפּעס דערלאַנגען... זע איך, — ער פרעסט!

טראַכט איך — א פראָווינץ־יידל, פרעמד געלט, שלינגט ער!... נאָר, — ער וועט שוין באַצאָלן דערפאַר!

איך שפּרינג שיר־נישט אוים דער הויט, נאָר אויסהאַלטן מוז מען... ענדלעך, איך אָטעם אָפּ! ער האָט, מיט גאָטס הילף אָפּגעגעסן, אָפּגעווישט זיך די וואָנסעם מיט דער פּאָלע...

פרעג איך אים: וואָס הערט זיך? און וויל צושלאָגן צום געשעפט.

זיפצט ער!

פרעג איך: „וואָס זיפצט איר?"

ענטפערט ער, אז ער האָט שוין דריי יאָר באַנקראָטירט, זיצט אָן פרנסה... וואַלגערט זיך ארום אין ווארשע, זוכט א שטעל...

א העזה פון א קבצן!... ע נ ט פ ע ר ט ער מיר „שלום עליכם!", גייט ער מיט מיר אויף שווארצע קאווע! איר הערט א חוצפּה! ער פרעגט מיך נאָך, ווו איך ווין! ער וויל נאָך צו מיר קומען!...

און, נאָך, און נאָך אזוינע מעשות דערציילט מען וועגן י י ד י ש ע ר ח ו צ פּ ה !

---

# ערוב

„און די פערטע מכה פון מצרים — זאָגט דאָס דייטש־חומש — איז געווען ערוב". און דאָס דייטש־חומש פאַרטייטשט: ערוב איז אַ פאַר־מישונג פון אַלערליי קליינע און גרעסערע חיות און פון שקצים ורמשים, הן פון אַ י ב ע ר דער ערד, הן פון אונטער דער ערד און אפילו פון ימים ומדבריות... אַלע זענען געקומען קיין מצרים, און עס איז געגאַנגען אַ טכויר מיט אַ מויל־וואָרף, און אַ פוקס מיט אַ קיניגל און אַ שטעכעדיק חזירל מיט אַ גליטשיקער פראָש וכדומה אַלערליי פרעסער, בייסער און ציפּער און האָבן זיך צעלאָזט אין גאַנץ מצרים. און אַז אַ מצרי האָט זיך אָפּגעשטעלט אין גאַס און געוואָלט עפּעס נעמען אין מויל אַריין, אָדער אַ מצריטע האָט געוואָלט עפּעס פאַרבייסן די נשמה צו דערכאַפּן, אָדער עס איז דורכגעגאַנגען אַ בעלפער מיט „פּאָדוואַרימעס" פאַר דעם מצרים מיט דער מצריטעס קינדער אין חדר אַריין, איז אונטערגעשפּרונגען אַ חיהלע און האָט אויסגעריסן דאָס עסנוואַרג פון די הענט, אפילו דעם ביסן פון מויל... אַנדערע קלענערע חיהלעך האָבן זיך געהאַלטן אין די לעכער און אין די שפּאַלטן פון די שטיבער, און אַז זיי האָבן דערפילט אַ ריח פון מאכלים, זענען זיי אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און געכאַפּט פון די טישן, פון די שיסלען און פון די טעפּ... און גאָר קליינע חיהלעך האָבן זיך אַרונטערגעכאַפּט די מצריים אונטער די מלבושים און אָפּגעביסן פון זיי די הויט... און עס האָט געהונגערט דער מצרי מיט דער מצריטע אין שטוב און אין גאַס און די קליינע קינדער אין די חדרים, און די חיות מיט די חיהלעך זענען אַלץ פעטער און דיקער געוואָרן... און פון אַ ווערעמל איז אַרויסגעוואַקסן אַ פוקס, פון אַ היישעריק אַ לייב...

דער רבינו בחיי שרייבט: אַז דער נס פון ערוב איז געווען על פּי דרך הטבע, אַז עס איז געקומען די צייט אויסצולייזן ישראל, האָט דער רבונו של עולם געשיקט אַ הונגער אויף די חיות אין די לעכער, אין די הייַלן, אין די וואַסערן און אין די געמויזעכצער, און דער הונגער האָט זיי געטריבן פון זייערע ערטער צום ישוב צו, און די נייע מחנות האָבן גע־

טריבן די אלטע מחנות, פון דערפער אין שטעטלעך, פון שטעטעלך אין שטעט, פון שטעט אין גרעסערע שטעט אריין ביז צו פרעהס פאלאץ...

. . . . . . . . . . . . . .

דאָס אלץ איז אמאָל געווען!

היינט איז אפשר אויך שוין צייט אויסצולייזן ישראל, נאָר די מכות פאלן נ י ש ט אויף מצריים...

און א הונגער איז, און טרייבט די חיות, די חיהלעך פון דערפער אין שטעטלעך, פון שטעטלעך אין שטעט, פון שטעט אין גרעסערע ביז אין נאָר גרויסע שטעט אריין, און זיי זענען הונגעריק און כאפן פון די הענט און פון די מיילער, און נישט דער מצרי הונגערט, נאָר די „כ נ ס ת י ש ר א ל״, היינט האָט זי ערוב...

און דער היינטיקער ערוב פון כנסת ישראל איז ערגער פאר יענעם ערוב פון די מצריים... יענע חיהלעך האָבן נאָר געכאפט עסנווארג און נישט קיין מלבושים, ווייל די חיהלעך זענען געגאנגען נאקעט, און די היינטיקע חיות און חיהלעך טראָגן ראצעמאָרינע קאפטאנעס מיט סטראָקעס, זילבער־האָריקע שטריימלעך און זיידענע זאָקן... און די נקיבות פון די חיהלעך טראָגן סאמעטענע און זיידענע מלבושים מיט טייערע בראבאנטער־שפיצן, און היטן פון יענער זייט גרענעץ מיט פעדערן פון פייגל פון יענער זייט ים, און זילבערנע און גאָלדענע פאנטאָפעלעך, אחוץ אזוי תכשיטין... און די חיהלעך ווערן אויך פעט און דיק און וואקסן אין דער לענג און אין דער ברייט, און מערן זיך ווי פיש אין וואסער, און ווי די פרעש אין מצרים און ציען אונדז אָפּ די העמדער פון די לייבער און דערנאָך ערשט רייסן זיי דעם ביסן פון מויל...

. . . . . . . . . . . . . .

און די חוצפה פון די חיהלעך וואקסט פון טאָג צו טאָג, און דער אפעטיט זייערער פון שעה צו שעה.

און אז אן אלמנה פון ערגעץ אן עיפוש לעבט אין דחקות פון א ציג, הערט זי דעם גבאים אן עצה, פארקויפט די ציג, קויפט זיך א צעטל אויף דער לאָטעריע און די רעשט גיט זי אוועק דעם חיהלע פאר א צוזאָג — א זכה בגורל... געווינען, פארשטייט זיך, געווינט ערגעץ אן אַנגעגעסענער עושר, און זי מיט די קינדער שטרעקן אויס די צונג פאר א טראָפּן מילך...

און אז אן אָרעמער באלעבאָס לעבט צען יאָר מיט א ווייב און האָט, נישט פאר אייך געדאכט, קיין קינדער נישט, און ער זאָגט: „אָהבתי את

אשתי" און וויל מיך מיט איר נישט גטן, גיט אים עמעץ אן עצה טובה, און ער נעמט דאָס הייזל און פארשרייבט אויפן הייליקן רבינס נאָמען פאר א בן־זכר... קיין בן־זכר, פאַרשטייט זיך, באַקומט ער נישט, נאָר דער הייליקער רבי פארמאַכט א יי ן אויג, דערנאָך דאָס צ וו יי ט ע, און זיין יורש טרייבט דעם אָרעמען באַלעבאָס פון דירה ארויס און ער וואַלגערט זיך ארום מיט דער עקרה אין גאַס...

און ווער עס טרענקט זיך כאַפּט זיך אָן ביי א שטרוי... און אז א קלוג און קאַרג געוואָרענער פּריץ נעמט צו ביי א ייד די פּאַכט און גיט זי אוועק זיין אייגענער טאָכטער פאר נדן, פאָרט דער ייד מיט ווייב און קינד און צעבראָכענע זיבן זאכן אין שטאָט אריין... און איידער ער דינגט נאָך א דירה, די פור מיט די זאכן שטייט נאָך אין מיטן מארק, דאָס ווייב מיט די קינדער דרייען זיך אַרום דער פור אָדער זיצן און קרעכצן — זוכט ער שוין פּרנסה, לויפט ער אריין צום הייליקן רבין, וואָס האָט זיך צו זיין מזל, נאָך אויף א טאָג פארהאַלטן אין שטאָט, און קויפט פארן לעצטן גראָשן א ברכה... די ברכה, פאַרשטייט זיך, ווערט נישט מקוים, דער דאָרפס־ייד האָט זיך נישט צו וואָס צו נעמען, פון געזונטן ווייב איז אַן „עיפּוש" געוואָרן, אַ „לא־עליכם", אַ „לא־יצלח", די קינדערלעך פאַלן אויך גאַנץ אָפּט אוועק... אָבער א גלאָז מילך פאר א קראַנקן, א רעצעפּט צו ח"י גדולים פאר אן אנדער חיהלע איז שוין נישטאָ!

און אז אַ יונגערמאַן פון „עיפּוש", צי נישט פון „עיפּוש", האָט זוכה געווען אראָפּצוגיין פון קעסט מיט ווייב און קינדער און דעם נדן האָט דער שווער צוגענומען, צי א שותּף, צי דער פּריץ, צי ער איז אזוי גע־גאַנגען לאיבוד, און דאָ רופט מען: יעמוד! — זיי מוחל שטעל זיך צום „פּריזיוו", און אַצינד דינען קען ער נישט, טאָר ער נישט, ווו וועט זיך דאָס קליינוואַרג אהינטון? באַוואָרנט ער זיך טאָפּלט: קויפט ער ביים רופא זיך א פעלער און ביים חיהלע פארן לעצטן רובל א גרויסן לאָז... און ציען ציט דער שלימזל ארויס א קליינעם לאָז און דער פעלער האָט ד ע ר וו יי ל אויך נישט געהאָלפן — ער גייט דינען און, ווייב־און־קינד גייען אויס פאר הונגער...

. . . . . . . . . . . . . . . .

און פון ערגעץ אַן „עיפּוש" ווערט א חיהלע געטריבן און געטריבן ביז עס קומט קיין ווארשע, און שטעלט זיך אָפּ אין דער און אין דער גאַס. און י מ י ם ־ נ ו ר א י ם איז עס, דאָס הייסט: פארן „פּריזיוו", און דאָס חיהלע באַנוצט זיך מיט דער צייט און שרייבט נוח מיט זיבן גרייזן

א מודעה, און צעווארפט זי אין אלע „יידישע" גאסן און הייף, באשר בכן ער איז א ספעציאליסט צו „פריזיוון", ה ו י כ ע נומערן האט ער... אויך, אז מען דארף, פארקלענערט ער די מאס, און פארגרעסערט וואס עס איז פאר א „פעלער"... און פריזיוווניקעס קומען פון אלע גאסן, און ג ל ו י ב ט נישט דער „פריזיוווניק אליין" האט ער, ביז הונדערט און צוואנציק יאר, א טאטן, וואס גלויבט, א מאמען, וואס גלויבט. און מומעס עטלעכע וואס גלויבן, און מען פארזעצט די קישנס פון אונטער די קעפ, די מלבושים פון לייב, און מען פארשולדיקט זיך, אויף גאטס בעראט, גמילות חסדים, און מען איז זיך משווה כמנין „פטור", און מען שאקלט אוים פארן חיהלע די קעשענעס ווי צו תשליך, אז מען האט נישט מער און מען גיט האנט־געלט און א חרם־קוויטל אויף די רעשט...

און דערנאך אז דער „פריזיוווניק" גייט דינען, האט מען אים קיין לייבל, קיין העמד נישט מיטצוגעבן...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און, אז עס מאכן זיך שלעכטע צייטן אין „גרר", די פרנסה פאלט, און סמאלע טרייבן אין וואלד לאזט מען נישט, קיישלעך פלעכטן קען מען נישט, און דער פויער האט נישט מיט וואס אין שטאט ארייצוקומען און פארוואס עפעס צו קויפן, און עס פוילט דאס לעצטע ביסל סחורה אין געוועלב, און דאס ביסל געבעקץ שימלט ביים בעקער... און דער ייד פון גרר האט בטחון און רירט זיך נישט פון גרר, און האט אפילו אויף „הוצאות־הדרך" נישט, ער זאל זיך קענען רירן פון גרר; קוקט ער מיט הוילע אויגן אויפן טעלערל פון הימל, און עס גייט די סדרה: „ויהי רעב בארץ" — ווערט קלייען־ברויט א מאכל, מיט קארטאפלעס־שאלעכטס צו־געביסן... און מען הונגערט, און מען קרענקט, און אן אונטערגאנג פאר־שלעפט זיך, און „גרר" הייבט אן זוכן חטאים, תשובה־טון, האלב גרר לויפט אויף קבר אבות שרייען, די צווייטע העלפט רייסט איין די שיל מיט קולות, און דערהערן דערהערט א „חיהלע" אין עיפוש, עטלעכע מייל פון גרר, און עס קומט צופארן...

און עס קומט צופארן, און עס שטעלט זיך אפ אין פארשטעטל, אין ערשטן הייזל באלד, און דינגט דאס הייזל אפ ביים פויער, און רייניקט עס מיט קרייטעכצער, און שלאגט מזוזות אן ביי די טירן, און קמיעות פאר די קוימען און לייגט הייליקע ספרים אויף די פענצטער און עפנט דערנאך א קליין לופטציקל אויף גרר און נעמט, און נעמט — ווי א בייז פערד נעמט ער... ע ר נעמט, און די מ ג י פ ה נעמט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און דער גראָדזיסקער רבי פּאָרט נישט ארויס, ער איז א מושל בכיפּה אויפן אָרט, און וואָלט געהאט א גן־עדן אין גראָדזיסק, ווען נישט דער משולח פון לאָמזשער ישיבה, וואָס קומט פון צייט צו צייט צופאָרן, האַלט א דרשה און נעמט ביי א גראָדזיסקער ייד צו א דרייער, טאַקע דעם דרייער, וואָס דער רבונו של עולם האָט איבערגעגעבן דעם גראָדזיסקער צדיק, טאַקע דעם דרייער, אויף וועלכן דער גראָדזיסקער צדיק רעכנט, און קען זיך פון אים באין אופן נישט מיתייאש זיין...

און עס ווערט א מלחמה צווישן גראָדזיסקער צדיקס „תורה" און פון לאָמזשער ישיבה... צווישן דעם גראָדזיסקער צדיקס „תורה" און לאָמזשער משולחס דרשות! און נישט פון הימל האָט מען געאסרט, נישט קיין בת־קול האָט אויסגערופן א גזירה, נאָר די „מעשענע קנעפּ", וואָס האָבן צו זאָגן און צו שאפן!

דער כוח פון דער לאָמזשער ישיבה איז אָבער גרויס, און נאָך גרעסער דעם משולחס יצר־הרע צום גראָדזיסקער יידם דרייער, און א ייד א למדן האָט זיך אן עצה געגעבן, און איז אראָפּגעקומען קיין גראָדזיסק ווי אלע מאָל, קיין דרשה זאָגן וועט ער נישט, אָבער תורה לערנען מעג ער? תורה פון חומש ארויס!

און שבת פּרשת „איך זאָל אזוי וויסן פון ביידע", האָט זיך דער משולח און די גרויסע באַלעבאטים האַלטן אָפענע חומשים פאר זיך, און המדרש. און ארום טיש האָבן זיך געזעצט די גרויסע באַלעבאטים, און דער משולח און די גרויסע באַלעבאטים האַלטן אָפענע חומשים פאר זיך, און ארום דעם עולם מיט די אָפענע חומשים שטייט א ראָד קלענערע באַלע־באטים, און ארום די קלענערע גאָר קליינע באַלעבאטים, דערנאָך ערשט א ראָד פון בעלי־מלאכות און אזוי יידן... און דער משולח הייבט אָן א פסוק און פארטייטשט על־פּי פּשט, און פרעגט א קשיא און פארענטפערט זי, און ווי פון אונטער דער ערד וואקסן ארויס אַנדערע צוויי קשיות, דער־נאָך פיר, דערנאָך אַכט, און זיי פארוויקלען און פארקניפּן זיך, און פאר־בינדן זיך און עס ווערט א דרשה, א קינסטלעכע דרשה ווי א שפּינוועבס ארום תורהלע, און עס קנאַקט און עס רוישט, און דער עולם טראַכט: עס איז זיסער ווי האָניק, און דער משולח טראַכט: דעם גראָדזיסקער יידס האַרטער דרייער איז מיין...

און עס האָט זיך געדאכט, ער האָט מנצח געווען, נאָר נישט אזוי געשווינד איז מען א חיהלע פון „ערוב" מנצח...

דאָס חיהלע זעצט זיך צום טיש, און קיינער קומט נישט צוגיין! עס

טראָגן זיך די ריחות פון שבתדיקע טיש־בשמים. — ווו זענען די נעז? עס וועט אריין א קוגל — ווער וועט כאַפּן שיריים? און ווער וועט שטעלן ווייַן? מיט וועמען וועט ער בענטשן?

— וואָס איז געשען? פרעגט דער רבי זיין רוח־הקודש, דעם גבאי, און דער גבאי ענטפערט:

— דער משולח פון לאָמזשער ישיבה דרשנט!

און דער רבי זאָגט:

— גיי און זאָג, ווו מען דאַרף!

און דער גבאי ענטפערט: ער שטייט נישט אויף דער בימה און זאָגט נישט אויסנווייניק, ביים טיש זיצט ער און לערנט, און זאָגט פון דער סדרא...

ווערט דער רבי גרין! די הענט ציטערן, די אויגן פלאַמען.

— גיי — זאָגט ער מיט א הייזעריק קול פאר כעס — גיי אין בית־המדרש אריין צום עולם און זאָג זיי מיט די דריי אותיות, אז איך הייס נישט לערנען!

און דער גבאי איז געגאַנגען און האָט געזאָגט, און דער עולם האָט זיך דערמאָנט, אז מען דאַרף, אז מען מוז מורא האָבן פאר א רבין, און דער משולח האָט אפשר קיין פּאַס נישט געהאט, און אויפגעהויבן האָט זיך דער משולח, צעלאָפן זענען זיך די באַלעבאַטים, דער גבאי האָט די חומשים פארמאכט...

מנצח געווען האָט סוף כל סוף דער רבי, דער ד ר יי ע ר איז ז יי ן!

# די לוויה


ין אזא גרויסער שטאָט ווי ווארשע, מוזן זיין גרויסע לייט; און אז גרויסע לייט שטארבן, זענען גרויסע לוויות.

און יענע וואָך זענען דאַנערשטיק און פרייטיק גרויסע לוויות געווען!

לעער זענען געווען די גאסן, די רעסטאָראנען, קאָנדיטאָרייען, קאַ־פעען; אין די גערטנער האָט מען געקאָנט עובר זיין אויפן גאנצן שולחן־ערוך, אונדזערן צי זייערן, אָן עדות; פארדאָס איז פול געווען דאָס בית־עלמין, עס האָט געווימלט אויפן בית־החיים.

און ווער האָט זיך דאָרט דאָנערשטיק און פרייטיק נישט געטראָפן?

דער ווירט מיטן לאָקאטאָר, דער מלווה מיטן לווה, דער ברויט־נעמער מיטן ברויט־געבער — אלע האָבן זיך אָנגעקוקט און אָפּגעקרעכצט:

— וואָס איז ווערט — האָבן זיי געטראכט — אונדזער פריינטשאפט און אונדזער האס, אונדזער קאָנקורענץ און אונדזער הילף, אונדזערע טענות, סיכסוכים, קאָנטראקטן און וועקסלען?

פּלוצלינג האָבן זיך אלע אלס מענטשן דערפילט! נאטירלעך נישט אויף לאנג! נישט אויף לאנג „נעמט זיך א לעבנדיקער צום הארץ"! דאָס לעבן איז אייזן און שטאָל, די מאָראל „הויך — ווייך און אָנגעבלאָזן!" אין טויער פון בית־הקברות קומט אמאָל אריין א מענטש, נאָר ארויס, גייען שוין צוריק חיות־רעות...

נוט איז דאָך א ליכטיקע מינוט ביי ווילדע משוגעים! א לוויה, א יום־כפור, אפילו א יום־כפור־קטן!

. . . . . . . . . . . . . .

דארף איך אייך זאָגן וועמענס די גרויסע לוויות זענען געווען? „קינד און קייט" ווייסט, אז „נתבקש בישיבה של מעלה" איז געוואָרן ר' זיינוועלע, דער עלטסטער ווארשעווער דיין, כמעט ווארשעווער רב, און איז געקומען צו קבר־ישראל דאָנערשטיק!...

צערודערט זענען געוואָרן די מתים:

— ווער פאַרטרייבט אונדז — קלאָגן זיי זיך — דעם זיסן שלאָף אָן חלומות, און הירהורים־רעים, פון די אויסגעגעסענע אויגן־לעבער?

— צי האָט זיך עמעץ פון אויבן באַוויזן און אונטער זיינע טריט ציטערט אַזוי די ערד?

— וואָס טאַנצן, ווי שיכור, די מצבות?

— און וואָס טרעט צווישן די קברים, צי גייט מיליטער אויף ערגעץ אַ מלחמה?

אַזוי פרעגן די מתים, און דער הספד ענטפערט זיי:

—ר׳ זיינוועלע גייט צו׳ן אייך, ר׳ זיינוועלע!

. . . . . . . . . . . . . . .

— מען מוז אים גוט אויפנעמען — טראַכטן די מתים!

אַ קלייניקייט 40 יאָר „כמעט מרא־ דאתרא״ אין וואַרשע!

וויפל קדושין האָט ער מסדר געווען?

וויפל גטן, עכטע כשרע גטן האָט ער אין קהל־שטוב און ביי זיך אין דער היים אויסגעריכט!

וויפל מאָל איז ער אויף כסא־של־אליהו געזעסן! וויפל חליצות האָבן פאַר אים געשפּיגן!

און וויפל דין־תורהס האָט ער געפּסקנט, וויפל פּשרות געמאַכט, און וויפל נולדים ונפטרים אוים — און איינגעשריבן!

און ווער ועט איבערציילן, וויפל הכשרים ער האָט אַרויסגעגעבן! פאַר פּסח — אויף מילן, אויף בעקער־אייוון, אויף מצה־מעל, אויף מצה־געוועלבער, אויף פּאַפּירענע מצה־טעצלעך וכדומה און אַ גאַנץ יאָר — אויף ווייגען, פליישן און אפילו אויף פּוטער פון פאַרשידענע קריימעכצער!

און וויפל נשים, און וויפל טעפּל־לעפל האָט ער געאַסרט און מתיר געווען!

נישט קיין לעבעדיקער, נישט קיין טויטער, וועלן עס באַרעכענען. צייל איבער די שטערן אין הימל!

. . . . . . . . . . . . . . .

און דער מספּיד קלאָגט:

„די שחיטה האָט ער געהאַלטן ביד רמה!״

„נישט געלאָזט, אַז ווער עס איז, פון וואַנען עס איז, זאָל קומען מיט אַ סמיכה אַפילו פון מאה־רבנים און אויסציען אַ חלף!״

„כל־זמן ער האָט געלעבט, האָט א װאַרשעװער ייד געװוסט, וואָס ער עסט, וועמענס פלייש ער עסט!"

און —

„יידישע קינדער האָט ער מיט מלמדים פאַרזאָרגט... א סך מלמדים! א סך תורה, ווייניק תורה! אבי נישט קיין ליטווישע עברי — וועד מלמד! און מלמדים האָבן זיך געמערט כחול־הים, קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט דאַוונען און חומש לערנען און יידן האָבן פרנסה געהאַט!"

„און א מרוצה־לקהל איז ער געווען!"

א לב־טוב, אן עין־טוב — פאַר אַלע גוט!

פאַר אַלע האָט ער געהאַט א פריינטלעכן בליק אין די ליכטיקע אויגן, א זיסן שמייכל אויפן גלאַנצנדיקן פנים, א גוט וואָרט אויף דער גלאַטער צונג און אן אויסגעצויגענע, ווייכע, וואַרעמע האַנט — פאַר אויסגעקילטע דייטשן, ברענענדיקע הסידים, אויסגעטרוקנטע מתנגדים, — דעריבער זענען אַלע צו דער לוויה געקומען, און ווען אַלע טרערן זאָלן אריינשווימען אין קבר, וואָלט דער אָרון, וואָס מען וועט אריינלאָזן, ארומגעשווומען! —

און די מתים, פון עולם־אמת, זיפצן: אמת, אמת!

. . . . . . . . . . . . . . .

צווישן איין הספד און דעם צווייטן האָט זיך איבערגעדרייט א מת מיט נאָך גאַנצע זייטן צו זיינע חברים און געפרעגט:

— אַלערליי קולות הער איך, פאַרוואָס הער איך נישט די קולות פון תינוקות של בית־רבן, פון תלמוד־תורה־קינדער?

און נאָך א פרישער מת, כמעט נאָך נישט אן אַנגעריירטער, ענטפערט:

— די קונדייסים נעמען צו א לוויה?

זיי וואָלטן זיך אָפגעשטעלט אין גאַס און געשפּילט אין „ציגל־מיגל", זיי וואָלטן זיך געממיתט, מיט שטיינער געוואָרפן און אין מיטה אריין, צו דעם הייליקן מת געטראָפן!

און פון בית־הקברות וואָלטן זיי א תל געמאַכט! זיי וואָלטן אויף די קברים ארומגעטאַנצט, איבער די מצבות „קאָזיאָלקעס" געמאַכט...

און, וואָס דער עיקר איז, עס איז א חרפה און א בושה פאַר דער פּאָליציי — אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, אויסגעהונגערט...

אזוי האָט געזאָגט דער פרישער מת!

———

און ווער ווייסט, וואָס נאָך פאַר אַ בילבולים דער מת וואָלט אויסגע־טראַכט אויף די אָרעמע תלמוד־תורה קינדער, ווען נישט וואָס דער צווייטער הספד האָט זיך אָנגעהויבן.

„כשמת אחד מן החבורה, ידאגו כל בני החבורה" — אויף דעם האָט זיך דער מספיד געשטעלט.

עס איז אַ גמרא, אַ בפירושע גמרא, און אַ בפירושע גמרא איז הפקר; אויף איר מעגן זיך אַלע שטעלן, איבערדרייען, איבערניציִעווען, אויס־טײַטשן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, בפרט פאַר וואַרשעווער קהל...

און דער הספד־מאַכער טײַטשט:

— אַז עמעץ גייט אַוועק פון דער חברה, מוז די גאַנצע חברה זײַנע געשעפטן פאַרזאָרגן...

— אמת! אמת! שאָקלען ווײַטער די מתים מיט די ביינערנע קעפּ: מען מוז זיך צעטיילן מיט די נולדים ונפטרים, מיט די שוחטים, מיטן סנדקאות מיט אַלערליי הכשרים — —

אמת! אמת!

דאָס אַלץ איז געווען דאַנערשטיק.

---

פרײַטיק האָבן די מתים כמעט גאָרנישט געהערט.

עס איז צו קבורה געקומען אַ יידישער גביר, אַ באַרימטער בעל־צדקה — וואַוועלבערג!

נאָר די הספדים זענען געזאָגט געוואָרן אויף פּויליש, און אַ ייד, אַז מען לייגט אים ווי עס דאַרף צו זײַן אין דער ערד אַרײַן, הערט ער אויף פּויליש צו ריידן, און צו פאַרשטיין!

האָבן זיך די מתים, נעבעך, פאַרטראַכט און אַזוי געטראַכט:

— דער מענטש איז אַ גרויסער, נאָר אַן אומגליקלעכער מענטש געווען; ער האָט אַ כּך געזייעט, נאָר וויפל וועט אויפגיין און וויפל וועט אַוועקטראָגן דער ווינט?!

דער מענטש האָט געהאַט גאָלד, נאָר גאָלדענער ווי גאָלד איז געווען זײַן האַרץ און האַרטער ווי אַ שטיין זײַן מזל:

שלום האָט ער געוואָלט, און איז אין דער סאַמע רעכטער מילחמה געשטאָרבן! און איז אַוועקגעגאַנגען פון דער וועלט אָן האָפענונג, אַז עס וועט אַמאָל זײַן אַ שטילשטאַנד, אויב שוין נישט קיין שלום!

און ווײַטער קלערן די מתים:

— וויפל יידן וווינען אין וואוועלבערגס ביליקע הייזער?
— וויפל פּראָצענט יידישע קינדער וועלן לערנען אין זיינע שולן?
— וויפל יידן, און וויפל נישט־יידן, פרעמדע און היימישע, גייען נאָך זיין מיטה?
— וויפל פון זיינע מיליאָנען וועלן בלייבן אויף ד ע ר זייט און וויפל וועלן אַריבער אויף י ע נ ע ר זייט?
— און ווער — קלערן ווייטער די מתים — וועט זיינע געשעפטן פאַרזאָרגן?

רבנים וועלן נישט פעלן; פון אלע זייטן וועלן זיי אָנקומען. מיט גרויסע און קליינע בערד, מיט פּראָטעקציע פון חסידי־אומות־העולם, דורך די שפּארעס וועלן זיי זיך ארייניייסן, דורך פענצטער און קוימען קומען — און מען וועט זיי אויפנעמען, מען וועט זיי מוזן אויפנעמען, מען וועט זיי אויפנעמען, מען וועט זיי מוזן אויפנעמען, נאָר אַזוינע וואוועלבערגס, מיט זייערע גרויסע מעלות, און גרויסע טעותים, אַזוינע ווו נעמט מען?

אַזוינע גאָלדענע הערצער דאַרפן וואַקסן אויף שטיינער, ליידער וואַקסן שטיינער אויף גאָלדענע הערצער!

---

צוויי גרויסע, גרויסע לוויות געווען!

און גרויסע לייט פאַרנעמען א סך אָרט, אי ביים לעבן, אי ביים טויט! 4 אָרעמע לוויות האָט מען דעריבער געמוזט אָפּליינגן אויף מוצאי־שבת נאָך הבדלה! די גרויסע האָבן פאַרלייגט דעם וועג צום עולם־האמת!

צי איז דערויף קיין עצה נישט פאַראַן?

די וווינונגען פאַר לעבעדיקע גרויסע האָבן צוויי־ערליי גענג:

א פּאַראַדנעם, א ליכטיקן גאַנג — אין גרויסע הייזער אויסגעלייגט מיט פּערסישע און טערקישע דיוואַנען, רעכטס און לינקס אויסגעשטעלט מיט די פיינסטע געוויקסן; דאָ אַרום קומען פיינע געסט, רייכע געסט; געסט, פאַר וועלכע דער גרויסער האָט וויין און אַלערליי לעקער־ביסן און אמתע האַוואַנאַ־ציגאַרן —

און א טונקעלן גאַנג, אַ גאַנג אַ שוואַרצן דורך דער קיך, פאַר קרובים, גלאַט פאַר אָרעמע לייט, פאַר וועלכע מען האָט אַמאָל א האַרטן דרייער, גאַנץ אָפּט אן אָנווייזונג אין הימל אריין: דער, וואָס שפּייזט ווערעם, וועט דיך אויך שפּייזן, מעגסט עסן ערד; אָדער אמאָל א גוט וואָרט: גיי גלאַט צו אַל־די־שוואַרצע־יאָר!

פאַרוואָס זאָל דאָס בית־הקברות קיין צוויי גענג נישט האָבן?

אָרעמע לייט איילן זיך אזוי אין זייער רו אריין, פאַרוואָס זאָל מען זיי פאַר־האַלטן, איבער שבת לאָזן?

מאַכט צוויי געַנג!

איינעם אַן אויסגעפּלאַסטערטן, אַ ברייטן פאַר רבנים, ראשי־קהל, בעלי־צדקה און גלאַטע גבירים און פאַר האַלב וואַרשע (אַלס באַגלייטער, מיין איך!), מיט אַ גרויסן, גרויסן טויער און דערנאָך מיט גאָלדן־זאַמד אָן אויסגעשאָטן וועג גלייך צו די אויבן־אָן־שטעט און פאַמיליען־גרעבער!

און אַ צווייטן וועג, אַ בלאָטיקן, אַ שמאָלן (אינגאַנצן פאַר איין אַלמנה צי אַן אַלמן, מיט עטלעכע יתומים, צוויי־דריי שכנים!), מיט אַ קליינעם טויער, מען קען יוצא זיין מיט אַ לאָך אין צוים — פאַר אָרעמע לייט!

און ווילט איר, די לוויות זאָלן זיך נישט אויסמישן אויפן קברות, האָט איר דאָך אויף יעדן ווונק אַ „קאָרדאָן“ פון „העלע קנעפּ“ — מאַכט אַ מחיצה! די זעלבע, וואָס היטן אייך שמחת תורה צו הקפות און יום־כפור, צו כל־נדרי אין דער „דייטשער שיל“, וועלן אייך היטן די קברים אויך!

---

און אצינד הערט אַ מעשה:

מה בין בני לבן חמי? — בשעת ווען דער יידישער גביר וואַווער־בערג, האָט פאַר יידישער ליטעראַטור, כימעט גאָרנישט געזאָרגט האָט, זכרונו לברכה, ר' זיינוואָלע קלעפּפּיש אַ סך פאַר איר געטון!

וכך הוה:

אמאָל איז געווען אַ רב אין אַ שטאָט, אויב איך בין מיך נישט טועה — אין פּלאָצק. איז דער רב אַ מחבר געווען און דערצו אַן אָרעמאַן און, פאַרשטייט זיך, אַ דאָפּלטער — אַלס רב און אַלס מחבר. און האָט זיינע חידושי־תורה, אויב נישט מוסר־זאַכן, נישט געקענט דרוקן...

מילא, כל־זמן אַ מענטש לעבט, לעבט ער מיט האָפענונג; פאַר דער פּטירה אָבער האָט זיך דער רב געהייסן אויפשרייבן אויף דער מצבה אַ צוזאָג, אַז ער וועט אַ מליץ־יושר זיין, דאָס הייסט, אַז ער וועט זיך מיען אין הימל פאַר די, וואָס וועלן זיך פאַר אים מיען דאָ אויף דער ערד און וועלן אָפּדרוקן זיינע חיבורים...

און דאָס האָט ר' זיינוואָלע געטון; ער האָט געלט געזאַמלט און געדרוקט!

ביי ר' זיינוואָלעס אַלמנה זענען אפילו פון דעם געלט געבליבן

רובל, און זי זוכט צו געפינען נאָך מאַנוסקריפּטן (כתבי־יד, מיין איך פון פלאָצקער רבס מאַנוסקריפּטן) און וויל זיי ברענגען לבית־הדפוס...

---

ר׳ זיינוועלע, זעט אויס, האָט שוין זיכער עולם־הבא!

דריי מאָל אין טאָג „אשרי" האָט ער געזאָגט; פאַר מאכלות־אסורות און שחיטת־חוץ פערציק יאָר דורכאנאנד — גאנץ ווארשע באַהיט; דוחק־הקץ, צוזאַמען מיט די ציוניסטן, איז ער נישט געווען, און דער פלאָצקער רב, זיין מליץ־יושר, איז אויך עפּעס ווערט; און דעריבער, אז איך מאך די אויגן צו, זע איך בחוש, ווי ר׳ זיינוועלעס ווייסע נשמה פליט אויף תפילנ־דיקע כנפי־יונה גלייך אין הימל אריין, אין גן־עדן אריין, צום כסא־הכבוד צו!

נאָר וואָס וועט זיין מיט וואָוועלבערגס נשמה?

זיין צדקה האָט אזוי פיל פעלערן געהאַט!

און גלאט, ווער ווייסט צי מען קען זיך קויפן עולם־הבא פאר געלט, און ווען אפילו פון צדקה־געלט?

---

# דער פּאַקט און די פּרעסע



געשען איז דער פאקט אין ווארשע, אויף דער קראקאָווער פאָר־שטאָט, אין א יידיש באנק־געשעפט.

די געשיכטע איז געווען אן איינפאכע, נאָר ווי פארשידנאר־טיק און פארשידנפארביק האָט זי זיך אָפּגעשלאָגן אין דער פּרעסע.

געשען איז די סצענע אין א שיינעם העלן פאר מיטאָג. אין באנק־געשעפט זיצט פליגעלמאן, קלערט הוריות און ווארט אויף א קונה. אין צווייטן צימער זיצט דער בוכהאלטער זומער־שפּרענקעלע און קלערט, מיט דער פעדער אונטערן אויער, ווי אזוי צו פארשרייבן עפּעס א שפּעקולאציע אויף א ווערט־פּאַפּיר. אין דרויסן ביים שוי־פענצטער, וווּ עס ליגן אויס־געלייגט אַלערליי גאָלדענע, זילבערנע מטבעות, באנק־צעטלעך, בילעטן, און ווערט־פּאַפּירן פון גאנץ אייראָפּע, האָט זיך אָפּגעשטעלט וואַשלאַפּסקי, ער באטראכט דאָס פארשידענע געלט און נעמט זיך רעכט און עפנט די טיר פון געשעפט. ער גריסט שטאָלץ ווי א „שלאכציץ", פליגעלמאן בויגט זיך דאָפּלט אונטערטעניק אלס ייד און אלס סוחר. וואַשלאַפּסקי פארלאנגט א ווערט־פּאַפּיר פון א געוויסן פּרייז, זומערשפּרענקעלע דערהערט אין צווייטן צימער די באשטעלונג און באוויזט זיך אויף דער שוועל, טאָמער וועט זיין פאר אים אַ שליחות אין א צווייט געשעפט אריין; אין דער איי־גענער קאסע, ווייסט ער, ליגט נישט פיל מער ווי אין שוי־פענצטער און גאנץ אָפט מוז מען אריינברענגען פון ערגעץ אנדערש. וואַשלאַפּסקי באַ־מערקט נישט דאָס זומערשפּרענקעלע. סוחרים גייען שטיל, בוכהאלטער — נאָך שטילער. דאָס פּאַפּיר פאר דעם פּרייז, וואָס וואַשלאַפּסקי האָט פאר־לאַנגט, איז גראד געווען, פליגעלמאן דערלאנגט עס און וואַשלאַפּסקי בעט, מען זאָל אים אויסשטעלן אַ רעכענונג. פליגעלמאַן בויגט זיך איבערן טיש און וויל שרייבן, נאָר אין דער זעלבער סעקונדע כאַפּט וואַשלאַפּסקי ארויס פון בוזעם־טאַש א פּיסטאָלעט. אינסטינקטיוו לאָזט זיך פליגעלמאַן אראָפּ אונטערן טיש, וואַשלאַפּסקי שיסט דערוויייל און טרעפט, אויפן אָרט פון דער ברוסט, צו וועלכער ער האָט געצילט, פיל העכער, נישט ווייט פון

געלענק פון דער האנט, אויפן אָרט, וווּ עס ליגט די שעלקע. די קויל האָט זיך ארײנגעטריבן, פארוויקלט אין דער שעלקע, נישט זייער טיף אין לייב. אין דער זעלבער סעקונדע לויפט אונטער זומערשפּרענקעלע, כאַפּט אָן פארטומלט וואשלאפּסקין ביי דער לינקער האנט און שטאמלט: וואָס טוט איר? (נאַטירלעך אויף פּויליש) און וואַשלאַפּסקי ענטפערט אים, שווייגנדיק, מיט אַ קויל אין שטערן אריין... וואשלאַפּסקי אַנטלויפט מיטן ווערטפּאַפּיר, זומערשפּרענקעלע רוקט זיך צו צום שויפענצטער מיטן בלוטיקן קאָפּ. און בלייבט שטעקן אין פענצטער — און פליגעלמאַן, וואָס האָט דאָס אַלץ אונטערן טיש נישט געזען, כאַפּט זיך פלוצים אויף, שפּרינגט אריבער איבערן טיש, און לויפט פון געשעפט ארויס, נאָכיאָגן וואשלאפּסקין, וואשלאפּסקי לויפט איבער דער גאס, פליגעלמאַן נאָך; וואשלאפּסקי שפּרינגט אריין אין א דראָשקע, פליגעלמאַן נאָך; וואשלאפּסקי שפּרינגט אַרויס, לויפט ווייטער, שטרויכלט איבער א שטיין און פאלט, פליגעלמאַן לויפט צו, ווי אויך פּאָליציי, וואָס האָט זיך דערוויילע געפונען, און ליגנדיק, אויף דער ערד, דערלאַנגט זיך וואשלאפּסקי די דריטע קויל אין מויל אריין...

עס איז אָנגעקומען די „געשווינדע רעטונג" און האָט אוועקגעפירט אַזוי וואשלאפּסקי ווי זומערשפּרענקעלע אין א שפּיטאָל אריין, דעם בילעט אויף א פּאָר טויזנט האָט פליגעלמאַן אָפּגענומען און האָט נאָר געהאט א היזק אין שויפענצטער, ווו פּארשידענע ווערט פּאַפּירן זענען איבערגעוואשן געוואָרן אין בלוט פון זומערשפּרענקעלען.

פליגעלמאַנען האָט מען לייכט און ביי אים אין דער היים אָפּערירט, דאָס שטיקל שעלקע מיטן קיילעכל האָט די פאַמיליע באַהאַלטן לזיכרון. שבת האָט פליגעלמאַן „הגומל־געבענטשט", און דאָס ווייב אינדערהיים אויפן ווייבערשן באַלקאָן האָט זיך צעוויינט אויף א קול, וואָס מען האָט שוין לאנג אין דער דייטשער שיל נישט געהאַט, דערנאָך האָט זי באַקומען מיגרען — —

די רעשט וועט איר געוויר ווערן פון דער פּרעסע.

מיר מוזן נאָך צוגעבן, אז אין שפּיטאָל, אז מען האָט אים אויסגעטון, איז פון וואשלאפּסקין אראָפּגעפאלן א פאריק מיט א פאלשער באָרד!

דער „שטראסען־לייפער" איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דעריבער געשריבן, נישט אומזיסט איז ער „גאסנלויפער"; ער כאַפּט, זאָגט מען, נייעס ווי פליגן.

„וואַשלאַפּסקי — האָט ער מודיע געווען, — איז קיין געבוירענער מערדער נישט, ער שטאַמט פון אַ אַלט־שטעטישער ערלעכער פאַמיליע און האָט באַקומען אַ אָרנט־

לעכע דערציאונג. נאכן ענדיקן פון 4 קלאסן, האט מען אים אריינגעגעבן אין א געשעפט, פון וואנען ער איז איבערגעגאנגען צו דער באנק־ביורא, ווי ער האט זיך לעצטנס פארדינט ביז 100 רובל א מאנאט. געהייראטעט האט ער די טאכטער פון זיין פארגעזעצטן, וועלכן ער איז געפעלן מיט זיין כאראקטער, ווי אויך מיט זיין ערלעכער ארבעט, געלעבט מיט זיין ווייב האט ער די גאנצע צייט פון דריי פערטל יאר זייער גליקלעך. זי איז איינע פון די שענסטע דאמען אין ווארשע, א בלאנדינקע, מיט העלשיינע האר און הימל־בלאע אויגן, א ביסל מאגערלעך, א דורכזיכטיקע הויט. פון די אויגן אבער פאלן אויף דער הויט א לייטזעליק קינדיש, גליקלעך־ליכטיקער שמייכל. עס זענען געווען אלע שאנסן, וואשלאבסקי זאל גליקלעך זיין, נאר די וועגן פון דער השגחה־פרטית זענען וואונדערלעך און טיף. אין וואשלאפסקיס נשמה איז א שרעקלעכע קרענק, וואס ער, ווי אלע אזוינע קראנקע, האט זיך באמיט צו באהאלטן פאר דער פאמיליע, ביפרט פאר די חברים, צו פארטומלען זיך און צו באטויבן האט ער אנגעהויבן טרינקען. צום הייס־געליבטן ווייב האט ער אנגעהויבן רעדן מיט אראפגעלאזטע אויגן און גאנץ אפט נאך מיט א ביטערקייט אין דער שטימע. אין ביורא פלעגט ער זיצן שטונדן־לאנג פארטראכט, בייסנדיק די פעדער אדער פוצנדיק זיך, מיכלומרשט, די נעגל, אפט פלעגט ער פארפאלן ווערן און באווייזן זיך אין א צייט ארום פארשטימט, צערשטערט מיט ברוינע בלא־ארומגערענדערטע אויגן. דעם לעצטן טאג איז ער אין ביורא נישט אריינגעקומען. עטלעכע קאלעגן האבן זיך מיט אים געטראפן אין גאס און האבן אים געגריסט, נאר ער האט זיי נישט געענטפערט... ווער עס איז אזוי לייכטזיניק געווען און אזא פארשטערטן מענטש געבארגט פון דער האנט ארויס אן אנגעלאדענעם פיסטאלעט, איז נאך נישט באקאנט...

## די „אייזערנע שער" האט אריבערגעדרוקט פון „גאסן־לייפער" דעם באריכט מיט די באמערקונגען און נאך צוגעגעבן:

לויט מען דערציילט, האט הער וו. (די „אייזערנע־שער" שרייבט דעם נאמען נישט ארויס) נישט גלייך געשאסן צו פליגעלמאן. ווען ער צילט צו אים, וואלט ער געטראפן. ווי ער איז בארימט צווישן זיינע קאלעגן אלס דער בעסטער שיסער. פאראיארן אין א סילוועסטער־אוונט האט ער נאך א שארף אוונטברויט מיט לחיים'ס אן א צאל, געשאסן צען מאל און ניין מאל געטראפן אין אס פיק. געשאסן האט ער פארווירט אויף אלע זייטן, דער פיסטאלעט האט 8 קוילן געהאט. איינע האט געלעכערט משה מאנטעפיארעס פארטרעט, וואס הענגט אויף אלע יידישע ווענט. און פונקט אין דעם אלטנס נאז אריין. 2 קוילן האבן געלעכערט צוויי שויבן אין פענצטער אין צווייטן צימער אריין, איינע האט באקומען פליגעלמאן, איינע זומערשפרענקעלע, איינע ער אליין, און די רעשט צוויי קוילן האט ערשט אויסגעשאסן דער פעלדשער אין שפיטאל. אז וו. איז צו זיך געקומען און האט באמערקט, וואס ער האט אין יאוש געטון, איז ער אנטלאפן און אין טעות מיטגעכאפט א באנק־בילעט, אין וועלכן ער האט איינגעהילט דעם פיסטאלעט: אז מען האט אים געכאפט, האט ער פריער אפגעגעבן דעם בילעט און דערנאך זיך געשאסן. זאך־פארשטענדיקע זאגן, אז דאס געשעענע אומגליק וואלט נישט אזוי גרויס געווען, ווען נישט, וואס ביידע יידעלעך, פליגעלמאן און זומערשפרענקעלע,

זענען אַזוינע פּחדנים! צו קראַנק לאַכן איז, אַז אַזוי ווי מען האָט אַרויסגענומען דעם פּיסטאָלעט, זענען ביידע ווי שטום געוואָרן און נישט געשריען „געוואַלט!" וואָס אַ ייִד טוט ביי דער קלענסטער קלייניקייט. נאָר פּליגעלמאַן איז אַרונטער אונטערן טיש און זיין היגטיש־געטרייער בוכהאַלטער איז געלאָפן ראַטעווען: דאָס געלט אין שוויי־פּענצטער, (דאָס ערשטע איז ביי אונדזערע יידעלעך — געלט!) און איז שוין דאָרט געבליבן!"

## אַלס צולאָג:

„פּליגעלמאַן אַלס רייכער מאַן האָט זיך קורירט אין דער היים ביי זיך, דער געוויסער דאָקטאָר... האָט אים באַלד אַרויסגענומען די קוילן, געווים איז פּליגעלמאַן פאַרזיכערט פאַר אַן אומגליקלעכן צופאַל און וועט נאָך פון עיסק עפּעס פאַרדינען. וו. נעבעך, און זומערשפּרענקעלע ליגן אין שפּיטאָל אין די דאָקטוירים זוכן אין זיי אַרום די קוילן און קענען זיי נישט געפינען".

**דער „טעלער־לעקער" דערציילט נאָך די מעשה און לויבט די באַ־מערקונגען פון „גאָסן־לייפער" מיט דער „אייזערנער שער" און האָט זיין אייגן שטיקל מוסר אויך.**

„מערדעריי — זאָגט ער — ליגט נישט אין דער סלאַווישער נאַטור. מיר זענען פון דער נאַטור צו ווייך, צו גוטמוטיק און אונדזערע ניִמות זענען צו לייטזעליק בלויז צו פאַרגיסן, ביפּרט וועגן געלט. דאָס שמעקט מיט סעמיטיזם, מיט אַזיען! און דע־ריבער, אויב וואַשלאַפסקי איז נישט קראַנק אויף די געהירן, ווי די צייטונגען שרייבן, און דער שפּיטאָל דאָקטאָר, ווי מיר האָבן געהערט, לייקענט אָפּ, און אויב ווי וואַש־לאַפּסקים קרובים פאַרזיכערן, עס שטעקט אין זיין בלוט קיין איינציקער פרעמדער טראָפּן, האָט די געשיכטע פאַר אונדז גאָר אַן אַנדער געשטאַלט. מיר זענען זיכער, אַז פּליגעלמאַן האָט וואַשלאַפּסקין באַליידיקט. אונדזערע געשעפטס־לייט באַהאַנדלען אַלע גראָב, קוקן פון אויבן־אַראָפּ אויפן קונה, ביזבּרט פּליגעלמאַן מיט זיין יידישער אַראָגאַנץ (חוצפּה). מיר האָפן, אַז קיינער וועט אונדז נישט פאַלש פאַרשטיין און נישט רעכענען אונדז פאַר אַנטיסעמיטן. נאָר פאַקט בלייבט פאַקט, אַראַגאַנט זענען זיי די יידן. זיי זענען מענטשן און האָבן מעלות און חסרונות ווי אַלע מענטשן, נאָר חוצפּה האָבן זיי מער פאַר אַלע פעלקער. די שפּאַניער מעגן זיך ביי זיי לערנען חוצפּה. אַפילו דער וואַר־שעווער איזראַעליט לייקנט עס נישט אָפּ. וואַשלאַפּסקי איז מן־הסתם אַ שלאַכציץ און קען קיין פּלעק אַנדערש ווי מיט בלוט נישט וואַשן. די אידיאָטישע פראַגע זומער־שפּרענקעלס: „וואָס טוסט דו, פּריץ?" האָט אים נאָך מער צערייצט, ביפּרט נאָך ווען זומערשפּרענקעל האָט אים אָנגעכאַפּט, ווי מען זאָגט, פאַרן לאַץ — און ער האָט נאָך אַמאָל געשאָסן! דעם צווייטן שאָס קען מען שוין אויף זיין חשבון נישט שטעלן! פאַר גרימצאָרן האָט ער שוין נישט געוווּסט וואָס צו טון!

דאָס אַלץ איז ביי אונדז זיכער, דאָס אַלץ וועט שפּעטער באַשטעטיקן דאָס גע־ריכט. די פראַגע איז נאָר צי האָט ריכטיק געטון פּליגעלמאַן, וואָס האָט אויסגעריסן פון וואַשלאַפּסקין, נאָכן שיסן זיך פון דער האַלב־פאַרשטאַרטער האַנט, דעם בילעט... ווער ווייסט, ווען וואַשלאַפּסקי איז באַליידיקט געוואָרן: פ אַ ר אָדער נאָכן באַצאָלן

פאַרן בילעט? און אפשר איז וואַשלאַפּסקי געקומען אין געשעפט אַריין פּאַרקויפן, נישט קויפן קיין בילעט?

פליגעלמאַן, הגם אַ ייד, קען זיין אַן ערלעכער מאַן; ערלעכקייט ווענדט זיך נישט אין דער רעליגיאָן, נאָר אינעם כאַראַקטער פון מענטש, נאָר ערשטנס ביי אַזאַ צופאַלן אפשר פילט ער זיך גערעכטיק צו צונעמען דעם בילעט פאַר די קאָסטן פון דער אָפּעראַציע, וואָס ער האָט זיך געמאַכט, פאַרן פאַפירענעם געלט, וואָס איז פאַרבלוטיקט געוואָרן אין פענצטער, און אפשר פאַר די עטלעכע חדשים, וואָס ער וועט צאָלן זומער־שפּרענקלען אומזיסט געהאַלט? אין דעם פאַל וואָלטן מיר דעם געערטן פליגעלמאַן אויפן וואָרט נישט געגלויבט, ביפרט היינטיקע צייטן, ווען דער יידישער האָט קעגן קריסטן האָט זיך אַזוי געשטאַרקט אַ דאַנק הערצלען ענן קאָמפּאַניע, וואָס פאַרשפּרייטן דעם ציוניזם...

כיי ווי סיי, די פּאָליציי האָט נישט געדאַרפט דערצו דערלאָזן".

## די „היימישע גרין" גיט איבער וואָרט ביי וואָרט דעם „טעלער־לעקערס" ספיקות וועגן בילעט און באַמערקט דערצו:

„סיי ווי סיי איז אַ וווּנדערלעכע זאַך, ווי די יידישע ממשלה וואַקסט אין אונדזער וואַרשע פון טאָג צו טאָג. דער ערלעכער „טעלער־לעקער" פילט אויף זיכער, אַז דעם בילעט האָט פליגעלמאַן געגזלט כמעט פון אַ טויטער האַנט, און האָט די העזה נישט אַרויסצוזאָגן עס בפירוש און קאַקעטירט מיט יידן און זייער רעליגיאָן אַפילו. נישט אין דער רעליגיאָן און נישט אין בלוט, זאָגט ער, שטעקט ערלעכקייט, נאָר אין כאַראַקטער. אָבער, הונט־טייוול־מענטש, פון וואַנען נעמט זיך כאַראַקטער, אַז נישט פון דער הייליקער רעליגיאָן און אויך נישט פון עלטערן בירושה? נאָר דער „טעלער־לעקער" האָט עטלעכע הונדערט יידישע אַבאָנענטן און זיי האָט ער מורא צו פאַרלירן; דער ייד איז טריפה, אָבער זיין גראָשן איז כשר. און אפשר שמעקט אַ סך אמת דערינען, ווייל עס איז דאָך באמת אונדזער גראָשן!... וואָרום וועמעס גראָשן האָט אַ ייד?

אָבער מיר אַלס פריי און ערלעך בלאַט, זאָגן אַרויס בפירוש: פליגעלמאַן האָט דעריבער איבערגעלאָזט זיין בוכהאַלטער באַגאַסן אין בלוט, ווייל ער האָט געפילט, אַז מען קען כאַפּן אַ בילעט! וואָס? פרעגט איר — פליגעלמאַן, דער הויפּט־ערלעכער מאַן פליגעלמאַן וועגן געלט? אוי נאַרן, קריסטלעכע נאַרן! צי ווייסט איר נישט, אַז דאָס גאָלדענע קאַלב פאַר אַ גאָט האָט געמאַכט אַהרון, אהרון הכהן, אהרון דער כהן גדול, און אַז פון דעמאָלט אָן האָט דאָס גאָלדענע קאַלב צו שאַפן איבער זייערע אַלע נשמות. אַז עס ברענט, ראַטעוועט אַ ייד נישט דאָס ווייב, נישט די קינדער, אַפילו נישט זיין הייליקע גמרא, נאָר דעם בייטל מיט געלט!

און אפשר וועט אונדזער „טעלער־לעקער" זיך באַרואיקן ווען פליגעלמאַן זאָל שווערן אין קיטל און טלית, אַז דער בילעט איז זיין; מוזן מיר אים דערמאָנען, אַז אין 17־טן און 18־טן יאָרהונדערט, האָט דער ביסקופ אין סאַנדאָמיערזש פאַרברענט 18 יידן מיט אַמאָל פאַר אַ פאַלשער שבועה!

ווייסט איר וועמען מיר וואָלטן געגלייבט (טאַקע דעם אָרעמען זומערשפּרענקעלע און אַז אַ שבועה! נאָר ווען? ווען ער לייקנט אָפּ דעם טעות און נעמט אַז אונדזער היי־

ליקע קאטוילישע רעליגיאן. און זייט די קויל האט אים גערירט די געהירן, ווייל ער עס: בענקט ער צום אמת, הלשט ער צום אמת! די בארמהערציקע שוועסטער אנטאנינא כאפט ער אלע מאל אן ביי דער האנט און קושט זי מיט ברענענדיקע ליפן און מיטן גאנצן הארץ. „ביי אונדז — זאגט ער — זענען אזוינע פיינע, הערלעכע און בארמהערציקע מלאכים נישט פאראן!" „ביי אייך — זאגט ער — איז בעסער, אלץ בעסערן" און ער וואלט שוין אפשר לאנג די זכייה געהאט אויסגעלייזט צו ווערן פון בלייערנעם יידישקייט, און די נשמה זיינע וואלט זיך אויפגעהויבן אויף הייליקע פליגל צו גאטס ליבשאפט און לייטזעליקייט, ווען נישט דער יידישער פאנאטיזם, וואס טרעט אים נישט אפ א רגע! אדער פליגעלמאן קומט, אדער א מוטער, אדער א שוועסטער, מען לאזט אים מיט דער הייליקער שוועסטער קיין רגע נישט אליין...

ווען וועט שוין אויפהערן די יידישע ממשלה אין שטאט און זייער ווירטשאפט אין אונדזערע שפיטעלער?

## גאר פון אן אנדערן שטאנדפונקט פרעדיקט די אלטע „פלעדערמויז":

— „ווייטער א רויב נאך א מערדעריי, נאך א קאטוילישע נשמה האט זיך פארפלעקט אין בלוט און אין הימל וויינען די מלאכים פאר זיין ליבן־נאמענס שטול: ווען וועט זיין א סוף?

און וועגן וואס איז עס געגאנגען? וועגן געלט!

וועגן געלט האט א קריסט וואס דארף ליב האבן און אלע מוחל זיין, געשאסן יענעם און זיך... און דער זעלבסטמערדער ליגט איז שפיטאל אין די הענט מיט די שארפע נעגל פון אשמדאי, און די קויל האט זיך אים פארשטעקט אין די געהירן, ווי א זינד אין א נשמה, און ער קען אפילו אויף קיין רגע צו זיך נישט קומען, א קרעכץ טון, אין געדאנק ווייניקסטנס תשובה טון... און דער יצר־הרע לאכט, און דער יצר־טוב שטייט אפגערוקט פון ווייטן און פארשטעלט זיך די אויגן... און דער טייוול פון גיהנום שטייט גרייט אויסצורייסן די זינדיקע נשמה פון זינדיקן גוף און צו שלעפן זי אין גיהנום אריין אויף אייביקן צער, אויף אייביקע יסורים, אויפן אייביקן פייער!

און מען וועט אים אפילו נישט קריסטלעך באגראבן, און מען וועט נישט באשפריצן מיט הייליק שפרענג וואסער זיין קבר, ווי א היה וועט מען אים אריינווארפן אין א זאק ביי דער צוים...

און ווער איז שולדיק

מיינט נישט, אז זיינע חברים, צו וועלכע ער האט זיין נדן אין קארטן פארשפילט, צו די „עופות טמאים", צוליב וועלכע ער האט זיין פרום און כשר ווייב פארלאזט, אדער טאטע־מאמע, וואס האבן אים ארבעטן און שפארן נישט געלערנט, און אפילו נישט ער אליין מיט זיין אויסברענגעריי. שולדיק איז דארווין! שולדיק זענען זיינע איבערזעצערן שולדיק זענען די אלע, וואס האבן געלערנט, אז א מענטש קומט ארויס פון אן אף, און האט נאר אזוי פיל נשמה, וויפל עס האט א חזיר, צי אן אנדער אומריין טיר. שולדיק זענען די, וואס האבן אויסגעלערט דעם הימל פון גן־עדן, פון מלאכים און אפילו פון גאט, און געהייסן אפילו דעם רעגן, ער זאל פאלן נישט פון הימל, נאר פון וואלקן! שולדיק זענען די וואס האבן אפגעריסן דעם געוויסן, די ערלעכקייט, דעם מוסר

אין גאנצן פון רעליגיאן, און געהייכן זיי זוכן ביי זיך אין הארץ, אין מענטשלעכן הארץ, ווו דער טייוול שטעקט. שולדיק זענען די, וואס האבן געזאגט, אז דער מענטש איז נישט באשאפן געווארן אויף הכנעה, אויף אונטערטעניקייט, אויף צער און יסורים, אבי גליקלעך צו זיין אויף יענער וועלט, נאר האבן אים געהייסן זוכן זיין גליק דא, דא אויף דער וועלט, אין רינשטאק פון אלע תאוות, פון קארט־שפילן און פרעכע ווייבער! שולדיק זענען די, וואס האבן געלערנט, אז אלע מענטשן זענען גלייך, אז אלע ליפן דארפן טרינקען פון בעכער מיט וויין, אז אלע הענט מעגן גראבלען אין שיסל מיט קרעפלעך — —

זיי זענען שולדיק און אויף זייער נשמה פאלט דאס בלוט, וואס ווערט פארגאסן, די זינדיקע שאנד, וואס פארשטעלן די הייליקע זון פון דער אמתער רעליגיאן...

דא אויף דער וועלט, אויב וואשלאפסקי וועט געזונט ווערן, וועט דער פראקוראר רעדן וועגן אים; אויף יענער וועלט וועט דער קטיגור רעדן פון דארווין, העקעל, באקל און אנדערע הינט, וואס האבן אויסגעביסן די קריסטלעכע נשמות"...

## און די „טויבע־גלאק" ציטירט די אלטע „פלעדערמייז" אין ציטונג־שטימען און באמערקט מיט גרעסערע אותיות פון איר זייט:

„גאלדענע און בריליאנטענע ווערטער! נאר וויי! פליגעלמאן! איז ארויס פון געפאר, זומערשפרענקעלע איז נישט געפאלן טויט אויפן ארט, זאגט אין אונדזער קריסטלעך הארץ, אז דער בארמהערציקער גאט, וועט זיין פאר וואשלאפסקין פול מיט חסד, און דער טויט וואשלאפסקיס (לאנג לעבן וועט ער שוין נישט) וועט מכפר זיין אויף זיינע זינד.

אייביק ליידן וועלן נאר די, וואס האבן די וועלט מיט זייער פאלשער פילוסופיא פארסמט, און אין מדבר אריין פארטריבן".

## פעך און שוועבל גיסט דערפאר דער „סעמיטן־פרעסער":

„מיר זענען — זאגט ער — נישט אפהענגיק פון קיינעם. אויף אונדזער געוויסן ליגט נישט קיין איינציקער יידישער פעניג, מיר ווילן און דארפן, גאט זיי דאנק, קיינעם נישט שמייכלען און קענען ארויסזאגן דעם גאנצן אמת. מיר ווייסן נישט און ווילן נישט וויסן, ווער וואשלאפסקי איז, ווי ווייט ער איז געווען פון הייליקן ריינעם גלויבן, ווי אזוי ער האט געלעבט אין דער פאמיליע און וויפל חובות ער האט געהאט אויף זיך. וואשלאפסקי איז שטערבלעך קראנק, און מיר ווינטשן אים „א גוטן שליטס־וועגס" און גלויבן נישט, אז גאט זאל פון זיינעט וועגן ניסים טון און אים געזונט מאכן, כדי דאס געריכט זאל האבן ארבעט און כדי דער סקאנדאל, אז א „סקי" האט געשאסן א ייד און אפשר נאך צוגעכאפט ביי אים א פאר רובל, זאל נאך אמאל דורכלויפן די וועלט! דאס פארלאנגט אוודאי דער ווארשעווער איזראעליט, וואס וויל דערוועקן רחמנות אויף זיין סטאדע... אויב דער בילעט איז וואשלאפסקיס, איז ער פארפאלן, א ייד וועט אויך זיין קריסטלעכע אלמנה מיטן קריסטלעכן יתום, וואס דארף געבוירן ווערן און באקומען בירושה א פיינעם נאמען, ווי א קינ־צייכן אויפן שטערן קיין רחמנות נישט האבן! אבער נישט אין דעם גייט עס. די זאך איז וויכטיקער, ווי

אַ פֿאַרלאָזענע אַלמנה מיט אַ יתום אָדער יתומה... און עס איז נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער קריסטלעכער גראַשן אין יידישע הענט! וויכטיקער איז דאָס, וואָס די יידישע באַנקירן פירן איבער כמעט אַלע אונדזערע מענער, אַלע אונדזערע טעכטער און ווייבערן דער יידישער באַנקיר פירט זיי אַראָפּ פון ערלעכן פרומען וועג, באַרויבט זיי פון אַלע מידות און מעלות טובות, וואָס זיי האָבן מיט דער מוטערס מילך אויסגעזייגט, פון עלטערן אין בלוט באַקומען, און דאָס טוט דער יידישער באַנקיר נישט מיט זיין ליכווע, נישט מיט זיין שווינדל, דאָס גייט באַזונדער! טון טוט ער עס מיט זיין שוי־פענצטער, ווו ער לייגט אויס דעם יצר־הרע אין געשטאַלט פון זילבער, גאָלד, באַנקצעטל און אַלערליי ווערט־פּאַפּירן. אַזאַ שוי־פענצטער אין אַן אָרעמער, פאַר־הונגערטער, אויסגעמאַטערטער קריסטלעכער שטאָט, איז ערגער, ווי אַ געצנדינער־מיזבח אין גאָטס הייליקן הויז! און ווו עפנט ער זיין שוי־פענצטער איז די אומרו־איקסטע גאַסן, ווו עסווימלט פון אַרבעטער, וואָס גייען אין פאַבריק אַריין און קומען צוריק: פון פרויען, וואָס שפּאַצירן, אָדער קומען צוריק פון געבעט: פון ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס איילן זיך אין שול אָדער צוריקצווועגס.. דאָס אַלץ פאַרהאַלט זיך בייִם יידישן באַנקירס שוי־פענצטער און בלייבט שטיין און ווערט בלאַס פאַר תאווה, און די אויגן פלאַמען אויף, און די ערגסטע געדאַנקען, וואָס זענען יאָרן־לאַנג געשלאָפן, וועקן זיך אויף צ.ם געוועלטיקן, צום הערשן, צום פאַרפירן... דער פרומער אַרבעטער גייט אין פאַבריק אַריין אַרבעטן, און דאָס שוי־פענצטער רוימט אים איין: מאַך שבת! און ער גייט און רעדט אָן זיינע חברים צו אַלעם בייזן! אַן אָרעם מיידל מיט אַ צעריסן שאַלעכל איבערן קאָפּ גייט אין אַפּטייק אַריין פאַר אַן אַלטער קראַנקער שכינה נאָך אַ רעצעפּט, און דאָס שוי־פענצטער שטעלט זי אָפּ, און רוימט איר איין: ניי צוריק, ווערג די קראַנקע און זעם אַרויס דיין ירושה פון אונטערן קישן. אַ ווייבל גייט דורך, אַך! וויפל בריליאַנטן וואָלט זי פאַר דעם געלט געקויפט! און אין די אויגן פלאַמט איר אויף די זינדן זי ווייסט שוין , ווער עס וועט איר אַזאַ געלט געבן, דער מאַן מיט די קינדער וואַרטן אויף מיטיק און זי כאַכט אַן אומוועג, פאַרשפּעטיקט זיך און קומט אַהיים מיט אַ פאַרברענטער נשמה צום פאַרברענטן מיטיק... און אונדזערע מיידלעך מיט מוזיק טעשלעך אונטערן אָרעם, דערהערן דאָ אַן אַנדער מוזיק, אַ גיהנום־מוזיק... און אונדזערע באַאַמטע לערנען זיך דאָ צו האַסן זייער אַרבעט פאַר ווייניק געלט און אויסצושטעלן די הענט אויף מער...

דאָס איז דאָס גיהנום, וואָס יודאַ האָט אונדז געעפנט אין אַ קריסטלעכער שטאָט און געגנויט נאָך אונדזערע קריסטלעכע באַנקירן זיי זאָלן אים נאָכטון! מאַנכע קריסטלעכע שוי־פענצטער גייען נאָך איבער די יידישע! מען קען דאָך נישט איבערלאָזן דעם גאַנצן געלט־האַנדל אין יידישע הענט, די זאָלן אונדז אויסלערנען און אַוועקשיקן אונדזער גאָלד און זילבער צו זייער נייעם משיח, צום דר. הערצל אין זיין קאָלאָניאַל־באַנק אַריין!"

## אַמשאַרפסטן אפשר איז אַרויסגעטרעטן די „צוואַנג־יאַקע":

— „ווען וועט מען שוין אַראָפּטרייבן די יידישע הענדלער פון קריסטלעכן מאַרק? זאָלן זיי צוריק אין געטאָ אַריין און דאָרט איינס דאָס אַנדערע ווערגן!

אוועק מיט די יידישע קהלישע שוי־פענצטערן ווארום מיינט נישט, אז דאס איז פלינגעלמאן צי קוגעלמאן! מארגן וועט איר זיי טרעפן בעטלען אונטער א מויער. קהלס קאמיסיאנערן זענען זיי, פון אליאנס־איזראעליט, פון יידישן פאנד, פון קאלאניאל־באנקן נישט אומזיכט איז אין די לעצטע צייטן אזא מאנגל אין געלטן דר. הערצל האט צוריקגעצויגן דעם קרעדיט און זאמלט 25 מיליאן דאלאר אפצוקויפן ארץ־ישראלביים סולטאן! און ארץ־ישראל איז נאר אן אויסרייד, מיינען מיינט מען דאס הייליקע קבר, וואס מען וויל שענדן, אדער באליגן מיט א יידישן שטייער, ווי פארצייטנס זיי האבן געמאכט מיט די קלויסטערס און מאלא ראסיען!

דער טאג איז נישט ווייט! דאס פילן מיר, דאס פילן אנדערע, דאס פילן אלע ערלעכע, נישט פארשטעלטע קריסטן! און נישט ווייט איז „דער טאג ווען דאס אלץ וועט אנטפלעקט ווערן, און דעמאלט — ווי צום קהלישן הויז (גזשיבאווסקא 26), ווי צו אלע ציוניסטן, צו די נאטאנזאנס, צו די גראכגליקס!

מיר רעדן, חס־ושלום, נישט אן צו געוואלט, נאר די פארביטערטע הערצער פלאצן און צו קיין גוטס קען נישט קומען".

## אין א פאר טאג ארום האט געשריבן דער „גאסן־לייפער":

„וואשלאפסקי לעבט נישט מערן
דער בארמהערציקער גאט האט אים אויסגעלייזט פון ווילדן שיגעון!
דער שיגעון איז שוין אצינד זיכער ווי דער טאג. דער בעסטער באווייז — די קירבע האט דערלויבט אויף א קאטוילישער קבורה!...
מיר האבן ריכטיק געטראפן!
זומערשפרענקעלס קויל איז נאך נישט געפונען געווארן!" —

# די באָבע יאַכנע



קלונג אָן מיר, ווי אויף א שריפה; א פּראַל־אויף, ווי פּאָר אַ מענטש מיט זעקס דיבוקים אין לייב.

וואָס איז? די באָבע יאַכנע פון „שטעט און שטעטלעך" איז געקומען!

— סקאַצל־קומט, באָבעניו! — זעץ דיך!

איך וויַיז איר אָן אויף א שטול, זי זוכט אָבער מיט די אויגן א קאַנאַפּע...

— איך האָב נישט, באָבעניו!

זי שמייכלט, זעצט זיך אין דער שטול, קנאַקט אונטער איר, מן־הסתם, פאַר נחת...

אַ ווײַלע זיצן מיר אַזוי שטילערהייט איינס קעגן צווייטן און קוקן זיך אָן.

די באָבע יאַכנע האָט זיך נישט געענדערט: אַ יידענע, קיין עין־הרע, א הויכע, נאָר אַן איבערגעבויגענע. אַביסל צוליב די פּיס פון דער שכינה, אַביסל גלאַט — ווי האַלט זיך עס א מענטש אַזוי הויך ווי ער איז? אחוץ דעם: דאגת־פּרנסה, צער גידול־בנים — אייניקלעך, אוראייניקלעך: אַ סך געבוירן, אַ סך פאַרלוירן, אַ סך צעזייט און צעשפּרייט און א סך הענגען נאָך אויפן האַלדז... קיין יונג מענטש איז זי אויך נישט!

וואָס זי זעט אין מיר, וויים איך נישט! נאָר איך קען מיר איר פּנים זאַט נישט אָנקוקן! עס איז פלאַך, איינגעשרומפּן, געל און מיט א ביינעריק־געשפּיצטע נאָז, די אויגן זענען נאָך גראָ, נאָר צופיל וואסעריק. גיי וויים, וויפל טרערן זיי האָבן פאַרגאָסן, וויפל נעכט נישט געשלאָפן... זיי קוקן ערנסט, אָבער נישט האַרט, אַפילו נישט שטרענג, און אין די איינגעפאַלענע אויסגעמוטשעטע אויגן, ווי יאָרן און צער להכעיס, וועקן זיך אָפט מאַנכע וווּנדערלעכע פונקען; צווישן די שרימפּן אויפן פּנים הייבט אָן ארומטאַנצן אַ שטילער גלאַנץ; פאַרשפּרייט זיך אַ פיין, דין שמייכעלע...

אַ סך ליבשאַפט, אַ קליין ביסל חוזק — נאָר דעמאָלט לאָזט זיך די באָבע יאַכנע אַראָפּ און ווישט אָפּ די פונקען מיטן שמייכל פון פּנים מיט אַ ביי־ניקער האַנט.

געקליידט איז די באָבע יאַכנע ווי אין די אַמאָליקע יאָרן: אַ שטערנ־טיכל מיט שטיינדלעך אויסגעזעצט, אַ ברוסט־טוך מיט אַן אויסגעהאַפטן גאָלדענעם אָדלער און אַלערליי בלימעלעך און רייזעלעך אַרום. אויפן האַלדז אַ שנירל דינע פּערל, אויסגעמישט מיט בורשטינדלעך און קרעלן; פון דער שנור הענגט אַראָפּ, איבערן ברוסט־טוך אַן א ו י ב ע ל, וואָס גיט, ביי יעדער שטאַרקערער באַוועגונג פון דער באָבע יאַכנע, דעם אויס־געהאַפטענעם אָדלער פון ברוסט־טוך אַ שנעל אין דער נאָז.

פון אונטערן שטערנטיכל קוקן אַרויס די נישט געלעכערטע אויערן־לעפּלעך; די אוירינגלעך, אייגנטלעך: די אוירינגער, ווי גרויס און שווער זענען זיי, הענגען פון יעדע זייטן שטערנטיכל אויף שנירלעך, וויגן זיך פריי און, וואָס די באָבע זאָגט, שאָקלען זיי צו: יאָ־יאָ, יאָ־יאָ!

— וואָס מאַכסטו, באָבעניו? — פרעג איך נאָכן באַטראַכטן און טאַקע מיט גרויס ליבשאַפט.

— אַזוי — ענטפערט זי מיט אַ שמייכל — דער גאָט פון היינט איז דער אייגענער גאָט וואָס פון נעכטן און פון מאָרגן — — מען לעבט!

— און געקומען ביסטו, באָבעניו, מיר מעשות דערציילן?

— ניין, כשר־קעצעלע! — אַ ל ט ע מעשות האָב איך שוין, ברוך־השם, פאַרגעסן! נייע ט ר אַ כ ט ס ט ו אַליין אויס!

— נישט איך, באָבעניו! נישט איך. ווי איך ק ו י ף, פּ אַ ר־ק ו י ף איך! אַזוי ווי לעדער, אַזוי די שיך! מען ש ר ײ ב ט מיר!

— און דיר אַליין, פוטער־פּעסעלע, פּ אַ ס ט נישט אַמאָל אַראָפּ־צוקומען? פאַרגעסן שוין מיינע מאָן־קיכלעך, האָניק־טייגלעך, קאַנדל־צוקער! . . .

נישט פאַרגעסן, באָבעניו! אַפילו דיינע המן־טאַשן קומען מיר גאַנץ אָפט צו חלום! אַפילו די שבועותדיקע ווייסע ציקאָריע! אין אַלע מיינע גילגולים, באָבעניו, ביפּרט זייט איך בין אַ בין, לעכץ איך, בענג איך צו דיר! איך וואָלט דיר נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט, אין פּוילן, ליטע, בעַ־סאַראַביע, גאַליציע, רומעניע — — איבער די הרי־חושך אַפילו, — איך קען נישט!

— אַז מען וויל, קען מען!

— ניין, באָבעניו! געדענקסט די חיות, וואָס אַלעקסאַנדער מוקדון

האָט געטראָפן אויפן וועג? די חיות זענען צוגעבונדן מיט א שטריק צו דער ערד... מען רירט זיך אויף איין אָרט. ו ו י י ט אוועק קען מען נישט; אז מען רייסט איבער דעם שטריק — פאַלט מען אויף טויט!

די באָבע יאָכנע דערפּ־ייט זיך:

—דו גלייבסט?! אין אלעקסאנדער מוקדונס חיות גלייבסטו? געזאָגט האָט מען מיר...

— עס זאָגט זיך נאָר אזוי, באָבעניו! געמיינט האָב איך א פערד אין דער רייטשול: אין ראָד אַליין איז מען אויך נישט פריי; די בייטש פייפט און דערמאַנט. נאָר אַרויס קען מען בשום־אופן נישט... א שטאַרקע האַנט האַלט דעם שטריק! פּ־נסה, באָבעניו!

— נעבעך... דו אויך פּרנסה. ווו, אומעטום איין וועלט אפּנים! פאַר־וואָס שרייבן דיר מיינע אייניקלעך קיין אמת נישט?

— איך וויים? און איך האָב, באָבעניו, גרוים צער דערפון... אפילו אין דער היים נאַרט מען מיך! אָט האָב איך געשריבן וועגן „לינת־הצדק" אין וואַרשע: א וויכוח מיט א מגיד; מען נעמט נישט אויף קיין קראַנקע ציוניסטן! געדענקסט?! וואָס ווייזט זיך אָבער אַרויס? די לינת־הצדק האָט קיין מגיד נישט, עס איז קיין וויכוח נישט געווען, קראַנקע ציוניסטן באַקומען לינות ווי אַלע קראַנקע... עס הייבט זיך נישט אָן, עס לאָזט זיך נישט אויס! אַפילו דער שעדלעצער רב זאָגט מען, באָבעניו, איז אויך נישט אזוי שוואַרץ, ווי איך האָב אים געמאָלט! צי אנדערע רבנים!

— נאַרישקייט, — שמייכלט די באָבע — אויב דו מיינסט עס ערנסט!

— אויף נאמנות, באָבעניו!

זי פאַרטראַכט זיך, און קוקנדיק אויפן שטערנטיכל, פאַלט מיר איין צו פרעגן:

— זאָג נאָר, באָבעניו, א מ ת ע פּערל?

— ווער? די רבנים?

— פון שטערנטיכל, מיין איך...

זי זיפצט אָפּ:

— ניין, בינעלע... די אמתע האָב איך לאַנג פאַרקויפט — זיי האָט אמאָל מיין א ל ט ע ר פאַרקרענקט...

— וואָס מאַכט ער, דער אַלטער?

— עובר־ובטל נעבעך!

— און ד י י ן געזונט, באָבעניו... ביסט אפשר געקומען צו א דאָקטאָר?

— איך בין געקומען דיך עטלעכע שאלות צו פרעגן!
— פרעג, באַבעניו!

---

זי בייגט אביסל אַרונטער דעם קאָפּ, קוקט מיך ערנסטער אָן און זאָגט:

— האָסט דערמאָנט דעם שעדלעצער רבי!... זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס האָסטו דיך עפּעס גענומען ד ו ו ק א צו רבנים, צוגעקלעפּט זיך ווי א שוסטער־סמאָלע! איך לייען דיינע זאַכן! וואָס זאָל איך טון? דאָס טייטש־חומש מיט אַלע תחינות קען איך שוין אויסנווייניק! — זען זע איך, אַז עס איז אין דיר אַריין אַ גילגול. און אפשר אַ דיבוק. פון גאָר נישט קיין שלעכטן מגיד! שטראָף־רייד זאָגן קאָנסטו! — נאָר צי אַנדערע מענטשן זינדיקן נישט? צי זענען די רבנים ערגער פאַר אַלע?

— ניין, באַבעניו, ערגער נישט! פון זיי אָבער איז דער ש אָ ד ן גרעסער, דער ח י ל ו ל ־ ה ש ם גרעסער!

— האָסט דיר איינגערעדט!

— ניין, באַבעניו! עס איז אמת און עס זענען דאָ אַ סך טעמים דערביי!

הער, באַבעניו! אַז עמעצער איז נישט געוואָרנט מיט פייער, צאָלט ער, למשל, קנס; ווי איז אָבער, אַז דער נאַכט־וועכטער אַליין ציט ארויס פייער פון ליולקע אינמיטן גאַס ביי שטרויענע דעכער...

— נו, אוודאי!

— אָדער אַזוי אַ שאָף בלאָנדזשעט! ס'איז טאַקע אַ שאָד אַ שאָף! פאָרט אָבער נאָר איין שאָף! אָדער זי וועט צוריקומען, אָדער כאַפּט זי דער וואָלף! אָבער, אַז דער פּאַסטעך גייט אַראָפּ פון וועג?

— אוודאי — איז די באָבע מודה, פאַרפירט ער אַלע.

— און דער חילול־השם, באַבעניו, איז אויך גרעסער! אַז אַ פּראָסטער ייד זינדיקט, ער טוט תשובה צי ניין, זינדיקט ער אַליין, אָבער אַז אַ רב טוט עס, דער שומר, וואָס די תורה האָט געשטעלט ביי דער טיר, זאָגט מען: די תורה הייסט אַזוי. על־כל־פּנים, אַז זי איז מסכים! וואָס טוט ער נישט אַליין! אַ ספר שרייבט ער און פאַרענטפערט זיך! כל־זמן ער לעבט און זיין דור לעבט, שמייכלט דער עולם... נאָך יאָרן, דער דור איז טויט. דער רב איז אַ קדוש געוואָרן. זיין ספר קריכט אַריין אין בית־המדרש־שאַנק און שטעלט זיך צווישן די הייליקע ספרים!

— דאָס איז אמת?

— אוודאי! אז אַ פּראָסטער ייד זינדיקט, קריגט ער, לויט דער זינד, אויף דער נשמה אַ זומער־שפּרענקעלע, אַ קראַץ! און — ווען אפילו אַ הויקער? אין אַ משפּחה טרעפט זיך אַפילו אַ הויקער אויך!

— נעבעך! — זיפצט די באָבע יאַכנע און לאָזט די אויגן אראָפּ און פאַרטראַכט זיך.

פלוצים הייבט זי די אויגן אויף און ווערט אַ מליץ־יושר.

—הערסט, בינעלע, ביי זיי איז אויך נישט גוט! ביי אונדז אין מיסחר, וואָס ווייניקער סחורה, מער קרעמער! ביי זיי וואָס ווייניקער תורה, מער רבנים! נישט אַלע קענען האַנדלען מיט סאָדע־וואסער! קומט טאַקע ארויס דריי רבנים אויף אַ שטאָט...

— קויפט מען זי אויף ליציטאַציע. פאַרברענט מען זי מיט מחלוקת...

— דלות מאַכט פּסולת, בינעניו! דער הונגער איז גאָר קיין יצר־טוב נישט!

זי פאַרטראַכט זיך טיפער; די גראָע אויגן פאַרציען זיך מיט אַ נעפּל... איך וויל זי פאַרעדן און גיב זי אַ פרעג:

— וואָס זענען, באָבעניו, די בריליאַנטן אין דיינע אוירינגלעך אזוי טויט... זיי עטעמען גאָר מיט קיין ליכט און פאַרבן נישט!

— קיין אמתע שטיינער, קעצעלע! פאַר די אמתע האָט מען זין אויסגעלייזט...

---

די באָבע יאַכנע ציט ארויס פון איר אונטער־טאַש אַ גרויס פולאַרן טיכל און ווישט זיך אָפּ דעם שטערן...

— פון גוטע יידן, מאַכט זי, וויל איך שוין גאָרנישט רעדן, דו גלייבסט דאָך אָן גאָר נישט!

— באָבעניו, דאָס האָט דיר אַ שונא געזאָגט! איך גלייב!

— אין וואָס, קעצעלע? אין דעם, וואָס דיינע אויגן זעען? קען איך אַ גרעסערן פילאָזאָף — דיר נישט צו גלייכן אַ רופא־יונג! אפילו אַז ער זעט שוין אַ קערבל, גלייבט ער זיינע אויגן נישט; ערשט אַז ער באַקומט דאָס קערבל אין האַנט אריין! גלייבט ער, אַלע זייט איר אזוי!

— נישט אַלע... אַנדערע, באָבעניו, גלייבן!

— אין וואָס, האַרץ־דעקל מיינס!... רעד דיבורים!

— אין וואָס? עס וועט מיר שווער זיין דיר אויסצוטייטשן, באָבעניו!

נאָר פריוון וועל איך! הער, איך גלייב אין י ע נ ע ר ז י י ט פ ו ן ד ע ר ז א ך!

— וואָס איז ד אָ ס עפּעס פאַר אַ מְשׁניות? עפּעס אין אונטער־שלאַג גלייבסטו?

איך קריג מורא, אַז איך בין אַריינגעפאַלן!

— אדרבה, — זאָגט זי אומגעדולדיק — טייטש מיר אויס... אַן אַלטע יידענע איז דאָך אויך אַ מענטש!

— איך וועל פּריוון, באָבעניו, נאָר מיט אַ משל!

— אדרבה, טאַקע מיט אַ משל! משלים געראָטן דיר אַמאָל!

און עס מאַכט זיך אַזאַ שמועס:

— צי ווייסטו, באָבעניו — פרעג איך — ווי אַ הונט איז זיך נוהג מיט אַ שפּיגל?

— פרעג מיך עפּעס גרינגערס!

— וועל איך דיר זאָגן, באָבעניו! — אַז אַ הונט דערזעט זיך דאָס ערשטע מאָל אין שפּיגל, ווערט ער אָנגעצונדן. ער גיט אַ שרעקלעכן ביל, אַ שפּרונג־צו! לאָז'ן, מאַכט ער דיר אַ חורבה פון שפּיגל. האָסט אַ שפּיגל, באָבעניו?

— אַ שפּיגל ווי אַ שפּיגל, קיין הינט האַלט איך נישט!

— זכר־לטיט! מען האָט פון הינט אַ סך געליטן! נאָר פאַרוואָס כעסט זיך דער הונט? ער מיינט, עס איז אַן אַנדערער!

אַ הונט זאָגט אויך: איין הונט דאַרף זיין אין אַ שטוב, אַנישט ווערט די פּאַרציע קלענער!

איז דאָך אָבער אַ הונט בטבע אַ חכם, שפּרינגט ער אַזוי און קראַצט אַזוי לאַנג מיט די ציין, ביז ער ווערט געוואַר, אַז ד ע ר הונט און י ע נ ע ר הונט זענען איין הונט! ער באַרואיקט זיך, נאָר פון דעמאָלט אָן פאַרגעסט ער אָן שפּיגל!

— זייער רעכט — זאָגט די באָבע יאַכנע — הלוואי וואָלטן מיינע שניר אָן שפּיגל פאַרגעסן...

— דאָס איז, באָבעניו, שוין נאָר עפּעס אַנדערש! דו האָסט אָבער, באָבעניו, באַמערקט ווי דיינע קליינע אייניקלעך זענען זיך נוהג מיטן שפּיגל?

די באָבע יאַכנע רייטלט זיך פאַר נחת.

— איין אייניקל — זאָגט זי— וואָלט ער פאַר אַ שפּיגל קרעפּלעך אוועקגעשטעלט! ער מעג האַלטן אינמיטן געוויין, אַז מען נעמט אים נאָר

צום שפיגל — אַ זון אין אַ רעגן! די אייגעלעך נאָך פול טרערן און גלאַנצן שוין פול פרייד: און זאָלסט זען ווי ער פּאַטשט מיט די הענטלעך, שמייכלט, לאַכט! ווי ער רייסט זיך צום שפּיגל, שטעלט אוים שפּיציק דאָס קליינע פּיסקעלע און וויל קישן דאָס „ד ז ש א ד ז ש ע ל ע" אין שפּיגל! מיך באַפאַלט אַ טרויער...

—האָב אים ליב, באָבעניו! — זאָג איך. — ער וועט זיין אַ גוטער, דיין אייניקל! ער שמייכלט, ער האָט ליב, ער רייסט זיך צו זיינס גלייכן! צי גליקלעך? ווייס איך נישט, נאָר אַ גוטער וועט ער זיין. — און אַנדערע?

— אַן אַנדער אייניקל ווייטער האָב איך, האָט ער גאָר אַן אַנדער טבע! ער שמייכלט נישט, פּאַטשט נישט מיט די הענטלעך, נאָר ער וויל שוין וויסן, וואָס אויף יענער זייט שפּיגל טוט זיך! ער כאַפּט זיך מיט די הענטעלעך צו דער רעם, וויל זי רירן, אויפהייבן... רייסט זיך אָן אַ זייט, וויל אַרונטערקוקן! אַז מען לאָזט אים נישט, ווי ער וויל, וויינט ער — אַ שיף מיט זויערמילך איז אים אונטערגעגאַנגען. און עס ווערט אים גאָר נישט נימאָס!

— פון דעם וועט אַרוים אַ מענטש, באָבעניו! אַ מענטש, וואָס וויל זען י ע נ ע זייט, די עיקר־זייט פון דער זאַך!

— דאָס שפּינוועבס פון מיין שפּיגל? — צעלאַכט זיך די באָבע יאַכנע.

—לאָך נישט, באָבעניו! אין משל מעג זיין שפּינוועבס, אָבער אַ מענטש וויל דיין אייניקל זיין! זיך אַליין דערקענט ער נאָך נישט, און וויל שוין נישט וויסן, פון וואַנען י ע נ ע ר קומט אַרוים... אפשר בייסט ער נאָך זיין אייגן פּיסל?

— דאָס נישט... אין צינגל אַריין — טרעפט זיך! שמייכלט זי.

— ער בייסט נאָך אין אייגן צינגל, און עס לאָזט אים קיין רו נישט; פון וואַנען נעמט זיך יענער?

— אַ „טשעקאַוואַשטש"!

— אַ „טשעקאַוואַשטש" נאָר פון אַ מ ע נ ט ש! אַ הונט טוט עס נישט, אפשר נישט דער קליגסטער! דער ג ע ל ע ר נ ט ס ט ע ר הונט, אפילו נישט אַ הונט אַ קונצן־מאַכער! יענע זייט אַט חלומט זיך זיי אפילו נישט!... און מיר אַלע, „באָבעניו", זענען געגליכן צו קינדער; די וועלט, באָבעניו, איז אַ שפּיגל — —

— לאָמיך גיין, לעבן מיינס, מאַכט די באָבע אוועק מיט דער האַנט; דאָס איז נ י ש ט פאַר מיר... צו אַלט דערצו!

די באָבע יאַכנע פאַרטראַכט זיך. איך וויל זי פאַרווײַלן און פרעג:

— און דער אָדלער דײַנער, באָבעניו, איז טאַקע זהב־טהור?

— געוועזן — כאַפּט זי זיך אויף — אין די גוטע צײַטן, ווען מײַן אַלטנס עטרות זענען געוועזן אי כסף־טהור, אי זהב־טהור... הײַנט — —

— ווו איז אַלץ אהינגעקומען?

— אַ זון אויסגעלייזט! אַפּילו דאָס זילבער פאַרקויפט! און גאָלד און זילבער אויסגעטרענט און מיט שיך (מישורא) פאַרהעפּט...

אינמיטן ווערט זי אומגעדולדיק:

— וואָס טויגן אָבער די נאַרישקייטן... משל אַהין, משל אַהער — ווי קומט עס צו גוטע ייִדן?

— נאָר דאָס, באָבעניו, קומט אויך פון משל אַרויס! האָסט עפּעס אַ שוואַך אייניקל, באָבעניו?

— וואָלט איך אַזוי נישט געהאַט... פּיסלעך נעבעך, אויסגע־קרומט...

— ווי וואָלט־זשע געווען, באָבעניו, ווען אַזאַ אייניקל זעצט זיך אַמאָל אויף אינדערפרי אין בעט און דערציילט די אַנדערע קינדער אַזאַ מעשה:

באשר־בכן — דערציילט ער — בײַנאַכט האָט אים עפּעס, זאָל זײַן, ער מאָלט אויס אַ מלאך מיט פליגל! האָט אים עפּעס געוועקט (און דו האָסט אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעטון, און ווייסט, מען האָט קיין שאָרך נישט געהערט) און ער האָט אים אויפגעוועקט (דו ווייסט, ער איז אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפן!) ער איז (מיט די קרומע פּיסלעך!) אַראָפּ־געשפּרונגען פון בעט, צוגעלאָפן צום שפּיגל (דו ווייסט, אַז ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט!) דערלאַנגט (און דו ווייסט, ווי קליין ער איז — און ווי הויך דער שפּיגל איז) און האָט אים איבערגעדרייט (און דו ווייסט, אַז ער האָט דערצו קיין כוח נישט, און וועט אפשר קיינמאָל נישט האָבן)... אַז אויף יענער זײַט איז אָנגעשריבן מיט מלאכים־כתב (און דו ווייסט, אַז ער קען נישט קיין פּראָסטע עיברי נישט!) מיט שוואַרץ פּײַער אויף ווײַס פּײַער.

— רבונו־של־עולם! — שרײַט אויס די באָבע יאַכנע האַלב גע־לאַכט האַלב דערשראָקן — די האָר שטעלן זיך מיר קאַפּויער, — וואָס קען דאָס זײַן?

— עס איז נאָך נישט געענדיקט, באָבעניו! ער דערציילט, וואָס דאָרטן שטייט אויף מלאכים־כתב!

„דאָרטן שטייט — זאָגט ער — אַז ער איז דאָס בעסטע קינד פון אַלע קינדער... אַז אַלע קינדער זענען מחויב פאַר אים צו באַהאַלטן און אים אַוועקצוגעבן — אַלע האָניק־טייגלעך, ס'גאַנצע קאַנדל־צוקער, אפילו די בייגל פון אָנבייסן!...״

— אַזוי! — זאָגט די באָבע — איז ער דאָך גלאַט אַ געבוירענער שווינדלער! אַזוינס וואָלט איך דאָך — זאָגט זי — געקיילט.

— אייל דיך נישט, באָבעניו! נישט אַזוי געשווינד מעג מען קיילן! עס קען זיין אַ קרענק!... אַ קראַנק קינד, האָט עס קראַנקע חלומות... מען דאַרף אַ דאָקטאָר רופן, אפשר מוז מען עס גאָר אין הקדש אַריינפירן... עס קען זיין אַזאַ קרענק, דאָקטוירים ווייסן דערפון!

— אַזוי?!

און דאָס, באָבעניו, זאָג איך טאַקע; גוטע יידן דאַרפן אַ דאָקטאָר. קראַנקע — אין שפּיטאָל, שווינדלער זאָל מען קיילן, און אַ סוף! „כלחוך־השור״ וועלן זיי פון דיינע שטעט און שטעטלעך מאַכן!״

---

און ווייטער פאַרטראַכט זיך די באָבע יאַכנע, און איך פרעג:

— און דער אויבעל דיינער, באָבעניו?!

— עט, אַן אַלטע פאַלשע מטבע! מיט דער אמתער, בצירוף כלי־בית און אביסל בגדים, האָט מען פאַר אייניקלעך צו 300 רובל קנס געצאָלט... נאָך מיט חסד, וואָס מען האָט געלאָזט אויסצאָלן...

איך האָב שוין מורא צו רעדן פון צירונג און פרעג:

— און דו האָסט, באָבעניו, אַזוינע ש א ל ו ת צוליב אַמישנע א ה ע ר צו קומען?

— צייט? איך האָב דען מער ווי צייט? וואָס האָב איך דען צו טון, קעצעלע?!

— און דיין שניטקראָם? האָסט דאָך, באָבעניו, אַמאָל אַ גרויסע שניט־קראָם געהאַט!

— געהאַט!... אַ קראָם איז ווי אַן אָם... זייגט אַזוי לאַנג ביז זי ווערט איינגעשרימפּן... קינדער אויסגעזייגט, אויסגעגעבן... קנס באַצאָלט — אַלץ פון איין קראָם. איז זי טאַקע איינגעשרימפּן געוואָרן! פון אַ גרויסער איז געוואָרן אַ קליינע, אַ קלענערע... דערנאָך אַ שטעלעכל, אַ טישל, אַ קיישל נאָר, ביז — עס איז געקומען צו גאָרנישט!

— און אַ „קניפּל" האָסטו דיר, באָבעניו, געלאָזט?

— הלוואי וואָלט איך שכל געהאַט!... די קינדער אפילו גייט עס אויך נישט גוט... די אייניקלעך דערפאַר וועלן אפשר זיין לייט... נייע מענטשן... נישט געשטעלט — און געמעקט, אָן קאָפּ־פאַרדרייעניש, נאָר מען אַרבעט! ווער ביי אַ בעל־מלאָכה, ווער אין פאַבריק... נישט אַלע, נאָר ס'רוב אַזוינע... אַ סך מעשה אבות ירשו בנים, אַ סך זענען אוועק...

— געבענטשט זאָלן זיין זייערע הענט, און דו, וואָס טוסט, באָבעניו?

אבּיסל קוק איך צום אַלטן... אבּיסל שטריק איך זאָקן... באַק מאָן־קיכלעך פאַר אוראייניקלעך... אויף יום־טוב — ווי אַמאָל האָניק־טייגלעך... מען לעבט — אַבי ווייטער! אַצינד בין איך דאָ...

— נאָר אַז איך בין שוין דאָ, וואָלט איך געוואָלט פרעגן, שוין נישט דיך, וועגן ר ע מ אַ ט ן... נאָר דו גלייבסט דאָך אָבער אין קיין דאָקטוירים נישט!

— איך גליב, באָבעניו — אַ סך ערלעכע לייט! איך וועל דיר אויכזוכן איינעם!

— ס'האָט צייט, מיר וועלן זיך נאָך זען.

דערווייל געזעגנט זי זיך.

איך באַגלייט זי, וויל שוין פאַרמאַכן די טיר, נאָר אויף דער שוועל מאַכט זי:

— ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן? מקנא בין איך דיך נ י ש ט... שטענדיק מיטן בעזעם!

— וואָס זאָל מען טון, באָבעניו? ווו דאָס מזל שטעלט אוועק אַ מענטש, דאָרט איז טשאַכאָוואַי!

— אפילו אַ „בין" — שמייכלט זי.

— הרבה שלוחים למקום — אפילו אַ בין!

---

# אלוהי עד שלא נוצרתי



ישט איך אליין בין פרום און דאוון, נאר אפילו מעשי־ידי — מיין „שטעט־און־שטעטלעך"־פעליעטאן!

עס איז אפילו א יידיש קינד, א גלות־קינד... אזוינס, אז עס געבירט א בייזע לשון־קודש־קאץ, בייכט זי אים באלד דאס ווייבע קעפל אפ און עס דערלעבט נישט צו זען די ליכטיקע שיין! און דאך, קוים שפרינגט עס מיר פון הארץ ארויס, נאך דער נאפל נישט אפגעשניטן, פארלייגט עס שוין די פרומע הענטלעך און עפנט דאס קליינע מיילעכל און זאגט אויף לשון־קודש:

— „אלוהי,

„עד שלא נוצרתי אינני כדאי!

„ועכשיו, שנוצרתי —

„כאלו לא נוצרתי?"

עס האט אביסל גראם אין זיך, נאר א סך אמת!

אויף וועמען ווירקט מען? ווער הערט און פארבעסערט זיך? דער געטראפענער זאגט: א בילבול; דער נישט־געמיינטער — א, א גלייכוווערטל!

א פיין־געבילדעטער, פיין־דערצויגענער ציט צוזאמען די פוילע ליפן: פוי!

א פיין־געבילדעטער, פיין־דערצויגענער מענטש דארף קיין מגיד נישט! ער האט זיין אייגן געוויסן, א פיין וויס דערצויגן שוים־קעצל מיט שטענדיק אפגעשניטענע נעגעלעך, וואס בייסט נישט, קראצט נישט, נאר גלעט איבער דער נשמה!

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

א מענטש באשטייט פון א גוף מיט א נשמה. דאכט זיך, אז די נשמה איז דער עיקר, דאך קומט ארויס פארקערט. אז דעם גוף איז עפעס, דערפילט באלד די נשמה און מען לויפט צו וועמען מען דארף, א צאן ארויסרייסן, אפשניידן אן איבערוווקס, אויסברענען א ווילד־פלייש, א פא־ליפ... פ־עגן אין וועלכן באד אריין מען דארף פארן. און אין גאס וועט

איר נישט קיינמאָל זען, וויניקסטנס זייער זעלטן, עס זאָל אַרומגיין אַ מענטש מיט אַ פוילן גוף!

אָבער פאַרפוילטע, איבערגעוואַקסענע נשמות? אויף יעדן שריט און טריט. נאָר אַז די נשמה ווערט קראַנק, האָט נישט ווער צו פילן.

אַז דו זאָגסט עמעצן אין גאַס: וואָס זעסטו עס אַזוי שלעכט אויס? נעמט ער עס אָן פאַר אַ גוטע מטבע, אַ קאָמפּלימענט פאַר חברקייט. פּרוווּ אָבער און זאָג עמעצן: וואָס איז דיין נשמה אַזוי בלאַס, אַזוי אַש־גראָ אָדער פויל־גרין ווי אַ סוף־זומער־בלאַט?" שעלט ער דיך אין טאַטנס טאַטן אַריין!

. . . . . . . . . . . . .

און מיט אַן אַנגעשוואָלן קול פון רחמנות זאָג איך אַ פיין־געביל־דעטן מענטש: „הער, דו ביסט אַ צייט געשלאָפן... מיט אַ פרעמד לידל האָט מען דיך איינגעשלעפערט, און דו האָסט עס אין שלאָף ווייטער גע־זונגען, דאָס נאַרישע פרעמדע לידל... און בשעת דו ביסט געשלאָפן און דאָס נאַרישע פרעמדע לידל געזונגען, איז דיר אַ היישעריק מיט אַ קופּערן פּיסקל אין דער נאָז אַריין, פון דער נאָז אין קאָפּ אַריין, און האָט דיר פון מוח אַ שטיק געהירן אויפגעגעסן און דו ביסט ווייטער געשלאָפן און דאָס נאַרישע פרעמדע לידל געזונגען, ביז עס האָט דיך אויפגעוועקט אַ געשריי, אַ ליאַרם: דיין הויז ברענט! און דו האָסט דיך אויפגעכאַפּט האַלב־מענטש, מיט האַלב געהירן, געעפנט אַ פּאָר נאַרישע אויגן, אַן אויסגעפוילט מויל (אין שלאָף האָסטו די ציינער פאַרלוירן) און זינגסט ווייטער דיין שלאָף־לידל, און ציטערסט פאַר שרעק און דרייסט דיך אַרום ווי אַ פאַרלוירענע שאָף אויפן אָרט, אַרום און אַרום, אַרום און אַרום" —

און מיט אַ קול אָנגעשוואָלן פון רחמנות זאָג איך ווייטער דעם גע־בילדעטן מענטש מיט דעם האַלב־אויסגעגעסענעם געהירן: „הער אויף צו זינגען, די זינג־צייט איז שוין לאַנג פאַריבער... נאַ! נעם אַ שמעק טאַביק, נים אָפּ שטאַרק, וועט דיר דער היישעריק, וואָס עסט דיר אויף די געהירן פון קאָפּ, פון נאָז אַרויס און ווער געזונט!"

בייזערט ער זיך!

אַ נאָגל, אַז ער פאַרייסט זיך, לאָזט ער זיך אָפּערירן, און אַז מען עסט אים דעם מוח, די נשמה אויס, פילט ער נישט און זינגט, און בייזערט זיך!

. . . . . . . . . . . . .

און טרעף איך אַ פּראָסטן גלות־ייד, און גיי צו און זאָג אים: אַרויס פון בודע! עפנט ער אויף אויף מיר אַ פּאָר אויגן! זאָג איך אים: הער, דו האָסט געשלאָפן... די האָסט אַזוי לאַנג געליטן ביז דו ביסט איינגע־שלאָפן... און אין שלאָף האָסטו געקרעכצט, נישט געזונגען... אייגענע לידער האָסטו לאַנג אין צרות פארגעסן און פרעמדע נישט אויסגעלערנט... נאָר בשעת דו האָסט געשלאָפן, איז די שיינע, נאָר שרעקלעכע לילית גע־קומען און האָט אויף דיר אַ כישוף געוואָרפן. זי האָט דיר אַן אייזערנע קייט אויפן האַלדז געלייגט און שלאָפנדיקערהייט צו אַ פינצטערער בודע געשלעפּט און געזאָגט: זיי אַ הונט! און פארכישופט, האָסטו געענטפערט: איך בין אַ הונט! און די צונג אַרויסגעשטעלט, און פליגן געכאַפּט אָדער אין קלאָרע נעכט, קעגן דער לבנה געבילט...

נאָר ווייל דו האָסט קיין פרעמדע לידער געזונגען, האָט אויף דיין נשמה דער כישוף קיין שליטה נישט געהאַט. זי האָט זיך נאָך איינגע־קנוילט, איינגעשרימפּן און ערגעץ טיף, טיף אין מוח צי אין האַרץ באַ־האַלטן, זי זאָל דיך מיט די הינטישע געדאַנקען נישט טרעפן, קיין פליגן נישט כאַפּן!...

ער עפנט נאָך גרעסערע אויגן און איך זאָג ווייטער:

הער, פון פליגן־כאַפּן לעבט מען נישט —

פרעמדע טעלער־לעקן איז קיין כבוד נישט —

אַ פינצטערע בודע איז קיין הויז נישט — און דו ביסט קיין הונט נישט! וועק דיך נאָר אויף, וועט זיך אויפוועקן דיין נשמה, זי וועט זיך פארשפרייטן אין דיין גאַנצן גוף און וועט פארטרייבן די הינטישע געדאַנ־קען — און אַ מענטש וועסטו ווערן — —

ענטפערט ער מיר:

— דו וועסט מיך אָפּטריניק נישט מאַכן, איך בין אַ הונט און בלייב געטריי!

און ער ווייזט מיר — די ציינער!

. . . . . . . . . . . . .

באַרג־אַראָפּ צו זיין אָרעמען ברודער אין טאָל לויפט גוטמאַן. איך האָב אים קוים אין נאַכט־שאָטן דערקענט; בייטאָג האָט ער מורא פאַרן ווייב, די ארורה איז אַ מיוחסת, אים ליידט זי קוים, קוים; זיינע אָרעמע קרובים לאָזט זי אפילו נישט דערמאַנען. און אָנגעלאָדן איז ער, גוטמאַן, מיט פּעקלעך און שקאָרמוצן. אַ פּעקעלע צוקער, אַביסעלע קאַווע, אַן אַלטע פּאָר פּלודערן, אַן אויסגעבויגענער צילינדער — פון די קעשענעס

שטאַרן נאָך אַרוים פֿלעשלעך — אביסל מעדיצין, עס קען צונויץ קומען, אביסל איינגעמאַכטס, עקסטראַ פאַר די קינדער — אביסל קאַנדל־צוקער...

אין דער בוזעם־קעשענע, בין איך זיכער, טראָגט ער נאָך עטלעכע בילעטן אויף קוילן, עס גייט צו ווינטער, אַ האַלב טוץ בילעטן אויף מיטאָגן און ברויט אין דער ביליקער קיך... אַ גאַנץ טוץ בילעטן פאַר דער גאַנצער מישפּחה אין בעדל אַריין!

נעבעך — פאַרוואָרלעסיקט געוואָרן...

און אַ זיכער רחמנות־שמייכל בלאָנדזשעט אים אַרום די וואָנסן; וואַרפט אַלע מאָל אַ בליק אין הימל אַריין, גלייך ער נעמט די שטערן פאַר עדות, אַז ער טוט, וואָס ער קען — — —

— גוטמאַן, — כאַפּ איך אים אָן ביי דער האַנט — פאַרוואָס קען דיין ברודער זיך אַליין נישט פאַרזאָרגן?

— מיין ברודער? פאַרוואָס? — שטאַמלט ער — פאַרוואָס?

— יאָ פאַרוואָס?

— ווייל ער האָט שוין יאָרן־לאַנג — ענטפערט גוטמאַן — קיין פענצטער נישט געעפנט און קיין פרישע לופט נישט איינגעטעמט... און ער ווינט אין טאָל, אין נאַסן פייכטן טאָל... אויפן באַרג אַרויף האָט ער מורא, דער קאָפּ דרייט זיך אים, זאָגט ער, — און אין שטוב איז פול שפּינוועבס — און עס פליען אַרום פלעדערמייז, וואָס רייסן זיך אין די האָר...

— כ'וויים —ענטפער איך אים — דיין אָרעמער ברודער איז קראַנק אויף דער נשמה. אויפן באַרג אַרויף וויל ער נישט, צו פרישער לופט בענקט ער נישט... דאָס שפּינוועבס, מיינט ער, איז פון דיקע שטריק, און ער מיט זיינע שוואַכע הענט וועט זיי נישט איבעררייסן... די פלעדערמייז, מיינט ער, זענען אָדלער, און ער ציטערט, זיי זאָלן אים נישט דעם מוח שפּאַלטן און די געהירן פרעסן...

— כ'וויים — זאָג איך ווייטער — דו ביסט דאָך אויך אין שפּינ־וועבס געבוירן, צווישן פלעדערמייז געוואַקסן — ווער האָט דיך פריי געמאַכט?

— ווער? איך האָב אביסל שכל געהאַט...

— הער, גוטמאַן, אפשר וועסטו געבן דיין ברודער נישט קיין צדקה, נאָר שכל?

עס וועט דיר געזינטער זיין! צדקה מוז אָנשיטן אַ געלעכערטן זאַק... שכל־געבן, דעם אמת אויסזאָגן, לערנען — איז אַלישעם קריגעלע בוימל,

מען גיסט און מען גיסט, און דאָס קריגעלע בוימל בלייבט קריגעלע בוימל!...
זאָג אים, ווי אזוי דו ביסט ארוים און פריי געוואָרן!...

— ער וויל מיך נישט הערן... ער איז מיך, זאָגט ער, מיט מיין ארורה נישט מקנא...

— און שוועבעלעך — פרעג איך אים — האָסטו?

— נאָך וואָס?

— נעם — זאָג איך — צינד אונטער די בודע... פאַרברען דיין אָרעמען ברודערס קרענק...

— פוי! אונטערצינדערס! — בייזערט זיך גוטמאן און לויפט אוועק.

זיין גוט הארץ דאַרף צדקה געבן, ער מוז האָבן אן אָרעמען ברודער! אנישט, ווו וועט ער נעמען עולם־הבא?

און דער אָרעמער ברודער ווייסט נישט, אז זיין נשמה איז קראַנק!

. . . . . . . . . . . . .

„איין שבת יידן זאָלן האלטן, וואָלט משיח געקומען!"

ווייטער א גמרא און ווייטער אן אמת!

איין שבת ווי עס דאַרף צו זיין, איין אמתע נשמה־יחירה!

א נשמה־יתירה, וואָס זאָל פילן, וואָס זאָל וויסן, ווי יענע, די טאָג־טעגלעכע ,די וואָכעדיקע איז קראַנק!

ווו נעמט מען זי?

. . . . . . . . . . . . .

אלוהי,
עד שלא נוצרתי אינני כדאי
ועכשיו שנוצרתי
כאלו לא נוצרתי — — — — —
וואָרום באמת וואָס איז —

---

# די קראַנקע נערוון

עס טוט זיך מעשים! עס זעצט און קנאַקט; עס קאָכט, עס שוימט, עס זידט און פלאַקערט! וואָס איז געשען אזוינס! ריבונו־של־עולם! ווער האָט אויפֿגעוועקט אונזער טויטן ים? ווער האָט ארויסגעלאָזט דעם ווילדן שטורעם? וואָס לויפֿן די לייט אַרום אזוי ווי משוגע?

עס איז, דאכט זיך, קיין וויכטיק נייעס נישט געשען! סאַמע דראָבנע פאקטן!

וואָרן וואָס? אויסער „אַחיאָסף" האָט זיך נאָך איינער דערלויבט צו שרייבן און צו דרוקן העברעיש! אמת, ער דרוקט זיי אונטער דער נאָז — בק"ק ווארשע; נו, דעריבער? דאַרף דעריבער די וועלט נישט שלאָפֿן?

אַ ניי געבאַקענער דר. דע פילאָזאָפיע האָט די „רויז" אין „לכבוד פסח" נישט פאַרשטאַנען... נו, על־כן? דאַרף דערמיט ווארשע קלינגען?

„פלוני", אַ געוויסער „פלוני", האָט אריינגעשלעפט דעם ירושלים־בער — יעבצן — צום „הויז־פריינט" אין באָד אַריין, און האָט אים, כמעט אָנעם בעדערס ויסן, אַריינגעוואָרפֿן עטלעכע בעזעמלעך — הכלל? איז אַ לאָך אין הימל?

דאַרף דעריבער רודערן, ברענען, שטורמען, קנאַקן?
אַך, ווי דענערווירט עס זענען אונדזערע לייט!

---

דריי־פערטל נייע געשיכטע שרייבן אונדז די קראַנקע נערוון!

קראַפט־עבינג — אַ באַרימטער ווינער פראָפעסאָר — איז אין דער מיינונג, אַז דער גאַנצער אַנטיסעמיטיזם, וועלכן מיר האָבן אזוי פיל „גוטס" צו פאַרדאַנקען, וואָס האָט אונדז געגעבן: אַרגענטינע, פאַלעסטינע, פאַטריאָטן, נאַציאָנאַליסטן און — „אַחיאָסף" — וואָס האָט אונדז אַזוי נימאס ומאוס געמאַכט גאַנץ אייראָפּע מיט איר ציוויליזאַציע, וואָס האָט אויפגעוועקט אין אונדז אזא הייסע ליבע צו אַראַבער און טערקן און

אפילו צו די אָרגענטינישע קצבים — אַז דער גאַנצער אַנטיסעמיטיזם איז נישט מער נאָר אַ נערוון־קראַנקייט, וואָס גרענעצט, פּראָווּדע, מיט שיגעון.

מיר יידן, כאָטש מיר זענען אַן „עם־סגולה", אַן אויסדערוויילט פאָלק פון אַלע אומות, מיר ליידן פונדעסטוועגן אויך אויף די אייגענע קרענק, וואָס הערשט איבער אייראָפּע. עס האָט אונדז נאָך קיין איין מגיפה פריי נישט דורכגעלאָזט און דאָס גראַסירנדע נערוון־פיבער אַוודאי נישט...

מיר זאָלן נישט זיין אַזוי נערוועז, וואָלטן מיר פאַר שרעק די קעפּ נישט פאַרלוירן און נישט געלאָזט שאַרלאַטאַנען זאָלן אונדז מיט איין האַנט פירן ביי דער נאָז און מיט דער צווייטער גראַבלען אין קעשענע... מיר זאָלן נישט זיין אַזוי נערוועז, וואָלטן מיר נישט געזוכט שוץ און הילף ביים קאָנסערוואַטיזם, ביי אונדזער אייביקן בלוט־פיינט, וואָס שטאַרקט זיך אויף אונדזער פּאָהיבעל... ווען מיר זאָלן נישט זיין נערוועז, וואָלטן מיר נישט געלאָזט, גנבים זאָלן אונדז ראַטעווען בשעת שריפה, און נישט געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון דאַכשטיבער דורכן פענצטער... ווען מיר זאָלן נישט זיין נערוועז, וואָלט דער מאָרגנדיקער טאָג אויף אונדז געוויזן: אָט דאָס זענען די, וואָס האָבן ביינאַכט די לאָמפּ נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט! נאָר מיר זענען אָבער נערוועזער אַלס אונדזערע פעטערן־קינדער, מיר אַליין העלפן צו דער פינצטערניש, זי זאָל אונדז איינשלינגען; מיר אַליין דרייען זיך אַ שטריק אַרום האַלדז, מיר אַליין זאָגן זיך אָפּ אפילו פון די רעכטן, וואָס קיינער וויל ביי אונדז נישט נעמען!

מיר זענען אַזוי נערוועז, אַז עס איז אַ חרפה און אַ שאַנד פאַר לייט, אַן אומגליק פאַר אונדז און אַן אויסגעצייכנט געשעפט פאַר די, וואָס זענען שטענדיק גרייט אונטערצוצינדן אַ הויז, אַבי זיך אָנצעוואַרעמען, פאַר די, — וואָס יעדעס פאָלקס־אומגליק איז פאַר זיי אַ טייכל, פיש צו כאַפּן; פאַר די, וואָס דרייען אוים זייער ווינט־מילכל קעגן יעדן ווינט אויף דער וועלט, מעג ער ברענגען די פעסט, נאָר גרויפּן זאָל ער מאָלן...

---

און ווי נערוועז די לייט אַליין זענען! ווי זיי ציטערן, עס זאָל זיי עמעץ נישט אַראָפּרייסן די מאַסקע פון פּנים! עס זאָל נישט עמעץ אָנצינדן אַ ליכט, מען זאָל זען ווו זייערע הענט שטעקן!

נאָר איך בין פאַרקראָכן אין אַ זייט, נישט פון זיי וויל איך רעדן... איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן פון „אחיאָסף", פון אַ דאָקטאָר דע פּילאָ־

זאָפּיע, וואָס פאַרשטייט נישט די „רויז", און פון פּראָצעס „פלוני קאָנטרא יעבץ".

וואָס פאַר אַ משוגענע נערוון עס שטעקן אין דעם אַלעם!

---

ווען נישט די משוגענע נערוון, וואָלטן זיך די בני אחיאָסף נישט אַזוי נעשראָקן פאַרן החץ, נישט אַזוי אַגיטירט קעגן די יום־טוב־בלעטלעך, נישט אַזוי אָפּגערעדט די מוכרי ספרים, זיי זאָלן נישט האַנדלען מיט דעם „סם" — (אויף מייז)?

וואָרן איך קען מיר גאָרנישט איינרעדן, מען זאָל קענען מיט איין החץ און 5—6 יום־טוב־בלעטלעך זיי אַזוי פיל שאָדן מאַכן! אונדזער באַלעבעסל האָט אַ דיקע־גלאַטע הויט; נישט אַזוי געשווינד טרעפט אים אַ „פייל", אויך האָט מען אים צופיל און צו לאַנג צוגעוווינט צו גאָנעל־מאָגעל און קאַנדל־צוקער עס זאָלן אים אַזוי לייכט שמעקן די ביטערע יום־טוב־בלעטלעך.

איך האָף נאָר, אַז מיט דער צייט וועט דער עולם קריגן אַ בעסערן געשמאַק, אַז מיט דער צייט וועט אונדזער „ישראליק" עפענען די אויגן און דערקענען, ווער זיינע שונאים און ווער זיינע פריינט זענען... צי ווילן זיין גוטס די, וואָס געבן אים וואָס ער ווי ל, אָדער די, וואָס געבן אים, וואָס ער ד אַ ר ף צו ווען; צי מיינען זיין טובה די, וואָס זאָגן אים דעם אמת, אָדער די וואָס פאַרשיכורן אים מיט זיסן שקר, מיט פאַלשע האָפע־נונגען און דער עיקר מיט פאַלשע חשבונות...

נאָר ביז דער צייט קענען נאָך די בני אחיאָסף רייך ווערן, און אַז עס וועט קומען די צייט — איבערדרייען דאָס ווינט־מילכל און מאָלן אפילו סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. —

ליידער זענען זיי נערוועז, קאָנקורירן נערוועז און האָבן אויף דער וועלט נערוועזע נאָכשטופּער.

אין אַ געוויסער שטאָט, למשל, האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַ הונ־דערט אחיאָסף־שטופּער, אַ הונדערט יונגע פאַרברענטע פאַלעסטינצעס, וואָס אויף יעדן פון זיי, ווייזט אויס, קען משיח קומען צו רייטן, און האָבן געלייגט אין חרם אריין „די אָפן" מיט „ר' שלומה" צוזאַמען...

איז דאָס נישט נערוועזיטעט, וואָס גרענעצט, אויב נישט מיט שגעון, על־כל־פּנים מיט אינקוויזיציע?

---

שלום־עליכם, איינער פון די בעסטע זשאַרגאָניסטן האָט אַמאָל נישט

געוווסט וואָס מען מיינט: „פּאָקשיווע״. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט, רופט אריין דעם ערשטן בעסטן פּאָלנישן ייד און פרעגט, וואָס דאָס וואָרט באַדייט. ער איז אָבער נערוועז, שטעלט ער זיך אַנידער ווי אַן אָקס מיט גרויסע הערנער אין זיין אמעריקאנישן רעקלאַמאַציאָנס „קול מבשר״, און בלעקט אַרויס: מאי פּאָקשיווע? כדי ער זאָל „פּאָסט־פּאַקטום״ געוווירן, אַז פּאָקשיווע איז דאָס אייגענע וואָס „קראַפּיווע״, דאָס הייסט אַ מין געוויקס, וואָס פּאַסט אַזוי אין אַ גאָרטן אריין ווי זיין „קול מבשר״ אין אַן אָרנטלעכע ליטעראַטור.

דאָס אייגענע האָט זיך אַצינד געטראָפן אַ דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע. ער האָט נישט פארשטאַנען די „רויז״. מאי כולי האי? צי טרעפט איינמאָל, אַז אַ דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע פארשטייט נישט וואָס ער לעזט, און זעצט אַפילו איבער וואָס ער פארשטייט נישט? עס איז מעשים בכל־יום! און דווקא נישט דעריבער, ווייל די זאכן זענען צו טיף, נאָר ווייל אַ דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע, איז טיילמאָל אַזוי פלאַך, אַזוי פּליטקע, אַז עפּעס טיפערס קען זיין מוח נישט כאַפּן...

איז אָבער דער דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע אַזוי נערוועז, אַז ער מוז אויפשרייבן „לאָקשן״, און עס טרעפן זיך נאָך אַזוינע נערוון־קראַנקע וואָס באַצאָלן דערפאַר!...

---

נאָר דאָס אַלץ איז קיין „מן־המעשר״ נישט פון די צעלאָזטע מעשו־גענע נערוון, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין פּראָצעס: „פּלוני קאָנטרא יעבץ״.

וועגן יעבצ׳ן און זיין „ליטעראַטור״ וועלן מיר רעדן אויף אַן אַנדער אָרט, מיר ווילן נאָר אַצינד אָנווייזן ווי דענערווירט זיינע באַשיצער זענען.

איך וועל אייך נאָר אין קורצן זאָגן אין וואָס עס גייט. פּלוני וואַרפט פאָר יעבצ׳ן: 1) אַז ער האָט געשריבן אַ פאַלשע היסטאָריע, פון וועלכער אַלע אומות העולם קומען אַרויס אייגנעריסט ווי די קוימענקערער און איין כנסת־ישראל — ווייס ווי אַ מעל־הענדלער. 2) אַז אין זיין י י ד י ש ע ר היסטאָריע האָט ער איבערגעפּירט אַלע באמת וויכטיקע פאַקטן און היס־טאָרישע מענטשן, אויף וועלכע ער האָט אָדער אַ שפּיי געטון אָדער אַ קורצן „חרם״ געוואָרפן... און האָט דאקעגן אויפגעבלאָזן די עטלעכע „פּאַליסטינצעס״, וואָס האָבן דערווייל נאָך גאָרנישט געטון, כאָטש זיי האָבן אַזויפיל געקאָסט און קאָסטן ווייטער.. און 3) און דאָס איז דער עיקר — אַז ער שרייבט געפערלעכע קינדער־ביכער, וואָס ווילן אונדז צוריק פירן צו די „גוטע, פרומע, נאָר, ליידער, פינצטערע צייטן!״.

די קריטיק איז אריין ווי א שטיין אין אונדזער ליטעראַרישן טייך און די גרויסע פיש האָבן זיך ווילד דערשראָקן! פריער האָבן זיי פאר שרעק געשוויגן, נאָר דערנאָך, אז מען האָט געזען, אז דער פּלוני שטייט דערווייל אליין, זענען די העכט ארויסגעשווומען מיט די אָפענע מיילער, נאָר איינצושלינגען!

צום אלעם ערשטן איז ארויס א „זי" — א דבורה גינצבורג. פאר־וואָס נישט א מחבר — א זכר? כדי מען זאָל נישט קענען זאָגן: „הדיוט קופץ בראש"; הדיוט איז לשון זכר. און דער רעדאַקטאָר פון המליץ, וואָס בייזערט זיך אויף א קליינע „עדה" אין אמעריקע, וואָס האָט אויפגענומען פאר זיך אליין, איינגאנצן פאר א פּאָר מנינים, אַ בעל־דרשן א יידענע, לאָזט די אישה צנועה דרשענען פון מליץ־בלעמער פאר כל־ישראל. נאָכמער — אלס עלעגאנטער הער טרעט ער איר אָפּ דעם אויבנאָן און מאכט פון דער ווייבערישער נערוון־לאָגיק א לייט־ארטיקל!

און דבורה גינצבורג איז שרעקלעך דענערווירט; זי האלט זיך איין מיט אלע קרעפטן קיין שלעכט וואָרט נישט צו רעדן און דאָך איז איר ארטיקל א וואלד מיט שארפע באַגנעטן. האָניק און מילך — דאכט זיך — רינט איר פון מויל, נאָר דער האָניק איז פול מיט גיפט און די מילך איז איראָניש זויער און געזעצט. זי וויל נישט פּלוני'ן באליידיקן, דאָך איז פון „אַ פּלוני דאָרט" (איזה פּלוני) בפרט, און פון א זשארגאָן־שרייבער בכלל א העזה צו קריטיקירן יעבצן! דאָס הייסט (אַפּנים) אריינברעכן אין דער חברה „שמור לי ואשמור לך" און צו שאַנדע מאכן דאָס גאנצע „עסק"... זי איז — חלילה! — נישט בייז, נאָר דער „פּלוני" איז א „פרעמד צווייגל" אויף אונדזער בוים, אין אונדזער וויינגאָרטן, און די אישה צנועה וויל אים מיטן שאַרפן צינגל אָפּשניידן און ארויסוואַרפן — על־כל־פּנים — פאר די אומות העולם... צו די דריי קינינים, וואָס דער רבונו של־עולם האָט אויף דער וועלט, קומט, אפּנים, צו נאָך א קינין! היינט ווערט דער הייליקער קווילעטש געפלאָכטן אין פירן, פון שמים־וארץ, ארץ־ישראל, תורה און יעב"ץ — ווער עס גלויבט נישט אין יעבצ'ן — וואָן! ארויס פון כנסת־ישראל! ווער עס קריטיקירט, ווער עס זאָגט ארויס דעם אמת צו הויך, צו פּראָסט, ווער עס רופט אָן די זאך ביים נאָמען, ווער עס וויל נישט און לאָזט נישט נארן דאָס פּאָלק; ווער עס וויל נישט זיינע ווערטער איינוויקלען אין וואטע, באַשפּריצן מיט אָדעקאָלאָן, פארזיסן מיט צוקער, ווער עס דענערווירט אונדז — ארויס!

היסטעריע איז אָנשטעקנד; באלד זענען ארויס נאָך צוויי „גן־עדן־

פּאַנעם״; און זענען אַריין ווי די קוואָקעס צווישן די מודעות אין המליץ... זיי קוואָקען אויס דאָס יונגע הארצוויטיק, וואָס מען האָט יעבצן אראָפּ־געריסן די קרוין פון קאָפּ און זענען מנדר (איך געדענק נישט וויפל מאָל ח״י), לטובת הפועלים אין ארץ־ישראל!

אזא ערנסט־ערלעך־קלוג אריינמישן זיך אין א ליטעראַרישן וויכוח, אזא מין פיין אונטערהאלטן א געפאלענעם גיבור, אזא מין סימפאטישע אַמעריקאנישע רעקלאַמע — שרייבן און חתמענען נאָר העכסט דענער־ווירטע דאַמען!

איך גלייב, אז זיי שרייבן אמת — אז זיי האָבן באמת זייער גאַנצע מילכיקע חכמה אויסגעזייגט פון יעבצס ברוסטן, אז עס צאַפּלט זיי באמת דאָס הארץ זעענדיק, ווי מען רייסט דער אם די קאָפּקע פון אלט־קלוגן קאָב... נאָר נישט יעדער צאַפּל פון א מיידל־הארץ דאַרף נאָטירט ווערן אויף דער ליטעראַרישער בערזע, און אז מען זייגט שוין אָפּ ביי יעבצן — הייבן ערשט אָן צו שפּראָצן ציינדלעך, דאַרף מען ערשט אָנהייבן עסן — אָנהייבן באמת צו לערנען!

דערנאָך איז דער רעדאַקטאָר ה׳ ראַבינאָוויטש אליין ארוים מיט א באַמערקונג, אַז די זשאַרגאָניסטן, וואָס שרייבן פאַר זיצערינס און קעכינס, וואָלטן געדאַרפט בעסער וואָרענען פאַר דער מהומהדיקער עמיגראציע און נישט רעדן פון יעבצ׳ן. די קעכן מיט דער זיצערן — מיינט ה׳ ראַבינאָ־וויטש — מעגן נישט וויסן, אז יעב״ץ „טאַנצט אויף די הינטערפּיסלעך״ און „וויל צוריקשלעפּן די כנסת ישראל אין מיטלאַלטער אריין״...

נאָר אזוי אומגעריכט קען מען אויך נישט זיי ביי פעליק געזונטע נערוון. וואָרום — ווען מען האָבן מיר די מהומה צו פאַרדאַנקען, אז נישט די לשון קודשע קעסל־פויקער? צי איז צעדערבוימס המליץ נישט געשטאַנען אין דער ערשטער שורה און געפּויקט „טרעוואָגע״: — לויפט, רייסט, יאָגט...? אויף וועמען־זשע פאַלט דער חוב צוריקצופּויקן? צוריקצורופן? די זיצערן און די קעכן לויפן, ווייל — ווייל אין יעדער שטאָט איז דאָ עטלעכע לשון־קודש פּויקער וואָס צעטראָגן די טרעוואָגע אין אלע גאַסן און לאָזן קיין אנדערע כפרים אויסער יעבץ און אחיאסף נישט קויפן...

אמת — דער עולם האָט געפּויקט קיין ארץ ישראל און געלאָפן איז מען קיין ארגענטינע; שולדיק איז דאָך דער פּויקער — די גאַנצע „טרע־וואָגע״ איז איבעריק געווען!

און דאַרף מען צוריקפּויקן זשאַרגאָן, זאָלן די פּויקער אליין שרייבן! קענען זיי נישט שרייבן אין קיין איינפאך דורכזיכטיקער שפּראַך וואָס פאַר־

דעקט נישט די לעכער אין דער לאָגיק, פאַרבלימט נישט די פינצטערע חכמות, און פאַרהאַקט נישט מיט גערונערטע ווערטער דעם לעזערס שכל־הישר, זאָלן זיי זיך אַ זשאַרגאָן־פּויקער דינגען! די פּראָקסע קענען זיי... ווי לאַנג איז גאָר, אַז מען האָט אַ „בילער" געדונגען קעגן באַראָן הירש? ווי לאַנג איז, אַז מען האָט אונטערן טיטול „אַן אמת וואָרט", פּאָפּולאַריזירט ווערמאַנטס מסירות? ווי לאַנג איז עס, אַז מען האָט גאָר געדונגען אַ „דאָרן" קעגן אַן אומשולדיקער אָרעמער „רויז"? וואָס? אצינד האָט קהליש געלט פאַרפעלט?

איך גלייב באמונה שלימה, אַז ה' ראַבינאָוויטש וויל זיין אומפּאַרטייאיש; איך גלייב אַז ער וויל אַפילו מיט דער צייט דעם גאַנצן צעדערבוימישן ריח אַרויסטרייבן פון המליץ... נאָר די נערוון זענען שולדיק, און ער וויל אויך, אַז דער זשאַרגאָן זאָל זיך נישט אַריינמישן אין דער לשון קודשער וועלט, ווייל — אָן זיינע שרייבער, איז דאָרט אַזוי רואיק, אַזוי שטיל, אַזוי שלום ושלווה! עס שרייבן סאַמע גוטע ברידער, קיין „פרעמדן" לאָזט מען נישט אַ לעז דעקן, נאַ־דיר! קומט עס פון דער זייט!

---

אין דער אָנמערקונג האָט זיך אָנגעכאַפּט אַן אַנדערער נערוועזער שרייבער אין הצפירה. הער פּראָס איז אַרויס, „איש יהודי כפרא" האָט „אונטערגעגאַרטלט זיינע לענדן" און „פּאַטשט" אין הצפירה! דאָס שטילע וואַסערל רייסט איין די ברעגעס!

מיט וואָס פּלוני קריטיקירט יעבצ'ן, דערמאָנט ער נישט, כדי ער זאָל נישט דאַרפן דערויף צו ענטפערן; אויף דער זאַג, ווייסט ער, האָט די שלאַנג קיין צייַן נישט... פאַר דאָס אָבער האָט ער פאַרפּליִצט אַ שאָק נומערן הצפירה מיט גיפט... און דווקא מיטן ערגסטן...

וואָס וויל פּראָס? אסור אויב איך ווייס! איך ווייס נאָר, אַז לויט זיין לאָגיק איז אַ משרת אָדער אַ קעכן אַ מיאוסערע פּרנסה אַלס אַ פאַקטאָר ביי הלוואות און פּלוני האָט נאָר אַ פּראַווע צו רעדן מיט משרתים און קעכינס; עס זעט אויס, אַז לויט פּראָס'ס שכל־הישר איז יעב"ץ אַ פּאָרטשריטסמאַן — ווי דען! נאָר אַז מען קען אַזוינס שרייבן, און נאָך אַזויפיל דערפון שרייבן האָט מען זיכער קיין געזונטע נערוון...

נאָר דאָס איז נאָך ווייניק. אויפן אָרעמען „מאַקאַר" פאַלט נאָך אַ שישקע... טאַוויאָוו איז דאָ! אַ פעליעטאָן אין המליץ! טאַוויאָוו איז מודה אַז יעב"ץ פעלשט די געשיכטע, ער פרעגט נאָר: „וואָס שאַדט אונדז דער שקר"?, וואָס שאַדט עס — פרעגט טאַוויאָוו — אַז מיר וועלן אָ פּ נ אַ ר ן

די קינדער? אז זיי וועלן עלטער ווערן — מיינט טאוויאָוו — וועלן זיי שוין אליין וויסן דעם אמת...

נו, זאָגט אליין, צו א מענטש, וואָס האָט א פּרעטענזיע אויף ביל־דונג, אויף די קינדערישע הערצלעך זייען שקרים, כדי דער ווינט פון שפּעטערן לעבן זאָל האָבן וואָס אויסצערייסן — צי דאַרף אזא „מענטש" נישט נויטיק א קאלט־וואסער קור?!...

נאָר דאָס אלעס איז נאָך ווייניק! נאָך גאָרנישט! עס קריכט ארוים נאָך איינער מיט א „געוואלד" — מיט „א פּראָטעסט פון כלל־ישראל קעגן הויז־פּריינט!".

נאָר דאָס גרענעצט זיך שוין טאקע מיט שיגעון... עפּעס א חצקין שרייבט אין נאָמען פון כל־ישראל, פון דער גאנצער אימה!!!

נאָר וואָס איז מיין טרייסט?

מיין טרייסט איז, אז די נערוון פון די אומות העולם, פון דער כנסת ישראל און פון אונדזער ליטעראטור וועלן זיך אמאָל שטילן, און געזונט לאכן פון דער אלט־נארישער צייט.

---

# גוטע פריינט


אָל אייך היטן זיין ליבער נאָמען פאר גוטע פריינט! באקאנטע, זעט איר, זענען נאָך קיין אומגליק נישט. גריסט איר איבעריקע צען מענטשן א טאָג, קען עם נאָר שאָטן אייער קאפּעלוש; אייער נשמה מעג דערפון וויסן אזוי וויניק, ווי וויניק זי ווייסט פון די ברויט און זעמל־קיילעכלעך, וואָס איר קנעט און קאָלערט פאר־טראכטערהייט, איבערן טיש.

פריינט אפילו קענען אויך אמאָל נוצלעך זיין!

א מענטש, וואָס האָט „התבודדות" מיט „חשבון־הנפש", קראצט זיך גאנץ אָפט מיט די נעגל אזוי טיף און שארף אין דער נשמה, אז ער מוז זיך אמאָל פארבענקען צום באַלזאם פון א פריינדס געטרייער האנט, און דער פריינט טוט עם גערן, — „אָפּגעגעבענע זאכן" טראכט ער. און ווירק־לעך, ווען איין מענטש זאָל דעם צווייטן נישט העלפן, וואָלט נאָך קיינעם קיין האָן נישט געקרייעט.

אָבער „גוטע־פריינט". — —

איך מיין אזוינע, וואָס זענען נישט מחויב אָנצעקלינגען און זענען יוצא מיט א לייכט אָנקלאפּן, ווי, רחמנא ליצלן, דער מלאך־המוות... וואָס דארפן, מיטן מלאך־המוות צוגלייך, אפילו נישט פרעגן, צי זיי שטערן נישט... וואָס זענען קלאָר אין יעדן ווינקעלע פון דיין שטוב, ווי א ייד אין „אשרי" און — פון דיין נשמה, ווי דיין אייגן בייז געוויסן! ד אָ ס , זעט איר, איז שוין אן אומגליק! א קללה, פון וועלכער די „תוכחה" ווייסט נישט, און קיין גוטער ייד זאָל נישט וויסן!

און אזוי ווי איך בין געבענטשט מיט אַלעם גוטן, בין איך גע־בענטשט מיט גוטע פריינט אויך!

און איינעם, א גוטן פריינט, הייסט עס, — האָב איך, — קומט ער צו מיר אַ פאָר מאָל אין דער וואָך, פרעגן אויף קליין־געלט! 5 קאָפּ איז שוין א הלוואה; איבער 25 גייט שוין זיין השגה נישט, אָדער געטרויט ער מיין פריינטשאַפט נישט. איינמאָל, אז ער האָט ביי מיר א נייעם, געשלי־

פענעם שפיגל געזען, מיט א גאָלדענער רעם אין קריינדלעך, האָט ער גע־קוקט און געקוקט, און ישוב געהאַט, און מיט אמאָל א זאָג־אַרויס געטון: ד ר יי ס י ק קאָפּ! און דאָס ערגסטע איז — ער גיט אָפּ! און דער ערלע־כער מאן, דער ערלעכער גוטער פריינט, שלעפּט מיך א בּאָר מאָל אין דער וואָך אראָפּ אין דער בלאָטע, ווו די קליינע ווערעמלעך לעבן און חלומען פון קאָפּיקעס, פון בייגל פאר קאָפּיקעס, העכסטנס — פון א מיטיק פאר 5 קאָפּ אין דער ביליקער קיך! איך וויל א וועלט איבערבויען, און ער רעדט פון קאָפּיקעס...

א צווייטן האָב איך, קומט ער נאָר משבת לשבת, דערפאר אָבער — נישט מיט ליידיקע הענט, א פעקל ברענגט ער. א גאנצע וואָך גייט ער ארום אין גאסן, קאפעען, אין הייזער און גערטנער און קלויבט אויף דאָס גאנצע לשון־הרע, וואָס מען רעדט אויף מיר, און ברענגט עס מיר לכבוד שבת...

און דאָס פעקל בינדט ער אויף מיט פארציטערטע הענט, מיט א האַרץ־רייסנדיק רחמנות־פּנים און ברוינע־בלויע ליפּן. ער עפנט דאָס פעקל, און די לשון־הרע־ווערעמלעך צעקריכן זיך אין אלע ווינקעלעך, איבער דער גאנצער שטוב, ביז אויפן וואנט־שענקל ארויף, ווו מיינע מאנוסקריפּטן ליגן, — מיין ירושה, וואָס איך וועל איבערלאָזן דער וועלט, און — עס ווערט א שטיל, נאָר אומאויפהערלעך בּאַפיר־פרעסעריי... און ער שטייט, פארלייגט די הענט איבערן ברוסט־ברעטל, און זיפצט: א שלעכטע וועלט! און ווערט דערנאָך בייז, שפּייט אויס: פוי! נאטירלעך — ווו ער שטייט און גייט!

א גרויסע נפקא־מינה...

און גאנץ אָפּט פיל איך מ י ך א ל יי ן באַשפּיגן...

און א דריטן האָב איך, ווייל ער מיך גאָר אינגאנצן אומברענגען. עס איז נישט מיין צייט, זאָגט ער. און מיט א זיכערקייט פון גרעסטן נביא אָדער פון גרעסטן נאר... וויל ער מיר אויסווייזן, אז איך האָב געדאַרפט געבוירן ווערן: אָדער א סך פריער, אָדער גאָר א סך שפּעטער. איך האָב געזאָלט, אין אברהם־אבינוס צייטן, פּאשען שאָף אין דער מידבר, אָדער ערשט העט, העט לעתיד לבא, — און ארומשוועבן מיט די דעמאָלטיקע נאקעטע נשמות אין די העכסטע לופט־ספערן, אויף לופט־באלאָנען, און לעקן זאלץ אָדער קאנדל־צוקער פאר ווייסט־בלויע און טיף־הויכער זעלי־קייט. אנישט, מוז איך ארומגיין מיט א צעשפּאָלטענער נשמה אלא בער־דיטשעווסקי...

און נאָך, און נאָך...

נאָר איינעם האָב איך, באַשטייט ער פאַר צען!

אן ערנסט - בייז־שווייגנדיקער גוטער פריינט. ער קומט, זעצט זיך קעגנאיבער און שווייגט.

די ברעמען אראָפּגעלאָזט, די אויגן זאָל די וועלט נישט פאַרברענען. די ליפּן פאַרביסן, אנישט, גאָט ווייסט, וואָס פאַר א ברענענדיקע דערנער עס וואָלטן פון דאָרט ארויס. און הענט מיט פויסטן; קאַלטערהייד, איז ער גרייט חרוב צו מאכן ש"י עולמות מיט אמאָל!... און אזוי זיצט ער און שווייגט. אונטער זיין שטערן, — זע איך בחוש — וועבט און שפּינט זיך אוים אן „אַבווינימעלני אַקט" קעגן גאָט און וועלט; ער וועט אים אמאָל ארויסדונערן... עס איז אָבער נאָך צופרי; זיין צייט וועט ערשט קומען... דערווייל שווייגט ער, אָדער ווארפט א פּאָר ווערטער...

און ער זיצט מיר קעגנאיבער און שווייגט. און עס ווערט מיר אומ־היימלעך פאַרן שווייגן, עס פאַלט אויף מיר אן אומעט, א מרה־שחורה. איך פיל, ווי עס דאַמפט פון אים ארויס א שאָטן און איך זאַפּ אים איין מיט די אויגן... און וואָס מער שאָטן איך זאַפּ פון אים איין, טונקעלער, שווארצער ווערט אין מיר, ארום מיר — אלץ ווערט גרוי, שווארץ און אין איינוועגם — פויל און ווערמיק.

איך ווער אמאָל בייז:

— וואָס ווילסטו פון מיר?

—פון דיר? — ענטפערט ער קוים — גאָרנישט! נאָר 24 גראָשן א טאָפּ קארטאָפל!

— — — — — — — — — — —

גאָט איז מיין עדות, איך עס קיין קארטאָפל נישט. א שוואכער מענטש, דאָקטוירים האָבן פארווערט. איך זע זיי כמעט פאַר די אויגן נישט. וואָס גייען מיר אָן קארטאָפל. וועו, ווייניקסטנס — וויינטרויבן!

אָבער וואָס העלפט עס! ער שווייגט, עס דאַמפט פון אים גרוילעך־פויל, און איך זאַפּ עס און שלינג עס איין!

און איך פיל, אז איך מוז מיך ווערן קעגן שאָטן, קעגן דער מרה־שחורה, קעגן די פוילע ווערעמלעך, וואָס הויבן מיר אָן, שאַרכענדיק, ארומצוקריכן אין קאָפּ...

איך מוז אים אליין צערודערן, מיט עפּעס העכערס פאַראינטער־רעסירן... מיט העכערס און בעסערס ווי קארטאָפל, ווי וויינטרויבן אפילו... איך זוך אין די געדאַנקען, אין זיכרון דאָס שענסטע, דאָס בעסטע און וויל

עס אים אויסשיטן פאר די וואסעריק־באהאלטענע אויגן מיט די גרויע ווערעמלעך אויפן אָרט פון אויגן־אַפּעל, און זאָגן: נא, זע! שיין איז דאָך די וועלט! כ אָ ט ש קאַרטאָפל זענען טייער! איך וויל אים צוטראָגן די פיינסטע בלומען צו דער נאָז, — נא, שמעק! פאראן צדיקים אין סדום... האָניק אויך... קעפּ, וואָס קלערן; הערצער, וואָס קלאַפּן; הענט, וואָס אַר־בעטן... נאַטירלעך — לטובת הכלל...

און איך זאָג אים: טאקע טייער קאַרטאָפל. אָבער אונדזער וואַרשע־ווער „איזראַעליט" האָט זיך איבערגעבעטן מיטן וואָרט „זשיד", און האָט עס געכשרט על־פּי „לינדע" און אַנדערע היסטאָרישע קוועלן! עס פעלט אפילו קיין עגמת־נפש נישט: ענגלאַנד האָט חרטה באַקומען און צוריקגע־נומען „אוגאַנדאַ"; די פּראַקטיק מיט דער סעצעסיע וועלן מוזן זוכן נייע שטיינער קעגן דער אָרגאַניזאַציע; דער „הצופה" האָט זיך צעבריקערט און אַראָפּגעוואָרפן דעם ערשטן „באַרייטער"... א רחמנות! דער „גאָניעץ", אויף וועלכן מיר האָבן מויערן געשטעלט, האָט זיך צונויפגעשמעקט מיט דער „ראַלע" און געטווישט זיך מיט פּראָספּעקטן... אויפן „יריד פון בעל־מלאכות" האָט מען קיין ייד נישט אַריינגעלאָזט און „שאַ"! די „פאַר־יידישטע" פּוילישע פּרעסע האָט נישט פּראָטעסטירט, — דאָס אַלץ איז אמת, אָבער פעלדמאַן, דער פון גאַליציע, א ו נ ד ז ע ר פעלדמאַן, — האָט קונה־שם געווען מיט זיין „שאָטן" (ציען), וואָס מען האָט פאָרגע־שטעלט אין טעאַטער. עס איז א סך גראָטענער פונעם „צדיק", וואָס מען האָט זומער־צייט אין די גערטלעך געשפּילט. דאָרט האָט געשלאָגן א נודנע העלקייט פון צדיקס קאַפּאָטע, דאָ איז אַלץ באַדעקט און אַרומגעהילט מיט א היינט־מאָדישן שאָטן...

נישט אמת, וואָס ציעכאַוום שאָטן האָט דערציילט אין „הזמן", אַז פעלדמאַנס שאָטן האָט קיין יידישן טעם נישט. און, למשל, אַז עס האָט נ י ש ט קיין יידישן טעם? אָבער פילאָזאָפיע האָט עס? אָנגעפּולט מיט פילאָזאָפיע!

פאַקטן — זאָגט פעלדמאַן — גייען נישט לאיבוד, — ווערן נישט פאַרלוירן, הייסט עס. מען פאַרגעסט זיי אַמאָל, אָדער מען מאַכט זיך פאַר־געסנדיק, — קומט אָבער די רעכטע מינוט, שווימען זיי אַרויס. פון מעשים־טובים שטראַלט אַן אייביקער נחת, פינקלט אַרויס א קרוין איבערן קאָפּ... און פון מעשים רעים — זאָל גאָט שומר ומציל זיין! פון זיי דאַמפּט אַרויס א שאָטן, וואָס גייט דיר נאָך טריט ביי טריט, טריט ביי טריט, ביז ער עפנט א מויל און שלינגט דיך איין!... ווי א שלאַנג... לעבעדיקערהייט!...

דו פאַרמאַכסט זיך אַמאָל בחדרי הדרים מיט אַ ניי שפּילעכל, מיט אַ נייער האָפענונג, מיט אַ ניי גליק, און זאָגסט: איך בין עס ווערט! מיין נשמה איז העל, ווי אַ זילבערנע טויב; ריין, ווי אַ פריש געפאַלענער שניי און ליבלעך מילד, ווי אַ לבנה־שטראַל... מאַכט זיך אַ גוטער פריינט, וואָס האָט אַ זיכרון מיט אַ נאָז, דערשמעקט ער און דערמאָנט דיך. קומט ער און עפנט די טיר, און לאָזט אריין דעם שאָטן. און עס ווערט דיר אַלץ גרוי, און פינצטער, און ווערמיק פאַר די אויגן! און מען קען זיך אויך אָן דעם גוטן פריינט באַגיין... דו האָסט נאָר דעם שאָטן אין דיר אליין! פון דער געטוענער זאַך בלייבט דיר אַן אָפּזאַץ אויף דער נשמה, און דאָרטן ליגט ער, דער שאָטן, איינגעהויקערט, איינגעקנוילט, ווי אַן אָפּגעגאַנגענער באַנד־וואָרעם... און דאָרט זיצט ער און וואַרט, און לויערט, און לאָקערט... און ווען דו גלייכסט זיך אויס, הייבסט דיך אויף פון מיסט, אויף וועלכן דו ביסט געפאַלן פון קראַנקן - בעט, אויף וועלכן דו ביסט געלעגן גרייט צום גוססן, און שטעלסט דיך אויף, דער וועלט אַ געשריי צו טון: להד"ם! נישט געשטויגן, נישט געפלויגן, איך האָב נישט געזינדיקט! ניין, קיינער ווייסט נישט, קיינער וועט נישט וויסן! און דאָס וועקסל, וואָס איך האָב אויף גליק און לעבן, איז נאָך נישט איינגעצאָלט, און דו עפנסט דאָס מויל און ווילסט פריי איינאָטעמען, איינזויגן, איינזאַפּן דאָס פרייע גליקלעכע לעבן, — דעמאָלט הויבט ער זיך פּלוצלינג אויף, ציט זיך אויס, הויבט אָן וואַקסן... און ער וואַקסט און צעוואַקסט זיך און פאַרשפּרייט זיך אין אַלע דיינע איברים, אין אַלע ריצן און שפּאַלטן פון דיין נשמה... און ער וואַקסט אַלץ מער און מער, און גרעסער... און וואַקסט דיר פון מויל, אויערן או אויגן ארויס... און קריכט ארויס, און לייגט זיך דיר איבערן פּנים, און עס ווערט פאַרשוואַרצט איבער דיין שטוב, און זי ווערט גרוי און וויסט, איבער דער וועלט, און זי ווערט דיר גרין און געל... און דאָס לעבן איז שוין קיין לעבן נישט, דאָס גליק — קיין גליק נישט... גאָרנישט... כאָטש וואַרף זיך אין דער ווייסל אַריין... אַ והאָ־ראיה: אַ מיידל!

א מיידל, נעבעך, האָט צווישן שווייצערבערג אַן אומגליק געהאַט, אַ ליבע, הייסט עס... זי האָט זיך דאָרט פאַרגעסן אביסל, צו ווייט פאַרקראָכן! נאָר קיינער ווייסט נישט. מיט דער צייט האָט זי עס אליין פאַרגעסן... דער שותף פון דער עבירה האָט זיך שוין לאַנג אראָפּגעקאָלערט פון אַ גלעטשער, און עס איז פון אים קיין שריד ופליט געבליבן... און זי וויל נאָך אַמאָל אויפבליען. קומט די צייט, שרייט זי: להד"ם! וויל אָנהויבן אויפסניי! נאָר פעלדמאַן, אונדזער גאַליצישער פעלדמאַן, לאָזט נישט. דער שאָטן זיינער

לאָזט נישט... מיר און מויער זענען פאַרמאַכט; קומט אַ גוטער פריינט, וואָס האָט אַ נאָז און דערשמעקט אַ זיכרון און געדענקט און לאָזט אריין דעם שאָטן, און ער צעוואַקסט זיך, דער שאָטן, און שלינגט איין דאָס מיידל מיטן להד"ם! פּיף־פּאַף — זי שיסט זיך אין קאָפּ אריין — —
פאַרשטייסט?
— נישט כדאי — ענטפערט ער — אַז 12 קאָפּ. אַ טאָפּ קאַרטאָפל!

— — — — — — — — — — —

דאָס בלוט איז מיר אַנטרונען געוואָרן! וואָלט ער כאָטש עפּעס אַנ־דער אויסגעטראַכט! אַן אידייע־פיקס, רחמנא־ליצלן!

איך גיב מיך אָבער אַזוי געשווינד נישט אונטער! מיט אַ קאַרטאָפל לאָז איך מיך נאָך נישט דערשיסן! דיר געפעלט נישט פעלדמאַן, נאַדיר מעטערלינק! מעטערלינק מיט זיין טרופּע... מיט זיין אייגן ווייב, וואָס שפּילט אין דער טרופּע... זייער שיין און זייער פּריש איז זי שוין נישט, אָבער עפעקטפאָל. דער עיקר, דער שוואַנען־ווייסער האַלדז. זי טראָגט זיך טאַקע דעקאָלטירט... זי זאָל אַ שמאַציאַרקע שפּילן, אַ שמאַציאַרקע אין אַ ווינטער־טאָג, וואָלט זי געגאַנגען אויפגערים. דער עיקר איז דער שוואַנען־האַלדז. דערנאָך ערשט דאָס שפּיציקע נעזל, די שפּיציקע גאָמבע... דערנאָך ערשט דאָס פראַנצויזיש שפּילן...

עס איז אפילו צו געשווינד און צו עכט פראַנצויזיש... נישט אונדזער היימיש וואַרשעווער באָנע־און דאַמע־לשון... און די זאַכן זענען אַביסל צו טיף, צו הויך און, פאַר אונדזער גראָב־היינטיקן באַלעבאָס, אַביסל צו נעפּלדיק. און נישט צום גלויבן: בלינדע זעען מער, ווי אַ קלוגער באַלעבאָס מיט אָפענע אויגן; טויבע הערן מער, ווי ער מיט אָפענע אויערן אויפן „מיסטישן קאָנצערט" אין פילהאַרמאָניע. נאָר עס מאַכט נישט אויס! מעטערלינק, זיין אייגענע טרופּע, זיין אייגן ווייב, איר שפּיציק־נעזל מיטן ווייסן שוואַנען־האַלדז. און — פאַרט פראַנצויזיש. און היינט דער לייכטער מאַנטל, וואָס לופטערט זיך אין מאָנאַ־וואַנאַ איבערן נאַקעטן לייב... סודי־סודות! און ווי וואָלט געווען, ווען עס רייסט זיך ווינטער־צייט אויף אַ פענצטער אין זומער־טעאַטער און עס בלאָזט אריין אַ משוגע'ן ווינטל? האַ? און אונדזער באַלעבאָס לויפט...

פון היימישע מענטשן פאַרלאַנגט ער מוסר און צניעות און פאַר־קנעפּלטע קליידער ביז אונטער דער גאָמבע... היינט וויל ער נאָך, עס זאָל אַלץ זיין קלאָר און פּליטקע, ווי אַ געגדזן־טייכל, וואָס שעמט זיך נישט מיטן זאַמד און נישט מיט די ווערעמלעך צווישן זאַמד... פעלדמאַן, נעבעך,

כאָטש פּיין פּויליש, האָט מורא יוצא צו זיין מיטן שאָטן אַליין און שטעלט צו אַ גוטן פריינט, אַ פּשוטן בשר־ודם, וואָס עפּנט אים די טיר, און וואָס וואָלט זיך, אייגנטלעך, אָן דעם שאָטן באַגאַנגען... אַז ער ווייסט, זאָגט ער אַ ל יי ן אויס! ווייסט ער נישט, — ט ר אַ כ ט ער אויס! אָבער מעטער־לינק! פון אים פאַרלאַנגען? וואָס? נישט אינטערעסאַנט?

— אפשר, ווען נישט 24 גראָשן אַ טאָפּ קאַרטאָפל!

— — — — — — — — — —

טראַכט איך מיר: אַזוי, האָסט פיינט טעאַטער, נאַ דיר ליטעראַטור! און איך דערצייל אים גדולות, עס וואַקסט ביי אונדז ווי אויף הייוון; ווי גורקען אין אַ דונער צייט, ווי גערשטן ביי דער לבנה. דער „איזראַעליט" איז אַפילו אומרואיק געוואָרן... אַ קאָנקורענץ קעגן פּויליש... נאָר ווער הערט אים?! דער „הצופה" וויל איבעריאָגן די „הצפירה" און האָט זיך איינגעשפּאַנט מיטן „השלוח" ביי איין דישעל, אפילו אַ חשש פון „כלאים", נאָר פאָרן וועט זיך... „הצפירה" וועט יעדן פרייטיק געבן ליטעראַטור: הויך און ווייך, ווי אַ באָבעס — אפשר נאָר נישט אַזוי פעט! — און דערצו כריין און זענפט פון אַלערליי קריטיק... אפשר וועט עמעץ שרייבן „לידידתי"... דער „המליץ" וועט אויך אוודאי ארויסשפּרינגען פון דער הויט, דער „הזמן" אויך... און די „הצפירה" מיטן „הצופה" וועלן, זיי להכעיס, נאָך אפשר צוזאָגן שאָטן מיט קאַנדל־צוקער... און אפשר, — אויפן אַמעריקאַנער אויפן — הענדשקעס מיט שטיוול... און „הילף" מיט הילף פון יענער זייט... און יום־טוב בלעטער. און „לוח־אחיאָסף" דיק ווי „טויזנט און איין נאַכט"... און דער לוח איז פון סאַמעראָדנע יונגוואַרג... און די דין רויטלעכע פינגער צופּען, נישט נאָר די סטרונעס פון דער האַרפע און זינגען מיט גרוים בענקעניש צו ליכט, לופט און אַלעם גוטן... נאָר אויך אין פּובליציסטיק... נאַ, זע! מיש איבער די קדושים אויפן פרעמדן לשון, און ביים ווייטער — סאַמע שווייצער־קעז! בראָכאָוו בראָקט איין אחד־העמען מיט „בערדיצעווסקין", ווי צוויי שוואָמען אין איין באָרשט, און עס קומט אַרויס, אַז די ליטעראַטור אונדזערע וואַקסט יאָ און וואַקסט נישט. דר. טהאָן רעדט וועגן דיסציפּלין אין פּאַרטיי און באַ־וויזט, על־פּי קאַנט ושאָפּענהויער, אַז פּאַרטייען באַשטייען נאָר פון שטיקלעך נשמות, ווייל די רעשט פּאַרטוען מיר ערגעץ אַנדערש... דר. ניימאַרק הייסט דעם דר. הערצל, יק"א און אחד־העם, זיי זאָלן זיך דער־לאַנגען די הענט און ער וועט זיי אַרומבינדן מיט אַ כשרער ציצה, אַבי שלום! ווייל באמת „אלו ואלו דברי אלהים חיים". דאָס אומגליק איז נאָר

„שפעת קלגסים", — וואָס איינער פארשטייט דעם צווייטן נישט... און נאָך חכמים —

נאָר ער האָקט מיר איבער:

— און וואָס זאָגן די חכמים וועגן יקרות אין קארטאָפל?

— — — — — — — — — — —

און דאָס איז אמת?

קארטאָפל האָבן מער אָנהעננגער ווי פילאָזאָפיע, שלינגען זיך בעסער ווי די פיינסטע פובליציסטיק, אָבער — וואָס קער זיך דאָס אָן מיט חכמים? זיי ריידן אפילו נישט פון וויכטיקערע זאכן. למשל: וואָס וועט טון די וועלט אָן קייזער־ווילהעלמס פיין קלינגענדיקער שטימע? פון וואנעט נעמען זיך דער יאפאנישער פלאָט מיט דער יאפאנישער העזה צוזאמען? זיי לאָזן אפילו קיין וואָרט נישט פאלן וועגן פראָצעס פון ענגלאנד קאָנטרא טיבעט. אפילו נישט וועגן דעם, פארוואָס האָט די באראָנעסן זוטנער נישט באַקומען נאָבעלס נאגראדע פאר פרידנשטיפטעריי? צי דעריבער, ווייל זי געהערט אויך צום יידישן אָפּוועג, וואָס איז נישט מרבה־שלום? און אפילו נישט וועגן דעם ניי־לייכטנדיקן מעטאל... דער שאָטן „אוגאנדא", וואָס איז ארויס פון דר. הערצלס אויגן, האָט דאָס אלץ פארדעקט, פארחושכט און דערנאָך מן־הסתם איינגעשלונגען...

אָבער, הכלל?

זאָל איך מיך דעריבער מיין גוטן פריינט אונטערגעבן?

איז היי־יאָר — זאָג איך אים — נישט קיין גערעטעניש אויף קארטאָפל, געראָטן דערפאר מצוות און מעשים־טובים? ממש פון טאָג צו טאָג! דאָס שפיטאָל — געענדיקט! עס פעלן אלץ נאָך ווארעמע שטיוול און קליידער פאר שווינדזיכטיקע, וואָס דארפן זיצן אויף באלקאָנען צי ביי אָפענע פענצטער, — נאָר ערשטנס א זון אָן פלעקן, ביפרט א שפיטאָל אָן פעלער — איז נישט פאראן. צווייטנס — איז אפשר באלקאָן און אָפענע פענצטער — לאו דווקא! מיר האָבן איבערגעלעבט ביאַוווקעס און באנקעס, מיר וועלן דאָס אפשר אויך איבערלעבן. אָבער נ אָ ר אויפהערן צו גלויבן די דאָקטוירים, וואָס פירן וויכוחים, רופן צו דין־תורהס פאר קאָלעגן, און אויב די קאָלעגן האלטן איינעם נישט סאטיספאקציאָנס־פעאיק, לויפט ער, ווי דער ערשטער פוילישער מאגנאט — מסרן... „אחיעזר" און „עזרת יתומים" לעבן ווי אמתע שוועסטער און ברידער, דאָס הייסט: זיי קריגן זיך כמעט טאָג־טעגלעך, אָבער צו'ן א מעסער כאפן און אָפּקוילען קומט עס נישט! און עס וועט מיט גאָטס הילף נישט קומען! היינט האלט דר.

פּאָזנאַנסקי אין דער „דייטשער שיל" איינמאָל אין צווי וואָכן רעדעס וועגן יידישער געשיכטע; און נעכטיקע אסימילאַטאָרן, וואָס זענען נאָך אינ־גאַנצן פון עולם הדמיון נישט ארויס, קומען הערן, און — אזוי גלויבט, ווייניקסטנס, דער דר. פּאָזנאַנסקי, — עס קען זיי זיין צו רפואה... און היינט די נייע צדקה־חברה פאר חדר יינגלעך! און דער קאָנצערט, וואָס וועט מיט גאָטס הילף זיין אויף די ביליקע קיכן, און נאָך, און נאָך...

און איך וויל קיין אָפּטימיסט נישט זיין, איך זאָג נישט, אז די באַ־לעבאַטישע נשמה האָט זיך, מיר־נישט־דיר־נישט, פּלוצלינג צעגליט, ווי אין גאָטס וויינגאָרטן, וואָס ווייסט פון קיין ווינטער נישט... פון דער העלער הויט ארויס צעפלאַקערט! איך ווייס אז א באַלעבאָס צו זיין, איז לייכט, אז מען איז, איז מען! לעבט מען שוין בשלום מיט גאָט און לייט, און מען האַמפּערט זיך נישט מיט דריי פערטל עשרת הדיברות... אָבער איידער מען ווערט, איידער מען קומט פון „גאָרנישט מיט גאָרנישט" צום זמר פון „מנוחה־ונחלה"! דעמאָלט איז אן אומרואיקע צייט, פון וועלכער עס בלייבט אן אָפּזאַץ אויף דער נשמה...

און אין דעם אָפּזאַץ ליגט באַהאַלטן דער שאָטן! איינגעהויקערט, איינגעקנוילט און איינגעשרומפּן, ליגט ער און וואַרט, און לאָקערט. און זעט ער, אז דער באַלעבאָס וויל פריי אָפּאָטעמען און גייט ביים רויטן שטורקאַץ אין זאַקסישן גאָרטן אויף דער גליטש, קריכט ער ארויס... וויל ער זיך, דער באַלעבאָס, איבערשליטלען איבערן פריש געפאַלענעם שניי, מיט א „פרייליכקייט", וואָס האָט עפּעס איבערגעלאָזט צווישן די שווייצער בערג, אָדער עפּעס געבראַנגט פון דאָרט, צי פון ערגעץ אַנדערש, — שפּרינגט ער, דער שאָטן, ארויס, און לייגט זיך איבערן פריש געפאַלענעם שניי, ווי א שוואַרץ טוך אויף ווייסע תכריכים... און — „צדקה תציל ממות"! דער באַלעבאָס האָט אמאָל אין חדר געלערנט צי עמעץ זאָגט אים אונטער... און כדי די שמחה בייטאָג און דער שלאָף ביינאַכט זאָלן נישט געשטערט ווערן.. דער מאַדאַם מעטערלינקס שוואַנען־האַלדז זאָל נישט פאַרנעפּלט ווערן און — די וועלט זאָל בלייבן וועלט! מוז מען אָדער פּיף־פּאַף! אָדער עפּעס טון, גוטס טון... וואָרום דער שכר פון מיצוות איז אויף דער וועלט, פּרעהליך ווערט, דער שאָטן פאַרשווינדט! כאָטש אויף א ווײַלע! און אויף דער ווײַלע ווערט אַלץ דורכזיכטיק און קלאָר, ווי א גענדזן־טייכל; מען זעט דאָס זאַמד ארויס, די ליבע ווערעמלעך ארויס! און זומער שיינט די זון, אין קאַרלסבאַד, אין מאַריענבאַד, צווישן די שווייצער־בערג... ווינטער גלאַנצט דער שניי און ביבער־קעלנער שליט־

לען זיך, אָדער גליטשען זיך אויפן אייז, ווו חווהס טאָכטער גליטשט זיך אַמאָל אוים, פאַלט, און עס ווערט אַ פריילעך געלעכטער... כאָטש אַ נייער שאָטן ווערט באַשאַפן...

און איז נאָך נישט א י נ ג א נ צ ן קלאָר, איז דער שאָטן נישט אינגאנצן פארשוווּנדן, האָט די לעבעדיקע זון נאָך פלעקן, גייט מען צו צום ראַנד פון אָפּגרונד, און מען לייגט די פלאַכע האַנט איבער די אויגן, און מען קוקט אַראָפּ: צי קומט ער נישט פון דאָרט, דער שאָטן?! עס שווינדלט אביסל, נאָר מען קוקט... און „יגעתי ומצאתי" — אַז מען קוקט דערזעט מען! פון דאָרטן קומט ער! אומריין איז דאָרט! נישט געוואשענע באַדלאָגעס, קוים נעגל־וואסער, נישט געקעמטע קינדער... און מען לויפט, און מען דערציילט עס אין דער היגיענישער חברה און — ממש תוך כדי דיבור, ווערט שופטים ושוטרים! לאָזט מען אַראָפּ אין תהום אריין אַ טוץ „אָפּיעקונעס" — אפּיטרופּסים, וואָס זאָלן קוקן אויף ריינקייט, ריידן וועגן וואשן, רייבן, קראַצן... וועגן גרינעם זייף, און העמדער, נישט דווקא משבת לשבת... און אין דער נעסט פון דער געזעלשאַפטלעכער מרה־שחורה וועט אָנהויבן בלאַנקען און בליצן און שיינען...

און ער האקט מיר איבער און פרעגט:

— אָבוואָל 24 גראָשן אַ טאָפּ קאַרטאָפל!

און רייד מיט אים!

אַן אידייע־פיקס, רחמנא־ליצלן!

# די נייע באַוועגונג



ין מערב־אייראָפּע, צווישן די שווערבאַוואָפנטע פעלקער, וואָס אָטעמען קוים אונטער דער שטאָלענער לאַסט; אין מערב־אייראָפּע, ווו די פּרעסע פון האַס צווישן פעלקער, רעליגיאָנען, ראַסן און קלאַסן רייסט און בייסט מיט ווילדן כעס דעם אייזערנעם נאַ־מאָרדניק; ווו די רעגירונגען נוצן דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס דונער־אַפּ־לייטער פאַר די גאָלדענע פּאַלייען, ווו קינד און קייט וואַרפט זיך אין ווילדע חלומות פון דינאַמיט... אין מערב־אייראָפּע באַמערקט זיך אַצינד א נייע באַוועגונג...

איבערן ווילד־ברויזנדן ים פליט א טויב מיט א גרינעם בלאַט פון שלום.

עס מאַכן זיך איבעראַל מאָראַלישע געזעלשאַפטן, וואָס ווילן, עס זאָל אויפהערן דער אייביקער קריג צווישן רעליגיאָנען, פעלקער, ראַסן און קלאַסן; מענטשן זאָלן אַוועקלייגן דאָס מערדערישע געוועהר פון האַנט; יע־דער זאָל אַוועקלייגן דעם קאַלטן רשע — דעם עגאָיזם; מענטשן זאָלן אָנ־הייבן לעבן מאָראַליש, — מיט יושר, מיט רחמנות...

זיי גלויבן אין דער מאָראַליטעט, וואָס איז נישט דער אָפּגלאַנץ פון דער בלאַנקער שווערד, וואָס שטעקט נישט אין קרופּס קאַרטעטשן, וואָס האַלט זיך נישט אין דער געבײַלטער פויסט און גייט נישט האַנט אין האַנט מיט אייגננוץ, שאָוויניזם און רעליגיאָנס־האַס!...

און זיי גלויבן, אַז דער מענטש מוז זיך אויפכאַפּן פון דעם ווילטן שלאָף און דערזען די ליכט, וואָס שלאָגט אים אין די אויגן! ער מוז דער־פילן, אַז ער איז מ ע נ ט ש, און אַז נישט דער עגאָאיזם מיט נעגל און באַקציין, נאָר די ריינע מענטשלעכע מאָראַליטעט דאַרף זיין דער קאָמפּאַס, צו פירן זיין שיף איבערן ים!

---

איר שאקלט מסופק מיט די קעפ! אונדזער פעסימיזם, וואס איז ארויס ווי א הונט־שוואס אויפן מיסט פון די לעצטע צייטן, איז א נאכט־געוויקס און דרייט זיך אוועק פאר יעדן ליכטיקן שטראל...

און דער עיקר — עס איז דאך קעגן די לעצטע פוסקים! קעגן דארווין, ספּענצער און ליפּערט, קעגן די דריי זיילן, וואס האלטן אונטער די ביל־דונג אפילו אין ישיבות און בתי־מדרשים.

מען זאגט, אז דער אייגענער בטלנישער לץ, וואס האט געוויזן אויף דער האנט, ווי אזוי פראנצויזן און פרייסן האבן מילחמה געהאלטן, און האט, מיט א ש פּ יי אויף דער האנט, דערטרונקען עטלעכע ראטעס סאל־דאטן פוןביידע צדדים, האט אמאל אויך אויסגעטייטשט, פון וואנען עס נעמען זיך אזוי פיל פארשידענע מאדן אין ווייבערישע קליידער.

יעדער פאבריקאנט — זאגט ער — האט שטיין א פעסל מיט מוס־טער־שטיקלעך; וואס אמאל כאפּט ער ארויס א מוסטער, ארבעט נאך א סחורה און — עס ווערט א נייע מאדע!

און, אז ער האט דאס גאנצע פעסל געענדיקט, דרייט ער עס איבער קאפּויר, און עס קומט ארויס ג א ר א נייע מאדע, וואס די באבע־יאכנע האט נאך געטראגן.

איך וויים נישט. ווי אזוי עס גייט צו ביי פאבריקאנטן, נאר אין דער פילאזאפישער אינדוסטריע איז זיכער אזוי!

אלטע סיסטעמען שטייען אויף תחית־המתים און ווערן צוריק די נייסטע מאדע...

אין א צייט ארום פארלירט דער נייער סיסטעם דאס געזונט, הייבט אן הוסטן, קריגן אסטמא — פאלט אוועק, שטארבט און ווערט באגראבן, און אויף זיין ארט שטייט אויף א נייער שוכן־עפר; א נייע פילאזאפיע פון דער באבע יאכנעס צייטן — און די באבע יאכנע, אויב זי לעבט נאך, טאנצט פון פרייד, אז איר צייט איז צוריקגעקומען!

דאכט זיך, אז „כל דאלים גבר" (ווער עס איז שטארקער, ביי דעם בלייבט עס!) איז אן אלטע פילאזאפיע נאך פון אדם־הראשונס צייטן... אן אמתע נאקעטע וואלד־פילאזאפיע — אלץ ווענדט זיך אין דער פויסט. די וועלט איז א קניזש; ווער עס איז שטארקער, בייסט פריער ארויין; ווער עס האט א ברייטער מויל און בעסערע ציין, רייסט עס אפּ א גרעסער און א בעסער שטיק... אדער ווי מען פּ ל ע ג ט צו זאגן: אויף דער וועלט איז ווי אויף א חתונה — כאפּ און פרעס, כאפּ און זויף!

דער סיסטעם איז אזוי אלט, ווי דאס ווילדע לעבן.

נישט איינמאָל האָט זיך אפילו שוין געדאכט, אַז די מאָראַליטעט, אַז דער יושר פון ציין־און־נעגל איז אָפּגעשוואכט, אָפּגענוצט; אַז מיר האָבן די „טייערע שמאַטע" אין אַרמיי אַריינגעלייגט, ווו זי איז שוין מיט שימל באַוואַקסן; אַז מ י ר, מיר מ ע נ ט ש ן, האָבן שוין איינגעזען, אַז דאָס פּאַסט נאָר פאַר ווילדע חיות און נאָך נאַקעטע ווילדע לייט; אַז מ י ר דאַרפן זוכן אונדזער גליק אין עפּעס אַנדערש, עפּעס גרעסערס, העכערס... און דאָך — — האָט זיך נאָר אַזוי געדאַכט! די פילאָזאָפישע פאַבריקאַנטן פון ניינצנטן יאָרהונדערט: דאַרווין, ספּענצער, ליבּערט און אַלע זייערע נאָכשלעפּער און נאָכשטופּער האָבן די מאָדע ב אַ נ י י ע ר ט!

דאַרווין האָט באַמערקט, אַז דורך דערציען, לעבן אויף אַ געוויסע אָרט, אין אַ געוויסן קלימאַט, אין געוויסע באַדינגונגען — פאַרענדערט זיך דער קערפּער פון מענטשן און טירע, און דערפון איז אים איינגעפאַלן, צו באַנייען דעם אַלטן לאַמאַרקישן סיסטעם, אַז גאָט האָט קיין באַזונדערע מינים נישט באַשאַפן, אַז פון זיין האַנט איז נאָר איין לעבן אַרויס; אַז די אַלע מינים, מישפּחות און סאָרטן קומען אַרויס מיט דער צייט — אייז מין פון צווייטן; איין סאָרט פון צווייטן; און דאָס ווענדט זיך אין די פאַרשידענע פאַרענדערונגען, וואָס מאַכן זיך אינעם לעבן... נו — וואָס שאַדט עס אונדז? וואָס זאָל אונדז דער פּוסטער יחוס? אדרבא, עס איז מער כבוד, אַז מיר האָבן זיך אַ ל יי ן אויסגעאַרבעט, אַליין מיט דער צייט פאַר מ ע נ ט ש ן געמאַכט, דעם עק פאַרלוירן און אַזוי פיל שכל, אַזוי פיל יושר באַקומען! נישט איינער זוכט אפשר אין שלאָף דעם עק, ווי אַן אַלטער דייטש די יאַרמולקע, נישט איינעם חלומט זיך דער וואַלד... נאָר מיט דער צייט וועלן די חלומות און דאָס זוכן דעם נעכטיקן טאָג אויפהערן, פאַרשווינדן...

אמת איז, אַז אין „בראשית" איז די מעשה אַנדערש פאַרציילט... נאָר „מעשה־בראשית" איז נישט געשריבן פּראָסט „כדבר איש אל רעהו" — עס איז פול מיט סודות; א י ך זע עפּעס אַנדערש און דער אַלשיך — עליו־השלום — אויך עפּעס אַנדערש... ווער ווייסט, אפשר מיינט גאָר ד אָ ס דער פּסוק... אַ קשיא אויף אַ מעשה! אַז „חמץ" קען זיין על־פּי קבלה דער יצר־הרע און „מצה" דער יצר־טוב, כאָטש זיי שטייען ביידע נישט אין מעשה־בראשית; קען „חווה" זיין די פאַנטאַזיע, וואָס טרייבט דעם מענטשן צו זוכן נייע אמתן, נייע וועגן; דער „עץ־הדעת" — די קולטור און די שלאַנג — דער „סקעפּטיציזם", דאָס מסופּק זיין, דאָס

אומרואיקע פרעגן: פאַר וואָס און פאַר ווען, דאָס וואָס לאָזט אונדזער פאַנטאַזיע נישט שלאָפן און נייט זי, זי זאָל אַלע רגע אויפשטעלן נייע סיסטעמען, נייע הייזלעך פון קאָרטן, „אויף וועלכער דער פויערישער שכל־הישר דאַרף נאָר א בלאָז טון, זיי זאָלן אומפאַלן"...

פאַרצייטנס וואָלט מען אַזאַ דאַרווין פאַרברענט. אין היינטיקע קאַלטע צייטן האָט ער אויסגעלעבט זיינע יאָרן און געפינען נאָך א גאָטס־געלערנטן, וואָס האָט אויסגעגלייכט דעם פּסוק, ער זאָל פּאַסן צו זיין טעאָריע; נאַטירלעך — דעם פּסוק צוליב. —

נאָר דאַרווין איז געפאַלן אויף נאָך אַ המצאה. וואָרן די שאלה איז: פאַרוואָס ווערן טייל פאַרענדערונגען פאַרשוואונדן און אַנדערע האַלטן זיך שטאָל און אייזן? מיר ווייסן, אַז נישט איינמאָל ווערט געבוירן אַ קאַלב מיט צוויי עקן, אָדער מיט צוויי קעפּ, מיט זעקס פיס — פאַרוואָס בלייבט פון דעם אַלעם קיין זכר נישט, און פאַרוואָס, אַז עס האָט זיך נאָר באַוויזן א האָרן, האָבן זיך באַלד אַלע בהמות פאַרקוקט און הערנער באַקומען? אויף דעם איז די תשובה: כל דאלים גבר! דאָס לעבן איז אַן אייביקע מילחמה, איינער מיטן אַנדערן, איין מין מיטן צווייטן און איין מישפּחה מיט דער צווייטער... אַלע שלאָגן זיך שטענדיק און גובר איז דער שטאַרקערער — דעריבער איז דאָס קאַלב מיט איבעריקע פיס נעלם געוואָרן, ווייל פיר פיס איז איבערגענוג, ביפרט — איין קאָפּ! נאָר דער אָקס מיטן האָרן, וואָס איז געוואָרן אַ שור שנגח, האָט זיך טאַקע געמערט און געפרוכפּערט... אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז עס זענען געוואָרן א וועלט אָקסן מיט הערנער און די רעשט אָקסן אָ ן הערנער זענען נעלם געוואָרן — אויסגעפייגערט אָדער אויפגעפרעסן געוואָרן פון אַנדערע בהימות, ווייל פון בּרעהם חלום זעט אויס, אַז אַמאָל האָבן די קי איינס דאָס אַנדערע געגעסן גאָר מענטשן צוגלייך! פון וואַנען עס האָט זיך דער ערשטער האָרן גענומען, דאָס ווייסט דער טייוול, גענוג — אַ האָרן האָט זיך באַוויזן און דער ערשטער גליקלעכער אָקס, וואָס האָט'ן געקריגן, האָט מוצא־חן געווען ביי די קי, ער האָט אַ סך קינדער און האָט זיי אַלע פאַרירשנט דעם האָרן... טרעפט זיך אַמאָל איינס ווערט געבוירן מיט א גאָלן קאָפּ — גייט עס לאיבוד, — ווי איינער אָן כלי־זיין אין דער מילחמה מיט שטאַרק באַוואָפנטע! טכוירן, למשל, האָבן אַמאָל געלעבט ווי אַלע אַנדערע חיות ובהימות; פּלוצלינג האָט איין טכויר אָנגעהויבן צו שוויצן מיט אַ ריח — ווי פון א בעל־תשובה, נעבן וועלכן עס קען אפילו קיין צדיק־גמור נישט איינשטיין... מיט דער צייט האָט מען אַלע

טכוירן אויפגעגעסן, נאָר פאַר ד ע ם ט כ ו י ר איז יעדער אָנט־לאָפן, און ער מיט זיינע י ו ר ש י ם זענען געבליבן לעבן, און זיי מערן און פ־וכפערן זיך, אַז מען פילט זיי שוין אפילו אין דער ליטעראַ־טור... פּאָקשיווע (אָדער ווי די „ליטוואַקעס" ווילן: קראָפּיווע) איז אַמאָל געווען אַ געוויקס ווי אַלע געוויקסן, נאָר פון דער העלער הויט האָט איין פּאָקשיווע אָנגעהויבן צו שטעכן און צו בריען; מיט דער צייט האָט מען אַלע מינים פּאָקשיווע צעטרעטן און אויסגעריסן, נאָר די בריענדיקע און שטעכנדיקע זענען געבליבן! און אַזוי אַלע חיות ובהמות! טייל פערד האָבן אפשר אַמאָל קיין עקן נישט געהאַט. נאָר די אָן עקן האָבן זיי די פליגן געפרעסן, און ניצול איז געוואָרן נאָר דאָס פערד, וואָס האָט זיך געקענט קראַצן מיטן עק ביזן קאָפּ.

הכלל — אַ מילחמה און מען דאַרף נאָר גוט כלי־זיין!

נאָר כל־זמן דאָס אַלץ איז נאָר נוהג אין וואַלד און פעלד, צווישן חיות און בהימות... אַרט מיך נישט; לוינט אפילו נישט צו דערגיין, פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען די ערשטע פאַרענדערונגען — דער ערשטער האָרן, דער ערשטער שוויס, דער ערשטער עק... נישט כדאַי זיך דעריבער דעם קאָפּ צו פאַרדרייען, מיר זענען שוין ל א נ ג פון וואַלד אַרויס, און ביי אונדז, דאַכט זיך, איז גאָר פאַרקערט. אָט האָט וושתי אַ האָרן באַקומען, דאַכט זיך אַ ווויל כלי־זיין אין דער מילחמה צווישן מאַן און ווייב און ביכלל צווישן ווייבער, און דאָך — איז דער מוסר שטאַרקער געווען פאַרן האָרן: אחשוורוש האָט איינגעזעצן מיטן שכל פון זיינע עצה־געבער, אַז אַ ווייב דאַרף פאָלגן אַ מאַן, אַז יעדער מאַן מוז האָבן צו שאַפן ביי זיך אין דער היים, אפילו ווען ער איז אַזוי קלוג ווי אחשוורוש און דערביי נאָך אַזוי שיכור ווי ער; אַז אויב ער הייסט, די פּלוניתטע זאָל אַריינקומען גאָר על־פּי פשט, אָ ן אַן איינהיל... אמת איז, אַז די ממשלה, וואָס אַ מאַן האָט, איז כל־זמן דאָס ווייב איז אין שטוב, נישט אַזוי פעסט... נאָר דער „יושר" האָט פאָרט גובר געווען דעם האָרן, און וושתי האָט געמוזט אָפּטרעטן אסתר־המלכהן די קרוין.

עס וועלן גאַנץ אָפט געבוירן מענטשן מיט צו שאַרפע ציין, צו האַרטע פויסטן, אָדער מיט נשמות פון טכוירן און פוקסן — נאָר מיר האָבן שטענדיק געמיינט, אַז פאַר זייערטוועגן טאַקע האָבן מיר קרימינאַלן, אַרעסטן און טיילמאָל (בסוד זאָל עס בלייבן) אַ בינטל הייסע ריטער... ביז מען ווערט פון זיי פּטור... אונדזער לעבן, האָבן מיר געמיינט, רינט שוין כימעט אַזוי קלאָר ווי אַ וואַסער... עס פ א ל ט אַמאָל אַריין אַ

שטיינדל, מאַכט עטלעכע רעדלעך אַרום זיך, נאָר באַלד ווערט עס פאַרשוווּנדן מיט די רעדלעך צוזאַמען, דער שפּיגל גלייכט זיך אויס און רינט ווייטער אַזוי ריין, אַזוי קלאָר ווי דער הימל... טיפער איז אפילו קאַלט און פינצטער, און דער העכט לאָזט דעם קאַרפּ נישט שלאָפן, נאָר מיט דער צייט, האָט מען געמיינט, וועט מען דאָרט אויך אַריינקוקן... מיט דער צייט וועט דער מענטש איינזען, אַז די ערד קען דערנערן צען מאָל אַזוי פיל מענטשן ווי עס איז דאָ אויף דער וועלט, אַז מיר דאַרפן אָנשטרענגען אונדזער אינטעליגענץ, נישט איינער זאָל דעם צווייטן אַרויסרייסן פון מויל, נאָר מער באַנוצן די נאַטור־קרעפטן, וואָס דינען אונדז נאָך אין גאַר אַ קליינעם פּראָצענט. מען האָט געמיינט, אַז איינער וועט אַרויסנעמען די הענט פון צווייטנס טאַש, דער צווייטער וועט אויפהערן צו רייסן דעם ערשטנס נאָז, און זיי וועלן זיך ביידע נעמען צו די וואַסער־פאַלן, וואָס רוישן, הילכן און בייזערן זיך, פאַר וואָס זיי פאַרלירן אַזוי פיל קראַפט אומזיסט... מען האָט גערעכנט, אַז אָט וועט ישעיהס נבואה פון אייביקן פרידן מקוים ווערן און אויף דער וועלט וועט ווערן אַ געקוּשעריי, אַ געהאַלדזעריי, אַז מלאָכים אין הימל וועלן אונדז מקנא זיין...

זענען אָבער געקומען ספּענצער און ליפּערט און האָבן געזאָגט: לאָ כי! די צוויי פילאָזאָפן, מיט אַ הונדערט נאָכשטופּער, ווייזן אויס, אַז אויסער דעם, וואָס מיר קומען אַרויס פון וואַלד, מוזן מיר נאָך אייביק שוין לעבן לויט דעם שולחן־ערוך, וואָס איז אין דעם וואַלד נוהג... און דער שולחן־ערוך האָט נאָר איין פּאַראַגראַף: כל דאַלים גבר! ואידך — פירושא (די רעשט איז נאָר אַ פּירוש): פויסט, נעגל, באַקציין, רציחה, מסירות, פאַלשקייט — וואָס איר ווילט אַליין...

די אייגענע שווערד הענגט איבער אונדזער קאָפּ אויך! די פויסט איז ביי אונדז אויך יושר און ערלעכקייט צוזאַמען! דאָס גאַנצע לעבן, אפילו דאָס מענטשלעכע, איז אַן אייביקע מילחמה... יאָסל מיט שמואלן, יידן מיט קריסטן, פראַנצויזן מיט דייטשן, ווייסע מיט שוואַרצע, מיט געלע — אַלע מוזן זיך שטענדיק רייסן ביי די האָר, צופּן ביי די נעז, און ווער עס איז שטאַרקער, דער בייסט פעסטער אינעם קניזש...

די פויסט איז אַלט ווי די וועלט, ווי דער וואַלד מיט זיינע חיות־רעות! נאָר דער סיסטעם האָט אַ נייעם נאָמען! די ח"י גדולים קומען נאָך דאַרווינען: „דער קאַמף אום דאַס דאַזיין", הייסט עס! דאָס איז דער העכט, וואָס שווימט אַרום אין ספּענצערס וואַסער, דאָס איז די ראָפּוכע, וואָס גראַבלט זיך אַזוי אומגעלומפּערט אַרום אין ליפּערטס שווערן שליים...

אן אייביקע מילחמה צווישן מענטשן, פעלקער און ראסן! און דו מיש דיך נישט, יעדער דארף פאר זיך זארגן!

עס איז שוין אזוי, עס מוז און עס דארף אזוי זיין!

און עס איז א גאנץ איינפאכער סיסטעם:

די גריכן האבן אמאל געטייט קראנקע און פעלערהאפטע קינדער, עס זאל ארויס א דור פון סאמע גיבורים; און דער ניינצנטער יארהונדערט וויל מיט דער פייערדיקער קאנקורענץ אויסברענען אלע שלימזלדיקע מענטשן, עס זאל ארויס א דור מיט סאמע דורכגעטריבענע שווינדלער...

דאס לעבן איז אן אייביקער קריג — ווער עס פאלט, איז אוודאי שיכור געווען, אדער עס האט זיך אים אינמיטן דרינען פארגלוסט צו גענעצן... דאס לעבן איז א „מאקאטאווער דראנג", אויסגעשמירט מיט זייף; ווער עס כאפט זיך ארויף, באקומט א צילינדער מיט א זייגערל...

און מיט דער צייט וועלן אלע קענען קריכן!

---

דער עגאיזם, דאס אייביקע פארזארגן נאר זיך אליין, דאס אנפילן נאר דעם אייגענעם מאגן — אט דאס זענען, לויט דער פילאזאפיע, די געשיכטלעכע הייוון, אויף וועלכער עס יערט די מענטשהייט, און אן וועלכע זי וואלט געבליבן ליגן ווי אן אויסגעטריקנט שטיקל טייג אין עק מולטער — אצינד הייבט עס זיך און וועט באלד אריבער איבער דער ראנד! די „אייגנליבע", אט דאס איז, לויט ספענצער און ליפערט, די שפינערן, וואס זיצט ביים אייביקן רעדל פון דער צייט, און שפינט אונדז די ציוויליזאציע!

אפשר שרעקט אייך, וואס דער שטאף איז ברודיק פון ארעמען שוויים און רויט פון אומשולדיק בלוט? וואס מאכט עס אויס? פון דעם שטאף קומען דאך ארויס אזוינע שלאפרעק, פרעק און זיידענע קליידער פאר א צענדליק אויסדערוויילטע... אייביקע מילחמה, אייביקע קאנקורענץ צווישן מענטשן, פעלקער און ראסן; און מענטשן, פעלקער און ראסן וועלן אזוי לאנג אראפפאלן ווי פוילע עפעלעך פון בוים, ביז עס וועלן בלייבן סאמע פעאיקע מאנשעסטער־פאבריקאנטן!

איר פרעגט, צי דאס איז מאראליש?

— מאראליש? — ענטפערט אייך די פילאזאפיע, — איז דען דא א מאראליטעט? און אונדזערע פילאזאפן זענען קלאר אין דער סאציאלאגיע ווי ביי זיך אין דער היים און וועלן אייך פארשיטן מיט א מיליאן פאקטן, ווי א וואלד מיט שישקעס, און מען וועט אייך באווייזן, אז יעדעס

פאָלק האָט אין יעדער צייט און אויף יעדן אָרט אַנדערע דעות, אַנדערע מידות, אַז וואָס ביי איינעם איז רויט, איז ביים צווייטן גרין, וואָס איי־נער האלט פאר א מיצווה, האלט דער צווייטער פאר אן עבירה... ווי קען זיין אַ מאָראַליטעט? ווי קען זי דינען אַלס מאָטאָר אין אונדזער מאשין, זיין אַ לאָקאָמאָטיוו, וואָס פירט די וואַגאָנען פון דורות?

ביי אונדז מעסט מען אויף איילן און קוואָרטן און מען וועגט אויף לויטן; אין רוסלאַנד ווערט געמאָסטן אויף אַרשינען און טשעטווערטים און געוווינגן אויף זאָלאָטניקעס, אין אייראָפּע איז אָנגענומען געוואָרן דער פראנצויזישער מעטער מיטן קילאָ... ווילדע מעסטן אויף דער האנט און טייל ווייסן גאָר נישט צו וועגן... און פונדעסטוועגן וועט קיינעם נישט איינפאַלן צו קלערן: טאָמער איז גאָר קיין מאָס און קיין וואָג נישט פאראנען?

מיר האָבן ציפערן ביז 9 מיט איין 0; אַמאָל האָט מען געציילט ביז 20, די רוימער האָבן געהאט עקסטרא ציפערן פאר 20, 30 א. א. וו.

טייל ווילדע קענען מער נישט ציילן ווי ביז 5, זעקס הייסט שוין אַ סך, אָדער מען זאָגט 5 און 1... און פונדעסטוועגן איז קיינער נישט מסופק, אַז צוויי און צוויי איז דאָך נאָר 4, נישט 3 און נישט 7...

מיר נוצן געלט פון קופּער, זילבער און גאָלד; אין טייל לענדער באנוצט מען אויך ניקל, די גריכן האָבן געהאט מטבעות פון אייזן, ווילדע שטאַמען האנדלען און טוישן אויף גרינע שטיקלעך גלאָז, מושעלן, בים־לעך רייז, און פונדעסטוועגן זענען מיר זיך אַלע מקריב פאר געלט, און ווייסן, אַז געלט עקזיסטירט...

נאָר, אַז עס זענען פאראנען פארשידענע מינהגים און דעות ביי פעלקער, ווערט שוין דער עולם מסופק, צי עס איז פאראנען א מאָראַלי־טעט; קען שוין זיין, אַז „איוב לא היה ולא נברא״, אַז נישט — שטעקט די מאָראַליטעט טאַקע אין דער פרייער קאָנקורענץ — אין דער זיפּ, וואָס לאָזט אַרויס די קליינע און דראָבנע, און באהאַלט די גראָבע, גרויסע און פעטע... אין דער זיפּ, וואָס וועט אונדז מיט דער צייט אויסשאָקלען הונ־דערט מיליאָן אַרבעטער און עטלעכע מאַנטשעסטער־פאבריקאַנטן...

וואָס האָט די מאָראַליטעט פארן אָרעמען אומגליקלעכן, וואָס פאַלט אונטער דער לאַסט? נישט מער ווי א היתר: קריך אויך! כאַפּ אויך! גלייך מיטן בעל־הגדה, ווייסט זי נאָר: „נעם די מצה!״ דער קניזש ליגט אינ־מיטן גאָס, כאַפּ דיך צו!

און עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ גוטע פילאָזאָפיע נאָר פאַר רייכע לייט אָדער פאַר שטאַרקע פעלקער, אַז די פילאָזאָפיע קען נאָר ליגן אין אַן אָנגעשוואָלענעם ברוסט־טאַש און זיין אונטערגעשפּאַרט מיט אַ וואַלד פון באַגנעטן, אַז אָרעמע לייט און שוואַכע פעלקער, וואָס קענען לייכט אונטערגיין אין דער אייביקער מילחמה, וועלן זיך האַלטן אָן די אַלטע מענטשלעכע אידעאַלן, אָן דעם אַלטן יושר, אָן דער אַלטער מאָראַליטעט...

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז עס איז אַ טעות... ווי געזאָגט, קומען שוין היינט ספּענצער און ליפּערט אין בית־המדרש אַריין, מען שטודירט זיי אין אַלע ישיבות...

דער געוועזענער פּרוש, וואָס האָט געלעבט פון תעניתים, ווייסט שוין היינט, אַז דאָס בעסטע איבר פון אַ מענטש איז דער מאָגן, אַז אַלע אַנדערע איברים זענען משרתים, אַז נאָר ער, דער מאָגן, מאַכט די געשיכטע, אַז נאָר אייגנליבע שפּינט די קולטור!

---

אויף ספּענצערס קני וועט אויפגעצויגן ווערן אַ נייער דור פון סאַמע כאַפּערס...

ווי אַזוי דאַרף מען דערציען קינדער?

קינדער — זאָגט ספּענצער — דאַרף מען דערציען אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן קענען גליקלעך זיין... זיי זאָלן קענען אויסנוצן דאָס גאַנצע נחת, וואָס די נאַטור וועט זיי געבן; זיי זאָלן זיין ווי אַ שוואָם, איינצוזאַפּן דאָס גאַנצע פאַרגעניגן, וואָס זיי וועלן געפינען אויף זייער וועג...

וואָרום — אַז יעדער וועט האָבן זיך אין זין, וועט אַלעמען גוט זיין, — מין־הסתם!

ספּענצער און ליפּערט ווערן אונדזערע נייע געטער!

נאָר דאָס איז אויך נישט קיין נייעס!

די יונגע עגיפּטיאַנערן, וואָס מען האָט יאָר־יערלעך אַריינגעוואָרפן אין נילוס אַלס קרבן פאַרן הייליקן טייך, האָט אַליין אויך געגלייבט אין זיין הייליקייט...

די אַמעריקאַנישע קנעכט האָבן זיך געשלאָגן אין איין שורה מיט זייערע באַלעבאַטים קעגן די, וואָס האָבן זיי געוואָלט באַפרייען.

אונדזערע אַ ל ט ע פויערן זאָגן נאָך, אַז עס איז בעסער צו אַרבעטן „פּאַנשטשיזנע" איידער צו צאָלן פּאַדאַטעק —

און מיר, מיר אָרעם, צעוואָרפן, שוואַכסטע פאָלק אויף דער וועלט,

הייבן אויך אָן צו גלייבן, אַז דער אידעאַל פון מענטשן איז דער אייבי־קער קריג צווישן מענטשן און פעלקער, ראסן און קלאַסן...

דער דארווין־ספענצער־ליפערטישער סיסטעם, אָדער ביכלל דער פאַ־פירענער ליבעראַליזם, איז דורך גאַנץ איירָאָפּע ווי אַ זאַראַזע. פרייהייט הייסט אַ רעכט, צו מאַכן זיך מיט די עלנבויגן אַן אָרט ביים טיש; ווײלן — הייסט קויפן שטימען פאַר געלט און בראָנפֿן, פּאַרלאַמענטן זענען בערזן, ווו פּאַרטייען שווינדלען מיט פּאָליטישע פּאַפּירן, ווו די דעפּו־טירטע פאַרקויפן איינער דעם צווייטן די געקויפטע מיט אַן אומגעהייערן ראַבאַט... די „פרייע פּרעסע”, דער שטאָלץ פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, איז אַ רינשטאָק פון בלאַגע און שאַנטאַזש...

# דער טאָג

ער מאַניפעסט איז וואָס אָנבאַלאַנגט צו דער יידישער לאַגע נישט קלאָר, אין ווייטעם דערקלערונג — וואַקלדיק... די רעגירונג וועט שטרעבן גלייכצובאַרעכטיקן אַלע איינווינער אין דער אימפּעריע. קיין צייט דערויף איז נישט באַשטימט, און ווייטע, ווי מיר ווייסן פון די בלעטער, האָט פולע הענט אַרבעט און אויסער דעם נאָך אָפענע טירן פאַר דער פּרעסע, אָפענע טירן פאַר אַלערליי פאָרשטייער; כמעט ער שלאָפט נישט!... צי קלינגט עס נישט ווי: משיח וועט קומען, ער מוז קומען, נאָר ווען?

און אַנטשיידן וועט די דומע. זי וועט פּילייכט, ווי אַמאָל די פּוילישע געזעצגעבונג, זאָגן: אַדרבא, יידן קומט גלייכבאַרעכטיקונג, נאָר זיי מוזן זי פאַרדינען, אומזיסט טרינקט מען וואַסער און אויך נאָר אין קליינע שטעטלעך; און — אויב די פּאות זענען שוין אָפגעשניטן; אומגעשאָרענע בערד טראָגן רוסן אויך, לאַנגע רעק אויך, דאַרף מען נאָר פאַרלאַנגען, זיי זאָלן דאַווענען אויף רוסיש?

האָט מען טאַקע געקלאַפּט א טעלעגראַף צו ווייטען מיט אַן אָנפראַגע, צי איז די יידישע גלייכבאַרעכטיקונג פאַרזיכערט, האָט ער, א פאַרנומענער מענטש — נאָך נישט געענטפערט... פאַר דאָס האָבן אויף זיין אָרט געענטפערט אַנדערע: די כוליגאַנעס, די שוואַרצע מאות, די באַסיאַקעס, רופט זיי ווי איר ווילט נאָר; די באַהעלפער און אונטערשטיצער פון דער הערשנדער פּאַרטיי, וואָס מוז און וויל פאָרט נישט אַראָפּ, און שפּרעכט אָפּ אירע שלעק מיטן אַלטן שפּרוך: פון מיין קאָפּ אויפן יידישן קאָפּ...

די אַלטע שפּיצלעך, פון וועלכע פאָרשריטס־פּאַרטייען לאַכן און מיר, מיר יידן, וויינען. יענע קייקלען זיך פאַר געלעכטער און מיר פאַר שאַנד, שפּאָט און ווי, און פאַרגיסנדיק אונדזער בלוט, אונדזער הארציס בלוט אין דער בלאָטע אַריין...

---

און די אַלטע יידן, וואָס מיר האָבן אין אונדזערע חלומות לאַנג באַ־גראָבן, לעבן נאָך און גייען ארום אין די גאסן; היינט מעג מען; מען כאַפּט אינעווייניק א ציטער און מען גייט כלומרשט מיט א פּנים פון פראַנק־און־פריי אויף א הפקר־וועלט...

— פּאָגראָמען! שריי איך אזא יידן אין אויער אריין; איך וויל וויסן, צי ער לעבט באמת, צי ער גייט ארום אויפן עולם־הדימיון.

— אין רוסלאַנד! — ענטפערט ער מיט שטאָלץ.

פרעמד בלוט, הייסט עס, פארגיסט זיך.

איך פארלאָז דעם אָפּגעשטאָרבענעם און גיי ווייטער איבער דער מאַרשאַלקאָווסקי־גאַס... מאסן גייען. ביי יעדן אין מוח בויערט די פראַ־גע: מען וועט שיסן, צי ניין? און גיין גייט מען, עס גייען באגייסטערטע פּארטיי־מענטשן, וואָס זענען ווירקלעך גרייט ארייננלאָזן אין זיך דעם ערשטן־בעסטן באַגנעט, אויפצורייסן זיך די ברוסט פאַר דער ערשטער־בעסטער קויל... עס גייען אויך מענטשן, וואָס ווערן מיטגעריסן מיט דער מאַסע, מענטשן, וואָס האָבן גאָרנישט זייער אייגנס און ווערן צוגעצויגן, אזוי איינצלנע שטאַרקע מענער, ווי פון דער קראַפט אין דער מאַסע, גלייך אייזן־שטויב פון א מאַגנעט, און ווילן זיך אויך צעפּליען ווי דער זעלבער שטויב ביים ערשטן געטורעט, פון באַריטענע פערד, פון ערשטן הילך פון א שאָס אין דער לופט, אַפילו פון א הויכן פּאָליציאנטן־געשריי, גאָר פארגעסנדיק, אז היינט רעגירט עמעץ אַנדערש אין דער גאַס, אז דער ערשט־נישט־לאַנג אליין־הערשנדער פּאָליציאנט איז באַפאַלן! און נאָך אַן אַנדער סאָרט מענטשן גייען... איינציקווייז גייען זיי, שטיל ווי גנבים, אויסקוקנדיק ווי דאָס ערגסטע אומרואיקע געוויסן און מיט בליצן פון שלאַנגען־גיפט אין די אויגן — אַגענטן פון דער אַלטער אָרדענונג גייען...

עס הערט זיך געזאַנג, עס באַווייזט זיך א רויטע פאָן, עס ווערט א געשריי: היטלען אראָפּ! און דער מענטש פון דער מאַסע, פאַר ליבשאַפט, פאַר פרייד און גאַנץ אָפט פאַר בלויזער געוווינהייט צו פאָלגן, כאַפּט זיך צום היטל, נאָר אויב ער איז א קריסט, הערט ער הינטער זיך:

— הייב נישט! עס איז א יי ד י ש ע פ אָ ן... א יידיש געזאַנג!

און איינער פון די אונטערזאָגער גייט־צו צו זיין חבר און פרעגט:

— אפשר אָנפאַלן?

—ניין, מיר זענען צו־ווייניק! הער איך א תשובה.

עס קומט־צו צו מיר איינער א האלב־לעבעדיקער, האלב־טויטער ייד און פרעגט:

— צי קאָן זיין אין ווארשע א פּאָגראָם?

און איך קריג אויף אים, אויפן האלב־טויטן, האלב לעבעדיקן קוים עטעמדיקן ווארשעווער ייד, רחמנות און זאָג אים: ניין.

— זיכער? — גלאָצט ער אויף מיר די אויגן אויס.

— זיכער. דער היגער פּראָלעטאריאט איז אנטוויקלטער; די צאָל פון לומפּנפּראָלעטאריאט — קלענער. דער געווערב־מאַן טרינקט פיל ווייני־קער, צו די געהיימע אגענטן האָט מען קיין צוטרויען נישט, און הער! מען שרייט: יעדנאָשטש! ניעך זשיע יעדנאָשטש! אויסערדעם — צוויי גרויסע אנטיסעמיטן האָבן אויף א וויעץ פארזיכערט, אז עס וועט נישט זיין, זייער אנטיסעמיטיש ערן־וואָרט געגעבן...

און עס קומט אין אים אריין א חיות, א ניי לעבן, דאָס פּנים שיינט, די אויגן לייכטן, ווער איך פלוצלינג בייז אויף אים און זאָג:

— און אפשר יאָ... קיין נביא בין איך נישט!

און ער איז צוריק האלב־טויט, האלב לעבעדיק געוואָרן... ער שטאַרט! ער פאלט...

אפשר בארבעטן אים צום זעלבסטשוץ?

---

רויטע פענער — מאסן באגייסטערטע פּנימער, פלאַמענדיקע אויגן — העלדן... אייערע און אונדזערע צוזאמען! יעדנאָשטש! און אין מיר אָרעמען, נאָך לעבנדיקן ייד דרייט אין אלטן קראנקען הארץ די פראגע:

— צי וועלן זיי מיר אויך העלפן?

עס גייען פּארטייען נאָך פּארטייען, פענער נאָך פענער — מיינע, ביז אין דער לעצטער מינוט היים־געליבטע פענער: פרייהייט! אכט־שטונ־דיקער ארבעטס־טאָג! עס לעבע דער פּראָלעטאריאט... און דאָך איצט, אין דער מינוט, ווען פּאָגראָמען שוועבן אין דער לופט, זענען זיי מיר נישט אזוי היים געליבט... דאָס איז מיר איצט פיל צו־ווייניק!

צוויי גייען פארביי און איינער פון זיי לערנט דעם צווייטן:

— דער קלאסן־קאַמף מוז זיך אריינמישן אין נאציאָנאלן קאַמף, נאָר אויף אזוי ווייט, ווי ווייט עס אינטערעסירט דעם קלאסן־קאַמף — —

ווי ווייט עס קאָן אינטערעסירן האָב איך נישט געהערט. עס האָט א דונער געטון: יעדנאָשטש! הייזער ציטערן...

איך אָבער ציטער אויך...

---

מיין טאָן איז נישט געפעלן געוואָרן. „סטייטש אין היינטיקן מאָ־מענט, ווען די וואַנט פאַלט, די טירן פון תפיסות סקריפען און ווילן זיך עפענען, און וועלן זיך היינט־מאָרגן עפענען, ווען די צייטונגען גייען אַרויס (אין די רעזידענצן) אָן „דאָזוואָלענאַ צענזוראָי", ווען צען מאָל אין טאָג פאַרזאַמלען זיך מיטינגען, און מען רעדט וועגן אַלץ פראַנק און פריי אין די אויגן פון אַלטן טשינאָווניק... היינט רעדסטו פון קאַפּעלושן?"

רבותים, זייט מיר מוחל... זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב מיינע אויגן, און אויף זיי מיינע ברילן און קאָן נישט און וויל נישט זען אויף אייערע אויגן, קל־וחומר — אויף אייערע ברילן! און אז איך זע אין דער לופט ארומשוועבן קאַפּעלושן — מוז איך געבן א משל מיט א קאַפּעלוש... און אין דער לופט, זע איך, שווימען ארום קאַפּעלושן אָן קעפּ, אָן מענטשן... א טראַגי־קאָמעדיע זע איך, א פורים־שפּיל!

אין קאָפּ דרייען זיך מיר, ווי פליגל פון א ווינט־מיל, רעסקריפּטן, מאַניפעסטן, מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, סאַמע גוטע זאכן, און פול בין איך „גאַלגן־הומאָר"... איך זע אן עולם גייט אין באָד, זיך כלומרשט אָפּ־וואַשן, און האָט אפילו א בעזעמל צום שמייסן ביי זיך אין די הענט, נאָר אָן פרישע וועש! אַרויסגייענדיק פון דער היץ, פון פלוצלינגדיקן התלהבות, וועט ער צוריק אין אַלטן העמד, אין דער אַלטער ברודיקער וועש... א נייער טאָג, זאָגט איר, — איר גלייבט, און איך גלייב נישט! צי האָט איר דאָס רעכט פון מיר צו פאַרלאַנגען אמונה?

און נישט איר אַליין, לעזער, פאַרלאַנגט אמונה...

די אַלטע וועלט, וועלכע איר האָט שוין, ווי אייך חלומט זיך, אין קבר אַריינגעלייגט, מיט ערד באַשיט און איר, ווי עס דאכט זיך אייך, גייט צוריק פון דער לוויה און רייסט גראָז און וואַרפט צוריק אויפן קבר — די אַלטע וועלט האָט פאַרלאַנגט אמונה...

אויף א הויכע פאָלקע פון האָלץ־ווערים צעפרעסענעם שראַנק איז געשטאַנען אָן אַלט דריי־פערטל אויפגעגעסן כפר, און האָט פאַרלאַנגט אמונה, אז איר לעבט נאָך אין זיין צייט, און דאַרפט אייך נאָך פירן לויט זיינע עצות...

דער רב און דער צדיק האָבן פאַרלאַנגט אמונה, אז פאַר זיי איז אָפן ד ע ר הימל, וואָס איז פאַרשלאָסן פאַר א י י ך... דער דאָק־טאָר, ביים בעט פון קראַנקן, האָט פאַרלאַנגט אמונה אין זיינע סודות, אין זיין באהאַלטענער קבלה־מעדיצין, וואָס ער טאָר נישט אויסזאָגן, נישט דעם קראַנקען, נישט זיינע נאָענטסטע קרובים. דער סוחר ביכלל, דער רייַ־כער און דער קאַפּיטאַליסט ביפרט, האָבן פאַרלאַנגט אמונה, אז יעדער

גראָשן איז ערלעך פאַרדינט; דער ביוראָקראַט האָט אוודאי פאַרלאַנגט אמונה! איר מוזט אים גלייבן, אַז ער ווייסט אַלץ, טוט אַלץ צו אייער בעסטן, ביפרט ווען איר צאָלט דערפאַר, און קוים האָט איר אָנגעהויבן מסופק צו ווערן, איז ער, גאַנץ ערלעך, בייז געוואָרן און אַז אַ טאַטע ווערט בייז, שמייסט ער; פון דעם האָט נאָך שלומה־המלך געוווסט...

און אויב די ניי־געעפנטע וועלט פאַרלאַנגט אויך אמונה, זאָג איך אייך, אַז די נייע וועלט איז קיין נייע נישט, אַז דאָס איז אַ מלמד, וואָס האָט זיך פּורים, לשם־מיצווה, איבערגעקנעפּלט אויף גויש, פון רעכטס אויף לינקס, און געמיינט, אַז מען וועט אים נישט דערקענען...

וואָרום נישט נאָר איר, לעזער, פאַרלאַנגט אמונה...

די באַלעבאַטים, וואָס פאַרפלייצן די מיטינגען און הערן אויס די זיסע רייד פון פאָסטעמפּאָווער־דעמאָקראַטיע, וואָס בויט אַלץ אויף גע־רעכטיקייט; די פייערדיקע אויסגעשרייען פון דער נאַראָדאָוועור־דעמאָ־קראַטיע, וואָס טראָגט דעם ווייסן פאָן; די שטעכנדיקע, בייסנדיק־ברע־נענדיקע רייד פון פּראָלעטאַריאַט־רעדנער און נאָך און נאָך אַלערליי פאַר־שידענע רעדן און פּאַטשט נאָך יעדער רעדע „בראַוואָ"!, וויל אויך, מען זאָל איר גלייבן; גלייבן, אַז זי האָט: ע ר ש ט נ ס פּאָליטישע איבער־צייגונגען, צווייטנס בלויז געפיל פון גערעכטיקייט, כאָטש זי באַנוצט זיך מיטן אַרבעטער־בלוט פאַר אירע צוועקן און דריטנס, אַז זי האָט באמת אהבת־נפש ליב דעם שטרייקנדיקן פּראָלעטאַריאַט, וואָס שטייט פאַר איר און פּאַטשט זי און שמייסט זי מיט אייזערנע ריטער און שפּייט איר נאָך דערצו אין פּעטן פּרצוף אַריין...

און די רעדנער די פּאַרטייען־פאָרשטייער?

אָט שטעלט זיך אויף אַ יידל מיט וואָנסן און שיט פייער און פלאַם, ער זאָגט, אַז ער איז אַ געבוירענער פּאָליאַק, אַז אין דער שטוב, ווו זיין וויג איז געשטאַנען, האָט מען גערעדט פּויליש, אַז דאָס ערשטע לידל, וואָס ער האָט געהערט, איז געווען אַ פּויליש לידל — אַז זיין גאַנץ פאַר־לאַנגען, דאָס ציל פון זיין גאַנץ לעבן, זיין איינציקע האָפענונג איז צו פאַרדינען דעם טיטל: „אָביוואַטעל פּאָלסקי"...

און דערביי פאַרלאַנגט ער אַ קליניקייט; ער פאַרלאַנגט, אַז איך און די אַלע, וואָס זענען געזעסן ביים טיש פאַר דער פּרעסע, און דאָס גאַנצע פּובליקום אין סאַלאָן פון פילהאַרמאָניע, זאָל האָבן אָן אים אמונה, און גלייבן אים, אַז ער רעדט אין נאָמען פון „בונד", אַז דער „בונד" האָט'ם געשיקט אַזוי צו זאָגן, אַז זיין פּראָגראַם איז דעם „בונדס" פּראָגראַם...

און א פארטרעטער פון ס. ד., וואָס וויל אפילו קיין באַזונדערע קאָנסטיטואירנדע פארזאמלונג פאר פוילן נישט, פאַרלאַנגט, מען זאָל אים גלייבן, אַז ער איז אַזאַ גוטער הייסברענענדיקער פּאָליאַק ווי דער, וואָס וויל דאָס גאַנצע פּאָליטיש־אויפגעברויזטע, פּאָליעס־שלאָגנדיקע וואַסער צוציען צו זיין מיל, עס זאָל דרייען דאָס איינציקע רעדל פון „באָזשע צאָש פּאָלסקי”.

און אַ פאַרטרעטער פון פּ. פּ. ס., וואָס וויל אַ קאָנסטיטואירנדע פאַרזאַמלונג עקסטרא פאַר וואַרשע און דערמאַנט נישט אַ וואָרט וועגן ליטע, מאַלאָראָסיע, ליפלאַנד, א. ד. גל. פאַרלאַנגט פון מיר אמונה, אַז ער וויל, ערשטנס, בשום־אופן זיך נישט אָפּטיילן פון רוסלאַנד, אַז ער איז, צווייטנס, גערעכט פאר אַלע פעלקער אויף דער וועלט און דריטנס, אַז עס איז מעגלעך איין קאָנסטיטואירנדע פּאַרזאַמלונג אין פּעטערבורג, די צווייטע אין וואַרשע און אַז ביידע וועלן אויספירן גראָד דאָס־זעלבע, וואָרים דאָס לעבן וועט שוין ווייזן, ווי אַזוי!

און א יידל מיט אַ נאָז אַלאַ פּינטשעוו, אַפילו מיט אַ באָרד, פאַרטרעט די פּוילישע נאַציאָנאַל־פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע, און זאָגט, אַז די וועלט מוז שטיין אויף פרייהייט און גערעכטיקייט גלייך פאַר אַלע, און דעריבער מוז אין גאַנץ פּוילן, וואָס האָט אַ דריטל יידישע באַפעלקערונג הערשן נאָר די פּוילישע שפּראַך, קאָנען עקזיסטירן נאָר פּוילישע שולן, און מאַכט זיך אַפילו נישט וויסנדיק, אַז דאָס יידישע דריטל, מיטן אויסנאַם פון אַ גאַנץ קליין ביסל אָפּטריניקעס, וואָס האָבן איינגעזאַפּט דאָס „פּוילישע לידל נאָך אין דער וויג”, וויל יידישע שולן, דאָס אָנערקענען פון דער יידישער שפּראַך, ווייניקסטנס אין אייגענע אָפּגעזונדערטע אַנגעלעגנהייטן, — דאָס משה־רבינו־פערדל פאַרלאַנגט פון מיר אמונה, אַז ער האָט אַ לאָגישן קאָפּ, אַז גערעכט איז פּויליש פאַר פּאָליאַקן און אומגערעכט — יידיש פאַר יידן...

און אונדזער איינער, וואָס בויט זיין ירושלים אויפן יידישן נאַציאָנאַליזם, וויל: איך זאָל אים גלייבן, אַז דאָס צעברעקלען פון גרויסן רוסישן לאַנד אויף קליינע לענדער, וואָס מוזן זיך מיט דער צייט אָפּרייסן גאָר אינגאַנצן, וועט נישט צעברעקלען די יידישע מאַסע אין לאַנד און אַז עס וועט קיינמאָל נישט קומען די צייט, ווען דער ליטווישער ייד מיטן פּוילישן, וואָס לעבן אַזוי אויך נישט ווי אַמבעסטן, וועלן זיך נישט זיין אַזוי פרעמד, ווי דער דייטשער ייד מיטן פראַנצויזישן, און נישט קוקן אויף זיך, ווי קאַץ און מויז!

און אפילו דער טיש פאַר דער פּרעסע, וואָס פאַרלאַנגט גאָר גע־וואַלטיק דאָס פרייע וואָרט און ווערט שיר־נישט משוגע פאַר כעס, אַז מען רעדט קעגן לידל „באָזשי צאָש פּאָלסקי" און טאַפּעט מיט די פיס, און שרייט ווי אין א דול־הויז: אראָפּ! אראָפּ! פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל! אַפילו דער טיש פאַר דער פּרעסע פאַרלאַנגט פון מיר אמונה, אַז דאָס פאַרלאַנגען די פרייהייט איז ביי אים אַן ערנסט און ער מיינט עס פאַר אַלע...

און די, וואָס גייען מיט מיר צוזאַמען אַרויס פון וויעז, פאַרלאַנגען אויך פון מיר אמונה, איך זאָל גלייבן, אַז די רעזאָלוציע פון וויעז, מען זאָל פאַרלאַנגען גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן, דאַרף מיך איננאַנצן באַ־רואיקן, כאָטש פאַר דער רעדאַקציע פון „גאָניעץ" שטייט א גרויסער פּוי־לישער פאָלקס־מיטינג און שרייט, צווישן אַנדערע געשרייען: „פּרעטש ז זשידאַמי"... און כאָטש די שוואַרצע מאה רעגירט פּראַנק און פריי אי־בער אַל, יידישע פּאָגראָמען צעפּלייצן זיך אומעטום און — צוויי פּוילישע נמינעס האָבן שוין פאַרלאַנגט מען זאָל אַרויסטרייבן די יידן...

און אַלע באַלעבאַטים, זייערע און אונדזערע, פאַרלאַנגען פון מיר אמונה, אַז עס איז א יושר דער פּראָלעטאַריאַט זאָל ברענען, און זיי זאָלן אויפן לעבעדיקן פייער בראָטן געגזלטע קאַרטאָפל; אַז עס איז א יושר, דער אָרעמער אַרבעטער זאָל זיין אין דער פינצטערער נאַכט א לעבעדיקער שטורקאַץ, ביי וועלכן זיי וועלן ציילן זייער גערויבעוועט געלט און אונ־טערשרייבן זיינע פאַרשווינדלטע וועקסלען...

און די וואַרשעווער פּאָליציי וויל, איך זאָל איר גלייבן, אַז דער מאַ־ניפעסט איז מאַניפעסט פאַר איר אויך, בשעת ווען זי שטעכט און שיסט צו נישט־באַוואָפנטע מענער, אַלטע לייט, ווייבער און קינדער אין די גאַסן... אַז איר גאַנצער מיין איז, עס זאָל זיין שטיל און רואיק אין גאַס און דעריבער מוז זי שטעכן און שיסן; בשעת ווען זי לאָזט דורך פּראַנק און פריי די גרעסטע מאַניפעסטאַציעס פון דער שוואַרצער נאַראָדאָווער דע־מאָקראַטיע...

און פּעטערבורג פאַרלאַנגט, אַז דער מאַניפעסט, וואָס מען האָט באַ־קומען דורך געשרייען, פּראָטעסטן און שטרייקן, קאָן דערפילט ווערן ערשט דעמאָלט, ווען די געשרייען און שטרייקן וועלן אויפהערן! דאָס גאַס־גע־רודער שטערט דער רעגירונג ביי דער אַרבעט!

זאָל האָבן אמונה ווער עס האָט... איך האָב נישט, און ווייל איך האָב נישט, שרייב איך פעליעטאָנען פון קאַפּעלושן... פון קאַפּעלושן אָן קעפּ, אָן מענטשן.

אוים! מער פיר איך מיט דער אלטער רעגירונג קיין מחלוקת נישט.

כל־זמן די אַלטע רעגירונג, וואָס וויל בשום־אופן נישט אַלט ווערן, האָט מילחמה געהאַלטן מיט מאַניפעסטן, איז געווען אַ געשעפט צו ענט־פערן מיט לייטאַרטיקלען, פעליעטאָנען — מיט אַלערליי ליטעראַ־רישע מאַניפעסטן, און — שרייבן קענען מיר בעסער! האָט איין זייט געבעטן זיך קרעדיט, האָט די צווייטע קורץ און שאַרף גע־ענטפערט: לאו! האָט איין צד געזידלט: פאַרחלומטע קעפּ, דעמאַגאָגישע אונטערהעצער וכדומה, האָט דאָס צווייטע געענטפערט: שטאַר־קעפּ, אינ־טריגאַנטן, שווינדלער, פּראָוואָקאַטאָרן! אויפן פּאַפּיר האָבן מיר שטענדיק די אויבערהאַנט געהאַט; דאַצו האָבן מיר געשיקטערע הענט, שאַרפערע צונגען און אַ פרייערן סטיל. נישט אומזיסט זענען מיר טינט־און־פעדער־לייט! אַצינד האָט זיך אָבער די אַלטע רעגירונג מיישב געווען און האָט צוריק אַרויסגענומען און אָנגעשאַרפט דאָס אַלטע כלי־זיין; קריגס־צו־שטאַנד, קאָלבעס, שטיקעס, אַרעסטן, פאַרשיקערייען, קריגס־געריכטן — אויף דעם איז שוין מיט טינט און פעדער נישט צו ענטפערן! זאָל זי קו־מען אויף אַנדערע הענט, און מיר, מיר עצה־פעדער און טינט־און־פעדער־לייט, וועלן זיך דערווייל באַשעפטיקן מיט כשרע, שטילע היימישע געשעפטן — ביז דער צאָרן וועט אַריבער! ביז דער הימל וועט זיך אויסלייטערן און די שטילע אַרבעט פון אונטער דער ערד וועט צוריק אַרוים אויף דער ליכטיקער שיין.

און היימישע געשעפטן האָבן אויך דאָס רעכט אויף אויפמערקזאַמקייט.

---

און היימישע געשעפטן פעלן נישט.

די קאָמיסיע, וואָס איז געזעצט געוואָרן ביים וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, אום אויסצואַרבעטן דאָס נייע געזעץ פון אַ שטאָט־פאַר־וואַלטונג (זאַרזשאָנד מיעיסקי — גאָראָדסקאָיע סאַמאָאופּראַוולעניע) אין פּוילן, און וואָס האָט איבערגעריסן איר אַרבעט ביים ערשטן אויסרופן פון קריגס־צושטאַנד, — די קאָמיסיע האָט אַצינד צוריק אויפגענומען איר אַרבעט און האָט שוין אויפסניי עטלעכע זיצונגען געהאַט.

אויף דער לעצטער זיצונג איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע: אין וועלכער באַציאונג דאַרף שטיין דאָס יידיש־פּוילישע קהל צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג? און ביידע יידן, וואָס זיצן אין קאָמיסיע, צוויי פּייערדיקע זיילן פון דער פּויליש־יידישער אַסימילאַציע, האָבן אַרויסגעזאָגט די מיי־

נונג, אַז די יידישע געמיינדע דאַרף אין קיין באַציאונג נישט אַרונטער־פאַלן דער שטאַט־פאַרוואַלטונג; אַז די יידישע געמיינדע דאַרף זיך פירן באַזונדער, עמאַנציפּירט פון אַלגעמיינע שטאַט־זאַכן. אַזוי אויך דאַרפן באַפרייט ווערן אַלערליי צדקה־חברות און — וואָס דער עיקר איז — די מיינונג איז פון דער קאָמיסיע אָנגענומען געוואָרן. עס פּראָפּאָנירט זיך נאָך: דער וואַרשעווער דאָזיקער זאָל שטיין אין דער שפּיץ פון אַלע עמאַנציפּירטע פּראָווינציעלע דאָזיקע, אַפענער געזאָגט: עס ווערט פאָרגעלייגט א פרייע אָרגאַניזאַציע פון אַלע יידישע געמיינדן אין פּוילן מיט וואַרשע אין דער שפּיץ.

זעט איר נאָכאַמאָל, אַז א „יידישע קישקע קען מען וו י ר ק ל ע ך נישט שאַצן", אַסימילאַטאָרן אין א ר ע ג י ר ו נ ג ס־קאָמיסיע פאָרלאַנגען א פרייע יידישע פאָלקסטימלעכע אָרגאַניזאַציע און ווען אפילו אָן א „געזעצגעבנדן סיים"!

---

נאָר צי דערלויבט דערויף דאָס הערשנדע געזעץ וועגן יידישע געמיינדן?

דאָס הערשנדע געזעץ איבער יידישע געמיינדן דערלויבט אַלץ און גאָרנישט; געשווינדער — גאָרנישט, ווייל דערווייַלע איז נאָך קעגן געזעץ אַלץ, וואָס דאָס געזעץ האָט נישט אויסדריקלעך דערלויבט, און דאָס געזעץ, פון וועלכן מיר רעדן, איז זייער אַלט, זייער קנאַפּ און — ווי אַלע אַנדערע געזעצן — געלאַטעט און דורך נישט געשיקטע הענט.

איבער דער גאַנצער צייט, ווען דאָס לעבן האָט זיך אַזוי געוואַלטיק געענדערט, האָט זיך די רעגירונג מיט די יידישע געמיינדן כמעט נישט באַשעפטיקט. און אַזוי ווי מען קען לאַנג די קינדער־שיך נישט טראָגן, האָבן די אַנטוויקלטע געמיינדן (וואַרשע, לאָדזש...) לאַנגזאַם, יעדעס מאָל מיט א ספּעציעל דערלויבעניש פון מאַגיסטראַט, זייערע אַטריבוציעס (רעכטן) פאַרשפּרייט, פאַרטיפט, און וואָס מען האָט באַקומען, שוין פעסט געהאַלטן אויף שפּעטער און ווייטער אַנטוויקלט. מיט דער צייט האָט די געמיינדע זיך אויפגעהערט צו באַרלאָזן אויפן געזעץ און דער איינציקער מאָטיוו אין אַלע פאַפּירן צו דער רעגירונג איז געוואָרן: היות, ווי דער מינהג איז... אויף רוסיש הייסט עס: „פאָ פּרימערו פּרעזשניך ליעט".

אַצינד, אַז דאָס אַלטע און פאַרשימלטע שווימט אָפּ און עס אָרגאַניזירט זיך, אויף דער גאַנצער דערוווייליקער רעאַקציע נישט קוקנדיק, א ניי לעבן, וואָס מוז האָבן נייע פּאַסנדיקע געזעצלעכע פאָרמען, בלייבן די

יידישע געמיינדן אָרעם־נאַקעט, און עס איז נייטיק א ניי געמיינדע־געזעץ, וואָס זאָל פאסן צו די נייערע לעבנס־פאָרמען. און ווירקלעך: דער וואר־שעווער דאָזאָר האָט ארויסגעזעצט א קאָמיסיע פון עטלעכע פאָרשטייער, אויסצואַרבעטן א נייעם געזעץ־פּראָיעקט פאר די יידישע געמיינדן אין פּוילן.

דערפאר וואָס דער וואַרשעווער דאָזאָר שלאָפט נישט, קומט אים א שיינעם דאנק, פון דער צווייטער זייט אָבער, איז א פּראָיעקט פאר יידישע געמיינדן, וואָס וועט אויסגעאַרבעט ווערן פון היינטיקן וואַרשעווער דאָזאָר, פארן יידישן נאַציאָנאַל־לעבן, אביסל צו געפערלעך.

די היינטיקע פאָרשטייער, אלס פּאָליטיש ערלעכע לייט, טאָרן נישט פארגעסן:

1) אז דער אוסטאַוו דארף זיין נישט פאר וואַרשע אליין נאָר אויך פאר דער פּראָווינץ. נאָך מער: אז די פּראָווינץ איז מער פאראינטערעסירט דערין, ווייל זי דארף אונטערפאלן וואַרשע.

2) אז זיי, די היינטיקע פאָרשטייער, זענען אויסגעווויילט געוואָרן, לויט א זייער אלטן, היינט שוין, אפילו אין רוסלאַנד, נישט באַסנדיקן וואַל־רעכט, וואָס האָט געגעבן די דעה נאָר, פּארהעלטנישמעסיק, פארמעגלעכע לייט.

3) אז געווויילט זענען זיי געוואָרן נאָר צום פאַרוואַלטן מיט דעם, וואָס עקזיסטירט שוין: השבונות צו פירן, הכנסה והוצאה צו מאכן, נעמען געלט און געבן געלט און לויט א באַקאַנטן און באַשטעטיקטן בודזשעט, אָבער נישט אויפצוּוואַרפן אויף קהל א נייע לעבנס־פאָרעם, פאַרבינדן דאָס יידישע לעבן מיט א נייעם אוסטאַוו, דאָס געהער צו זייער מאנדאַט נישט, אויף דעם האָבן זיי קיין פולמאַכט פון ק יי נ ע ם נישט! און אויך —

4) אז די קאָדענץ פון די היינטיקע פאָרשטייער איז 1905 געענ־דיקט און ווען נישט דער קריגס־צושטאַנד מיט די אומרועז, דורך וועלכע די געמיינדע וואלן זענען אָפּגעלייגט געוואָרן, וואָלטן מיר פיליכט שוין געוווּסט, אז די געמיינדע האָט נ י ש ט דעם גאנצן צוטרויען צו די רייכע, ערלעכע, טעטיקע, אָבער ווייניק, אָדער גאָרנישט יי ד י ש גע־בילדעטע איצטיקע פאָרשטייער...

און עס איז דעריבער א יושר:

צום באַטראַכטן דעם אוסטאַוו צו רופן די פּראָווינץ און וואַרשע אליין — די ווירקלעך יידישע אינטעליגענץ. —

טרא־א־אך!

די דיקע מויערן ציטערן.

גאָטס דונער איז נישט אזוי שטארק. ערדציטערניש, וואָלקן־ברוך!

— מאדאם!

זי הערט מיך נישט. זי ציטערט, די פינגער אין די אויערן, די אויגן שטאר, דאָס געזיכט אָן א טראָפּן בלוט, א דיקער טראָפּן שוויס אויפן שטערן, זי פאלט טיף אריין אין פאָטעל.

— וואסער! רוף איך, נאָר מיין שטימע ווערט פארדעקט מיט דריי געדיכטע סאלוון.

דאָס שיסן האָט זיך שוין נישט געהערט.

דער קערפּער איז ווי אָפּגעשטאנען; א לייכטער שוידער לעשט זיך אוים ביי די פארבלאסטע ליפּן.

און נאָך א גאנצער שטונדע, אז זי איז קוים צו זיך געקומען, האָט זי, מיט א טרערן אָנגעזאפּטער שטימע, געפרעגט:

— וואָס איז עס?

— קריג, מאדאם!

— אָבער דער האס! פון וואנען נעמט זיך דער האס?

. . . . . . . . . . . . .

— איר ווילט ליבשאַפט, מאדאם?

— ליבשאפט, בארעמהארציקייט... הארמאָניע...

— גוטע זאכן, מאדאם!

הארמאָניע, מלאכים־געזאנג, הימל־שפּיל...

— ווי איז אָבער, מאדאם, אז א פרעכע האנט האָט די הארמאָניע איבערגעריסן? אז אין מיטן הייליקן ברודערשאַפט איז עמעץ געשעדיקט געוואָרן, ב ל ו ט איז פארגאָסן געוואָרן — דאן, מאדאם...

— וואָס דאן? פרעגט זי מיט נאָך־נישט בארואיקטע אויגן, נאָר שוין מיט עטוואָס גערויטלטע ליפּן.

— דאן, מאדאם, איז די ל י ב ע, די בארמהארציקייט, דאָס אלץ־פארצייענדיקע ברידערשאַפט א פארברעכן!

— א פארברעכן?

— געוויס, לאָזט זי, די ליבע, הערשן, די ווייכע, פארטרערטע, אייביק קושנדיקע ליבע, וועט קיין ווייץ און קיין קאָרן נישט וואקסן; זי וועט נישט לאָזן אויסרייסן די דערנער, און זיי וועלן פארדעקן דאָס פעלד. עס וועלן קיין פרוכטביימער נישט ארויס, עס וועלן קיין בלומען און קיין גאָרטן

נישט שפּראָצן, ווילדע פלאנצן און לערע ביימער וועלן פארנעמען דעם פּלאַץ. „ריר־נישט"! זאָגט די ליבע.

און צעוואקסן וועלן זיך אויך נאָר די מענטשן־דערנער. די ווילדע מענטשן־פלאנצן... און פאר גוטע, און פרומע, און איידעלע וועלן שטיין תליות אין די ג א ס ן , וואָס וועלן געוואשן ווערן מיטן ערלעכסטן בלוט... „ריר־נישט!" זאָגט די ליבע.

און ביי די תליות וועט זי שטיין און מיט די גוטע, און פרומע, און איידעלע ווידוי זאָגן און פארשפּרעכן, ו ו אָ ס איר ווילט אויף י ע נ ע ר וועלט... די וועלט אָבער וועט זיך אייביק באָדן אין בלוט, אין בלוט פון די בעסטע, פון די שענסטע, פון די העכסטע...

— אך, גאָט! רופט זי אויס דערשראָקן, און פארשטעלט די קוים אויפגלאנצנדיקע אויגן מיט די מארמאָר־ווייסע הענט.

— גאָט, מאדאם, האָט זיינס געטון. ער האָט אויסער ליבע נ אָ ך עפּעס באַשאפן.

— וואָס?

— דאָס, וואָס איר רופט ה א ס און איז ווירקלעך נישט מער, אלס ג ע ר ע כ ט י ק י י ט !

דאָס פרעכע אינסטרומענט, וואָס האָט שלעכט אריינגעבלאָזן אין דער מענטשלעכער סימפאָניע מוז פארשטומט ווערן... די האַרמאָניע, וואָס איז צעשטערט געוואָרן מיט געוואלט, מוז צוריקגעשטעלט ווערן מיט געוואלט!

זי נעמט די הענט פון די אויגן אוועק.

— און דאן? פרעגט זי. אז זי וועט צוריקגעשטעלט ווערן?

— דאן, אויב עס וועט אמאָל געשען, זאָל הערשן די ליבע!

די וועלט, ווי געזאָגט, איז די אלטע...

עס האָבן זיך נאָר געענדערט די אויסרופן, די קלינגנדיקע ווערטער, די ארט, לויט וועלכער יעדער פּארטיי־מענטש, יעדער פארטיי־קאָמיוואָיאַזשאָר רופט אין זיין געוועלבל אריין, איז פארענדערט געוואָרן — דאָס פּארטיי־מאטעריאל — דער מ ע נ ט ש האָט זיך נ י ש ט געענדערט...

און ווייל דער מענטש האָט זיך נישט געענדערט, ווייל ער, מען זאָל אים ג ל יי ב ן ! ווער עס האָט א לערע קאסע, מוז לעבן אויף קרעדיט! מוז אונטערשרייבן וועקסלען, און גאנץ אָפט — פאלשע וועקסלען, וועלכער ער האָט גאָרנישט בדעה צו צאָלן!

איך רעד שוין נישט פון דער ביוראָקראטיע (שפּייט אוים דריי

מאָל!) וואָס ב א ר ו א י ק ט דאָס פאָלק מיט פּאָגראָמען... פון שטאַטס־מענער, וואָס צעטיילן צווישן פרייהייטס ־ הונגעריקן פאָלק מעניו־צעטל, וווּ עס ווערן אויסגערעכנט אַלערליי מאכלים־טובים, און רעכענען גאָר־נישט צו דערלאַנגען, און דעקן אפילו נישט דעם טיש, און הייצן אפילו נישט אונטער די קיך...

איך רעד גאָר פּ א ר ק ע ר ט פון צ ד ש כ נ ג ד ו . . . זאָלן די שטאַרבנדיקע באַגראָבן זייערע טויטע, איך רייד פון לעבעדיקע, פון די, וואָס גייען אנטקעגן דעם נייעם לעבן און רופן עס ארויס פון אַלטן ביוראָ־קראַטישן תהו־ובהו, פון די, וואָס רופן אַלע 5 מינוט „לחיים"! און נישט איבערן בעכער פון ביוראָקראַטישן בלוטיקן וויין, נאָר לחיים קאָנסטיטור־אַנטע, לחיים דער אַכט־שטונדיקער ארבעטס־טאָג און — לחיים וואַרשע־ווער קאָנסטיטואַנטע!

פון פּ. פּ. ס. רעד איך.

פּ. פּ. ס. פאַרלאַנגט פון מיר אמונה, אז דעמאָלט, ווען עס וועט אויסגעפירט ווערן איר פּאָליטישער פּראָגראַם, וועט זיין פריי, אַלעס פריי, יעדעס פאָלק, אפילו יעדע איינצעלנע אינדיווידואַליטעט; — „מיר — זאָגט מאַדאַם ס—קי, די געוועזענע ג—ע מיט איר קלינגנדיקער, אריינ־שלייכנדיקער שטימע, — מיר פּ. פּ. ס., אז מיר וועלן זיגן, וועלן נישט זיין אזוי קליינלעך, אזוי ענגהערציק עמעצן אין זיינע געוווינהייטן צו שטערן, מיט געוואַלט זיין געשמאַק צו ענדערן, זיין פריי־וואָרט צו שמעלן" — און דער מיטינג־[illegible] פּ. [illegible]ס. עולם פּאַטשט: בראַוואָ! עס הייסט: אוודאי! און אויף [illegible] ענדערט דאָס פּ ר ע ז י ד י ו ם פון פּ. פּ. ס. מוטוויליק [illegible] ויסגעטיילטע שטימען... רוקט אָפּ די נישט פּ. פּ. ס. שט[illegible]ר און ווייטער, און בשעת עס לאָזט די פּ. פּ. ס.־לייט רעדן [illegible] כאָטש די אויערן אין זאַל ווערן געשוואָלן, באַגרענעצט ז[illegible] צייט [illegible]שט פּ. פּ. ס.־רעדנער...

פּ. פּ. ס. [illegible] מיר אמונה, אז דער נאַציאָנאַל־קאַמף איז גאָרנישט, כמעט [illegible], דער עיקר איז דער קלאַסן־קאַמף, וואָרום די ערשטע „פּ" פון [illegible]ל, וואָס שטאַרט פון זאַק ארויס, איז, וואָס די „סמך" [illegible]בענען די גרענעצן פון טעריטאָריום, פון דעם אויב נישט נאָר לנוי, כלל וכלל נישט לתשמיש, עס גייט נאָר וועגן דעם, פּלאַץ, וווּ דאָס פאָלק וואָס איז נישט מער, אלס א טייל פון דער אַלגעמיי־נער פּראָלעטאַריער־אַרמיי, שטייט! און דער פּאַראָל איז: פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך! וואָרום דאָס ב ל ו ט ־ פ א ר ב א נ ד,

דאָס נאַציאָנאַל־געפֿיל, איז ביי אים פֿיל שוואַכער אַלס דער קלאַסן־פֿאַר־באַנד — די סאָלידאַריטעט פֿון אַלע פּראָלעטאַריער, — און דאָך וויל זיך פּ. פּ. ס. אויף קיין פֿאַל נישט אויסגלייכן מיט ס"ד און „בונד", וואָס פֿאַרלאַנגען עס זאָל זיין איין קאָנסטיטואַנטע אין פּעטערבורג פֿאַר אַלע פּראָווינצן, ווו אַלע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען וועלן זיך צוזאַמענהאַלטן און אויסרייסן פֿון ביוראָקראַטישן האַלדז, די גאַנצע, פֿאָלקאָמענע פֿרייהייט פֿאַר אַלע פֿעלקער, די ווייטסטע אויטאָנאָמיע פֿאַר פֿעלקער טעריטאָריאַלישע און א קולטורעלע אויטאָנאָמיע פֿאַר עקס־טעריטאָריאַלע פֿעלקער! און פּ. פּ. ס. פֿאַרלאַנגען, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי שעדיקן די פֿאַריי־ניקונג פֿון פּראָלעטאַריאַט, אויף אָרט־און־שטעל אַן עקסטרא קאָנסטי־טואַנטע פֿאַר פּוילן, גאַנץ גוט וויסנדיק, אַז אויב די פּראָווינצן, וואָס רייסן די בלוטיקע פֿעדעם, מיט וועלכע די געוואַלט האָט זיי צוגענייט צום אימ־פּעריום, וועלן זיך אָפּטרענען צו־פֿרי, וועט אין די אינערע גובערניעס דער פּראָלעטאַריאַט, צוזאַמען מיט די ראַדיקאַלן און ליבעראַלן, ווערן אַזוי אָפּגעשוואַכט, עס וועט זיך אפילו נישט לוינען אַרויסצעשטעלן קעגן זיי טלעכע כוליגאַנעס...

איך פֿערזענלעך האָב איך גאָרנישט דאַקעגן, וואָס דאָס בלוט פּול־סירט אָפּט שטאַרקער און דאָס נאַציאָנאַלע געפֿיל רופֿט העכער, אַלס עס ווילט זיך אַמאָל דעם טעאָרעטישן געגאַסן פֿון פּ. פּ. ס.! נאָכוואָס אָבער פֿאַרלאַנגען פֿון מיר גלויבן אין דעם, אין וועלכן ער גלויבט אַליין נישט?

פּ. פּ. ס. פֿאַרלאַנגט נאָך קרעדיט אויף עפּעס אַנדערש: עס וויל מיר איינרעדן, אַז עס האַלט מילחמה נישט נאָר מיט דער פֿינצטערער נאַראָ־דאָווער דעמאָקראַטיע, נאָר אפילו מיטן קלויסטער, שלאָגט זיך! וואָרום נישט נאָר די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע וויל טאַנצן [illegible]טענצל אויף די שאַנצן פֿון דער אַלטער פֿעסטונג, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט איינ־גענומען מיט הונגער, שווייס און בלוט, נאָר אויך די גייסטלעכקייט וויל אַריינשטעקן איר פֿאָן אויף דער שאַנץ. — „אַוועק מיטן קלויסטער!" רופֿט פּ. פּ. ס. און ווייטער: „לעבן זאָל דער רעדנער!" די פֿילהאַרמאָניע ציטערט! וואָרום באמת, „די ליבשאַפֿט, דאָס ברודערשאַפֿט, וואָס דער גלח פּרע־דיקט, איז נאָר א הוילער, פּוסטער קלאַנג! — זאָגט ווייטער דער רעדנער, — דאָס איז די פֿאַלשע שלאַנג, וואָס וויל פֿאַרזינדיקן דעם פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל נישט קאָנען קומען אין זיין גן־עדן אַריין"... און נאָך אַמאָל: בראַוואָ! הענט ווערן געשוואָלן, פּ. פּ. ס. ברילט ווי א לייב! און פּלוצלינג, שאַ! עס ווערט שטיל אין זאַל, ווי אויף א בית־עלמין, די פֿאַרשוויצטע

פּנימער ווערן פאַרקלערט, די אויערן שפּיצן זיך און ציען זיך ווי קעגן שופר של משיח, די אויגן ווערן פול האָפנונג, פרייד, תענוג און שטראַלן מיט א וואונדערלעכן גלאַנץ פון אונטערגעביקייט און ערע... וואָס איז? ווער רעדט, וואָס מען הערט׳ן אזוי? ווער רעדט, וואָס זיינע רייד צעגיסן זיך אזוי אין די הערצער, אין די העלדן־הערצער פון פּ. פּ. ס.? עס רעדט א גלח, א מניח! און פון וואָס רעדט ער? פון דער זעלבער קלויסטער־ליבע, וואָס איז ערשט נישט לאַנג אויסגעלאַכט געוואָרן, געטויט און באַגראָבן געוואָרן?

און פּ. פּ. ס. פאַרלאַנגט פון מיר אמונה, אַז זי מיינט מיך אויך, אז מיך, מיך אָרעמען ייד וועט עס אויך פאַרזאָרגן; אפילו אין די ביכלעך פון פּ. פּ. ס. ווערט געשריבן, ווערט געדרוקט. אדרבה, יידן זענען אויך מענטשן... און איך זע, זיי זענען מענטשן! אין דער שפּיץ פון פּ. פּ. ס. שטייען, ברוך־השם, א סך, א סך יידן און יידענעס... אויף אכט אָפיציעלע פּאַרטיי רעדנער — 6 געבוירענע יידן און יידענעס!

רבונו של־עולם, — טראַכט זיך נישט איין יידישער פּראָלעטאַריער אין זאַל — נאָכוואָס זאָל עקזיסטירן דער בונד? נאָכוואָס טיילן זיך?

און פונדעסטוועגן, פונדעסטוועגן איז דאָס וועקסל, וואָס פּ. פּ. ס. שרייבט פאַר אונדז אונטער, נישט קיין רעכט וועקסל... דאָס איז א באַנק־נאָט, וואָס די קאַסע פון פּ. פּ. ס. קאָן נישט און האָט גאָר בדעה נישט צו צאָלן...

ערשטנס — ווערט דער באַנקנאָט געוויזן נאָר אונטער 4 אויגן... אין דער רעזאָלוציע ווערן מיר נישט דערמאָנט! די פיינסטע און שטאַרקסטע רעדנער, וואָס רעדן פון פעלקער ־ באַפרייאונג, האָבן, אויסרעכענענדיק אַלע פעלקער, וואָס פּ. פּ. ס. וועט און מוז באַפרייען — מיך נישט גערעכנט, מ יי ן פ אָ ל ק נישט דערמאָנט... און, ווי געזאָגט, נישט נאָר פון פּראָ־לעטאַרישע אינטערעסן איז גערעדט געוואָרן! ס י ע ר אָ ש ע וו ס ק י האָט גערעדט, און מיט באַגייסטערונג גערעדט, וועגן דער גרויסער און פיינער ראָלע פון נאַציאָנאַליטעטן און ווייטער מיך און מיין נאַציאָן נישט דערמאָנט. איך גלויב זיין הארץ! עס איז גוט, עס איז ווייך, עס איז ער־לעך און דערהויבן, נאָר ליפּן האָט ער וואונדערלעכע: זיי קאָנען דאָס וואָרט יידישע נאַציאָנאַליטעט, אויב עס הייבט זיך אויף פון הארץ, נישט דורכלאָזן, עס וועט ערגעץ פאַרלוירן אין דער הייל פון מויל, אין א לאָך פון א שלעכטן צאָן אָדער דערשטיקט אין האַלדז...

איך גלויב נישט פּ. פּ. ס. און גלויב נישט טאָקע דעריבער, ווייל עס

האט צווישן די פארשטייער אזויפיל יידן פון געוויסן סארט, און צווישן די אפיציעלע רעדנער אזויפיל פון די זעלבע יידן, איך קען די אלטע קנעכט, די אלטע פאלקס־פארקויפער, נאציאנאל־הענדלער — די אלטע אסימי־לאטארן!

די גרעסטע ווייבערישע זייל, אויף וועלכער דאס הייליקטום פון פ. פ. ס. הייבט זיך, א געבוירן יידיש קינד, האט גערעדט נישט נאר אין פילהאר־מאניע, נאר אויך ערגעץ אנדערש... און דארט האט זי דערקלערט, אז זי איז א „פאלקא" ווייל א פאלאק איז נישט קיין בלוט־באגריף נאר א באַ־ווּסטזיין באגריף; „די, וואס פילט זיך אלס פאלקא, איז עס!" — מיר קענען דעם „געלערנטן" הער פּ... נאר גענוג מיט נעמען!

דערמאנען מוזן מיר נאך איין יידיש געבוירינעם רעדנער פון פ. פ. ס., וואס האט נאר דאס רענדל געטווישט! דער האט געזאגט: „חברים, צי איז צייט צו רעדן וועגן פעלקערשאפטן דעמאלט, ווען מען רעדט וועגן פראלעטאריאט?" דעם קענען מיר אויך!... ערגעץ אנדערש האט ער אונדז געזאגט: „איך בין מודה, איך האב צוויי נשמות, איינע א פ ו י ל י ש ע און די צ וו יי ט ע (הערט: די צווייטע!) א יידישע"... און ער האט רעכט דעריבער, וואס ער וויל נישט רעדן פון דער נאציאנאל־פראגע, ער וויל זיך נישט ווייזן פארן עולם אלס אומרו, וואס רודערט זיך אהין און אהער, פון איין נשמה צו דער צווייטער! אלס לעדערנער דישעל, וואס איין נשמה שלעפט א ה ע ר און די צ וו יי ט ע א ה י ן!

— און הער ד.? אייגנטלעך נישט ה ע ר ד. נאר גענאסע ד.! עס איז אן ארבעטער, א יידיש געבוירענער ארבעטער! אלס ארבעטער פרייט ער זיך, און קאן די פרייד אין זיך נישט באהאלטן און מוז די שמאטע אויפן זאל ארויסווארפן, — ער פרייט זיך, אז ער, דער איינפאכער ארע־מער ארבעטער האט די זכיה צו זיין אין פילהארמאניע, וואס איז באשאפן געווארן נאר פאר רייכע לייט... דער רעדט שוין אפילו יידיש אויך, דער מוז שוין באַרירן מ י ך אויך...

„און עס איז — זאגט ער — א יידיש, פאליטיש פריי פאלק געווען! נאר במשך דער צייט זענען פארשידענע פארענדערונגען געווארן..."

על כן? צי זענען מיר א פאלק צי ניין?

קיין תשובה קאן ער נישט געבן! ווארום — ווארום פ. פ. ס. ביי וועלכער די „פ." וואקסט מיט יעדער סעקונדע אויפן חשבון פון „ס" — האט קיין צייט נישט צו אזעלכע נארישע פראגן!...

רבותי, איך גלויב נישט! איך וועל נישט גלויבן פּ. פּ. ס. כל־זמן זי וועט האָבן אין זיך אַזוי פיל יידן פון געוויסן סאָרט. יידן יונגע, נאָר אויסגעפּוילטערע אלס אונדזערע לאנג געשטאָרבענע און באגראָבענע שענקער און בּריצישע פאקטוירים. און איך ראָט אויך דעם יידישן פּראָלע־טאריאט: גלויב נישט! דיין אָרט איז אין א יידישער ארבעטער אָרגאַ־ניזאציע!

היט דיך — זאָג איך אים — פאר פּ. פּ. ס. כל־זמן ער האָט אויף זיין ליב די אלטע יידישע אסימילאטאָרישע מכה!

---

וואָס איז די וועלט?

א פאָדערהייזל צו יענער! דאָ גייט מען פאָרביי, דאָרט בלייבט מען.

דאָ ארבעטן? דאָ ליב האָבן? דאָ אויף מאָרגן און איבער־מאָרגן רעכענען?

זאָלן מיליאָנערן זיך מארמאָרענע מאָנומענטן בויען; פאר אונדז אָרעמע איז גענוג א דין און שמאָל ברעטל צוקאָפּנס...

און מען לעבט „אבי וויטער", „אבי איבערצוקומען"...

ערב יום־טוב זיפצט מען אָפּ: שוין נאָך יום־טוב!

צום מאָרגנס, מען עפנט קוים די אויגן אויף, קלערט מען שוין: ווי אזוי וועט מען איבערלעבן דעם טאָג, און פארן שלאָף הייבט מען אויף די הענט: געלויבט איז זיין ליבער נאָמען — איבערגע־לעבט א טאָג!

---

פארקירצן זיך די צייט אין פאָדערהויז טאָר מען נישט. דעם פאָדעם איבערהאקן טאָר נישט קיין יידישע האנט — ווי לאנג גאָט וועבט, וועבט ער — בעל כרחך אתה חי — לעבט מען איבער דאנק, דערהאלט מען דאָס לעבן מיט „אבי וואָס", פארביסן מיט „וואָס עס איז".

און ברענגט די מארק יידענע א הון אין שטוב אריין, נעמט די באַלעבאָסטע די הון אין האנט אריין, טאפּט זי און וועגט, און פרעגט: וואָס וועל איך אָפּקומען מיט איר?

און זעט איר עפּעס שיינס, פליט אייך דורך פאר די אויגן א גלאנץ, איז עס אן אטלאסענע קאפּאָטע — לשם מצוה, פאר יענער וועלט, א בגד לשבת ויום־טוב...

---

אבי ווייטער...

קינדער־יאָרן זענען א פאַרשפּיל צו דער חופה... און קומט דער חופה־טאָג, טוט מען אָן דעם חתן ת כ ר י כ י ם , חתן־כלה פאסטן און זאָגן ווידוי — זיי גרייטן זיך שוין צום טויט...

און די ערשטע גרויע האָר?

א „פּאָוויעסטקע צום „בית־דין־של־מעלה!" דין וחשבון גיב אָפּ!

און — „לעב גוט, וועט דיר לייכט זיין דער טויט" און „געדענק אינעם טויט, זאָלסט קענען גוט לעבן" — דאָס איז די מאָראַל...

---

מענטשן וואנדערן. מענטשן שטארבן. קהילות בויען זיך, קהילות ווערן חרוב, די שפּראַצן, יענע וועלקן...

אבי ווייטער!

געשעפטן אויף ניין־און־ניינציק יאָר?

א וועלט פארזאָרגן?

געמויערטע צדקות?

ערגעץ איינוואָרצלען זיך? צוויי גלות־בלימעלעך שפּראָצן אין יידישן האַרץ: „אבי־ווייטער!" און „אבי איבערקומען!"

לעבנדיקע שטייען נישט פעסט; מתים ווארטן אויף גלגול מחילות... ווער עס וויל זיבערער גיין — קריכט אויף אלע פיר!

---

טאנדעט.

אלץ איז טאנדעט: דאָס לעבן, דער האנדל, די ארבעט...

אָן ליבשאַפט, אָן זיכערקייט — אָן מאָרגן און שפּעטער — ציטער־דיקע שאָטן, ציטערדיקע און באפּנדיקע...

פון דער לופט אין דער לופט אריין...

אלץ איז נע־ונד; דער ייד, זיין ארבעט, זיין לעבן, זיין פּאָליטיק... אין אָרט, ווי אין דער צייט... צווישן „קויפן" און „פארקויפן" האָט דער סוחר קיין צייט נישט אָפּצואָטעמען... אָפּהאַלטן, אויסהאלטן איז ער נישט אומשטאנד...

אויסגעלערנט א שטאָך מיט דער נאָדל, חתונה געהאַט, א ווערק־שטעל געעפנט — אם לא עכשיו, אימתי? אָפּן שטייט די גרוב און ווארט!

אַלץ איז אויף דער מינוט און פאר דער מינוט: מיד ליד, פון האנט צו האנט... אבי ווייטער!

צדקות ומעשים טובים, פארטיי־לעבן, פאָליטיק — האלבע מיטל, פערטל מיטל, צויטן, פעדעם...

די „כנסת ישראל" זיצט און לאטעט און צערעוועט... אבי איבער־צוקומען...

---

און דאָס זעלבע: ליטעראטור... קונסט...

דער שטריך, די סקיצע, א מאָמענטל, א פאָרטרעטל, א בליץ־אויפנאם — ווו איז דאָס ווערק?

דער בויער אקערט אָפּ און ווארט... זייעט אָפּ און האָפט... דער זאָמען גייט אויף, ער קוקט, דאָס הארץ קוועלט, — ער ווארט; גאָלדן ווערט די זאנג, דעמאָלט ערשט קומט ער מיט דער קאָסע!

מיר שניידן נישט גאָלדנס נאָר „גרינס"... אָפט רייסן מיר מיט די נעגל פון דער פייכטער ערד ארויס די קוים־אויפגעשוואָלענע זאָמען און באקן!

טאנדעט: „וואָס עס איז" מיט „אבי וואָס"... גראָזן! די שפּראָצן, יענע וועלקן — ווען וועלן ביימער וואקסן?

---

די אלטע „יחידי סגולה", די עטלעכע אָפּגעשטאָרבענע, פארשטיי־נערטע צעדער אויפן לבנון, קוקן אראָפּ צו אונדזערע גרעזעלעך און זיפצן: דאָס זענען אונדזערע אייניקלעך!...

---

... און מיינט נישט, אז איך זע נאָר אייערע רוקן און מיך פאר־בלענדט דער שטויב פון אונטער אייערע פיס.

איר האָט מיך נישט אויסגעמיטן; אום מיט ליבשאַפט א בליק צו ווארפן אויף אייערע בלאסע פנימער און פלאמענדיקע אויגן, מוז איך מיך גאנץ אָפט אומקערן...

צווישן אונדז איז דער שטרייט פון „מאָרגן" און „איבערמאָרגן"...

איך בין דער זון פון אויסדערוויילטן אייביקן וואנדער־פאָלק...

און מיטן „אויסדערוויילטן" איז מיין ערנסט; מיין בלוטיקער, מיין טראגיש־שטאָלצער ערנסט.

אונדז האָט מען אויסדערוויילט צו שאנד און שפּאָט, צו וווּנד און וויי, צו שלעג און פּיין; מיר זענען די שוואכסטע און די מינדסטע...

איר פילט עס נישט? איר זייט ספּעציאליסטן פון קלאסן־וויי...

עס ליגט א מענטש אין גאס און קאָן אויסגיין אָן הילף צווישן כפּע־ציאילסטן, ער איז אָפּגעשוואכט און פּאַכט מיט דער נשמה —

— נישט מיין זאך, א צאָן־דאָקטאָר בין איך!

— נישט א י ך דארף עפּעס טון, איך הייל נאָר נעז...

אָן אנדערער איז א מבין כּפּעציעל אויף אויערן, נאָך איינער פאר־נעמט זיך מיט הויט־קראַנקייט, איינער זאָגט:

— מיין פאך איז דער מאָגן!

און דער מענטש פּאַכט דערווייל מיט דער נשמה און קאָן שטארבן.

. . . . . . . . . . . . . .

מיין פאָלק האָט מען אויסדערוויילט צו שאנד און שפּאָט, צו וווּנד און וויי, צו שלעג און פּיין! אָבער דערמיט טרייבט מען אים צו דער ווייטסטער מעטע פון דער מענטשלעכער גערעכטיקייט, צום ווייטסטן פּאָסטן אויפן וועג פון דער מענטשלעכער פרייהייט, צום לעצטן זיג איבער די פיזישע מאכט, איבערן פיזישן צוואנג, און — די „מערהייט", אין וועלכער נאָמען א י ר רעדט און וועלכע איר ווילט באַגליקן, איז אויך נאָר איינס פון אירע געשטאלטן.

מיט קינס שטעמפּל האָט מען מיין פאָלק שטערן געצייכנט און דער־מיט צום אייביקן וואנדערן פ א ר ש א ל ט ן און — ג ע ב ע נ ט ש ט.

אים האָט מען מיט געוואלט אריינגעשטעקט די רויטסטע פאָן אין די הענט און גערופן:

— גיי! אלץ ווייטער און ווייטער גיי, מיט אלע באַפרייער. מיט אלע צוקונפטס־קעמפער, מיט אלע סדום־איבערקערער... נאָר בלייבן שטיין מיט זיי, קענסטו נישט... די ערד וועט ברענען אויסער דיר!

— אויף שריט און טריט צאָל די בלוטיקסטע קאָסטן פון יעדן באַ־פרייאונגס־פּראָצעס, נאָר אין די באפרייאונגס־דעקרעטן ווער ווייניק, זעלטן אָדער גאָרנישט דערמאָנט...

דו גיי און בלוטיק ווייטער!

— דו ביסט דער שוואכסטער און דער מינדסטער און וועסט אויס־געלייזט ווערן ערשט צו אלערלעצט...

— אזוי לאנג, ווי עס וועט בלייבן א שטיין פון אלטע מויערן, וועט ער ליגן אויף ד יי ן אקסל און דריקן!

— אזוי לאנג, ווי עס וועט בלוט פארגאָסן ווערן, א ווילן — אונ־טערדריקט, א פליגל — אונטערגעשניטן, — וועלן עס זיין ד יי נ ע פליגל, ד יי ן ווילן, דיין בלוט...

דו וועסט באַפרייט ווערן ערשט צו אַלערלעצט, ווען דער מענטש וועט באַפרייט זיין פון דער ערד! ווען פון מענטשן־ווערעם וועלן מענטשן אַדלער ווערן.

---

שטאָלצירט נישט מיט אייער רויטער פאָן, זי איז נאָר דער שוואַכער אָפּגלאַנץ פון דער בלוטיקער פאָן אין דער האַנט פון אויסדערוויילטן פאָלק!...

פון פאָלק, וואָס איז פאַרשאָלטן און געבענטשט געוואָרן, אויסגע־לייזט צו ווערן צו אַ ל ע ר ל ע צ ט, צו זיין דער אייביק בלוטנדיקער, אַמווייטסטן גייענדיקער אַנטראַג, וואָס ווערט גאָט און דעם לעבן געשטעלט...

מיט מיין פאָלק גיי איך, פון גלאַנץ פון זיין פאָן פלאַמט מיין נשמה און אַ י ך רוף: יידן פון אַלע לענדער און פעלקער, פאַרייניקט אייך... לאַנג און געפערלעך איז דער וועג — האַלט אייך צוזאַמען!

---

דאָס לעבן אַרום אונדז וואַקסט, ווי אַ גוט איינגעזויערט טייג, נאָר ביי אונדז איז שטיל — כמעט שטיל, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן...

פּ. פּ. ס. פאַרזאַמלט אין פילהאַרמאָניע טויזנטער און טויזנטער — עפנטלעך און קרעפטיק הערט זיך איר וואָרט, איר שמעטערנד וואָרט; באַ־האַלטן און בסוד־סודות זענען די מיטינגען פון אונדזער „בונד"...

נ"ד (נאַראָדאָווי דעמאָקראַטן) שווייגט נישט — מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס — פאַרוואָס שלאָפן אונדזערע ציוניסטן?

„אָן אונטערשיד פון גלויבן" האָט זיך געעפנט אַ געזעלשאַפט צו לערנען, לעזן און שרייבן, „אויס אַנאַלפאַבעטן!" ווערט גערופן, און פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר גייען אַרום אינטעליגענטן און אינטעליגענט־קעס און פרעגן זיך נאָך: נישטאָ עמעץ אין הויז, וואָס קאָן נישט שרייבן, נישט לעזן און האָט חשק זיך צו לערנען? און מען לערנט אומזיסט, מען גיט ביכער אומזיסט און שרייב־געצייג אומזיסט, און מען בעט זיך רחמים: לערנט אייך! אַ פאָלק, וואָס וויל אויפלעבן, מוז קענען לעזן און שרייבן!

וו איז אַ ו נ ד ז ע ר חברה „אלף־בית"! — וואָס טוען אונדזערע אינטעליגענטן?

אַ לערער פאַריין, אַ שול־פאַריין, — אויף דער גאַנצער ליניע גייט אַ מלחמה פאַר פויליש, פאַר דער פאָלקס־שפּראַך! מען דאַרף באַפרייען דאָס שוואַכע קינד פון דער טאָפּלטער יאָך צו לערנען אין אַ פרעמדער

שפראך! — פויערים אין די דערפער נעמען זיך צוזאמען, טרייבן ארויס די פרעמדע שרייבער, די פרעמדע לערער — פויליש מוז זיין די שולע.

ווער שטרייט פאר יי ד י ש ?

די חברה „באלעבאטים״ האט זיך געווענדעט צום מאגיסטראט און געבעטן, דאס מאגיסטראט זאל געבן זיינע לאקאלן אויף פארטראגן פארן פאלק. דער גענעראל ביביקאוו האט צוגעזאגט, — צו די פארשטייער פון דער יידישער געמיינדע האט זיך קיינער דארום נישט געווענדעט...

פארן פראסטן פאלק ווערט געעפנט א פריי אוניווערזיטעט, מיטן צוועק:

אויפצעהייבן די בילדונג פון דער מאסע;

פארטיפערן די קולטור צווישן ארבעטער און געווערבסלייט;

צו געבן זיי די מעגלעכקייט זיך ארנטלעך און געהעריק צו פארווייל|ן!

צו דעם צוועק ווערן איינגעפירט:

סיסטעמאטישע, אלגעמיין בילדנדע פארטראגן.

עפנטלעכע, פאפולער־וויסנשאפטלעכע פארלעזונגען פאר גרויסע מאסן.

ספעציעלע פארטראגן און פארלעזונגען אין פאבריק־שולן — —

אויסער דעם וועג מען פארמעגלעכן דעם „פראסטן עולם״ דאס באזוכן פון מוזייען, אויסשטעלונגען, פאבריקן און אלגעמיינע עפנטלעכע אנשטאלטן... ארגאניזירט וועלן אויך ווערן רעדלעך (קרייזן) פאר טעאטער, כאר און ארקעסטער...

ווו איז א ו נ ד ז ע ר פאלקס־הויז, א ו נ ד ז ע ר טאמביי־האלע?

ד א ר ט וועקט זיך דאס נייע פרייע לעבן, די גייסטלעכקייט קען אויך שוין נישט שלאפן ווי אמאל. עס איז די טעג א מיטינג פון גייסטלעכע געווען. און ווייסט איר, וועגן וואס זיי האבן געקלערט און וואס זיי האבן באשלאסן? נישט וועגן הימל־זאכן! נישט וועגן הכשרים אויף וואס עס איז!

זיי האבן געקלערט, ווי אזוי מיטצווירקן מיטן פאלק...

דער גייסטלעכער, האבן זיי באשטימט, איז נישט באפרייט פון פליכטן קעניג לאנד און פאלק...

זיי האבן פראטעסטירט קעגן זייער אפיציעלן ארגאן אין ווארשע, וואס באשעפטיקט זיך נאר מיט דינים פון תענות און מינהגים פון קלויסטער און ווייסט גארנישט, וואס צו זאגן, וועגן דעם נייעם לעבן, וואס וועקט זיך ארום און ארום!

זיי האָבן באשלאָסן צו שטרייטן צוזאמען מיטן פאָלק פאר דער אויטאָנאָמיע פאר פוילן... פאר א ריין "פוילישע אדמיניסטראציע, פאר דער פוילישער שפּראך, פאר א ווארשעווער קאָנסטיטואנטע! און געוויילט זאָל זי ווערן אלגעמיין, גלייך, אומיטלבאר און געהיים...

און דעם ארבעטער — זאָגט די גייסטלעכקייט — טאָר מען פון האנט נישט ארויסלאָזן; מען דארף דעם סאָציאליזם אריינעמען אין קלויסטער, וואָרום — הערט, הערט! — וואָרום אלץ דארף זיין פארן פאָלק און דורך דעם פאָלק!

און דעריבער — זאָגט די גייסטלעכקייט, — מוז מען הייבן די מאָראלישע און עקאָנאָמישע לאגע פון פאָלק, זיין נאציאָנאַל־געפיל — פארטיפערן, דערוועקן אין אים דאָס געפיל און דאָס געברויך פון זעלבסט־הילף — — —

און אונדזער „ראדאָמער רב" לאָזט אפילו צו שלשים נאָך די פּאָגראָמען נישט פאסטן — —

פארוואָס גייען פארלוירן די יידישע פאָלקס־לידער? פארוואָס מוזן יידישע טאלאנטן שפּילן „בר־כוכבא" און „אשה רעה"? ווו זענען אונדזערע יידישע אויסגאבן?

און צוזאמענקומען קען מען זיך נישט; די „דייטשע שול" איז פארהאמערט, די „גמינע" פארשלאָסן, און דער עולם שלאָפט...

---

עס פּלאַצט.

דער שטורעם רייסט דעם דאך. אייזערנע טאראנען לעכערן די ווענט, דער לאנג פוילער פונדאמענט צערודערט זיך — —

„מפי עוללים ויונקים" — קינדער מארשירן מיט רויטע פענער אין די גאסן; הייבט די מיצן אלטע, קלוגע, פּאַרזיכטיקע לייט! עס האָט זיך שוין געפינען א וויכער קאָזאק, אן אמתער „קאָזאק הניגזל", וואָס האָט נישט געוואָלט שיסן! „זאציעס? — פוסקאי סאָביראיוטסיא!"

דער פלאָט שטייט אין פייער — מיליטערישע מוזיק ציט דורך די גאסן מיט מארסעליאנקעס! סאָלדאטן לעזן מארקס אין די קאזארמעס — מיט פּאָליטישע פאָדערונגען טרעט ארויס די פּאָליציי; באַ! אפילו קנעכט ביי קנעכט, וואָס דינען אנדערע קנעכט — די „טשינאָווניקעס" פון דער ווארשעווער גמינע, צוזאמען אפילו מיט די קברנים פון הייליקן אָרט, אָרגאניזירן זיך, דערלעגאטן שוין געקליבן! — אלץ פלאַמט. רעזידענצן ברענען, אין העלן פייער שטייען פּראָווינצן! אין די פינצטערע ווינקעלעך

פון מענטשלעכן לעבן באַווייזט זיך ליכט! ביים ליכט איז דער עולם בודק חמץ, וואַרפט אַרויס דעם אַלטן שימל, דאָס אַלטע, דאָס פוילע, דאָס שרעקנ־דיק־ציטעריקע, דאָס שוואַרצע, מיט די פאַרלייגטע הענט, פאַרווײנטע אויגן, דאָס אייביק האָפנדיקע און נישט טוענדיקע — —

א נייעס לעבן שפּינט זיך, וועבט זיך אויף דער חורבה פון אַלטן — און מ י ר ווו זענען מיר?

אַם־ראַדיקאַלסטן — זאָגט מען — זענען יידן! אָן א קלער צו טון רייסן זיי דאָס אַלטע, אָדער העלפן עס איינצוריסן, אָן רחמנות שטורמען זיי אַלע אַלטע לעבנס־פאָרמען, אַלע עקאָנאָמישע און מאָראַלישע אינסטי־טוטן: ווייל אַלץ האָט זיי נאָר געדריקט, געשטיקט און געוואָרגן. זיי קענען דאָס פאַרגאַנגענע נישט ליב האָבן, ווייל דאָס איז דורכגעזאַפּט מיט זייער קריוודע; דאָס גייענדיקע — נישט באַדויערן, ווייל עס איז מיט זייער בלוט באַשפּריצט!

אַזוי זאָגט מען, און דאָך — ווו זענען מ י ר ?

מיר יידישע שרייבער, וואָס דאַרפן גייען פאָרויס? ווו איז אונדזער אָרגאַניזאַציע? פאַרוואָס זענען מיר צעשפּרייט און צעזייט ווי די שעפסן?

ווו איז די „אגודת סופרים”? דער „שריפטשטעלער־פאַרבאַנד”?

צי האָבן מיר קיין אינטערעסן, מאָראַלישע אָדער עקאָנאָמישע, אַרום וועלכע מיר דאַרפן זיך זאַמלען?

גלייבן מיר נאָך אין אַלטן, דריקנדיקן, פינצטערן, וואָס טיילט, אום צו הערשן, — אָדער מיר גלויבן נישט אין זיך אַליין, אין אונדזער קראַפט, אין אונדזערע צוועקן, און אונדזער גאַנצע מאָראַל איז: „כאַפּ פאַר דער שורה און עס, כאַפּ פאַר דער שורה און טרינק” „מאָרגן” איז קיין טאָג נישט?

א פינצטערע שרעק איז אָנגעפאַלן אויפן ליטעראַרישן געסל: די געלע פּרעסע גייט! דער ערשטער שריט צום שאַנטאַזש איז געמאַכט געוואָרן! מיט אַן אייזערנעם טאַראַן האָט מען אויסגעהאַקט א שפּאַרעוודיק לאָך אין דער פּעכטונג־וואַנט, אונטער וועלכער מען האָט זיך אַזוי רואיק, אַזוי זיכער געפילט...

„פּראָטעסטירן!”

די אַלטע, די גרויסע, די שטראַלנדיקע מוזן אַרויס מיט א פּראָטעסט.

און איך בין אַן אַלטער, א גרויסער, א שטראַלנדיקער און דערצו נאָך א שוואַכער מענטש!

בנוגע צום יידישן טעאַטער איז אַש גערעכט, אַזאַ יאָר אויף כל־

ישראל! און פונדעסטוועגן, אַז דער לייב אין גאָלדפּאַדנס בר־כוכבא שטעלט זיך איינמיטן דרינען אויף די אונטערשטע פיס און גענעצט, און דער פּרייטיק און שבת־צו־נאַכטסדיקער עולם פּאַטשט בראַוואָ, אָדער ווען די „יינגלעך" אין „פאַמיליע צבי", וואָס פאַרלירן די העקלעך און די דרענגלעך פון די דאַרע הענטלעך אַרויס, רופן: מיר זינגן! מיר זינגן! און דער אויבנדערמאָנטער טעאַטער־עולם שרייט: „הוראַ"! — פּאַטש איך מיט, אַז די הענט ווערן מיר געשוואָלן, און שריי „הוראַ", ביז איך בלייב אָן אַ האַלדז, כאָטש איך ווייס אויף קלאָר, אַז די „יינגלעך" ציטערן אַפילו פאַרן איינענעם פאַפּירענעם כלי־זיין — אַזוינע פּנימער האָבן זיי, די סטאַטיסטן אויף כמיעלנא 9 און כאָטש עס איז ביי מיר קיין צווייפל נישט, אַז דעם לייב פון בר־כוכבא ווילט זיך, נעבעך, גאָר עסן, נישט געניצן...

וואָס דאַרפט איר מער: אין גאַס, אַז דער עולם הייבט אָן לויפן, מאַך איך פיס, צי איך זע אַ ביקס צי ניין; איך האָב מיך אַפילו קיין צייט נישט אומצוקוקן! און קוק איך אַמאָל, פאַרן אַראָפּגיין, אין גאַס אַראָפּ, און זע מענטשן אין קאַלאָשן און ווינטער פאַראַסאָלן הייב איך שוין צום הימל קיין אויג נישט אויף, און נעם אַ פאַראַסאָל מיט קאַלאָשן!

און דעריבער, אַז עס איז אַ געשריי געוואָרן „פּראָטעסטירן" — האָב איך געזאָגט: „פּראָטעסטירן", כאָטש די חתימה צום פּראָטעסט האָב איך געמאַכט מיט אַ פאַרציטערטער האַנט, און דאָס האַרץ האָט דערביי געקלאַפּט, ווי ביי אַ גזלן...

וואָרום „ביני ובינך" — ליבע לעזער! צווישן פיר אויגן און אויער אויף אויער בין איך דווקא צופרידן מיט די ביטערע קרייטעכצער, וואָס הייבן אָן שפּראָצן אין אונדזער גן־עדנדל... סימן טוב ומזל טוב! — די נעלע פּרעסע האָט זיך באַוויזן? — אַ מחיה! אַ קאַצן־שפּרונג צום שאַנ־טאַזש? — נאָך בעסער! דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אַז מיר אַנטוויקלען זיך, אַז אונדזער ליטעראַטור אַנטוויקלט זיך, אַז — להכעיס די ציוניסטן און די ס"ס'אָווצעם — וואַקסט אין גלות אונדזער קולטור ווי אויף היוון!

און איך וויל עס אייך מסביר זיין מיט אַ משל; איר ווייסט דאָך, כ'בין אַ שטיקל גילגול פון דובנער מגיד! שטעלט אייך פאָר, ליבע לעזער (אַלע לעזער זענען מיר ליב) אַ מישפּחה אין אַ מידבר — איינע אַליין אַ פאַמיליע אין אַ סטעפּ! מוז, נעבעך, דער קאָפּ פון דער פאַמיליע זיין אַלץ צוזאַמען! אי טאַטע פון קינדער, אי זייער לערער, אי זייער שטראָפער און זייער שמייסער... און ווערט, לא עליכם, אַ קינד קראַנק, מוז ער נאָך זיין

זיין רופא; בחרפּתנו, אפילו א קליסטירל מאַכן... און מאַכט זיך עפּעס, גאָט באַהיט, א קינד אויפן קעפּל, מוז ער אים אייגנהענטיק די הערלעך אויסרייסן... און שטאַרבט, נישט פאַר אייך געדאַכט, א קינד? נאָך זיין קברן ווערן! און אז די קו פאַלט אַוועק? מוז ער ווערן וועטערינאַר! און אז דער הונט אויפן הויף ווערט משוגע? — הונטשלעגער! און אז עס זאַמלט זיך אָן מיסט אויפן הויף? מוז ער נעמען שירץ און בעזעם און אויסקערן! — און דער אייגענער מוז זיין פונדעסטוועגן אי טאַטע, אי קידוש און הבדלה מאַכער, און פאַרלאַנגט פאַר זיך דרך ארץ!

אָבער אז די מישפּחה צעוואַקסט זיך? אז מיט דער צייט ווערט פון פלעק א דערפל, פון דערפל א שטעטל, — א שטאָט — שטיקל מדינה, — ווערט שוין די ארבעט צעטיילט! איז איינער טאַטע, דער צווייטער לערער; א בעלפער, צום שמייסן און פעקלעך מאַכן, פאַראַן באַזונדער; עס באַווייזן עקסטרא־קליזעפּאָמפּע־מאַכער, האָר־ציפער, דאָקטוירים; ספּעציעלע מתעס־קים, קברנים און — הונט־שלעגער!

דאָס זעלבע איז און האָט געמוזט זיין, און געשען אין דער ליטעראַטור.

איך בין נישט קיין היינטיקער און געדענק נאָך גאַנץ גוט די צייט, ווען עס זענען געווען אינגאַנצן 2—3 כהנים אין בית־המקדש! אלץ האָט געמוזט קומען אויף זייערע הענט. דאָס זענען געווען: אי שירים אי פּראָזע־שרייבער; און זעלבע לייט־אַרטיקל מאַכער, פעליעטאָן קלאַפּער, נייעס שיטער און אינמיטן דערינען ווערן א וועלט חכם און פאַרטייטשן וואָס א דונער, — וואָס א בליץ איז... מיט איין וואָרט: אַנטון גלעקלעך, אַריינ־לויפן אין קדשי קדושים מיט א פאַן ווייערויך, אַרויסלויפן און מאַכן „כיק". מיט אַן אָקס אויפן מיזבח און באַלד כאַפּן א בעזעם און אויסקערן! אָך און ווי איז געווען צו די יאָר!

היינט, אז מען האָט זיך געמערט און געפּרוכפּערט, ביפרט לעצטנס, אין דער צייט פון דער סטאָליפּין־פרייער פּרעסע, איז שוין, דאַנק זיין ליבן נאָמען, די ארבעט צעטיילט! יעדער האָט זיך זיין ווינקעלע, זיין ספּעציַ־אַליטעט. איינער זינגט, דער צווייטער פּאַרציילט, דער דריטער שרייבט חכמות, דער פערטער וויצלט זיך, דער פינפטער און אפשר דער זעקסטער צי דער זיבנטער — פּירט טאַקע מיסט!... מען דאַרף דאָס אויך!

אמת, עס טרעפט און די מיסט־שלעפּער שרייבן שירים אַמאָל אויך...

אָבער, ערשטנס, איז יעדער אויסנאַם נישט מער ווי א באַווייז אויף דער רעגל! צווייטנס האָט יעדע קאַץ זיין מאַרט און יעדעס האַרץ, אפילו

פון א קוימען - קערער, זיין מאי! ווען עס ווערט אזוי ווייך, און עס זינגט זיך: טיו־טיו... טיו, טיו... און דריטנס — האָט קיין פּחד נישט! דער מיסט־פירער וועט צום שכל קומען! ער וועט דערקענען זיין פאך, דערגיין זיין מיסיע, צוליב וועלכער ער איז באשאפן געוואָרן! נישט אזוי געשווינד דערקענט זיך א מענטש אליין, און איידער מען קומט אויפן רעכטן וועג ארויס — זינגט זיך אמאָל אביסל פאלש! מיט דער צייט קומט די הילף!

די ליטעראטור קען שוין נישט זיין קיין כל־בו, ווי א קליינשטעטל־דיק געסל! עס מוז זיין א גרויס־שטאָטישע גאס! דער רינשטאָק, וואָס פירט אָפּ דאָס אומריינע, גייט אין די זייטן, רעכטס און לינקס. ווער עס איז א דבר־אחר, מהיכא תיתא, לייג זיך אריין! אז נישט, גיי אריבער טרוקן, אין דערמיט! דאָס איז שוין דאָס צווייטע משל!

אמת, א משל איז נאָך קיין באווייז נישט! אָבער מקרב אל הדעת איז עס!

און וואָס אנבאלאנגט דעם עצם־ענין, וואָס די געלע פרעסע, די ערשטע ניי־געבוירענע איז שוין באפאלן א ליטעראט, איז קיין גרויס אומ־גליק נישט!... די ליטעראטן, פונקט אזוי ווי די פּרויען, האָבן ביז אהער פארנומען א געקינסטלטן פּלאץ, א פאלשן אָרט אין געזעלשאפטלעכן לעבן! אָדער א גאָרנישט, א צרה, משלחת, אָדער א מלאך; קיין מענטש קיינמאָל נישט! שלאָגן זיך מיט א יידענע, ביפּרט אין גאס, אפּחשבונען זיך עפנטלעך מיט א ליטעראט, קומט אוים עפּעם קראטיש, אויסטערליש, ווילד! פּארוואָס? שוין צייט אָפּצורייסן מיט די אלטע מינהגים, ארויס־שלאָגן זיך די אלטע איינרעדענישן פון קאָפּ. אן אישה איז אויך א בשר־ודם, נישט מער, נישט ווייניקער, און א ליטעראט איז א מענטש, וויי־ניקסטנס דארף ער זיין א מענטש... און דאָס וואָס א קראָ רייסט אוים ביי דער צווייטער אן אויג, וואָס איז דאָס געוואלד? דווקא ביי פּרעמדע?

און דער עיקר — ברענגט עס א גרויסן נוצן דעם פּובליקום, אויב עס איז נאָר דאָ! אויב די קו, וואָס מיר, לעבצנדיקע צו מילך, מעלקן איז פאראן, אויב זי איז נאָר קיין פּוסטער חלום נישט... קען זי ווערן אוים קו!

דאָס פּובליקום — אָן משלים גערעדט — מוז זיך צוגעוויינען צום געדאנק, אז ליטעראטן זענען מענטשן, וואָס ארבעטן און פארדינען מיט דער פעדער, ווי יענער מיט דער האק און דער מיט דער נאָדל... און אז עס טרעפט זיך און א ליטעראט, — אויב א מענטש! — גנבעט בענדלעך אין קראָם, אָדער קישקע אין יאטקע, קומט אים תפיסה גלייך מיט אלע, אויב אלע גנבים קומט תפיסה... און אז ער גנבעט נישט, און די געלע פרעסע,

וואָס קען זיך נישט דערוואַרטן, ביז עס וועט ווירקלעך עפּעס געשען, און טראַכט צעפּאַר אויס, און עס קומט צו לשון־הרע, רכילות, בילבולים און אַלערליי שקרים, — איז נאָך בעסער!

דאָס פּובליקום, וואָס דאַרף ווערן אויס קו, דאַרף זיך צו אַלעם ערשטן אָפּגעוווינען פון א מיאוסן פעלער, און דער איז דאָס, וואָס דאָס היינטיקע פּובליקום, אויב עס עקזיסטירט, אזוי עס שעצט צו הויך אָדער צו נידעריק דעם ליטעראַט, אזוי צו הויך אָדער צו נידעריק שאַצט זי יע־דעם געדרוקטע וואָרט. אָדער עס איז „שמאַכטעס", „מעשה־ביכלעך", בטלנות, אָדער פאַרקערט: הייליקע נביאות, נישט אָפּצוווענדן, נישט אי־בערצושפּאַרן! זיי ווייסן נישט, אַז אַ מענטש שרייבט ווי אַ מענטש רעדט... ווי ווער און ווי ווען...

אין געוויינלעכן לעבן, אַז עמעץ עפנט דאָס מויל און זאָגט עפּעס, שרייט מען נישט תוך־כדי־דיבור: שקרן! אויך שפּרינגט מען נישט דריי מאָל קדוש, פאַר דער צייט. מען טראַכט נאָך, קלערט איבער, מען ווערט געוואָר, מען זאַמלט ידיעות, — מענטשלעך! וואָס הייסט, זיך „פאַרלאָזן"? אָבער דאָס געדרוקטע האָט נאָך גאָר עפּעס אַנדערש...

און דאָס איז שלעכט!

דאָס געשריבענע וואָרט האָט געקאָנט קרעדיט האָבן פאַרצייטנס, ווען א פעדער אין האַנט האָט געהאַלטן איינער אין א שטאָט און דווקא א גרויסער! ווען מיניסטאָרן האָבן צוגעלייגט סטעמפּל אָדער דעם אין טינט איינגעריסטן גראָבן פינגער אויפן באַפּיר במקום א חתימה... ווען דער סיגנעט האָט נאָך געשפּילט די גרויסע ראָלע, ווי אין אחשוורושס צייטן! דאָס גרויס, ערלעך און כמעט הייליק האַלטן פון געדרוקטן וואָרט האָט געהאַט זיין ווערט אין גוטענבערגס און קוים עטוואָס שפּעטערע צייטן, ווען אויף דער וועלט זענען צוויי דרוקן געווען, און פון אונטער דער פּרעס פלעגן אַרויס סאַמע תנ״כלעך, ש״ס גמאַראַס אָדער חכמת־יוון: אַריסטו! היינט — ווען אַלע יינגלעך שרייבן, ווען אין אַלע גאַסן ווערט געדרוקט, דאַרף זיך דאָס פּובליקום אויסלערנען: שאַץ! יעדן געבן זיין אָרט, זעלטן שענקען צוטרויען, זעלטן געבן קרעדיט, און צו דעם הויכן שטאַפּל וועט דאָס פּובליקום קומען נאָר א דאַנק דער געלער פּרעסע! דאָס קינד מוז פאַלן, עס זאָל זיך אויסלערנען גיין!

און דעריבער נאָכאמאָל: זאָל לעבן די געלע פּרעסע!

זאָל זי זיך גראַבלען אין מיסט — אין פּריוואַט־לעבן מיין איך, עס שאַדט נישט! דאַקעגן קען זיין נאָר די אַלטע באַלעבאַטישע מאָראַל

פון קלאָב־שלעסער און פאַרהאַנגענע פענצטער, די מאַראַל אין זיידענע, אָבער אין פאַרדאָסטע (זייט מיר מוחל) אונטערראָק... די עטיק, וואָס איז געווען נאָר א שוץ־מאַרקע פאַר חניפה, צביעות, שיינהייליקייט און כל־דאָס־בייז... נאָר די אַלטע גבאיטע מיט די יונגע חטאים האָט געמאַכט אַן אונטערשיד פון „רשות־הרבים", „בפרהסיא" און „אונטער פיר אויגן", בחדרי־חדרים"!

וואָס הייסט פּריוואַט־לעבן? פּריוואַט לעבט אַ מענטש אין אַ מדבר, פּריוואַט לעבט אַ פּרוש אין וואַלד, אפשר נאָך אַ פאַרצייטישער בטלן הינ־טערן בית־המדרש־אויוון. אַ מענטש צווישן מענטשן איז קיינמאָל נישט פּריוואַט. דער, וואָס טוט עפּעס, — בפרט דער, וואָס שרייבט! — לעבט געזעלשאַפטלעך, עפנטלעך; דער מוז זיין אָדער ניצלעך, אָדער שעדלעך, און קען, דאַרף און מוז געשאַצט ווערן... אמת, דאָס אָפּשאַצן געהער צום ריכטער, אָנקלאָגן צום פּראָקוראָר, מסרן צום שפּיצל און דאָס אויפהענגען צום תלין... זענען טאַקע דערויף פאַראַנען ספּעציאַליסטן אין דער ליטע־ראַטור אויך... איינער האָט גלאַט ליב וויוויסעקציע... טו אים עפּעס!

און ווי געזאָגט, אָבער עפנטלעך קריטיקירט דאַרפן ווערן אַלע און פריער פאַר אַלע דער שרייבער! ווער עס רעדט צום פּובליקום, געהער צום פּובליקום! דאָס פּובליקום האָט רעכט צו פאַרלאַנגען, מען זאָל פון צייט צו צייט אַראָפּציִען דעם טלית פון די, וואָס שטייען ביים עמוד, ביים שולחן און ווייזן אים, ווער עס בעט פאַר אים, ווער עס בלאָזט אים שופר!

אַמאָל פלעגט מען זאָגן: קריטיקירן דאַרף מען דאָס ווערק, נישט דעם אויטאָר. היינט: דעם אויטאָר, צוליב דעם ווערק! ווייל דאָס פּרצוף־פּנים פון באַהאַלטנסטן אויטאָר קריכט אַרויס אין זיין ווערק פון צווישן די שורות, פון צווישן די אותיות! ווי ער זאָל זיך נישט פאַרשטעקן, ווע־מען און וואָס ער זאָל נישט הייסן רעדן, וואָס ער זאָל נישט וועמען לייגן אין מויל אַריין, — ע ר רעדט עס, ז י י ן האַרץ זאָגט עס! און אַ וואָרט — אַ מאַן! אַ מאַן — אַ וואָרט! און דער פּאַשקוויל, אויב ער איז אַן אמתער, איז נישט מער, ווי אַ שליסל צו דער רעטעניש פון ווערק! מער און ניצלעכער אָבער איז דער פאַלשער פּאַשקוויל! דער, ווי געזאָגט, וועט ברענגען דעם לעזער דאַצו, ער זאָל זיך אויסלערנען שאַצן, אַ מבין ווערן, דערקענען דעם אונטערשיד פון אַ לייב אין וואַלד און אַ לייב אויף גאָלד־פּאַדענעם סצענע אין בר־כוכבא, פון אַן אָדלער אונטערן הימל, אַן אָדלער אויף דער מטבע, אַ געמאָלטן אויפן „מיזרח" און אַ פּאַפּירענעם אויפן טיש!...

ר׳ נחמנקע זאָגט: די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן נאָר צוליב דעם ווילן און דער ווילן — צוליב דער ברירה! אויסקלויבן, וויילן דאַרף אַ מענטש!

און אַצינד גייט ערשט דאָס געדיכטע:

אויב די שרייבער האָבן זיך דיפערענצירט, מוז זיך אויך דיפערענ־צירן דאָס „פּובליקום", שוין צייט, עס זאָל אויפהערן צו עקזיסטירן דער „הויפן" — לעזער! די „מאַסע"! די מענגע צייטונג־ און בראָשורן־שלינ־גער (ביכער זענען אוים דער מאָדע אַרוים), וואָס האָבן קיין פיזיאָנאָמיע — קיין פּרצוף־פּנים נישט, — עפּעס אַ שטיק גאַלאַרעטע! יעדע אַ ר ט שרייבן, יעדער שרייבער אַפילו מוז האָבן זיין פּובליקום. „נ. פּ." — אויך!

און אויף זיין אייגן פּובליקום געשטיצט, וועט דער שרייבער בלייבן מענטש!

ער דאַרף אפילו נישט זיין פון קריסטאַל, עס זאָל אים די געוואָר־פענע בלאָטע אַפילו פייכט נישט מאַכן... גענוג, ער וועט האָבן אַ מענטש־לעך פּנים, — מיט איין וואָרט: אַ פּנים! וועלן, וויניקסטנס זיינע מענטשן, וויסן, אַז אויפן פּנים וואַקסט קיין בלאָטע נישט, אַז דאָס איז דורכגעפאָרן אַ גביר פון דער „געלער פרעסע" און האָט עס מיט בלאָטע באַשפּריצט! און דער עולם זיינער וועט לויפן, ד ע ר — מיט וואַסער, י ע נ ע ר — מיט אַ האַנטעך — און שטיל, גאָר אָן פּראָטעסטן...

דאַכט זיך, אַזוי איינפאַך!

און דאָך ווילט איר געלע און גרינע מתים זען? פאַרמאַכט די לאָדן בייטאָג, לעשט אוים ליכט און לאָמפּן ביינאַכט, און שלאָגט מיט אַ ריטל אין אַ טעלער מאַגנעזיע! — אָדער, וואָס אין וואַרשע איז לייכטער צו באַ־קומען — רופט צוזאַמען עטלעכע ליטעראַטן און לייענט זיי פאָר אַ שטיקל „געלע פרעסע" — —

צי האָבן מיר קיין פּובליקום, צי קיין מענטשלעך פּנים נישט?

---

# אַ בריװ אױס װאַרשע



ישינעװ האָט געװירקט אױף װאַרשע װי אַ דונער אין אַ שײנעם העלן טאָג פון שטילסטן, קלאָרסטן הימל.

װאַרשע איז פאַרציטערט געװאָרן. אױף דער בערזע, אין טע־אַטער, אין צירק, אױף קאָנצערטן און אין גערטלעך — פון שולן און גאַסן נישט צו רעדן — האָט מען מער נישט געהערט, װי „אמת"? „אמת"! און אין די אױגן פון דעם, װאָס האָט געפרעגט, איז פאַרלאָשן געװאָרן דער לעצטער פונק פון דער לעצטער האָפענונג, צו הערן: עס הײבט זיך נישט אָן!

דערנאָך האָבן אַלע באַקומען אײן תאװה, אײן קרענקלעכע תאװה, צו װיסן אַלץ, אַלץ, מיטן פּינטעלע, מיטן שפּרענקעלע; אױסצוטרינקען דעם סם ביזן לעצטן טראָפּן, און דער „קוריער װאַרשאַװסקי", דער אײנציקער ברונען, פון װעלכן װאַרשע שעפּט אַלץ, װאָס זי װײסט, האָט אָבער גע־שװיגן, געװאָלט, צי געמוזט שװײגן און אפשר בײדע צוזאַמען...

דערװײל האָט דאָס צערודערטע װאַרשע אײדם געטון: אַרױסגעשיקט קײן קישינעװ 20 טױזנט רובל געלט און צװײ יידישע רעדאַקטאָרן... געלט האָט אפשר װאַרשע געקאָנט שיקן מער; רעדאַקטאָרן מער האָט זי נישט; דערװײל נישט...

דאָס געלט איז אין קישינעװ, מן־הסתם, צונוץ געקומען, די רע־דאַקטאָרן אפשר אױך. אײנעם איז נאָר באַשערט געװען צו געפינען אַן אַלטן כתב און אָפּצודרוקן אױסער קאָרעספּאָנדענציעס. דער צװײטער האָט אָנגעפּולט אַ גרױס בוך מיט זיכרונות, אַן אוצר אױף לאַנגע יאָרן... נאָר פון דעם האָט װאַרשע אױך אַ נוצן געהאַט: אױף דעם צװײטן, װאָס איז אײנגנטלעך דער ערשטער, האָט מען טאַקע געװאַרט, װי מען װאַרט אױף משיחן...

עס איז שױן, נישט פאַר אײך געדאַכט, געקומען צו חרפּות־ובושות.

דער ליטישער עולם, דער צילינדער־עולם, די מיזרח־װאַנט פון דער „דײטשער־שיל", די נעענטסטע קרובים פון אַזױ גרױסע און הױכע לײט, װאָס דערזען שױן נישט קישינעװ, אפילו די כנסת־ישראל נישט... אַזױנע,

וואָס רעכטן זיך היינט־מאָרגן אפילו אויפֿצוהערן צו צאָלן עטאַט און באַ־גניגן זיך מיט אַלע פֿאַדאַטקעס — די אַלע האָבן פֿלוצלינג דערפֿילט, אַז זיי האָבן באַקומען זייערס אַן אייגן עגמת־נפש, אַן אייגענע שרעק, אַן אייד־גענע לעבנס־פֿראַגע, איבער וועלכער דער „קוריער וואַרשאַווסקי" וועט נישט ענטפֿערן... פֿון וועלכער ער וועט נישט רעדן, און אויב יאָ, וועט דאָס האַרץ ווײ טון הערנדיק...

נאָר וווּ ווערט מען עס געוואָר?

א טײל האָבן זיך בסוד־סודות געכאַפּט צו די „נאָוואָסטי"; אַנדערע האָבן אַמאָל אין א חדר געלערנט, האָבן מיט א פֿאַרבלוטיקט האַרץ און פֿאַרביסענע ליפּן באַלעגערט דעם יידישן צייטונגס־טרעגער אין גאַס... מען כאַפּט די „הצפירה", א היימישעס בלאַט, אַנדערע, וואָס ווילן ביליקער מיט א קאָפּיקע, שטרעקן אויס די האַנט נאָכן „הצופה", נאָך אַנדערע, וואָס האָבן ווייניקער געלערנט אָדער מער פֿאַרגעסן, פֿאַלן, — לאַ־עליכם — מיט נאָך א שטאָפּל טיפֿער און ציען אַרויס דעם „פֿריינט"...

און מען לויפֿט, און מען לויפֿט מיט א צאַפּלדיק האַרץ אַהיים, און מען פֿאַרשליסט זיך בחדרי־חדרים און מען לעזט. און ווער עס האָט קיין חדרי־חדרים נישט, און ציטערט פֿאַרן ווײַב, און שעמט זיך פֿאַר דער באַ־בע, צי פֿאַר דער דינסט, כאַפּט דאָס בלאַט מיט זיך אין גאָרטן אַרײַן, פֿאַר־שלאָגט זיך אין אַן אָפּגעלעגן ווינקעלע און טרינקט דעם סם... אָדער שפּרינגט אַרײַן אין טראַמוויי און לאָזט זיך פֿירן קיין פּראַגע, אויפֿן וועג טרעפֿן זײַנע אויגן די היימישע ווייסל און ער דערקענט זי נישט, עפּעס איז זי אים אַנדערש, ווייניקער היימיש.

ווי עס איז, מען לעבט. די האַנט, וואָס האַלט דאָס בלאַט, ציטערט; די אויגן, וואָס קוקן אַרײַן און האָבן מורא אַן אות צו פֿאַרלירן, פֿינטלען. און ווייסע ליפּן ציטערן: באַזשיע, באַזשיע!

אינמיטן כאַפּט מען אַרויס דעם זייגער, מען וואַרפֿט אַן אויג אויף דער דאַטע פֿון אָנהויב בלאַט, צי האָט מען קיין טעות נישט אין דער צייט! אַן אַנדערער בײַסט זיך אַרײַן אין דער ליפּ — צי עס איז קיין בייזער חלום נישט...

נאָר זאַט דערפֿון איז מען נישט געוואָרן...

מען פֿילט, אַז עס מוז זײַן מער! אַז עס איז פֿאַראַן א זיפּ, וואָס לאָזט נאָר דורך דאָס שיטערע, דאָס געדיכטע פֿאַרהאַלט זי בײַ זיך... זאָל דער רעדאַקטאָר קומען, דער אמתער רעדאַקטאָר!...

און, איידער ער קומט, פֿאַרגיט מען אים אַלע זינד קעגן דער אַסי־

מילאַציע, קענען „איזראַעליט”, קענען דער דייטשער שיל וכדומה, זאָל ער קומען, זאָל ער נאָר דערציילן...

ווי געזאָגט: געהאַפּט ווי אויף משיחן...

און דער משיח האָט נ י ש ט געלאָזט לאַנג אויף זיך וואַרטן.

ער איז געקומען און האָט גערעדט.

אַ נייער ירמיהו, אַ נייער חורבן. אַ שפּאָגל־נייע איכה... אַ נייער שבט־מוסר, מיט אַ נייעם ברענענדיקן גיהנום!

פאַרטריקנטע הערצער הייבן־אָן בלוטיקן... גאָט ווייסט, אין וועלכן אַש־ווינקעלע עס האָט זיך געוואַלגערט אַ פּונק יידישקייט, און עס האָט אויפגעפלאַקערט און צעפלאַקערט זיך דורך די אויגן אַרויס... האָר אויפן קאָפּ שטעלן זיך קאַפּויער, שטייף־געוואַקסענע, הויך־געהויבענע וואָנסן צע־דרייען זיך און פאַלן אַראָפּ און פאַרשטעלן די פאַרציטערטע ליפּן... איבער בלאַנשירטע דאַמען־פּנימער ציען זיך גאַנצע שנירלעך שוואַרצלעכע פּערל פון די אַרומגערענדערטע אויגן אַרויס...

און דער אָטעם שטאָקט. הערצער שטאָקן און בלייבן שטיל! — —

די קינה האָט זיך געענדיקט און זי קלינגט נאָך אין דער לופט... און טרויעריק, ווי מיט שטילע פליגל, קלאַפּט זי און שלאָגט זיך נאָך אַרום ביי די ווענט, באַרירט דערשראָקן די פּאָרטרעטן פון פּוילישע מלכים, שווייצאַרישע בערג, ריין־געגנטן און אַנדערע קונסט־ווערק — —

און פּלוצלינג האָט די וואַרשעווער פאַרזאַמלטע כנסת־ישראל אויס־געהויבן דעם קאָפּ, און פון אַלע געעפנטע מיילער איז אַרויס איין געבריל:

— אַ ו ו ע ק מיטן „קוריער וואַרשאַווסקי”!

---

און דער „קוריער וואַרשאַווסקי האָט זיך דערשראָקן..

און דאָס איז געוועזן שוין דער דריטער באָיקאָט.

דער ערשטער איז געווען אויף אַ געוויסן סאָרט טיי, דער צווייטער קעגן אַ געוויסער פאַבריק פון פּאַפּיראָסן, דער דריטער ערשט אויפן „קור־ריער וואַרשאַווסקי”...

און אַלע דריי באָיקאָטן האָבן אַזוי לאַנג געדויערט און אַזוי פיל געווירקט, וויפל אַלע פּוילישע באָיקאָטן קעגן דייטשע סחורות...

דער „קוריער וואַרשאַווסקי” האָט זיך אַליין געהאָלפן...

פּלוצלינג, אין אַ שיינעם העלן זומער־טאָג, האָט ער אָפּגעדרוקט דעם קראַנשטאַטער כוהן־גדולס ווערטער... אַביסל האָט ער זיך פאַרשפּע־טיקט, דאָך „בעסער שפּעטער, איידער קיינמאָל נישט”... דערנאָך, אַז עס

איז פאָרגעקומען אין דער וואַרשעווער סודעבנאַיאַ פּאַלאַטאַ דער פּראָצעס פון טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם, און אַ טיילט אַדוואָקאַטן האָט פאַרטיידיקט די פאַרמישפּטע דערמיט, אַז אין פּוילן איז קיין אַנטיסעמיטיזם נישט פאַראַן, נאָר, אַז מען האָט געהערט, ווי מען האָט געשלאָגן אַ פּויערישע דאַמע, האָט דער ריצאַרסקי האָנער פאַרלאַנגט, מען זאָל אויסהאַקן עטלעכע יידישע שויבן פון די פענצטער און ציין פון די מיילער, בשעת ווען דער צווייטער טייל אַדוואָקאַטן האָט געזאָגט: לאַ־כי! געווען אַנטיסעמיטיזם און עס וועט זיין, און עס מוז זיין, ווייל די יידן שווינדלען, ראַבעווען, נאָגן אויס דאָס פאָלק, ביז עס ווערט פאַרביטערט און שלאָגט — האָט דער „קוריער וואַרשאַווסקי" אָפּגעדרוקט נאָר די ערשטע רייד, געגאָסן נאָר דאָס זיס־וויניקע שלאָף־געטראַנק און פון דער רעשט אַ קלוגן שוויַג געמאַכט.

ווי איר זעט, האָט זיך דער „קוריער וואַרשאַווסקי" אַליין אָנגענומען ביי די אויערן און אַרויסגעצויגן פון דער בלאָטע... בנוגע צו טיי און פּאַפּיראָסן האָט שוין געמוזט אַרויסטרעטן דער וואַרשעווער ראַבינאַט!

אַלץ רוקט זיך, די רבנים אויך!

אַמאָל איז אַ רב געווען כמעט סאַמע רוחניות... איך זאָג „כמעט", ווייל די רביצן האָט פון רח"ש צי פון די הייוון דאָך אַמאָל אָפּגעקאָכט אַ וויעטשערע און דעם רבס גוף האָט אויך געמוזט אַביסל וואַקסן... און גאָר אינגאַנצן אין הימל אַריין האָט גלאַט אַ רב נישט געקענט, ווייל באַלד איז געקומען אַ באַהעלפער און אַראָפּגעצויגן דעם רב ביי דער פּאָלע, צי דער פּיפּיק איז כשר... אָבער אין גאַס אַריין איז אַ רב נישט געקומען. ערשטנס, איז אין גאַס אַ בלאָטע און פּוילישע רבנים האָבן געהאַט אַ מאָנאָפּאָל, אַחוץ אויף די כשרע הייוון, נאָך אויף באָרוועס גיין אויך... און גלאַט, ווי קומט מען עס גאָר אַריין, נישט קענענדיק קיין צורת־מטבע?...

מיט דער צייט איז אַלץ אַנדערש געוואָרן... היינטיקע רבנים זענען וועלט־מענטשן... לויפן אַרום אין די „סאָנדים" אָפּנעמען שבועות און האַקן אין רוסישן אַריין ווי אין אַ קרויט... קאָרעספּאָנדירן מיט אויסלענדישע רבנים, צי מען קען נישט אַמאָל אַסרן טייל סאַרדינקעס וועגן אַ חשש פון חזיר־שמאַלץ, און מתיר זיין אַנדערע, וואָס ווילן האָבן אַ הכשר מיט אַ השגחה־פּרטית... וועגן פּוטער פון גראָז מוז מען שואל־בעצה זיין ביי אַ כעמיקער... און אַז עס ווערט אַ סיכסוך וועגן פּסחדיקן טיי און — אַ מחלוקת פון אַ סיכסוך, קומט מען מיט די שאלות ותשובות אַפילו אין די צייטונגען אַריין אויך... שווימט מען אַרום אין בלעטער. און נישט

מיט רש"י־כתב, ווו און אזוי ווי רבנים פלעגן שרייבן וועגן עגונות און עיבור־יאָרן, נאָר טאקע אויף דער פערטער זייט צווישן די מודעת און מיט גרויסע, געוואלט־שרייענדיקע מרובע־אותיות, גלייך מיט „מאָ־נאַ־וואַנאַ"־פּאַפּיראָסן, שמעקנדיקע שטורקאצן, קאָלירטע ראַקעטן, אָדער מודעות וועגן באַנעס און דינסטן וכדומה...

היינט מוזן זיי זיך נאָך אַריינמישן אין באַיקאָטן...

און זיי האָבן זיך אַריינגעמישט, און אויך אַרויסגעלאָזט א מודעה וועגן מחילה און גוטסקייט, און ליבשאַפט, און זיי, דאָס בין איך אייך ערוב, וועלן קיין חרטה נ י ש ט האָבן...

2.

פייל פון בויגן איז אַריבער אַל־דאָס־גוטס...

עס איז אַריבער דער זומער מיט זומער־וווינונגען, מיט טיפע, שטילע און קלאָרע אָוונטן, מיט גרינע וועלדער, גאָלדענע פעלדער... כאָטש פּרעמדע!

פאַרקלונגען זענען אויך די ווייכע האַרציקע סיני־נגונים, די שטאָל־און־אייזערנע פּיוטים, דאָס הייליקע שופר־בלאָזן, צוזאַמען מיטן האָניק און מיט די זיסע מערן אין סוכה...

און הושענה־רבה איז אויך פאַרביי... מען וועט ווייטער שמייסן, נאָר שוין נישט מ י ר, און נישט מיט ה ו ש ע נ א ס און נישט אויפן ה י ל צ ע ר נ ע ם ש ט ע נ ד ע ר... אויב מען וועט שמייסן, וועט ווירקלעך בלוט רינען!

און דאָס הושענה־רבה־קוויטל האָט מען אין קעשענע, נאָר לעזן קען מען עס נ י ש ט. אויף הימל־פּאַפּיר מלאכים־כתב! מי ינוח ומי ינוע? ווער וועט זיין א געשלאָגענער, ווער אן אנטלאָפענער? ווער א פאַר־ברענטער, ווער נאָר אן אָפּגעברענטער? און ווער וועט זאַמלען נדבות: איך פאַר יענעם, יענער פאַר מיר?... און מיט א פאַרקלעמט האַרץ וואַרפט מען א זייטיקן בליק אויף ווייב און טאָכטער...

און ווייט, ווייט איז צו אַלעם גוטן!

ווייט איז דער הימל, ווייט — פּאַלעסטינע, ווייט איז אַפילו אוּ־גאַנדאַ, וואָס שרעקט שוין פון ווייטן מיטן וועקסל־פיבער: א מענטש גייט אין גאַס און פאַלט פּלוצים אַנידער און שלאָפט איין... ערגער, דאַכט זיך, ווי היישעריק... ווייט איז אַפילו צו חנוכה, צום האַלבן יום־טוב מיט דער טייערער גרויסער אָקע און שפּאָט־ביליקער, קליינער אילומינאַציע און נאָך ביליקערע, כאָטש פּלאַם־פּייערדיקע, רעדן איבער פּאַלעסטינע, אוגאַנדאַ,

אָדער איבער סדום, וואָס דאַרף זיך איבערקערן, ועמורה, וואָס זאָל איינ־געזונקען ווערן...

און די טעג ווערן וואָס אַמאָל קירצער, טרויעריקער, פייכטער און וואָס אַמאָל א ו מ נ י צ ל ע כ ע ר.

און אַז אונטערגאַנג גייט אַרום אויף קינדער, אויף די אָרעמע שע־פעלעך... ווייניקסטנס, קרענקט מען אָן אַן אונטערשיד פון גלויבן, אָן פּראָצענט...

קאַלט, טרויעריק, נאַס און אַן אונטערגאַנג אויף אומשולדיקע קינ־דער, נאָר אַ טייל פון דער פּוילישער פּרעסע, דער פ ר ו מ ע ר טייל מיין איך, איז גאַנץ לוסטיק און לעבעדיק!

אויף דער לאַנקע, ווו עס גראָזט דאָס אמתע פי, דאָס אמת ריינע, פרומע און כשרע, איז די פאַשע פעט און נאָך באַשפּריצט פון נחת־בלימ־לעך — אַ פאַרשמעקעניש צו דער נאָז, אַ פרייד צו די אויגן!

נאָך לאַנג, לאַנג וועט מען ברויכן די אַנטיסעמיטישע בּרעסע! עס ווייזט זיך אַרויס, „אַז די וועלט פאַרמאָגט צען מיליאָן יידן און די העלפט דערפון וואַלגערן זיך אַרום אין טשערטאַ"! פינף מיליאָן יידן וועלן גע־ווים זיך אַזוי גיך נישט אויסטויפן, נישט אַזוי גיך אַסימילירן... מען וועט זיי אַזוי לייכט נישט פאַרדייען... הכלל — געשעפט בלייבט געשעפט! ווי עס איז, פאַראומערן דאָס לעבן וועט מען זיי שוין!

„און די אינטענדאַנטסווע, לעבן זאָל זי, האָט אָנגעהויבן קויפן פוראַזש דירעקט ביי די פריצים; יידישע פּאָדריאַטשיקעס און פאַקטוירים וועט מען שוין, גאָט זיי דאַנק, פּטור ווערן"! כדי אָבער די יידעלעך זאָלן נישט שווינדלען, און אונטערשטעלן פריצים אַלס פאַרקויפער פאַר זייער תבואה, פאַרלאַנגט די קלוגע אינטענדאַנטסטווע פון יעדן, וואָס שטעלט צו אַ פאַרטיע פוראַזש, אַ באַווייז, אַז די תבואה איז אויף זיין אייגן פעלד געוואַקסן"! מען דאַרף נישט די תבואה זאָל זיין מיט אייגענע הענט גע־זייט און געשניטן; גענוג דאָס פעלד זאָל זיין אייגן. און אויף רעליגיאָן פרעגט אייגנטלעך די אינטענדאַנטסוואָ נישט, דאָס ברויך זי נישט... גוט־באַזיצער יידישע איז פאַראַן ווייניק (אַז מען דאַרף, שרייט מען, אַז צו־פיל), אַרענדאַטאָ־ס אפשר מער, זיי הייבן אָבער אויך שוין אָן צו פאַלן אין דער צאָל: דער גרעסטער גוטבאַזיצער, דער גראַף זאַמאָיסקי, וואָס האָט ביז אַהער, לויט מען פלעגט שרייבן, ליב געהאַט, אויסער פערד און שאַנסאָנעטקעס, נאָך יידישע אַרענדאַטאָרס אין זיינע פאָלוואַרקן, און פאַר דאָס פיינט געהאַט גלחים און קלויסטערס, איז היינט, גאָט זיי דאַנק,

א בעל־תשובה געוואָרן. די קלויסטערס, וואָס ליגן אין די גרענעצן פון זיינע שטעט און פּאָלוואַרקן, ווערן פאַריכט און פיין־געשטעלט אויף זיין אייגענעם חשבון. גלחים ווערן צו יעדער צייט אויפגענומען, מיט אַלער־ליי כיבודים... דערפאַר אָבער, ווו עס ענדיקט זיך אַ יידישער קאָנטראַקט, היידאַ, גייט שוין אויף זיין אָרט אַריין אַ קריסט! נאָך 10 פּאָלוואַרקן און 22 מילן זענען אין יידישע הענט, נישט אויף לאַנג: אויסגע־ליזט מוז ווערן די ערד! איר זעט? אומעטום די זעלבע אידעאַלן — גאולת־האָרץ!

און נישט די ערד אַליין דאַרף אויסגעלייזט ווערן, דער האַנדל אויך! דער אַמאָליקער, נאַרישער פּריץ האָט זיך געשעמט מיטן האַנדל (אויסערן האַנדל מיט אונטערגעפּעלשטע פערד), היינט קומט דאָס דאָרף אין שטאָט אַריין און צעשפּרייט מיט די הענט, און שטופּט אַרוים דעם איבעריקן, דעם פרעמדן... אויף די נאַלעווקעס, פאַרן אייזערנעם טויער, אויפן גזשיבאָוו אַפילו, מערט זיך די צאָל פון ריין־קריסטלעכע געשעפטן און אַפילו דאָס געלט־געשעפט האָט אויך אויפגעהערט צו זיין אַ מאָנאָפּאָל אין יידישע הענט. מיר פאַרמאָגן שוין עטלעכע קריסטלעכע באַנק־הייזער, אַצינד האָט זיך נאָך איינס געעפנט: בזשאָסקאָ עט קאָמפּ... א פיין חנוכת־הבית געווען, עכט ערלעך און פרום...

און דאָך איז דאָס אַרויסצושטופּן, איבער דער גרענעץ אַריבערצו־וואַרפן, נישט אַזוי לייכט. די יידישע עמיגראַציע וואַקסט אַפילו פון טאָג צו טאָג, אָבער דאָך נישט אַזוי געשווינד, ווי דאָס דאָרפישע פרומע האַרץ פאַרלאַנגט עס! און די דאָרפישע עלנבויגן בייגן זיך אַמאָל איין, נישט אויס... בעסער וואָלט געווען עס זאָל בטל ווערן די „טשערטאַ אָסעדלאָס־טי”, יידן זאָלן זיך צעשיטן אויף גאַנץ רוסלאַנד, צעזייט און צעשפּרייט זאָלן זיי ווערן... אומעטום זאָלן זיי זיין, נאָר אין ערגעץ נישט די מער־הייט, אין ערגעץ נישט קיין קראַפט... וואָס ווייניקער יידן אויף איין אָרט, איז געזינטער!...

עס איז דאָך נישט אַזוי לייכט — קרעכצט מען — פון יידן פּטור צו ווערן. פאַראַן אַ קאַפּעליע אין פילהאַרמאָניע, מוזן זיין, אויסער דייַ־טשע און פראַנצויזישע, אויך יידישע קלעזמער! געמאַכט אַן אויסשטעלונג אויף צעלניק — יידעלע מוז אַריין מיט זיין סחורה! און אין פּאַביאַניצע, אין אַ שטאָט, ווו דער אַנטיסעמיטיזם וואַקסט ווי אויף הייוון און ציט זיך ווי אַ שטריק אויפן יידישן האַלדז, ווו מען האָט שוין אַ ריין־קריסט־לעכע קרעדיט־געזעלשאַפט, און מען עפנט נאָך אַ צעלניק־קראָם: „יעד־

נאָשטש", פארשטייט זיך, א ריין־קריסטלעכע קראָם, — גייט זיך פונ־דעסטוועגן א יידל און בויט זיך א דריי־שטאָקיק הויז, גלייך ער וואָלט גאָר אויף משיחן נישט געוואַרט, גלייך ער רעכנט, אַז זיינע אייניקלעך נאָך וועלן דאָ פאַרפעסטן די לופט מיט ציבעלעס און קנאָבל!

און נישט אזוי ווייט שולדיק איז די האָק, וואָס האקט אוים די ביי־מער, ווי דער וואַלד אליין, וואָס גיט די שטיל צו דער האָק! אין וואַרשע איז פאַראַן א יידישע געווערב־שול, לערנען קריסטלעכע מייסטערס די יידישע קינדער אַרבעטן! און אין פּאַביאַניצע, ו ו ע ר בויט דאָס יידי־שע הויז? פארשטייט זיך, די קריסטלעכע מוליאַרעס! און וואָס קומט אַרוים דערפון? מען לאָזט דעם ייד וואַקסן, און מען פאַרלירט דערביי ד י וועלט און י ע נ ע וועלט! ווייל אזוי דער קריסטלעכער מייסטער אין דער יידישער געווערב־שול אין וואַרשע, ווי דער מולאַר, וואָס בויט אין פּאַביאַניצע דאָס יידישע הויז, מוזן האַלטן שבת! און ווייטער דאָס אייגענע: די זעלבע אידעאַלן — „גוי ששבת" איז ביי זיי אויך סכנת נפשות...

צווישן די קליינע נאַרישע העצרייען געפינט זיך אָבער אויך עפּעס וויכטיקס: ווי, למשל, די פראַגע פון ש ח י ט ה...

פאַראַן אין וואַרשע, ווי אומעטום, א חברה „צער בעלי־חיים", וואָס ווייסט שוין נישט, וואָס מיט זיך צו טון... אַרומלויפן אין גאַס און כאַפּן דראָשקאַרעס, וואָס שמייסן צו שטאַרק די פערד, אָדער שפּאַנען איין קראַנק פערד, אָדער איבערלאָסטן די פערד, ווילט זיך נישט... דאָס טוט יעדער סטראַזשניק! אין דאַרף, מיטן פויער אָנצוהייבן, איז נאָך גע־פערלעך, מען קען לייזן א גוט וואָרט אונטערגעשפּאַרט מיט א זעץ אין פּלייצע... וואַרפט זיך, נעבעך, די חברה ווי א שלאַנג, מען מוז דאָך האָבן עפּעס צו טון, מען מוז שאַפן מאַטעריאַל, צום פאַרשרייבן אין די יער־לעכע השבונות, וואָס גייען אין די הויכע פענצטער און וואָס דאַרף אי־בערגיין צו דער געשיכטע!... גייט זי, נעבעך, די חברה, און נעמט, למשל, אויף זיך די הונטשלעגעריי אין די גאַסן, דאָס אָפּרייניקן די גאַסן און אַרויספירן די נבילות פון געפּיגרטע הינט און קעץ... איז נאָך ווייניק, נעמט זי זיך אַצינד נאָך צו שחיטה. שחיטה, זאָגט די חברה, איז אן עוולה! קיילן מוז מען, נישט שחטן! אין שחט — בעסער געזאָגט: אין קייל־הויז, פאַלן נישט דערשלאָגענע אָקסן, נאָך פאַר יציאת־נשמה ציט מען פון זיי אַראָפּ די הויט.

נאָר מיט די העקער־יונגען וויל די חברה נישט אָנהייבן; מיט יידן

איז לייכטער. אויך האָט מען דאָ א גרייטע ליטעראַטור. ווייניק האָט מען קענן שחיטה געשריבן? מען דאַרף נאָר איבערזעצן און פאָרשטעלן ווי מען דאַרף...

וואָס מען האָט פ א ר שחיטה געשריבן, האָט אפילו דער הויך־געלערנטער „פשעגלאָנד טיגאָדניאָווי" נישט געלעזן! און דעריבער פרייט ער זיך אַזוי, וואָס די חברה צער־בעלי־חיים נעמט זיך צו אַזאַ ניצלעכע זאַך, ווי מבטל זיין שחיטה.

„ערשטנס, איז א י ד ו ע ל כ ל — שרייבט ער — אַז שחיטה איז נישט מענטשלעך". די מענטשלעכקייט פאַרלאַנגט: קיילן! א האַק אין קאָפּ אַריין, איז איינער צו ווייניק — נאָך א זעץ... ביז צום דריטן און פערטן מאָל... די הויט דערוויל מעג מען שינדן...

צווייטנס, האַלט דער „פשעגלאָנד" זייער פון די אויסלענדישע פרייע לענדער און אַז מען האָט אין דער שווייץ געאַסרט שחיטה, קען ער איר קיין גוטער פריינט נישט זיין!

און יידן — זאָגט ער — וועט מען אויך דערמיט קיין רעה נישט טון. צו טריפות איז זיך זייער לייכט צוצוגעוווינען, א ראָיה־ראיה: אין דער שווייץ האָט מען זיך שוין צוגעוווינט! אויסער, נאַטירלעך, די זייער פרומע נאַראָנים, וואָס ברענגען זיך פלייש פון עסטרייך...

„דערפאַר — שרייבט ווייטער דער „פשעגלאָנד" — וואָלט רעגי־רונג געוואָרן דער האַנדל מיט פיי". וואָס פעלט דעם האַנדל מיט פי און ווי אַזוי קען מען אים העלפן? שרייבט ער נישט, נאָר — אַז ער זאָגט, זאָגט ער... טרויעריק איז אָבער, וואָס די היינטיקע רעגירונג וועט נישט אָנ־רירן קיין רעליגיעזן געברויך.

צי איז ווירקלעך די גאַנצע געזעלשאַפט דורך און דורך פאַרסמט מיטן נאַרישסטן האַס צו יידן? ווער ווייסט? אפשר ש ו יי ג ן נאָר די גוטע?

3.

קיין סך ניגונים האָט קיין שאַרמאַנקע נישט. און גייט איצט דאָס לידל „גוי ששבת", וועט עס גיין און גיין צום דול ווערן.

שטשעפּאַנאָוו איז א דאָרף. אַז שטשעפּאַנאָוו איז א דאָרף, האָט עס א פּריץ, האָט דער פּריץ — א ווינט־מיל, דינגט די ווינט־מיל א ייד, שטייט די ווינט־מיל שבת, דרייט זי זיך זונטיק!

און שטשעפּאַנאָוו איז נישט אין ארץ־ישראל, נישט אין אוגאַנדאַ;

אַפילו נישט אין ענגלאַנד, ווו מען חלשט אַ ייד צו פאַרזאָרגן, אַפילו נישט אין פראַנקרייך, ווו מען יאָגט די הייליקע שוואַרצע מענטשעלעך און עס האַלט כמעט ביי פאַרמאַכן די קלויסטערס. שטשעפּאַנאָוו איז אַ דאָרף הינטער לאָמזשע, לאָמזשע איז אַ שטאָט אין פּוילן, ווו עס הערשן די „ראָלאַ", און די „קראָניקאַ ראָדזינאַ" און דער „פּשעגלאָנד קאַטאָליצקי", און די „ניוואַ פּאָלסקאַ", וכדומה...

פאַרוואָס דרייען זיך די פליגל פון דער קאַטוילישער ווינט־מיל אויף דער קאַטוילישער ערד אום זונטיק און שטייען אום שבת? ווייל די קאַטוילישע ווינט־מיל אויף דער קאַטוילישער ערד האַלט אַ ייד. פאַרוואָס האַלט זי אַ ייד? ווייל ער האָט געגעבן אַ רובל שכירות מער. פאַרוואָס האָט ער געגעבן אַ רובל מער? צי ווייל ער האָט דעם פּריץ ליבער? אַ קלאָג אין דער ליבשאַפט! ווען זיי זאָלן ליב האָבן דעם פּריץ, וואָלטן זיי נישט געדרעדט פון פּאַלעסטינע. אפשר ווייל אַ ייד דאַרף ווייניקער און וויל ווייניקער פאַרדינען? חס־ושלום. אַ ייד דאַרף מער! רעכנט: געפילטע פיש אויף שבת, ווייסע חלה אויף יום־טוב, אויף פּורים — מיט זאַפרען, חדרים פאַר קינדער, מיקוואָות פאַר ווייבער, היינט — קהילה־געלט פאַר שוחטים און רבנים אין דער נאָנטער שטאָט אריין, שקל־געלט פאַר דר. הערצל קיין ווין, אונטערצושטיצן די האַקאַטע אין בערלין... אלא־מאי? טאַקע להכעיס! נישט מער ווי להכעיס דעם קלויסטער! דאָס גרעסטע נחת האָט אַ ייד, אַז ער זעט, ווי אַ קאַטוילישע ווינט־מיל דרייט זיך אום זונטיק און שטייט אין זיין הייליקן שבת...

דאָס זעלבע איז מיט דער שמידעריי פון זעלבן פּריץ, אין זעלבן דאָרף. ווי קומט אַ ייד צו שמידעריי? זינט דער רבונו־של־עולם האָט פאַרשאָלטן אָדם־הראשון און זיינע קינדער מיט דער אַרבעט, באַמיט זיך דער ייד אַלץ אינאיינעם די גאַנצע קללה זאָל פאַלן אויף גוישע קעפּ און ער זאָל אָוועקקויפן דאָס גאַנצע ביסל נאַפט אין באַקו אָדער האַנדלען מיט אַלטע אייזן. עשיוו האָט געאַרבעט אויף דער בכורה, יעקב האָט זי אויסגענאַרט פאַר אַביסל אַרבעס. פון מצרים, ווו מען האָט געמוזט אַרבעטן, איז מען אַנטלאָפן אין מידבר אריין, ווו מען קריגט, אָן אַ שפּור אַרבעט, מן און שלוו פון הימל און וואַסער פון אַ שטיין. אין ארץ־ישראל האָבן געאַרבעט די פּלישתים מיט גיבעונים און יידעלעך האָבן זיך געשפּאַצירט „עולי־רגל"... דערנאָך איז יי דאָס אויך נימאָס געוואָרן, און איבערגעקויפט טיטוסן, ער זאָל זיי פאַרטרייבן, ער זאָל חרוב מאַכן דאָס בית־המקדש, וואָס האָט פאַרלאַנגט קרבנות, מיטן לאַנד, וואָס האָט פאַר־

לאַנגט ארבעט, און פארשפּרייטן די יידעלעך צווישן די אומות־העולם, זיי זאָלן האָבן לייכטע פּרנסות — נאַפט אין באַקו, אַלטע הויזן, פאַלשע לאָזן וכדומה... נאָר אז דאָס „בית־המדרש" וויל להכעים טון דעם קלויס־טער, גייט אַ ייד און שטעלט זיך אַפילו פאַר א קאַוואַל! פאַרשאַרצט ער זיך די אַרבל און קאָוועט דעם פריצס פערד, פאַרשטייט זיך אום זונטיק, וואָרום אַ גאַנצע וואָך האָבן דאָס פערד ווי דער פאָרנאַל קיין צייט נישט!... און זונטיק, די גלאָק קלינגט און דער יידישער האַמער קלינגט אינעם גלאָק אַריין! אָבער שבת — חס־ושלום! שבת שטייט די קוזשניע אין שטעטעפּאַנאָוו, פּונקט ווי אין באָגושיצע, אין ווזשעשטש, און גאָט ווייסט ווו נאָך עס ארבעטן יידישע קאָוואַליעס — פארהאַמערט, כאָטש האַק און בראָק, כאָטש ברען און בראָט, שבת ארבעט ער נישט!

און פאַרקערט, ווו מען קען שאַדן אַ קריסט מיט חילול־שבת, איז מען מחלל־שבת. דער רב כלומרשט בייזערט זיך, קהל שרייט, דאָס איז אָבער נאָר לפנים; מען מיינט עס נישט ערנסט. פאַרקערט, מען ווייסט, אַז אַנדערש וועט דער יידישער מיסחר, קעגן דעם קריסטלעכן, קיין קיום נישט האָבן!

אז מען האָט פאַלשע מאָס און וואָג, שלעכטע סחורה און הויכע פּרייזן, מוז מען שפּעקולירן אויף דער צייט, אויף די טעג, ווען די קריסט־לעכע געוועלבער און קראָמען זענען געשלאָסן. און ערשט נישט לאַנג, — ווייסט די „ניוואַ פּאָלסקאַ" — האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער מאַרשאַל־קאָווסקאַ־גאַס אַזאַ מין קאָמעדיע:

צו אַ כלומרשט גאַנץ אָרנטלעך יידל, וואָס האַלט אָפן דאָס געוועלב אום שבת, זענען אַריינגעקומען דריי כלומרשט אָרנטלעכע יידן פון גאַס און האָבן זיך אים געבויגן און גענייגט מיט אַ שיינעם „גוט־מאָרגן!", און אַזוי געזאָגט: „ר' ייד, נאָך וואָס פאַרזינדיקט איר אייער נשמה און האַנדלט אין הייליקן שבת? צי איז אייער נשמה אַ וויסקראָביק פון אַ פּ־עמדער מולטער און איז נישט געשטאַנען ביים באַרג סיני און נישט געהערט, אַז זעקס טאָג האָט גאָט געאַרבעט און באַשאַפן די וועלט, און דעם זיבעטן טאָג האָט ער גערוט?"

דערויף האָט זיך דער כלומרשט שיינער ייד, וואָס האַלט אָפן דאָס געוועלב אום שבת, צוריקגענייגט און מיט אַ שיינעם „גוט־יאָר" צוריק־געבויגן און געענטפערט און אַזוי געזאָגט: „רבותים, נעמט די פיס אויף די פּלייצעס און גייט צו אַלדי שוואַרצע יאָר"... און אַזוי זאָגנדיק, האָט ער גאָר פריינטלעך געשמייכלט.

און די דריי כלומרשט ערנטלעכע יידן זענען ארויסגעגאנגען פון קראָם און האָבן אויך געשמייכלט, און איינער צום צווייטן האָט געוווּנקען מיט נחת: יוצא געווען קעגן גאָט און קעגן קהל — ער וויל נישט, און אַז ער וויל נישט, קענען מיר אויך נישט וועלן...

און פיל, פיל יידישע געוועלבער לייזן אום שבת און דעריבער מוזן די קריסטלעכע סוחרים האלטן אָפן די קראָם אום זונטיק!...

נעבעך!

און פונדעסטוועגן הייבט זיך דער קריסטלעכער מיסחר. אָט דער זייפן־זידער פון וואָלסקאַ־גאַס נומער 13. די „ראָלאַ" ווייסט, וואָס יידן קאָנקורענטן האָבן אויסגעארבעט אונטערצוברעכנגען דעם קאטוילישן זייף. עס איז זיי אָבער נישט געראָטן... דער זייפן־זידער וואקסט און וואקסט און שטעלט שוין צו זייף אין די שפיטעלער אריין...

דערפאר אָבער וואקסן ביי אונדז אַנדערע פרנסות. אמאָל פלעגט מען זיך דרייען אַרום דער באַנק און — לעבן ד ע ר פ ו ן. האָט מען עס פאַרוועַרט. מען פלעגט האָבן שענקען, אויף יעדן ווינקעלע אַ שענק — מאכט זיך אַ מאַנאָפּאָל! מען פלעגט האנדלען מיט פּראָצענט, היינט, אויסער בסוד־סודות — חס־ושלום, מען זעצט איין! יידישע זייפן־זידעריי וועט אויך פאלן, וואָלסקאַ נומער 13 וועט זי אַוודאי איינשלינגען... זיין ליבער נאָמען שיקט אָבער די רפואה פאַר דער מכה: אויפן אָרט פון דעם אַלעם וואקסט די ליטעראַטור!

אַ גאַסט איז ביי מיר געווען, אַ ווייטער קרוב, לאַ־עליכם, אַן אָרעמאַן.

— איך בין אייך געקומען בעטן אויף אַ חתונה...

ער מאכט חתונה די זיבעטע טאָכטער. נדן האָט ער שוין באַליינט, חתונה־קליידער — געמאַכט, די „פּאַפּירן" זענען פאַרטיק, די סאַליע און קלעזמער געדונגען, נאָר אויף אַ סעודה פעלט אים. כאָטש עטלעכע פונט פיש...

— נעמט איר כאָטש, — פרעג איך, — אַן איידעם אַ פרנסה־געבער?

— נאָך ווי הייסט, זאָגט ער, אַ פרנסה־געבער!

ער אַליין איז נאָך פון דער אַלטער וועלט, ער וואָלט געהאַט אמונה און ביטחון, ער ווייסט, אַז גאָט פאַרלאָזט נישט.

— אָט, זאָגט ער, ווי איר קוקט מיך אָן, לעב איך שוין אַ יאָר 40 אָן אַ קאָפּיקע! און קיין פאַך אין דער האַנט האָב איך אויך נישט, איר ווייסט דאָך! און, זעט איר דאָך — איך לעב!

ווי אַזוי לעבט דאָס, איז שוין אַן אַנדערע שאלה...

די טאָכטער אָבער איז שוין אַ היינט־וועלטיקע, זי וויל דווקא אַ פּאַרטיקן פּאַרשוין, אַ פּרנסה־געבער... און ער האָט איר געפונען... עס האָט אפילו לאַנג געדויערט, זי האָט זיך אַביסל געעלטערט, די טאָכטער; נאָר געפונען, וואָס איר האַרץ האָט געגלוסט, האָט ער.

— וואָס איז ער, אייער קינפּטיקער איידעם? פרעג איך.

— אַ שרייבער! — ענטפערט ער שטאָלץ.

— אין אַ וואַלד?

— חס־ושלום... פאַרוואָס אין וואַלד? אַ קראַנקער איז ער, חס־ושלום, וואָס?

— אין שטאָט, אין אַ געשעפט?

— אין שטאָט, אָבער נישט אין אַ געשעפט, אַ גראָבע זאַך וואָלט מיין טאָכטער נישט געוואָלט. זי איז אפילו נאָר אַ נייטאָרן, נאָר אַן איידעלן געשמאַק האָט זי, היינטיקע צייטן — אַ שרייבער אין אַ צייטונג איז ער!

— ווי הייסט ער?

ער זאָגט מיר אַ ווילד־פרעמדן נאָמען.

— אַ פּרישער טאַלאַנט?

— אָבער גאָר אַ נייער. צאַפּלדיק פריש פון דער נאָדל... ער לערנט זיך נאָך צו אַביסל גראַמאַטיקע מיט אויסלייגן. נאָר מען שלאָגט זיך שוין איבער אים. סאָקאָלאָוו רייסט אים ביי דער פּאָלע צו דער ענציקלאָפּעדיע. „אחיאָסף" שרייט, זי קאָן אָן אים נישט ענדיקן דעם „לוח", „האור" וויל אים פאַר אַ סעקרעטאַר; זאָל זיך נאָר לייזן, — שרייבט מען אים, — וועט זי אים צאָלן אַ רובל 40 אַ חודש, לכל־הפּחות! היינט גיט רייזן אַרויס אַ זאַמל־בוך, וויל ער כאָטש אַ נאָוועלע. ווי הייסט, זאָגט ער, דו ביסט אַ יונגער, מוזסטו אַרבעטן מיט יונגע. אַנישט, וויל ער כאָטש אַ שירל, אַ פּיצל באַדיי, אַבי צום באַשמעלצן!... היינט דער „העולם" — 2.500 רובל האָבן זיי שוין, קוים וועלן זיי האָבן 30 טויזנט, מאַכן זיי אים פאַר אַ רעדאַקטאָר! גאָר פּשוט!

— און דערוויילע? — האַק איך איבער די גליקן.

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט: דערווייל לערנט ער צו גראַמאַטיקע מיט אויסלייגן...

— באַ, — גיט ער צו מיט אַ זיפץ, — ער זאָל שוין קענען גראַמאַטיקע מיט אויסלייגן אויך, וואָלט ער זיך געלאָזט אָפּגילטן... וואָלט איך צו אים נישט געקומען; ער וואָלט איינגענומען די וועלט!

— און ווי אַלט איז ער? — פרעג איך.

— א יאָר 19.
— מען וועט אים נאָך צונעמען צום מיליטער?
— חס־ושלום, — זאָגט ער — א קאַליקע!

4.

דעם טאָג, ווי שיין ער זאָל זיך נישט אָנהייבן, דאַרף מען נישט גלייבן. ער הייבט זיך אַמאָל אויף מיט א פּנים פון א רחמנותדיקן מליץ־יושר, און גייט אונטער — אַלדאָסבייז זאָל אַזוי אונטערגיין.

דער גרויסער דיכטער אַסיאַן האָט עס אַמאָל געזאָגט בדרך־משל:

א יעגער — האָט ער באַשריבן — האָט זיך אַמאָל אין א שיינעם העלן פרימאָרגן געלייגט אַפּרוען אויפן שמעקעדיקן גראָז, אין פרישן, גרינעם, זינגענדיקן וואַלד, אונטער א בוים — א קדמון, וואָס האָט אים איינגעשלעפערט מיטן זיסן געראַוויש פון זיינע פרישע בלעטער, און איינ־געפּליסט די בעסטע חלומות מיטן געזאַנג פון צווישן זיינע צווייגן, — ווי נאָר א מוטער קען איינוויגן און איינשלעפערן איר איינאיינציק קינד מיט איר זיס־האָניקדיק וויגן־ליד...

נישט לאַנג האָט עס געדויערט!

דעם יעגער האָט אויפגעוועקט א דונער! און, אַז ער האָט די אויגן געעפנט, איז ער שוין כּמעט געשווומען אין א טייך פון רעגן־וואַסער פון די אַרומיקע בערג...

און איז אייך אַסיאַן ווייניק, נעמט א מעשה פון האָמעל:

די, וואָס דאַרפן אַלץ זען פאָרויס, האָבן נישט די טבע הויך אַרויפ־צוקוקן, און האָבן נישט געזען דעם פּאָגראָם, כאָטש ער האָט שוין גע־שוועבט איבערן שטעטל אין דער לופטן, ווי א גייער, וואָס קרייזלט אַרום, אויסקוקנדיק זיין רויב פון דער הויך! נאָר די יידישע הערצער האָבן שוין געצאַפּלט. זיי האָבן געפילט, אַז עס קומט א צייט, ווען א „גשם־אלוהים” וועט זיין, נישט קוקנדיק אויף זיין שיינקייט, א געפערלעכע זאַך, און אויפוועקן קינאה־שינאה!

און וואָס דאַרפט איר א סך ראיות? אַן אַלטער פיליסטער האָט אַמאָל געזאָגט: גלייב נישט דעם שענסטן טאָג! און פון דעמאָלט אָן גייט קיין עכטער באַלעבאָס אָן א רעגן־שירעם נישט פון שטוב אַרויס...

איך בין אייך נאָר געקומען זאָגן, אַז איך אַליין האָב אויך איבער־געלעבט אַזאַ טאָג, א טאָג, וואָס האָט זיך געעפנט ווי א שמאַלץ־גרוב פון נחת, און פאַרשלאָסן טאַקע — ווי אַן אמת קבר.

און דאָס נחת האָב איך באַלד אינדערפרי נאָך אין בעט אַפילו גע־האַט, דען איך בין געוווינט דורכצוקוקן די פּאָסט: בריוו און צייטונ־גען, אין בעט, און טאַקע די לעצטע האָבן מיר געבראַכט די ישועות־ונחמות.

ערשטנס, האָב איך פון קיינעם קיין מאָן־בריוו באַקומען, כאָטש שולדיק בין איך איבערן קאָפּ, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קליינעם סוחר... אָדער מיינע נושים זענען צו רייך געוואָרן, און עס פּאַסט זיי נישט צו מאָנען; אָדער — צו אָרעם און האָבן אויף קיין פּאָסט־געלט נישט געהאַט, אָדער זיי האָבן מיך שוין לאַנג אַרויסגעשטעלט אויף דער קאָנטאָ פון היזק און אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — — —

צווייטנס — אַן אַנגענעמע דעפּעשע אין „קוריער וואַרשאַווסקי", ווי אויך אין אַנדערע, זיינע קאָנקורענטן. און נישט די דעפּעשע איז אַזוי אָנגענעם, ווי דאָס, וואָס עס פּ ע ל ט אין דער דעפּעשע.

ביי די לעצטע וויבאָרעס אין פּויזן, האָט אַ ייד אַן אויסקלויבער בשום־אופן נישט דערלאָזט, עס זאָל אויסגעקליבן ווערן אַ פּוילישער פּרעזידענט; ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און וויל דווקא אַ דייטש... און אַצינד שטעלט איך פאַר, אַז, אחוץ עטלעכע אָפּן־אַנטיסעמיטישע בלעטער, האָט קיין איינציקער נישט פאַרגעסן אויסצושטרייכן דאָס יידישקייט פון די אויסקלויבער!...

עס פּאַלט מיר אויף קיין סעקונדע נישט איין, אַז די בלעטער האָבן אַזוי געטראַכט: „אויב מען פאַרלאַנגט, על־פּי־דין פון אַסימילאַטאָרישן שולחן־ערוך, פון יידן, זיי זאָלן נישט האָבן קיין אייגענעם פּאַטריאָטיזם, נאָר דווקא אַ פּרעמדן, מוז, נעבן דעם יידיש־פּוילישן, אויך אַ יידיש־דייַטשער פּאַטריאָטיזם עקזיסטירן, ווי אויך אַן ענגלישער, פּראַנצויזישער, אַמעריקאַנישער א. ד. גלייכן, היינט שוין אַ יידיש־פּאַנאַטישער פּאַטריאָ־טיזם אויך! אין עסטרייך מוז גאָר זיין אַ פּאַרמישעניש פון אַלערליי יידי־שע פּאַטריאָטיזמען. נאָך וואָס־זשע זאָלן מיר אַרויסשטעלן דעם י י ד ?"

ווי געזאָגט, איז מיר דאָס גאָרנישט איינגעפאַלן! דאָס וואָלט שוין געווען צו ערלעך און צו קלוג פאַר טעגלעכע גאַסן־בלעטער פון געוויסן סאָרט. זייער ערלעכקייט טרעט אַרויס נאָר קעגן שטאַרקערע, וואָס לאָזן זיך נישט בייסן, נאָר בעטן, און זייער חכמה איז אַ בלימל, וואָס וואַקסט קיינמאָל נישט העכער פון זוים פון באַרג ווו די בהמות פּאַשען... אלא מאי? מען רעכנט זיך מיטן יידישן אַבאָנענט! דאָס איז אויך שוין אַ גוטע זאַך, אַ סימן, אַז מיר שטאַרקן זיך און, לעזנדיק אַ בילבול, זאָגט מען שוין נישט: „דאָס מיינט מען יענעם, דעם מיאוסן ייד, און נישט מיך, ווייל, איך בין

א שענער"! מען ווייסט שוין, אז אלע זענען שיין פאר זיך און מיאוס פאר פרעמדע! אפילו אין דער דייטשער שיל דערציילט מען, ווערט ביים „ליי־ ענען" שטיל אפגערעדט, וועלכע בלעטער מען זאל שטיצן, און וועלכע עוקר מן השורש זיין... נישט וואר — א נחת?

דריטנס איז מיר אין דער האנט אריינגעפאלן אן אנאנימער צירקו־ לאר, וואס ראט: מיר, יידן, זאלן מאכן יד־אחת, און אפזאגן דעם „קוריער ווארשאווסקי"! כאטש איך ווייס פאזיטיוו, אז דער „קוריער ווארשאווסקי" איז נישט ערגער און נישט בעסער פאר זיינע חברים; כאטש איך ווייס גאנץ זיכער, אז דער צירקולאר קומט נישט ארוים פון אונדזער צד, נאר פון „קוריער ווארשאווסקים" קאנקורענטן, וואס ווילן דאס יידיש וואַ־ סערל זאל גיין אויף זייער מילכל, פריי איך מיך דאך! פרעמדע האלטן אונדז פאר א קראפט! מחוץ למחנה גלייבט מען אין אונדזער סאלידאַ־ ריטעט! און, ווייסן וויים איך, אז נישט א יי ן גוטע זאך האט מען ביי אונדז ארויסגעריסן פון דרויסן! דער ערשטער ציוניסט, למשל, איז געווען א פראקוראר, וואס האט דערציילט פון אפענע גרענעצן!

איך נעם מיך צוריק צו די בלעטער און ווער געוווויר, אז די אפענע אנטיסעמיטן האבן, נישט פאר אייך גערדאכט, א גרויסן מכשול געהאט. אין אנדערער וואלט שוין דעם האלדז געבראכן, זיי, וואס שטיצן זיך אויפן פאלק מיטן קלויסטער, וועלן עס אויך נישט אזוי לייכט איבערקרענקען. און די מעשה איז א שיינע: זאלץ אין די אויגן איז זיי פון אייביק אויף די „גאזעטא האנדלאָוואַ", וואס שטעקט ווי עס איז אין יידישע הענט, און כאטש זי טרעט ארוים געגנוג שארף קעגן ציוניזם און (יידישן, נאטירלעך!) נאציאנאליזם, רעדט זי פארט אמאל א גוט ווארט פאר די „בירגער פון מאזאישער קאנפעסיאן" און האט נאך גאנץ אפט א מיאוסן ריח פון יידישער חוצפה. יידישע חוצפה האט זי, למשל, באוויזן ערשט נישט לאנג, ווען עס איז געגאנגען וועגן א פאטריאטישן בויין צום אפלעקן, דער וואר־ שעווער מאגיסטראט האט באקומען אן אויסלענדישע הלוואה פון 33 מי־ ליאן אויף שטאט־זאכן, האט די פרעסע פארלאנגט, זי זאל זיין פארנע־ שטעלט אויף די אסיפות וועגן די חשבונות פון דער הוצאה והכנסה. ערשטנס, איז עס כבוד, צווייטנס א מין שטיקל פרייהייט, דריטנס, ווי גע־ זאגט — א בויין צום אפלעקן: נאך אזוינע אסיפות דערלאנגט מען צו פאר־ בייסן! און פערטנס — וווּ חשבונות, קען אריינפאלן טעותים, טעותים דארף מען פארגלעטן און פון פארגלעטן און העלפן פארגלעטן לעבט נישט א פובליציסט... וואס טוט די „גאזעטא האנדלאָוואַ"? אין סאמעראדנער

היץ פון זיך מקריב זיין לטובת הכלל, טרעט זי ארוים מיט א קאלטער עצה טובה פארן מאגיסטראט, ער זאל זיך לאזן כאפן אין דער גראבער נעץ פון פאטריאטישער חניפה, און נישט רופן די עם־הארצים צו אסיפות וועגן זאכן, פון וועלכע זיי האבן קיין באגריף נישט! פארשטייט זיך, אז אלע „פעדער־בייסער", „דראטן־דרייער", פאטריאטיזם־הענדלער און אנ־טיסעמיטן, אזוי אפענע, ווי באהאלטענע, וואס פארקויפן די סחורה, ווי אויסלענדישע ציגארן בסוד סודות פון א באהעלטעניש ארוים, און גלאטע „הויט־שינדער", וואס לעבן האלב דערפון, ווייל די אנדערע העלפט נעמט צו דער סטיליסט, אז די אלע זענען ארוים פון די כלים! הונדערט נמרודם האבן זיך געלאזט קעגן איינציקן יידישן פוקס, און די „גאזעטא האנד־לאווא" האט זיך, — א וואנדערלעכע זאך! — נישט דערשראקן, פאר־קערט, זי האט נאך די העזה געהאט ארויסצוטרעטן מיט א בייז ארטיקל קעגן די הנהגה אין שפיטעלער...

דער שרייבער פון ארטיקל איז מיט דער הנהגה אין די קראנקן־הייזער זייער נישט צופרידן. מען באהאנדלט דעם קראנקן לויט דער אל־טער מאדע, לויט דער אלטער פילאזאפיע פון איובס חברים נאך, וואס האט געגלויבט, אז יעדע קרענק איז אן אנשיקעניש, א שטראף פון גאט, ווייניק־סטנס אן אפקומעניש פאר שווערע זינד.

וואס בלייבט, ביי אזא אבערגלויבן דעם קראנקן צו טון? תשובה טון, אין הארץ אריין זיך קלאפן, מוסר הערן פון גוטע און פרומע לייטס מויל, און אין איינוועגס ווידוי זאגן, קלאפן זיך על־חטא און אויסשטרעקן דעם האלדז קעגן מלאך המות'ס חלף...

היינט — מיינט דער שרייבער — זענען אנדערע צייטן. מיטן קראנקן האבן מיר מיטלייד, מיר ווילן אים היילן, שטארקן, אפשוואכן ווייניקסטנס דעם ווייטיק, הייבן דעם הומאר, צעיאגן די מרה־שחורה, פרייער און לעבעדיקער מאכן. אין שפיטאל איז אבער אלץ פארקערט. אלץ ווארפט אויפן קראנקן פחד און מרה־שחורה. ערשטנס, איז דאס שפיטאל א מין תפיסה, מיט „סווידאניעס" איינמאל אין וואך פאר די נאענטסטע קרובים. צווייטנס, איז אלץ וואס רינגלט ארום דעם קראנקן, פארמרה־שחורהט, גרוי, אדער שווארץ, פון דאקטאר ביז צום פעלדשער, פון די ווענט, ביז דער הייליקער שוועסטער אפילו ביזן שווארצן קרייץ אין זאל...

דאס האט שוין איבערגעוווינן אלעס! סטייטש, א ייד האט די העזה אונדז מוסר צו זאגן, אפיקורסות צו לערנען און נאך א דעה זאגן וועגן דעם קאליר פון קרייץ?

וואָס לאָזט זיך אָבער אויס? די אָפענע אַנטיסעמיטן האָבן אַ מכשול געהאַט. עס איז גאָר קיין יידיש ארטיקל נישט געווען, עס זענען געווען, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן, איניציאַלן — ראשי תיבות — פון אַן אמת קריסטלעך פוילישן שרייבער פון אבות־אבותיו, אָן אַ טראָפּן יידיש בלוט אין די אָדערן...

און פון דעם מכשול שעפּ איך אויך נחת. מען האָט געוואָלט אונדזער אייציק יידיש־אסימילאַטאָרישע צייטונג ווייטער אָפּקרעלן ווי אַ ד ב ר א ח ר, נאַדיר — עס איז גאָר אַ קריסט!...

נחת האָב איך געהאַט אפילו פון „פשעגלאָנד טיגאָדניאָווי“, כאָטש ער האָט פון אַ קורצער צייט אָנגעהויבן ציטערן, מען זאָל אים נישט האַלטן פאַר אַ פילאָסעמיטיש בלאַט, און דאָך געפין איך דאָרט אַ ידיעה, אין וועלכער איך שמעלץ מיך, ווי אין סמעטאַנקאָוועץ פּוטער. „די בעסטע פוילישע דעקלאַמאַטאָרקע — שרייבט דער פּשעגלאָנד — האָבן מיר שוין פאַר עטלעכע יאָר געזאָגט, (און דער „איזראַעליט“ האָט אוודאי מיט גרויס נחת איבערגעשריבן) איז העלענאַ ארקאַווין, און אויב עמעץ קען מיט איר קאָנקורירן, איז עס נאָר מאַריע גלאָס“. און ווייסן ווייס איך, אַז ביידע, זיי העלענאַ ארקאַווין, אי מאַריע גלאָס זענען יידישע טעכטער. אמת, קיין איינציקע פון זיי וועט אפשר נישט קענען און נישט וועלן דעקלאַמירן עפּעס פון ביאַליקן, אָדער ראָזענפעלדן, אָבער — אַ כבוד איז דאָס! אַן אסימילאַטאָר דאַרף פון דער הויט ארויסשפּרינגען!

היינט עטלעכע קליינינקייטן: ערגעץ אין דער פּראָווינץ זענען צוויי פּריצות געווען אויף אַ יידישער חתונה, ביי אַ גבירס אַ זון צי אַ טאָכטער, און זענען, דער „ראָלאַ“ צו דערזעצעניש, געשטאַנען ביי דער חופּה מיט הבדלות אין דער האַנט! איך גלויב, אַז ווי דאָס פּאָר־פּאָלק וועט נישט לעבן, די פלעמלעך פון די חופּה־הבדלות, אין קריסטלעכע הענט וועלן זיי באַשיינען און באַלייכטן דעם וועג פון מענטשלעכן לעבן — פון „ויסעו“ ביז „ויחנו“...

היינט האָבן דריי פּריצים זיך צוזאַמענגעלייגט און מנדב געווען 150 רובל אויף די קרושנעוויצער שיל. די דייטשע שיל אין וואַרשע האָט גאָר די זכיה צו נדבות און מתנות פון פּריש געטובלטע, דאָרט — פון אמתע און געוויס ערלעכע קריסטן, און ווייטער דאָס זעלבע: די „ראָלאַ“ פּלאַצט!

נאָך מער: אין קאָמיטעט פון מלאַווער פילהאַרמאָניע איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ ייד אויך, און די „ראָלאַ“ ציטערט, ער זאָל נישט באַ־

הערשן די גאנצע פילהארמאָניע און נישט הייסן זינגען און שפּילן מה־יפית.

און די װאַרשעװער פילהאַרמאָניע? צװישן די װעלט־אַרטיסטן, װאָס זי ברענגט היי־יאָר אַראָפּ, צו באַלעבן דעם מוזיקאַלישן סעזאָן, װעט זיין אַ גרעסערער פּראָצענט יידן װי צװישן די מעסער־לייט פון דזיקא גאס!

װאָס נאָך זאָל איך אייך דערציילן?

דער „בעל כרחו יענה אָמן" איז אויך מקוים געװאָרן. דער אַנטיסעמיטישער „װיעק", װייל פאַר ניי־יאָר זיך אינטערעסאַנט און לעבעדיק מאַכן און גיט אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען װעגן דער יידישער פראגע.

און װעמען געטרויט דער אַנטיסעמיטישער „װיעק" זיין לעצט טיטל פאַרן ניי־יאָר? אונדזער איינעם אין די הענט אריין! „אָהר" האָט עס איבערגענומען און גיסט, און גיסט כמעט יעדן טאָג „לויט באַפעל" — אַ ייד טוט אַזוי זיינס, אַזוי װאָס מען הייסט אים, בשלומות, מיטן גאַנצן האַרץ!

און נאָך: פאַראַן אַ האָפענונג, אַז פון ניי־יאָר װעט די צאָל פון װאַרשעװער גאַסן־פערד פאַרמינערט װערן. ערשטנס, פאַרגרעסערט זיך די צאָל פון אויטאָמאָבילן און, צװייטן, זאָל מען אויסשפּאַנען די פערד פון די טראַמװייס און באַװעגן זיי מיט עלעקטריציטעט אָדער אפשר ג ע ־ ד י כ ט ע ר לופט, װאָס װאַרשע פאַרמאָגט אויפן העכסטן גראַד...

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער טאָג, נאָר װי אַזוי ער האָט זיך געענדיקט, װיל איך אייך אויך דערציילן. אַרויסגעגאַנגען פון שטוב בין איך אַ געהויבענער, צוריקגעקומען — אויף אַלע שונאים געזאָגט!

נישט װייט פון דער היים, באַלד אויף דער „װאַרעמער" גאַס, בין איך שיר־נישט אַרום פון די כלים.

אַ סצענע אינמיטן גאַס:

אַ רעדל פאַר דער פאַבריק פון אייזערנע בעטן.

אינמיטן רעדל שטייט אַ פרוי מיט אַ שירץ פ אַ ר ש מ י ר ט — אַן אַרבעטער מיט אַ ד ע ר ש ר אָ ק ן , — און אַ גאַראָדאָװאָי מיט אַ „שאלת־חכם" אויפן ב ר יי ט ן פּנים. דאָס רעדל אַרום זענען קריסטן. יידן גייען פאַרביי איילנדיק; װו עס מאַכט זיך אַ גערעדל, איז אַ יידיש פּנים געפּערלעך. איך האָב, גאָט זיי דאַנק, אַ טאַטאַריש פּנים, שטעל איך מיך אָפּ און הער װעגן װאָס עס גייט!

און גיין גייט דאָס װעגן אַ שמיד מיט שװאַרצע הענט פון אייזן איבער אַ װייס דאַמען געזיכט.

די דאַמע שרייט: וו אוטשאַסטאָק!

דער ארבעטער מיט דער פּאָלע אין גאָראָדאָוואָיס האנט בעט זיך אָפּ. ער איז נישט שולדיק. ער האָט געמיינט, עס איז א יידיש קינד.

די דאַמע שרייט נאָך העכער: „וו אוטשאַסטאָק״; אַצינד האָט ער זי נאָך מער באַליידיקט. צי איז זי דען ענלעך צו א יידישער טאָכטער? פאר־וואָס זאָגט ער, אז ער האָט געמיינט?

דער גאָראָדאָוואָי איז נוטה צו גלויבן, אז עס איז „א טעות גוי מותר״ —

דער עולם קוקט אַראָפּ אויף דער דאַמע, פרווונדיק צי האָט זי באמת נישט קיין ענלעכקייט צו א יידישער טאָכטער — — —

פּלוצלינג גיט דער גאָראָדאָוואָי א געשריי: וואָס פאר א רעדל מאַכט זיך עס? אלע רוקן זיך קוים, קוים און פאַמעלעך אָפּ, און איך האָב מיך פּלוצלינג דערשראָקן און אנטלאָפן און ווייס עד־היום נישט, מיט וואָס די מעשה האָט זיך געענדיקט. רחמנא ליצלן, אמאָל קומט די נשמה אין די פּיס ארײַן!

אנטלאָפן בין איך אויף דער טווארדע גאס און האָב מיך אָפּגעש־טעלט מיט דער נשמה אין די ציטערדיקע פּיס, ביי דער סטאַנציע פון נעלן טראַמוויי. באַמערק איך א שכן, דאכט זיך, נישט משלנו, און זידלט זיך „פּשא קרעוו״, און גערעכט איז ער. אויפן נעלן איז זיך זעלטן צו דער־וואַרטן. פאלט מיר איין א געשעפט: צוזאמען צו נעמען א דראָשקע. מיין שכן באַשטייט, נאָר מער ווי 7 קאָפּ. וויל ער נישט צו שטייער געבן, אויך צאָלן וויל ער! פאַרוואָס? ווייל ער פאָרט נישט אויף די נאַלעווקעס, ווו איך, פאַרשטייט זיך, דאַרף, נאָר ווייטער. מיין כּפּרה, נאַדיר 13 קאָפּ. א דראָשקע פאָרט אונטער, ער שפּרינגט ארײַן, איך גיי איבער אויף יענער זייט און זיץ.

— איך בין, — זאָגט מיר מיין שכן, — קיין אנטיסעמיט נישט, דערווייל נישט, מען דאַרף אייך נאָך און אויף לאַנגע יאָרן מיט אייער שפּריט, נאָר אויף אייערע נאַלעווקעס, זייט מיר מוחל, קריג איך דעם קאַטער!

איך באַנוץ מיך דערמיט, וואָס דער דראָשקאַר פאַריכט עפּעס ביים געשפּאַן, און שפּרינג צוריק אַראָפּ צום טראַמוויי, מיט 13 קאָפּ. ווערט מען נישט געבוירן...

קוים איך האָב מיך דערוואַרט און פאָר... פּלוצלינג — סטאָפּ! וואָס איז? דער טראַמוויי קען נישט גיין, — א לוויה. איך הויב מיך אויף — א שווארצע, אָנגעפּראָפּטע גאס, פון פאָרנט אן אָרון...

מיינס א שכן זאָגט: א יידישע שווארצע לוויה!

א צווייטער באַמערקט: געווים אַן עושר, א בעל־צדקה!

— דאָס איז די מעשה, שרייט עמעץ מיט כעס, וואָס מען האלט מילחמה מיט זייערע אָרעמע לייט. דער עושר בלייבט און העלפט! מען דארף זיך צו די עשירים נעמען...

אָבער ווי הייסט נעמען!

— געווים!

דער יידישער דריי פּערטל טראַמוויי שווייגט און דער פורמאַן באַ־מערקט פון זיין זייט:

— ווו באַקומט מען דאָ א חלק ירושה?

— אז מען נעמט נישט, האָט מען נישט!

אויך נישט שלעכט, וואָס?

אָבער דעם לעצטן און פעטסטן ביסן האָב איך ערשט פארנאַכט איינגעשלונגען.

עס איז געווען אויף מיין צוריקרייזע, אויך אויף א טראַמוויי, פון דארף וואָלא, ווו איך האָב מיינע טעגלעכע געשעפטן יאָ פאַרזאָרגט און נישט פארזאָרגט, מיילער האָבן צוגעזאָגט און אויגן — געלייקנט...

פאָרן פאָר איך שוין אין צווייטער קלאַס, צוויש׳ יידן, נאָר פאר מיר זיצט א קריסטלעכע געזעלשאַפט: א קאנאַניק מיט א פרוי. פון קאנאָניק זע איך נאָר א פעטן רויטן קארק, וואָס וואָלט אויף קיין שום חולה (אויסער אויף א יידישן) קיין שלעכטן איינדרוק נישט געהאַט; די דאמע האָט געמוזט זיין פון אויסלאַנד, אָדער פון דער פּראָווינץ, ווייל זײַער קאנאָניק האָט איר אויף שריט און טריט געגעבן באַשייט: דאָס איז דאָס, דאָס איז יענץ...

— און דאָס — וועקט ער מיך פון מיינע פרנסה־געדאַנקען אויף — איז דער וואָלער קלויסטער.

— פריש געבויט? — הויבט זיך די דאמע אביסל אונטער.

— און וואָס פאר צרות — קרעכצט דער קאנאָניק, און דער קארק לייגט זיך אים אין פאלדן, — איך האָב ביים געלט זאמלען געהאַט... עס איז אים גאַנץ שווער צוגעגאַנגען בא, אין טייל הייזער האָט מען איר די טיר פאר דער נאָז פארמאַכט. וואָס טויג — זאָגן זיי — קלויסטערס? דאָס זענען אַלטע זאַכן! מען דארף שפּיטעלער, נאַכט־אַזיל־הייזער, איבערהויפּט שולן...

— א זאראזע — קרעכצט די דאמע — אין פראנקרייך ווערט דער קלויסטער געיאָגט און געפּלאָגט.

— אויך פראנקרייך איז נישט שולדיק. פראנקרייך איז דעם קלויס־טערס ערשטע און ליבסטע טאָכטער... שולדיק זענען די יידעלעך, וואָס פארשפּרייטן זייער אפּיקורסות אזוי דאָ, אזוי דאָרט! און מיינסט, מיין טאָכטער, זיי ווייסן נישט דעם אמת? א פארקרעקט פאָלק, אלץ להכעיס! נאָר נישט אייביק וועט זיין זייער יום־טוב...

— ווי אזוי?

— אין פראנקרייך וועט זיין א רעוואָלוציע! יידעלעך — כיק! ער מאַכט א צייכן ביים האלדז.

— און דאָ?...

די תשובה האָב איך נ י ש ט דערהערט, נאָר פילן פיל איך זי.

# אויף אַ מיטינג


יי ן אזיינער פארנאַכט האָב איך דערהאַלטן אן איינלאַדונג אויף אַ „דערלויבטן" מיטינג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן זייגער ז י ב ן , דאָס הייסט מיט צוויי שטונדן פריער. איך באַט־ראַכט דעם פּאָסט־שטעמפּל: ער איז נאָך פון אייערנעכטן. איך פרעג ביים בריוו־טרעגער באַשייד, שמייכלט ער: „פּאַרדעכטיקע" בריוו הייסט מען אָפּגעבן וואָס שפּעטער, ווייניקסטנס מיט אַ טאָג שפּעטער.

— יאָ גיין, נישט גיין?

איך קוק ארויס דורכן פענצטער: די גאַס איז שטיל. איך בייג ארויס דעם קאָפּ דורכן לופטשיק: מען הערט נישט מער, ווי דאָס זעלטענע קלינ־גען פון שליטן־גלעקלעך — מען שיסט נישט אין די גאַסן. אין דער היים זיצן ווערט שוין איבערדריסיק, מען פילט זיך אָפּגעריסן פון לעבן, פאַר־שיקט, פון אַלעם פאַרגעסן, פון [illegible] צוזאַמען.

איך גיי.

. . . . . . . . . . . . .

דער שניי סקריפּעט עפּעס [illegible] אונטער די פיס. איבערן קאָפּ אַ קאַלטער, אָנגעז[illegible]צטער [illegible] ענער הימל מיט אַ האַלבער, מאַט־זילבערנער לבנה, [illegible] פגעשאָסן די צווייטע העלפט! און זי וואַנדערט [illegible] עץ ווו, ווי פאַר שרעק צוזאַ־מענגעשטויסענע הויפנדל[illegible] לעער, די לאָדן — צו.

ביי אַ ווינקל שטייע[illegible] לטע סאָלדאַטן, עס איז זיי קאַלט און לאַנגווייליק. זיי [illegible] גענעצן און איינער, העט איך, צוקומענדיק, זאָגט דעם צווייטן:

— איי, ווי מיר וואָלט זיך אַצינד אויסשיסן!

— לאַנגווייליק! איז מודה דער צווייטער.

. . . . . . . . . . . . .

גאָט זיי דאַנק, איך בין שוין אויפן מיטינג. קאָפּ אויף קאָפּ. עמעץ — דער צווייטער צי דער דריטער רעדנער — שטייט ביים בעלעמער און האַלט אינמיטן אַ דרשה. קלאַנגדיק — שעלטנדיק גייט דער טאָן:

„הייזער האָט איר געבויט און זייט אין זיי נישט געזעסן... ביימער האָט איר געפּלאַנצט, און זייער פּרוכט נישט פאַרזוכט; קליידער האָט איר געוועבט, און פרעמדע האָבן זיי געטראָגן, און אייך האָט דורכגענומען די נעץ און די קעלט; קאָרן און ווייץ האָט איר געמאָלן, און קיינמאָל נישט געגעסן צו דער זעט! און אייערע זין, און אייערע טעכטער האָט מען אייך פון די אָרעם אויסגעריסן און צו פרעמדער, שווערער ארבעט געטריבן”...

איך דערקען די „תוכחה”, מיין תוכחה, מיט וועלכער מען האָט מ י ך פאַרשאָלטן, און דאָך מיינט דער רעדנער נישט מיך... און אויך נישט מיך מיינט ער, ווען זיין טאָן ענדערט זיך, ווען עס שלאָגט זיך אונטערן באַלקן דער שטאָלענער קלאַנג:

— נאָר אצינד איז אייער טאָג געקומען! איר וועט די ריכטער זיין... און איר וועט משפּטן... מאָס פאַר מאָס!

ווי די טראָמפּייטן איבער יריחוס מויערן קלינגט עס!

אָבער נישט מ י ך מיינט ער. און איך פאַרזינק אין מיינע געדאַנקען און איך טראַכט:

— צי איז ווירקלעך אזוי נאָענט שוין דער טאָג?

מאָסקווע איז שטיל געוואָרן... די באַריקאַדן צעשמעטערט... דאָס „שולדיקע” און „אומשולדיקע” בלוט איז פאַרשיט מיט ריינעם, אומשולדיקן שניי. דער ב א ן ־ ש ט [illegible] איז נישט געראָטן, דער א ל ג ע מ יי נ ע ר — נאָך ווייניקער — די רענטע איז געשטיגן. די אויסלענדישע פּרעסע ווינטשט דעם גראַף ווייטע גליק, זיינע פּאַפּירן זענען אויך געשטיגן! דורנאָווא וואַקסט נאָך איבער וויטען! די געפענגענישן זענען איבערגעפולט, אין די שפּיטעלער איז נישט ארייַנצוּוואַרפן קיין שפּילקע. פון די צערקלען גייען די קורות עד לב השמים...

אן אמתער סדומער „הכצעקתה”, נאָר גאָט מיט זיינע מלאכים קוקן נאָך נישט אראָפּ...

צי גלויבט דער ע ו ל ם דעם רעדנער?

איך קוק מיך אום און קום אויך צום גלויבן.

די צאָל פון די אַפּטריניקעס, פון די איבערלויפער פון יענעם צד באַווייזט עס מיר: איידער א שיף גייט אונטער, אנטלויפן די מייז. און דער מיטינג־זאל איז פול מיט אזוינע מייז...

. . . . . . . . . . . . . . .

אָט די לייט פון די פּרעסע, וואָס שטייען ארום „בעלעמער” און

ווארטן אומגעדולדיק אויף זייער צייט צום רעדן, די היינט־מאָדישע געלערנטע...

דאָס זענען נישט די, וואָס וועבן אין דער שטיל די אידייען פאר שפּעטערע צייטן; דאָס זענען די, וואָס ארבעטן אויפן ט אָ ג און פ א ר ן ט אָ ג ! איינצל־פּאַרקויפער... די צווייטע, צי די דריטע הענט. פאר דאָס אָבער מענטשן מיט נעז פון כּאָרטן אָדער פון האָזן, וואָס דערשנאָפּן אויגנ־בליקלעך, פון וועלכער זייט עס הייבט אָן צו בלאָזן דער ווינט!

דאָס זענען גילגולים פון די, וואָס דינען שטענדיק דער קעגנוואַרט, דעם ערשט־געבוירענעם אצינד. גילגולים פון די, וואָס האָבן אמאָל די קנעכט־שאפט פארטיידיקט, וואָס האָבן אמאָל שוואַרץ אויף ווייס באַוויזן, אז גאָט האָט עס אייגנהענטיק באַשאפן די סטאַדע, און דעם הונט, צו היטן די סטאַדע, און דעם פּאַסטוך, צו שערן די סטאַדע; אָדער: הערן, קנעכט און די פּאָליציי אין דערמיט.

דאָס זענען גילגולים פון די, וואָס האָבן שפּעטער אביסל דעם ב א־ ל ע ב א ט י ש ן ל י ב ע ר א ל י ז ם געטראָגן, די הייליקע מאַכט פון „פּריווויליקן״ קאָנטראַקט געפּרעדיקט, די גערעכטמעסיקייט פון קייטן, וואָס מען זעט נישט מיט בלויזע אויגן — פון שווינדל און שטילן רויב באַוויזן; מיט איין וואָרט: וואָס האָבן אלץ איינגעעם די באַלעבאַטישע ברודיקע וועש אין געלערנטן זייפן־שוים געוואַשן און גערייניקט. און היינט זענען זיי דאָ! היינט וואַרפן זיי די בריק פון געלערנטן שפּינוועבס איבערן אָפּגרונט צווישן זעט און הונגער, צווישן פינצטערניש און ליכט... און — זיי ווייסן געוויס, וואָס זיי טוען!

. . . . . . . . . . . . .

רעדנער רעדן; פּעך און שוועבל גיסט זיך זיי פון מויל. מיט ברע־נענדיקע אויגן און טאָפּלט־שאַרפע שווערטן טראָגן זיי, ווי אמאָליקע כּרובים, די באַלעבאַטים פון גן־עדן ארויס! אָפּגעשאַפט מוז ווערן זייער פּריווילעגיע: די ג ע ד ו נ ג ע נ ע ארבעט... וואָרום „דרייפאַכיק איז דער פלוך פון דער גדונגענער ארבעט!״ „מיט פאַרדרוס ארבעט דער, וואָס באַקומט נישט דעם גאַנצן ווערט פון דער ארבעט״, „מיט עקל און גרימ־צאָרן ווערט איבערגעפולט דער לעבנדיקער מענטש, וואָס מוז ארבעטן, ווי א טויטע מאַשין; וואָס איז נאָר א צולאָג, א צודאַט צו דער טויטער מאַשין; וואָס מוז זיין אונטערטעניק דער ראָד, דעם טויטן ווערק, אָן אי־ניציאַטיווע, אָן ווילן און דעריבער אָן לוסט צו דער ארבעט!״

און „פאַרפלוכט איז די ארבעט דורך איר פאַרטיילונג, דורך איר

צעבראָקלטקייט; ווען דער מענטש מאַכט אַלץ אינײנעם די זעלבע אויסגע־מאָסטענע, פאַרגעשריבענע קלײנע באַוועגונג, אָפט נישט ווייסנדיק אפילו, צו וואָס זי נוצט"...

„נידעריקער פאַרן פּי איז דעריבער געפאַלן דער מענטש... מיר ווילן אים הייבן!"

„הויך דעם מענטש!" — „נידער מיטן באַלעבאָס!"

„הויך דער מענטש!" — „נידער מיטן באַלעבאָס!" ברילט דער גאַנצער סאַלאָן, נאָר אינמיטן ברילן פון דער שטורמיקער מאַסע קייקלט זיך דורך א דונער פון גאַס...

א פּראָוואָצירטע באָמבע, צי א שאָם פאַר טעות פון א האַרמאַט?

אָבער דאָס אַלץ שרייט איבער דער רעדנער!

„נאָר דער טאָג פון דער וועלט־גערעכטיקייט קומט! מ י ר וועלן די ריכטער זיין" — —

און צווישן אַרבעטער־עולם זיצן באַלעבאַטים, מיט נאַרישע פּנימער, נאַריש־אויסגעגלאָצטע אויגן, און הערן זייער שאַנד, און פּאַטשן מיט: „בראַוואָ"! —

און עס טרייסלען זיך זיי די בייכלעך, ווי פאַר נחת! זיי זענען נאָך קיינמאָל נישט אַזוי הערלעך געווען!

„די שקלאַפעריי, די ניי־מאָדישע שקלאַפעריי מוז אָפּגעשאַפט ווערן!"

„בראַוואָ, בראַוואָ!" און הענט מיט גאָלדענע רינגען הייבן זיך אין דער הייך און פּאַטשן בראַוואָ! און די גאָלדענע קייטן טאַנצן איבער די פּלושענע וועסטן פאַר גרויס נחת!

און דאָס זענען דאָך די זעלבע שטאָלצע באַלעבאַטים, וואָס האָבן ערשט נעכטן אינדיווידואַליזם און, על פּי ניטשע די „הערן־מאָראַל" גע־פּרעדיקט, וואָס האָבן דעם שגויים פון אַרבעטער פאָלק נישט געקאָנט פאַר־טראָגן, וואָס האָבן זיך געהויבן, ווי די געטער אין וואָלקן, הויך איבערן „פּעבעל", וואָס האָבן געהאַלטן יעדן פאַרלאַנג פון א העכערן לוין פאַר א דרייסטקייט, דאָס פאַרקירצן פון אַרבעטס־טאָג — פאַר א פאַרברעכע־ריש אומפאַרשעמטקייט, וואָס האָבן אַלע אַרבעטער פאַר איינפאַכע גנבים געהאַלטן און געלאָזט רעווידירן ביי יעדן אַריין־און־אַרויסגיין פון פאַבריק...

און אַצינד? אַצינד לויפן זיי איבער! פּאַטשן זיי בראַוואָ. און ווילט איר, שלאָגן זיי זיך אין האַרץ אַריין „על־חטא", עס גייט, אַפּנים, דער יום־הדין, עס גייט!

אָט שטעלט מען ווי ערב יום כפור, קערות! פאַר געפאַנגענע, פאַר

פאַרוואונדעטע, פאַר פאַמיליען פון געפאַנגענע, פאַר פאַרשיקטע און — אויף געווער!

און דער באַלעבאָס וואַרפט מטבעות; אויף זיין אייגענעם „פּאָהיבל" וואַרפט ער.

ער איז מיר קיינמאָל נישט אזוי נימאָס געוועזן.

. . . . . . . . . . . . .

און די שוואַרצע לייט קומען אויך.

לאַנגזאַם און שטיל קומען זיי. פּאַמעלעך, ווי עס פּאַסט פאַר הייליקע לייט; שלייכנדיק, ווי אמתע טעמפּל־דינער.

אָט גייט איינער צום באַלעמער צו פּרעדיקן. קריסטלעך סאָציאַל פּרעדיקט ער.

נעכטן האָט ער די באַצווינגער געהייליקט. קלוגע שווינדל־קעפּ גע־זאַלבט, כאַפּער־הענט געבענטשט; איבער בעכער פון בלוט און שווייס ברכה געמאַכט. און היינט?

„מיר האָבן עס שוין לאַנג געזאָגט! לייכטער איז אַ מויל־טיר צו פּאַסירן דורך אַן אויער פון אַ נאָדל, אלס דעם רייכן דורכצוגיין דעם טויער פון גן־עדן"...

. . . . . . . . . . . . .

מיט דער צייט וועלן נאָך וועלט־באַצווינגער קומען און זאָגן: „יענע זענען שוין צו שוואַך; זייער נאַקן שוין צופיל דורכגעפוילט, און קענען שוין אונדזערע שטולן נישט [illegible]ערטראָגן; א י ר זייט פריש און געזונט, בייגט אייך און לאָזט [illegible] אונ[illegible]טעלן אויף אייך..."

. . . . . . . . . . . . .



אַלץ וועט [illegible] מיט [illegible]

דערווייל, [illegible] [illegible] דורך טויטע גאַסן.

קאַלט און שטי[illegible] [illegible]הימל, מיט אייז־פינקלדיקע שטערנדלעך און אַ האַלב[illegible] [illegible]

אומהיימלעך סקריפּעט [illegible] [illegible] די פיס און אַקעגן קומט מיר אַ וואַקלדיקער קאָזאַק:

— טי קודא שליאעשסיא?!

איך כאַפּ פאַר שרעק ארויס אַ פּאַפּיראָס און דערלאַנג אים.

— ספּאַסיבאָ, באַרין! ענטפערט ער מיר און וואַקלט זיך ווייטער.

---

# פון דער שווערער צייט



אָס קריסטלעכע וואַרשע איז פון דער העלער הויט פרום געוואָרן: איבער טיר און טויער, אין פענצטער און וויטרינעס, איבעראַל — הייליקע בילדער. דאָס פרומע קריסטלעכע וואַרשע קריגט פּחד פאַרן הונגעריקן, אַפּעלירט צום קריסטלעכן רחמנות, יושר און ברודערשאַפט און ווייזט אַן מיטן מינדסטן פינגערל צום יידישן שכן: יענער איז געווווינט דערצו און די שטראָף וועט זיין לייכטער...

דערווייל פאַרשטייט מען זיך נישט אויפן ווינק.

א דרייצניעריקער יאשקא מיט אַן אָפּגעריסענעם דאַשעק און א צעשפּאָלטן אויער און „זיינס גלייכן" יאָסקע מיט לויפנדיקע אייגעלעך און א צעקראַצט נעזל, קוקן נישט אויפן „להבדיל" פון צווישן שתי־וערב און ארבע כנפות, און כאַפּן ביידע צוזאַמען א פלאַש מאָנאָפּאָל, און וואַרפן אויף דער געפרוירענער גאַס. דאָס „לעבנדיקע וואַסער", וואָס האָט געקאָנט דערקוויקן אַזוי פיל פרומע נשמות, שפּריצט לחלוטין אומזיסט אַרויס פון דער צעשמעטערטער פלאַש, אַן אמתער „בל־תשחית", און די פלאַשן־שטיקער גליטשען זיך קלינגענדיק און פינקלדיק גלייך עפּעס רעכטס, ווייטער איבערן אייז...

א פרומע ווייבערישע נשמה, אַריינגעזעצט פון בעל־הרחמים־גאָט אין אַ גוף מיט אַ געשטופּלט און האַלב אָנגעשוואָלן פּנים, טאַפּט אַ פלאַש אונטער א שאַל און ליפּעצט א [illegible] און װיל שוין א ברכה מאַכן, — יאשקא און יאָסקע האָבן עס דערזען: שטיי, אַלטע מכשפה! מיר זענען קיין גנבים נישט! און מען רייסט אַרויס פון אונטער דער שאַל די פלאַש, טראַסק! עס שפּריצט, עס קנאַקט...

און פאַר גרויס שימחה איבערן ניצחן כאַפּן זיך יאשקא און יאָסקע אַרום און זינגען, און טאַנצן מיט האַלב־באָרוועסע פיס איבער אייז און גלאָז...

---

א גרויסער הויפן גייט. ערנסט, גלייך, „פּריוועסאָווקים" מיט מיצן און קאַפּעלושן אויסגעמישט, איבער דער גאַס, די אויגן פאַר זיך, גלייך!... זיי גייען אפשר אַקעגן משיחן?

צווישן עולם דערהערט זיך א קול: „איי, גוטע ברידער! וווהין גייט איר? וואָס טוט איר? אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס האָבן יידן א גלח געטויט! קומט!" דער עולם פּאַרציטערט א ווײַלע, נאָר עמעץ נעמט די שלאַנג אָן ביי א לאַץ: „אין וועלכער פאַבריק אַרבעטסטו, ברודער?" ער שווייגט, און פויסטן האָגלען אויף זיין קלוגן קאָפּ...

---

וואָס איז געשען?

צי איז ווירקלעך געגנוג געווען, אַז אַן אַלטער, אַסטמאַטישער גענע־ראַל זאָל, אויפן וועג פון ווילנע קיין פּאַריז, אָפּשטעלן זיך ביי דער נעווא, און, אפשר אָן שום כוונה, אַרויסזאָגן דאָס וואָרט: „צוטרויען" — עס זאָלן ווירקלעכע וווּנדער געשען?

צי האָט ער, נישט ווילנדיק, אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע, פאַריאָגט א שווערן כישוף, אָפּגערוקט אַן אלף פון שווערן ה א ר ץ? און דער גרוי־סער עולם איז אַרויס פון דער הינער־פּלעט?

אַלץ קאַפּויר: בלינדע זעען, לאָמע לויפן, טויבע שרייען...

און אינמיטן ווינטער אונטערן גרעבסטן אייז רודערט זיך, וועקט זיך: אַקסל צו אַקסל, ברידער! הייבט אייך, צעוויגט אייך, צעשמעטערט! דער הימל רופט!

---

דערווייל איז נישט היימלעך, איבערהויפּט אָוונט־צייט...

די לעערע אָפּגעשטאָרבענע גאַס קוקט דיר אין פענצטער אריין מיט בלינד־אונטערגעשלאָגענע אויגן, מיט איין און איינציקן לאַמטערן, א שריד ופליט פון אַלע חברים... או דאָס אָרעמע פלאַמל דערינען ציטערט, פלאַטערט, וואַרפט זיך ווי'ן א פיבער; פּיקט, ביקט, ניקט און טיקט זיך, אָפּט פאַרשלינגט עס די חיה רעה — די נאַכט; און עס שרעקט זיך פאַרן טויט, און אינמיטן דער גסיסה גיט זיך עס מיטן לעצטן כוח א וואָרף, ווי א שלייען פון אונטערן מעסער, און א הייב, א טאַנץ — ווי לאַנג וועט דויערן די גסיסה?

ערגעץ ווייט, ווייט פּלאַצט א שויב פון א וויטטאָווע, — אפשר א שאָס? א „צופּעליקער"... אין עק הימל שפּריצט אַרויס א פייערדיקע צונג

און פארשווינדט און זינקט איין... און ווייטע פארשטיקטע קולות הערן זיך —

נאָר טסס!

עס הערן זיך פעסטע, זיכערע טריט איבער דער גאס...

די שטאטס-לאָגיק אויפן דרך הישר גייט, מיט „אותות ומופתים" אין דער האנט... אותות ומופתים ז י כ ע ר ע , ש נ יי ד נ ד י ק ע , פ יי ע ר ד י ק ע . . .

---

וואָס נאָך?

עס צעשפּריצן זיך די געדאנקען אין מוח, ווי די פונקען, ווי די פייגל אונטערן פרייען הימל...

עמעץ קלאַפּט אין טיר?

דאָס לעבן? אָדער נאָר דער „ א ו ר ח ח יי ם "?

ביידע נישט.

חברים...

אָבער וואָס פארא פּנימער ד אָ ס האָט!

— חוזק, — פרעג איך דעם עלטערן, — וויפל קוואָרט עסיק האָסטו היינט אויסגעטרונקען?

חוזק, אין שווארצן העמדל מיטן גרויסן ביינערנעם קנאָפּ, מיט די וואַסערדיקע אויגן אין פארמעטן פּנים, זעצט זיך, פירט מיט א ציטעריקע האנט איבערן שוואך-און אש-גרוי באוואקסענעם קאָפּ, און זיפצט אָפּ:

— א ווייסטער, פינצטערער חלום!

— וואָס איז?

— איך בין, ענטפערט ער, קיין גיבור נישט, פארפאלן...

„פאראן גרויסע שטארקע מענטשן מיט אייזערנע הענט און שטאָלענע נעגל, וואָס גייען צו צו פעלדזן ביים ים, רייסן פונ'עם שטיקער און ווארפן אין הימל ארייַן, און ווילן זיך אזויערנאָך אראָפּווארפן דאָס טעלערל פון הימל"...

„פאראן קלענערע גבורים, שפּילן זיי מיט אייזערנע רעשלעך, ווי אין באל"...

„פאראן נאָך קונצנמאכער, וואָס שרעקן אומזיסט דאָס „געערטע פּובליקום" און ווארפן מיט פּ א פּ י ר ע נ ע קוילן, ד ע ק ל - ק ו י ל ן , נאָר אונטער דער סצענע שלאָגט עמעץ אין א בלעך ארייַן, מיינט מען, דאָס דונערן די קוילן"...

„פאראן נאכטוואנדלער, וואס קריכן מיט בלויזע הענט אויף גלייכע מויערן"...

„איך בין עס נישט... נישט קיין גיבור, נישט קיין סוראגאט פון א גיבור"...

„איך בין חוזק"...

„איך בין א מענטש, קאטארי"...

„א מענטש, וואס האט אויך א הארץ און א לונג און לעבער"...

„נאר אז דאס הארץ טוט מיר ווי, האב איך קיין נביאישע טבע נישט, ארויסצעלויפן מיט א קול אין מארק אריין: א רוח אין אייער טאטנס־טאטן אריין! און, אז די לונג הייבט אן פוילן און די גאל גיסט זיך איבער, האב איך קיין טבע נישט, ארויפצושפרינגען אויפן טורעם פון פייערוועך און אראפשרייען: ס'ברענט!... עס ברענט נישט אין ערגעץ, נאר ביי מיר"...

„דעמאלט האב איך דווקא ליב התבודדות"...

„ליג איך מיר, ווי א בער אויף דער בערלאגע, און בייס מיר פאר הארץ־הונגער די לאפעס; גאנצע בערג אפגעביסן"...

„ערשט אז עס ווערט מיר גרינגער, גיי איך ארויס".

„נאכוואס? פייפן אויף קהל"...

„פירן, ווי ישיבה בחורים־גיבורים מיט שטענדער פאר כלי־זיין אין די הענט קעגן ארון־קודש, קען איך נישט... גיט מיר א חברה חדר־יינגלעך, מיט געמאכטע פייקעלעך, וועל איך מיט זיי גיין צום ראש־הקהל אויף א קאץ־מוזיק... דאס קען איך"...

„איך געהער נישט צו דעם, וואס איר רופט „לעבן" און דאס „לעבן" געהער נישט צו מיר. איך שפיי אויפן „לעבן", און אויך נאר פון דער־ווייטנס"...

„צווישן מיר און דעם „לעבן" פ ל י ס ט און אפשר שטייט א וואסערל"...

„איבערן וואסערל שפיי איך, איבערן וואסערל שטעל איך פייגן ארויס, פיר מיטאמאל, דאס קען איך! אמאל — א ווייסע צונג, איר ווייסט, איך לייד אויפן מאגן...

„אז מען זעט מיך און הערט מיך נישט גוט, שטעל איך מיך אויף שטאלץ און פייף... עס איז נישט אזוי נ א ט י ר ל ע ך , נאר עס טראגט זיך ווייט, ווייט... עס הערט זיך!"

„און דער עולם שרייט: בראוואָ! ביס!"

„נישט דער געטראָפענער — אַנדערע... דער געטראָפענער שעלט"...

„כאָטש נישט איך בין שולדיק; איך שפּיי אין דער וועלט אריין שולדיק איז דער ווינט, די השגחה פּרטית... ער אָבער שעלט מיך און דער עולם קייכט, פּלאַצט פאר געלעכטער"...

„אמאָל פּלאַצט א גבאי"...

„ער האָט פון צדקה־פּושקע ארויסגעשניפּט א גאָלדענע מטבע; ער האָט געזען, ווי א באַנקיר האָט אריינגעוואָרפן, נישט באַמערקט, אַז עס איז א פ א ל ש ע מטבע... האָט ער געלקחנט... האָט ער מורא געהאַט פאַר באַזוכן און געפינען, האָט ער די מטבע אויף דערווייל איינגעשלונגען... קום איך ארויס אויף שטאָלצן, מיט א יראת־שמים־פּנים און אַן ארויסגע־שטעקטע צונג, און פיר פּייגן אין די הענט, — לאַכט ער, קנאַקט ער, פּלאַצט ער; א העלפט־רעכטס, די צווייטע — לינקס, די מטבע — אין דערמיט... דערזעט דער עולם, זי איז פאַלש, פּלאַצט דער עולם פאר געלעכטער"...

— נו, אויך מיין עסק! וויל, מיר אים טרייסטן"...

— „בא — זיפצט חוזק אָפּ — דאָס אלץ איז גוט געווען איבערן דואיקן, שטיל־פּליסנדיקן אָדער גרינלעך־שטייענדיקן וואַסערל, מען האָט מיך געזען, געהערט, און: בראוואָ, בים!"

„אצינד — א ים"!

„שטעל דיך אויף שטאָלצן, פאַליעס דעקן דיך איבער!"

„פייף — ווען א ים קאָכט און זידט"...

„שפּיי — ווען ער שפּייט, און גלייך ארויף צום הימל; טוט עפּעס, ווען די וואַסער־ריזן צעשפּילן זיך, צעזינגען זיך, און שפּאַרן אין דער וועלט אריין, טראָגנדיק מיל־רעדער און שטיקער גרעבלע אויף די אקסל"...

„טו עפּעס!"...

---

חוזק פאַרשטומט, און נישט בעסער, ווייזט זיך אויס איז דעם פּאָעט...

— גם אני בחלומי, זאָגט ער...

„א פוילע זאַך"...

„וואָרום וואָס בין איך? א מענטש מיט א פייפערל"...

„מיט א פאַרכישופטע פייפערל"...

„פון א פאַרכישופטער קאַלינע א פייפערל... פון עק וועלדל, געבויגן איבערן וואַסער שטייט זי, און זאַפּט אין זיך איין דאָס גערויש פון קליינעם

פאַרחלומטן וועלדל, פון מחנות פייגל, וואָס פליען אונטערן בלויען הימל, שלינגען ווערעמלעך און זאָגן שירה, און די ווייסע בייכלעך ציטערן פאַר נחת, פאַר דאַנק... פון דער קאַלינע א פייפערל"...

און א מיידל האָב איך געהאַט מיט א פויגל־האַרץ...

זיצן מיר אין שאָטן פון דער קאַלינע, אין עק וואַלד, ביים קלאָרן טייכל; איך שפּיל און איר פויגל־האַרץ צעגייט, צעגייט...

שפּאַרט זיך אָן דאָס זיסע קעפּל אויף מיין קני, קוקט זי צו מיר אַרויף מיט שטיל־זיסע־ברידער־אויגן, וואָס פינקלען מיט שטילן נחת, ווי א פויגל, וואָס האָט א ווערעמל געכאַפּט, און איך זאַפּ איין דאָס נחת און שפּיל פאַר גרויס פרייד, פאַר דאַנק, וואָס גאָט האָט מיר די פינקלדיקע אייגעלעך מיטן זינגענדיקן פייגל־האַרץ באַשערט, עס איז מיין...

עס ציטערט איר ברוסט פאַר נחת, טרערן קומען מיר אין די אויגן אַריין פאַר גרויס דאַנק און איך שפּיל אויפן פייפערל...

און עס מאַכט א רושם, שטאַרק! — אויף איר... זי שטרעקט צו מיר הונגעריק אויס די ווייסע הענט... דורשטיק שווילן מיר אַקעגן די קרעלענע ליפּעלעך!

און נישט נאָר אויף איר...

א ווייסע גאַנדז שווימט איבערן טייכל און שטעלט זיך אָפּ, מיט א דין גרעזל אין מויל... און זי שלינגט עס נישט איין. פאַרגעסט עס און בויגט אויס צו מיר דעם ווייסן האַלדז און קוקט, און שווייגט...

א יאַלאָוועקע קומט אַרויס פון שטילן וועלדל, מיטן עכט פרום־קעל־בערנע אויגן, מיט א חנעוודיק, צערטלעך־רינענדיק מיילעכל מיטן זיידן־האָריקן עק אין דער שטיל־שמעקנדיקער לופט...

און פייגל מיט ווייסע און געלע בייכלעך שטעלן זיך אָפּ אונטערן הימל און צוויצערן:

— ווער איז דער פויגל דאָרט?!

„איך געפּעל"...

„איך געפּעל און ווער גרויס; עס איז צייט צו גיין אין דער וועלט אַריין, שפּילן פאַר דער וועלט... פאַרכישופן א וועלט, דאָס לעבן באַ־צויבערן, ווי דען!"

„און אַז מיין מיידל דרעמלט איין, קוש איך זי שטיל צום „אַדיע" אין ווייסן שמאָלן שטערן אַריין — און לייג לאַנגזאַם איר קאָפּ פון מיין קני אויף א בינטל גראָז אַראָפּ, — זי זיפצט אָפּ אין דרימל, עס רירט מיך נישט, העכערע צוועקן פירן מיך... איך פאַרשווינד, צו דער וועלט

לויף איך מיט מיין פייפערל, מיט מיין פאַרכישופט פייפערל, פון דער פאַר־בישופטער קאלינע, פון עק וואלד, ביים שטילן טייכל״...

— נו, שפיל פאר דער וועלט?

— שפיל! די וועלט שפּילט, און נישט אויף א פייפערל!

„דאָס לעבן אליין גיט קאָנצערט!״

„נישט אויף פייפעלעך, נישט אויף פליוטן, נישט אויף הילצערנע און געבלאָזענע אינסטרומענטן״...

„ה א ר מ א ט ן שפילן, ק א ר ט ע ט ש ן זינגען, טענער — שראפנעלן״!

„די לעבנס־אָפּערע גייט, א וועלט־פּאָעמע!״

„ווי קום איך מיט מיין פייפערל״...

ער האַקט אָפּ און מאַכט אוועק מיט דער דורכזיכטיקער האנט...

— א רחמנות נאָר אויפן מיידל, נעבעך...

---

— מיר איז נישט בעסער! זיפצט דער פילאָזאָף...

יאָרן האָט ער אין דער הייך אין זיין דאַכשטיבל פאַרבראַכט... ביי׳ן א קארגע שטראלן דורך פארגרינטע שייבלעך בייטאָג, ביי׳ן א ציטעריק חלבן ליכטל ביינאַכט, איז ער א גאנץ לעבן אָפּגעזעסן, קלערנדיק און גריבלדיק, וואָס „גלייך״ איז...

און אז ער איז שוין גרוי און אלט געוואָרן, אז די צייט האָט אים אויסגעצויגן דעם מארך פון די ביינער און אויסגעזויגן די פאַנטאַזיע פון קאָפּ איז ער ערשט געפאַלן אויף דער המצאה, אז „גלייך״ איז דאָס, וואָס עס איז נישט קרום...

און ער האָט געוואָלט אויפשפּרינגען פאר פרייד, נאָר די קניען האָבן אָנגעהויבן קנאקן!

אלצאיינס! אבי נישט אומזיסט אזויפיל יאָרן, אזויפיל לעבן גע־וואָרפן און געשטיקט; ער האָט ארויסגעפישט א פערל פון תהו ובוהודיקן ים... און ער איז א גוטער, נישט פאר זיך אליין האָט ער זי געפונען, ער וועט זי שענקען דער וועלט... ווי קראנק און עלנט ער איז, וועט ער באַ־שענקען א וועלט...

און ער גייט קוים אראָפּ פון די טרעפּ, אָפּט קריכנדיק אויף אַלע פיר; די ביינער קנאקן... נאָר, געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, אָט איז די גאַס...

— רבותי, הייבט ער אָן — — —

זיין קול אָבער ווערט דערשטיקט...

פאליעס מענטשן שלאָגן איבער דער גאס, טויזנטער צונגען רופן:

— מיר ווילן! מיר ווילן!

„ווער פרעגט וואָס גלייך איז?"

מיר אלע פארשוויגן... יעדער פון אונדז פילט די לאסט, זיי — פון שווערע געדאנקען איך — פון די יאָרן...

עמעץ קלאפט!

אהא? דאָס לעבן?...

ניין... עס האָט זיך נאָר געדאכט!

שווערע, נאָר זיכערע טריט אין גאס, די שטאטסלאָגיק גייט, מיט אותות ומופתים גייט זי... פעסט, שטייף, אייזערן...

---

# האָפענונג און שרעק

... מיין האַרץ איז מיט אייך.

מיין אויג ווערט נישט זאַט פון אייער פלאַמענדיקער פאָן; מיין אויער ווערט נישט מיד, הערנדיק אייער מעכטיק געזאַנג.

מיין האַרץ איז מיט אייך; ז א ט דאַרף זיין דער מענטש, און ל י כ ט י ק דאַרף אים זיין... און פ ר יי מוז ער זיין, און האָבן איבער זיך צו שאַפן, איבער זיך און זיין אַרבעט.

און אַז איר בייסט די פויסט, וואָס וויל אייך אייער פריי וואָרט, אייער ברענענדיקן פּראָטעסט צוריק אַריינזעצן אין דער קעל, מען זאָל עס נישט הערן — פרייט מיך; בעט איך גאָט, ער זאָל אייך שאַרפן די ציין. און ווען איר מאַרשירט אויפן אַלטן סדום און ווילט עס איינרייסן, גייט מיין נשמה מיט מיט אייך; און די זיכערקייט, אַז איר מ ו ז ט זיגן, מאַכט מיך פול און וואַרעמט און באַרוישט מיך, ווי אַלטער וויין...

און דאָך...

און דאָך האָב איך פּחד פאַר אייך.

איך שרעק מיך פאַר באַצווונגענע, וואָס זיגן, עס קענען פון זיי באַצווינגער ווערן, און יעדער באַצווינגער זינדיקט קעגן מענטשלעכן גייסט...

צי רעדט מען נישט צווישן אייך, אַז די מענטשהייט דאַרף מאַר־שירן, ווי אַן אַרמיי אין פראָנט און איר וועט איר פאַרשפּילן דעם מאַרש אויפן וועג?

און דאָך איז די מענטשהייט קיין אַרמיי נישט.

שטאַרקערע גייען פאָרויס, האַרציקערע פילן טיפער, שטאָלצע וואַקסן העכער — צי וועט איר נישט אונטערהאַקן די צעדער, זיי זאָלן נישט איבערוואַקסן דאָס גראָז?

צי וועט איר נישט פאַרשפּרייטן אייערע פליגל איבער דער מיטל־מעסיקייט? צי וועט איר נישט פאַרפּאַנצערן די גלייכגילטיקייט און באַשיצן נאָר די גרויע, גלייך געשווירענע סטאַדע?

---

איך פאַרכט מיך פאַר אייך.

אלס זינגער קענט א י ר די ביוראָקראַטיע ווערן: אויסצעטיילן יעדן זיין ביסן, ווי פאַר אָרעמע לייט אין הקדש; אָפּצומעסטן יעדן זיין אַרבעט, ווי לעקציעס אויף דער קאַטאָרגע. און איר וועט פארטיליקן דעם באַ־שאפער פון נייע וועלטן — דעם פרייען מענטשלעכן ווילן, און פארשיטן דעם ריינסטן קוואַל'ן פון מענטשלעכן גליק — די מענטשלעכע איניצי־אַטיווע — די קראפט וואָס שטעלט איינעם קעגן טויזנטער, קעגן פעלקער און געשלעכטער... און איר וועט מעכאַניזירן דאָס לעבן און הייסן עס פארברענגען אין קאַשארן.

און א י ר וועט זיין פארנומען מיט רעגלאַמענטירן: מיט שרייבן, פארצייכענען און שאַצן... מיט פאַרשרייבן: ווי הויך און ווי אָפט עס מעג שלאָגן א מענטשלעכער פולס, ווי ווייט עס מעג זען א מענטשלעך אויג, וויפל עס קען פארנעמען זיין אויער, און וואָס פאַר א חלומות עס מעג האָבן דאָס פארבענקטע הארץ?

---

מיט הארציקער פרייד קוק איך, ווי איר רייסט איין די מויערן פון אַלטן סדום; מיין הארץ אָבער ציטערט דערביי, איר זאָלט אויף זיינע חורבות קיין נייעם, קיין ערגערן נישט בויען — א קעלטערן, א פינצטערערן!

עס וועלן קיין שטיבער אָן פענצטער נישט זיין; נאָר אין נעפל וועלן איינגעהילט זיין נשמות...

עס וועט קיין לעערער מ אָ ג ן נישט זיין, נאָר ז ע ע ל ן וועלן הונגערן... קיין ווײ־געשריי וועט קיין אויער נישט פארנעמען, נאָר דער אָדלער — דער מענטשלעכער גייסט, וועט מיט אָפּגעשניטענע פליגל שטעלן ביי דער קאָרעטע גלייך מיט דער קו און מיטן אָקס...

און די גערעכטיקייט, וואָס האָט אייך באַגלייט אויפן דאָרניקן און בלוטיקן וועג צום זיג, וועט אייך פארלאָזן, און איר וועט עס נישט מערקן: דערצו זענען זינגער און הערשער בלינד, און איר וועט זינגער און הערשער זיין. און איר וועט זינקען אין אומגערעכטיקייט, און איר וועט נישט פילן דעם זומפּ אונטער אייערע פיס... פעסט בילט זיך יעדער הערשער, כל־זמן ער איז נישט געפאַלן...

און געפענגענישן וועט איר בויען פאַר די, וואָס וועלן אויסשטרעקן די האַנט, צו ווייזן אייך דעם אָפּגרונט, צו וועלכן איר זינקט... און אויס־רייסן פון די מיילער וועט איר די צונגען, וואָס וועלן אייך וואָרענען פאַר

די, וואָס וועלן נאָך אייך קומען, אום אייך און אייער אומגערעכטיקייט צו פארניכטן...

גרויזאם וועט איר פארטיידיקן די גלייכבארעכטיקונג פון דער סטאדע צום גראָז אונטער אירע פיס און צום זאלץ איבער איר קאָפּ, און אייערע פיינט וועלן זיין: פרייע אינדיווידועז, איבער־מענטשן, געניאלע דערפינדער, פּראָפעטן, דערלייזער, דיכטער און קינסטלער...

---

אלץ, וואָס עס געשעט, געשעט אין רוים און צייט...

אויפן פּלאץ איז דאָס שוין געשעענע, דאָס שטאנדהאפטע, פעסטע, און דעריבער: דאָס פארגליווערטע און געפרוירענע, דער היינט, וואָס דארף און מוז אונטערגיין...

די צייט איז פארענדערונג, זי בייט, אנטוויקלט; זי איז דאָס אייביקע אויפשפּראָצן, אויפבליען, — דער אייביקער מאָרגן...

און אז פון אייער „מאָרגן" צו וועלכן איר שטרעבט וועט ווערן „היינט", וועט איר זיין די פארטיידיקער פון „נעכטיקן טאָג", פון אָפּגעשטאָרבענעם, פון טויטן... וועט איר טרעטן די שפּראָצן פון מאָרגנדיקן טאָג און פארטיליקן זיינע בלוטן און גיסן שטראָמען קאַלט וואסער אויף די גייסטן־קעפּ פון נביאות, חלומות און נייע האָפענונגען...

שטארבן וויל נישט דער היינטיקער טאָג, בלוט גייט אונטער יעדע זון...

איך וויל, איך האָף צו אייער זיג, נאָר איך שרעק מיך און ציטער פאר אייער זיג.

איר זייט מיין האָפענונג, איר זייט מיין שרעק.

---

# אין אייראָפּע און ביי אונדז הינטערן אויוון


ז מען רייסט אָפּ דאָס אויג פונעם זידנדיקן לעבן אין אייראָפּע, און מען וואַרפט אַ בליק צו אונדז הינטערן אויוון, האָט מען דאָס געפיל פון אַ רייזנדן, וואָס קומט נאָך שטורעם און וועטער אַהיים אין אַ וואַרעמער, שטילער, אַלטפרענקישע שטוב. —

אין דרויסן האָט זיך דער הייליקער הימל צעקריגט מיט דער זינ־דיקער ערד. דער הימל האָט איינגערונצלט זיין שטערן ווי אַ פּאַרמעט, און עס ציט זיך איבער אים אַ וואָלקן נאָך אַ וואָלקן; אַלע מאָל שווערער, בלייערנער, שוואַרצער און גיסנדיקער! פון דער השגחהס אויג פליט אַ בליץ נאָך אַ בליץ און פון גאָטס האַנט שלאָגט אַ דונער נאָך אַ דונער...

אָט טרעפט ער אין אַן אַלטע שאָפּע אַריין; דאָס האָלץ איז אַזוי דאַר, אַזוי אויסגעטריקנט געוועז, אַז מען האָט געמיינט, אַז זי וועט די וועלט איבערלעבן, און אָט פלאַקערט זי אויף ווי אַ קין, און פאַלט און ברעכט צוזאַמען; אָט שלענגלען זיך פייערדיקע צונגען צווישן זיילן רויך אַרום אַ ניימאָדישן פּאַלאַץ; פון אים וועט אוודאי באַלד קיין זיכר נישט בלייבן. און דאָ יאָגט זיך באַרג־אָפּ דאָס שוימענדיק־זידנדיקע וואַסער, יאָגט און שלאָגט מיט אַ כעס און רייסט מיט זיך מיט אַלע שטיינער, פּלאָטן און גרענעצן, וואָס שטייען אים אין וועג.

נאָר, געלויבט איז גאָט, מיר זענען שוין אין דער היים. דאָ איז לאַנגווייליק, נאָר שטיל; דושנע, נאָר וואַרעם — דאָ איז מען זיכער מיטן לעבן...

דאָרט האָט דער דונער געקנאַקט, דאָ קנאַקט אַמאָל אַ ברענענדיק שייטל האָלץ אין אויוון... דאָרט האָט זיך געדאַכט, אַז גאָט וויל כשרן די ערד מיט פייער און איבערשווענקען מיט וואַסער, דאָ זיצט קוים די אַלטע באָבע און פליקט פעדערן... דאָרט פירן הימל און ערד מילחמה, און דאָ שפּאַרן זיך צוויי אַלטע מומעס וואָס עס איז בעסער: געריבענער, אָדער געשאָבענער רעטעך...

און זיי זעען גאָר נישט אזוי שרעקלעך אויס! וואָלענע זאָקן אין די הענט, שפּיזלעך הינטער די אויערן, די ברילן פּאַרוקט אויפן שטערן... וואָס? עס וועט גאָר נישט זיין דערפון.

---

לעוויאטאַנען לעבן אין א ים; מיקראָבן — אין א טראָפּן וואסער... אינעם טראָפּן שלאָגט זיך אָפּ דאָס גאַנצע לעבן נאָר, — מיקראָסקאָפּיש קליין און... אמאָל מיטן קאָפּ אראָפּ.

---

נאָט אייך פאקטן:

אייראָפּע האָט אריסטאָקראַטן און מיר האָבן אריסטאָקראַטן. ביי־דערליי מיוחסים האָבן פיינט די פאָלקס־בילדונג. ביידע זאָגן, אז דאָס פאָלק דארף א סך גלויבן און ווייניק וויסן. ביידע זאָגן, אז שולן און ביפרט אוניווערזיטעטן, אז וויסנשאַפט און ביפרט אן איינפאַך אמת וואָרט אָן אן איינהיל זענען אזוינע שווערע מאכלים, אז דאָס פאָלק קען זיי נישט פאַרדייען... אז דערפון פאַרדארבט עס זיך דעם מאָגן, שלאָפט אומרואיק און האָט בייזע חלומות... און דאָך איז ווייט פון יענע אריס־טאָקראַטן ביז אונדזערע! די אריסטאָקראַטן, למשל, אין פּריסן, די „יונ־קערס", ווי מען רופט זיי דאָרט, זענען רייכע גוטבאזיצער פון אייביקע יאָרן, אריסטאָקראַטן מיט סאַמע ריין־בלוילעך בלוט; מיט א יחוס, וואָס גרייכט אמאָל ביז די חיות ובהימות אין נוחס תיבה! זיי געדענקען נאָך די אַלטע גוטע צייטן, ווען לעזן און שרייבן האָט געהערט צו זיי, ביפרט רעגירן! אין לאַנד זענען נאָר געווען צוויי קלאַסן: א קליין ביסל פּריצים וואָס האָבן געהאַט אַלעם און איבער אַלעם צו שאַפן, און א גרויסע מאַסע פּויערן, וואָס האָבן א סך געאַרבעט און גאָר נישט געהאַט. דעמאָלט האָבן אונדזערע יונקערס געלעבט א גוטן טאָג. און אז דאָס פּויערן־פאָלק האָט עפּעס באַרלאַנגט, נישט אויף די קניען, נישט אין קלויסטער און נישט פון גאָט — האָט מען אים געענטפערט מיט קאַרטוטשן.

נאַטירלעך גייט די יונקערס היינט אויך נישט אזוי שלעכט; זיי זע־נען נאָך עד־היום די זיילן, וואָס האַלטן אונטער דעם פּריסישן הימל...

די גרעסטע שטעלן אין לאַנד, אין דער אדמיניסטראַציע, אין מילי־טער און ביפרט אין קייזערס הויף געהערן צו זיי, און אויסער דעם האָבן זיי נאָך מאַסן גיטער, וואָס זיי האָבן געקריגן בירושה פון די אַלע גוטע צייטן, און, ליידער, נאָך נישט פאַרטרונקען און פאַרהולטאַיעט...

פאַר וואָס האָט דער פּריסישער יונקער פיינט די פאָלקס־בילדונג?

פאַר וואָס קריגט ער האַרץ־קלאַפּן פאַר דעם, וואָס ער רופט: „דעמאָגאָ־גיע”? ווייל ער ווייסט, אַז וואָס קליגער עס וועט זיין דאָס פאָלק, קלענער וועט ווערן זיין פעטער ביסן...

נאָר וואָס פאַר אַן אַריסטאָקראַטן האָבן מיר? ווער שרייט אויף אונדז, אַז מיר זאָגן צופיל אויס דעם פּראָסטן פאָלק, דעם „המון־עם”? ווער איז ביי אונדז די זויער־מילך און ווער די סמעטענע? ווער האָט רויט און ווער בלוילעך בלוט? דאַכט זיך, אַז אין יעדער קלענסטער רייע פון יידישע דורות, וועט איר געפינען אַלע שטאַפּלען פון דער לייטער, אויף וועלכע אַ יידישער פוס מעג נאָר טרעטן! איר וועט געפינען אַ פאַקטאָר און אַ רב, אַ רופא און אַ דאָקטאָר, און אַ פּראָצענטניק און נאָך עפּעס ערגערס, און אַ גביר, און אַ טרעגער... ווער'זשע זענען אונדזערע אַריס־טאָקראַטן?

אונדזערע אַריסטאָקראַטן זענען: מלמדים, וואָס האָבן זיך אויסגע־לערנט אַביסל העברעאישע גראַמאַטיק, אַ בעדער־יונג, וואָס האָט זיך צו־געכאַפּט צו לעטריסעם ראָמאַנטישע געדיכטע, אַן אויסגעקאָרמעט פּאַק־טאָריש באַלעבאַטיש־עקסל, וואָס האָט איינגענומען אַ צוואַנציק לעקציעס אַלענדאָרף... אָט די לייט און זייער גלייכן זענען אונדזערע יונקערס! אָט די לייט ווייסן שוין אַזוינע סודות, וואָס מען טאָר דעם פאָלק נישט אויס־זאָגן... אָט, די לייט זאָגן, אַז די זויער־מילך, דער המון־עם דאַרף האָבן אַ פּרוכת איבער די אויגן און לאָזן זיך פירן פון זיי!...

אָט דאָס זענען אונדזערע יונקערס אין די פעדערן... וואָס די אַלטע באָבע פּליקט!

צי האָט איר געהערט פון לעצטן אייזנבאַן־שטרייק אין אַמעריקע? די אַרבעטער און דינער פון דער באַן האָבן געוואָלט אַ גרעסערן לוין, די באַלעבאַטים פון דער באַן האָבן נישט געוואָלט געבן, האָבן זיך די אַרבע־טער מיישב געווען און אויפגעהערט צו אַרבעטן... דאָס הייסט אויף זייער לשון — אַ „שטרייק”... דאָס מחלוקת האָט לאַנג געדויערט, די אַרבעטער האָבן פאַר הונגער געמאַכט באַוועריעס, צעבראָכן וואַגאָנען, פאַרברענט סטאַציעס... די באַלעבאַטים האָבן געבעטן הילף ביים פּרעזידענט, מען האָט געשיקט סאָלדאַטן מיט ביקסן... מען האָט געשאָסן, עס איז בלוט פאַרגאָסן געוואָרן... נאָר דאָס איז אַ קלייניקייט... אין אונדזערע צייטן ענדיגט דער וועלט פון אַ זאַך נישט אָפּ פונעם בלוט, וואָס זי האָט געקאָסט...

ביי אונדז גייען אַלע רעכענונגען, אַלע חשבונות אויף געלט! אויף געלט ווערט געשאַצט די אַרבעט; אויף געלט ווערן געשאַצט הענט און

פיס, וואָס מען פארלירט ביי דער מאַשין און אפילו א גאנצער לעבעדיקער מענטש, אויב ער ווערט אַמאָל צעקוועטשט צווישן אירע ציין... ביפרט אין אַמעריקע, ווו מען שאַצט אויף געלט אַפילו א קוש, וואָס א מיידל קריגט אָן איר גוטן ווילן...

אַלץ ווערט בארעכנט אויף געלט; און אויף געלט איז דער שטרייק ווערט געווען נאָר א קלייניקייט: די באַלעבאַטים פון דער אָפּגעשטעלטער באַן האָבן געהאַט א היזק פון דריי מיליאָן דאָלאר, די אויבס־סוחרים אין קאַליפאָרניע, וואָס האָבן די סחורה נישט געקענט פּארשיקן — 5 מיליאָן דאָלאר; צוזאמען האָבן די קאַפּיטאַליסטן געליטן אויף 8 מיליאָן און דאַ־קעגן האָבן די אַרבעטער געהאַט א היזק פון גאנצע 10 מיליאָן דאָלאר!

בּיכלל איז ווערט געווען דער שטרייק אָן ערך פון 35.000.000 רובל אונדזער געלט!

ביי אונדז איז אויך געווען אַ שטרייק... אין קעשענעוו... און אַ טאָפּלטער שטרייק... דער בעל־טקסא האָט אויפגעהערט צו צאָלן שכירות די דיינים, און די דיינים האָבן אויפגעהערט שאלות צו פסקענען...

דער שטרייק האָט אוודאי געקאָסט, ווי מען זאָגט „ח"י גדולים מיט א קניזש" און דאָך האָט אַ דיין געחלשט אין מיטן גאַס פאר הונגער...

---

„ש אַ ל ת ה פּ ו ע ל י ם!" — די ארבעטער־פראגע! אין אייראָפּע, אַז אַ באַלעבאַטישער מענטש דערמאַנט זיך אין דער פראגע, ציטערט אונטער'ם הענט און פיס... קיין פּרומער ייד שרעקט זיך נישט אַזוי אלול פארן שופר, און אויף דער עלטער פארן קבר מיטן מלאך־דומה, ווי דאָרט אַ פאַבריקאַנט פארן הונגעריקן ארבעטער! דער באַלעבאָס ווייסט, אַז דער אַרבעטער איז קיין פייער נישט און האָט גאָר קיין חשק נישט אויס־צופּאַסטן זיך דאָס ליכטיקע גן־עדן... אַז ער איז הונגעריק, וויל ער שוין נישט מודה זיין, אַז דאָס האָט אים גאָט היינט קיין ברויט נישט באַשערט, נאָר ער מיינט, אַז דער פאַבריקאַנט האָט אַ קישקע אָן א דנאָ... אַז דאָס ווייב ווערט אים קראַנק, אַז די קינדער הייבן אָן הוסטן, זאָגט ער שוין נישט, ווי אַמאָל אין די גוטע, גאָלדענע יאָרן, אַז עס איז אַן אָפּקומעניש פאַר די זינד, שלאָגט זיך שוין נישט אין הארץ אריין און לויפט שוין נישט צום שטריימל, עס זאָל אים ארויסגעבן א תשובה... אים דאכט זיך גאָר, אַז זיין דירה איז שולדיק, אַז ער וווינט אין נאַסן קבר! און עס דאכט אים, אַז דער פאבריקאַנט איז אים מחויב אויפצושטעלן א הויז!... אַז זיין זון מוז צו צען יאָר גיין אין פאַבריק אריין אַרבעטן, גלייבט ער נישט ווי אַמאָל,

אַז אַרבעט איז אַ הייליקע זאַך, אַז פאַר דער אַרבעט צאָלט מען אויף יענער וועלט, נאָר ער איז בייז, פאַרוואָס אַנדערע האָבן גימנאַזיום און אוניווער־זיטעט און דערנאָך אַ גוטע שטעלע... און זיינע קינדער נישט! ער זאָגט נאָך, אַז די פאַבריקאַנטן קאָנקורירן אויף זיין חשבון, און דריי־פערטל סחורה איז זיין שוויים און בלוט...

און אַז עטלעכע מיליאָנען מ י י נ ע ן, איז ביטער ווי גאַל!

נאָר דאָס אַלץ איז אין אייראָפּע... ביי אונז איז פון דעם אַלעם קיין זכר נישטאָ, מיר האָבן קיין פאַבריקן נישט, קיין אַרבעטער נישט... מיר קענען, דאַכט זיך, רואיק שלאָפן... און דאָך האָבן מיר אַ קליין „שאלת־הפּועלימל”... אַ קליינס, אַ חנעוודיקס... צום קושן!

מיר שטיצן די אַרבעטער אין ארץ־ישׂראל...

טאָג־טעגלעך גייען אין „המליץ” נדבות אויף די פּועלים!

און עס איז אַ גוטע זאַך! אויסער וואָס די אַרבעטער ווערן אַמאָל עפּעס האָבן פונעם געלט, איז דאָס דערווייל די בעסטע רעקלאַמע, וואָס אַמעריקע פאַרמאָגט עס נישט!

עס האָט אַ יונגער שנעק ערגעץ אַ דרשה געהאַלטן און עס וויל קיי־נער דעריבער אין צייטונג קיין וואָרט נישט שרייבן... שרייבט ער אַליין: „ווייל איך האָב אין האָציפּלאָץ פאַר די משכּילים אין שטאָט אַ דרשה גע־זאָגט און אַלע זענען שיר אויסגעגאַנגען — שענק איך 18 גדולים לטובת הפּועלים”. דער „מליץ” דרוקט און די וועלט קלינגט מיטן נייעם בעל־דרשן.

שאלת־הפּועלים אַז אַפילו אַ סגולה אויף פּראַקסע פאַר אַ יונגן דאָק־טאָר; אויב ער האָט נאָר אַ גוטן פריינט, וועט שוין אָן אים דאָס פּובליקום נישט פאַרגעסן...

קוים האָט ער געענדיקט דאָס אוניווערזיטעט, שענקט זיין גוטער פריינט פאַר גרוים פרייד, וואָס דער באַרימטער קאָפּ האָט געענדיקט מעדי־צין — חי גדולים! ווערט דער דאָקטאָר אַ חתן — ווייטער ח”י גדולים... מאַכט ער אַ ברית — ווייטער ח”י גדולים... פאַרשרייבט ער די ערשטע רעצעפּט עמעצן אויף אַ קאַטאַר — גאָר נייע ח”י גדולים פון דער נאָדל! און אַזוי ערנאָך קלינגט גאַנץ אייראָפּע מיטן דאָקטאָרל, וואָס, ווען נישט די שאלת־הפּועלים, וואָלט ער געמוזט אַרומלויפן אין די גאַסן, שרייען: „אני שלמה!” און יעדן אַריינשטופּן אין האַנט אַריין די אַדרעס...

אַ ליטעראַט האָט פאַרקויפט — נישט די פעדער, די איז שוין לאַנג פאַרקאַניעט... נאָר ז י ך אַליין, פאַר עטלעכע רובל נדן! ווער וואָלט

געוווסט דערפון? שאלת־הפועלים! 20 נומערן דורכאַנאַנד ווינטשט מען אים, און פאַר יעדן ווונטש קריגן די ארבעטער ח״י גדולים...

און עס וואַקסט פון טאָג צו טאָג!... די גבירה האָט דעם גביר גע־וואָרפן א ראַנדל אין קאָפּ אַריין: האָט זי געטראָפן, שענקט דער גבירהס מוטער, ד. ה. דעם גבירס שוויגער, ח״י גדולים! האָט זי נישט געטראָפן — שענקט די דינסט, וואָס האַלט מיטן באַלעבאָס, ח״י גדולים! גייט די דינסט אַוועק דיקער ווי זי איז געקומען, שענקט דעם באַלעבאָס א גוטער פריינט ח״י גדולים...

נו, זאָגט אַליין, קען אַזא שאלת־הפועלים עמעצן שאַטן?

מען זאָגט, אַז דאָ האָבן מיר א סך אָרעמע בעל־מלאכות, אַז פאַר דעם געלט וואָלט מען זיי געקאָנט וואַרשטאַטן מאַכן, ניי־מאַשינען קויפן...

עס קאָן זיין, נאָר מיר קענען נישט אַנדערש, מיר מוזן האָבן אונ־דזער אייגן, היימיש, וואַרעם, שטיל שאלת־הפועלימל!

---

אין איירָאָפּע איז געווען פּאַנאַמאַס און פּאַנאַמינאַס... און גאַנץ איירָאָפּע האָט געקאָכט ווי א קעסל!

אין פראַנקרייך האָבן מיניסטאָרן געגנבעט און געגאַנגען אין קרי־מינאַל אַריין; אין איטאַליע האָבן סענאַטאָרן געגראַבלט אין דער קאַסע, און גאַנץ איטאַליע האָט געזאָטן! אין שפּאַניען האָט א סך אַריסטאָקראַטן געהאַט לאַנגע פינגער און מען האָט זיי נישט געשוויגן! אין שיקאַגאָ האָט מען איינגעזעצט אַן עסטרייכישן קאָנסול פאַר געלט־זאַכן; אין ענגלאַנד איז אַריינגעפאַלן, נעבעך, א לאָרד...

אומעטום — סקאַנדאַלן, ערד־ציטערניש!

ביי אונדז איז געווען א פּאַנאַמינעלע — און שטיל! שאַ! —

עס האָבן גאַנץ קליינע מענטשעלעך געמאַכט א גאַנץ קליין חברהלע צו קויפן ערד אין ארץ־ישראל... קוים טויזנט מענטשן און אינגאַנצן צו הונדערט פראַנק...

מיט דער צייט, האָט מען אויסגערעכנט, וועט די ערד וואַקסן און וואַקסן, און יעדערער פון די טויזנט מיטגלידער וועט האָבן זיין אייגענע קאָלאָניע אין ארץ־ישראל... ווו א שניידער, ווו א שוסטער, ווו א קבצן, האָט פאַרקויפט דאָס צירונג מיטן בעט־געוואַנט, צוגעבאָרגט די רעשט

אויף פּראָצענט — און אריינגעטראָגן 100 פראַנק... צו וועמען? מן־הסתם צו א ייד... וואָס האָט מען דאָ צו פרעגן...

אין קורצן האָט מען געקויפט א שטיק ערד, מען האָט עס א נאָמען געגעבן „עין־זיתים"... און במשך פון א יאָר זענען געפלויגן פון ארץ־ישראל בשורות־טובות ווי די טויבן, דער כנסת־ישראל צום דערקוויקעניש... די אייגענע, וואָס האָבן די חברה צוזאַמענגעשלאָגן, האָבן דעם גאָרטן גע־פלאַנצט, וויין געבויט... „אונדזער וויינגאָרטן — האָט מען געשריבן — וואַקסט פון טאָג צו טאָג, מיט יעדער מינוט וואַקסט זיין ווערט, מענטשן זעען און גלייבן נישט זייערע אייגענע אויגן"... „נאָר אַזויערנאָך — האָט מען געשריבן, קאָן קומען די גאולה", „נאָר דורך אַזוינע חברות קאָן מען אויסגעלייזט ווערן פון גלות".

פּלוצלינג איז אָבער דער געזעלשאַפט איינגעזאַלן אַראָפּצושיקן א מענטש קיין ארץ־ישראל, צו באַקוקן עין־זיתים, און עס איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן — שטיינער און ביינער!

די 100 טויזנט פראַנק — פיו!

נאָר שטיל! קיין סקאַנדאַלן מאַכט מען נישט! מען האָט קיינעם נישט אָפּגעגעבן „פּאָר־סוד"... וואָס דען, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָס אייגענע וואָס אין כעלם!

אין כעלם איז אַמאָל פאַרשווונדן געוואָרן מילך פון א טאָפּ... און קיינער איז נישט שולדיק געווען! די קאַץ איז געווען געפּיגרט, דער באַלע־באָס און די באַלעבאָסטע — פליישיק, און פאַר דער דינסט וואָלט דער רב געמעגט שווערן...

אין אונגאַרן איז ערשט נישט לאַנג געווען א שטאַרק מחלוקת וועגן חופּה וקדושין. די אַריסטאָקראַטן, וואָס האָבן דאָרט א גרויסע דעה, זאָגן, אַז אין חתונה האָבן שטעקט א גרויסער סוד, א הייליקייט, א הימל־זאַך, און אַז כאָטש „בת פּלוני לפלוני" איז באַשערט און ווערט אויסגערופן נאָך 40 טאָג איידער גאָט טראַנספּאָרטירט אַרויס די נשמה פון אוצר, מוז איבער יעדן זיווג דאָס שטריימל מאַכן א ברכה!... דאָס פּראָסטע פאָלק אָבער זאָגט, אַז חתונה האָבן איז א מענטשלעכע זאַך, אַז עס שטעקט דערינען גאָר קיין סודות נישט, און מען דאַרף דערצו נישט מער, נאָר ער זאָל וועלן, זי זאָל וועלן און דאָס מאַגיסטראַט זאָל פאַרשרייבן, אַז זיי ביידע האָבן געוואָלט; כדי מען זאָל וויסן, ווער מיט וועמען עס וועט זיך אַמאָל גטן און ווער עס וועט נאָך וועמען ירושה און קדיש זאָגן...

אין אונגארן איז דאָ א פּארלאַמענט, ווו עס זיצן אויסדערוויילטע פון פאָלק, און א הערן־הויז, ווו עס זיצן גרויסע הערן — אַריסטאָקראַטן. קיין פּראָווע איז דאָרט נישט גילטיק, ביז זי ווערט נישט אָנגענומען אין פּארלאַמענט, באשטעטיקט אין הערן־הויז און דערנאָך ערשט — אונטער־געשריבן פון קייזער. נאַטירלעך האָט דער פּארלאַמענט געוואָלט, אַז די חתונה זאָל בלייבן אַ ציוויל־זאַך, נישט קיין הייליקער סוד... נאָר דאָס הערן־הויז האָט נישט געוואָלט, און עס האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, ביז מען האָט עס נישט געגייט מיט שטיינער און בלאָטע די אַריסטאָקראַטן אין די קאָטשן אריין און מיט אויסהאקן די שויבן. זיי האָבן זיך אונטער־געגעבן און — היינט־מאָרגן וועט דער קייזער אונטערשרייבן דאָס נייע געזעץ, אַז חופּה־וקדושין קענען זיך באַגיין אָנעם שטריימל...

ביי אונדז איז אויך עפּעס ענלעכס געשען, נאָר... מיטן קאָפּ אַראָפּ!

אין אַ געוויסער שטאָט האָבן די „דייטשן”, דאָס הייסט אונדזער ליבעראַלע, געבילדעטע פּארטיי, געוואָלט דורכויס אריינפירן די חופּה אין שיל אריין, גלייך צום ארון־קודש... און די פרומע קלאַס האָט נישט גע־לאָזט! פאַר דער חופּה — זאָגן זיי — איז געגוג פּלאַץ אויפן בערגל מיסט, אויפן שיל־הויף...

זעט איר, פּונקט פארקערט ווי אין אונגארן!

די פרומע קלאַס איז לייכט צו פאַרשטיין... זיי ווילן ביכלל נישט קיין נייעס... דערצו ווייסן זיי, אַז לויט אונדזער געזעץ איז גענוג, אַז זי שטעקט אויס אַ פינגער, ער זעצט אַרויס אַ פינגערל, וואָס מוז ווערט זיין ווייניק־סטנס אַ פּרוטה און זאָגט „הרי־את”... דערביי דאַרפן, נאַטירלעך, זיין עדות, ער זאָל נישט אָפּלייקענען שטיין און ביין; אַ מנין איז נאָך בעסער, נאָר אַזוי ווי יעדער קאָן צוקומען צום עמוד, אַזוי קאָן יעדערער מקדש זיין...

נאָר וואָס די „דייטשן” ווילן, פאַר וואָס גיט דער ראַבינער חופּה־וקדושין דווקא ביים ארון־קודש אין כאָר־שיל, איז נישט צו פאַרשטיין...

דאַכט זיך, אַז אין דער קלאַס שטעלן זיך צו דער חופּה: אַ חתן, וואָס האָט שוין קיין האָר און קיין סודות נישט, און אַ כלה, וואָס ווייסט פון פאָל דע קאָק, זאָלאַ און אַנדערע, אפילו ווי אַזוי מען האָט קיין קינדער נישט, אַז עס האָבן נישט חתונה קיין מענטשן, נאָר צוויי בייטעלעך געלט... וואָס־זשע דאַרף מען דאָ דעם פּרעדיקער?

נאָר נישט אין דעם גייט אונדז...

גענוג, אַז די פראַגע, וואָס האָט אויפגעקאָכט גאַנץ אונגארן, האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין אונדזער טראָפּן וואַסער, נאָר מיטן קאָפּ אַראָפּ!

פונדעסטוועגן מיינט נישט, אז עס איז גאָר אינגאַנצן שטיל! די פּרו־מע חובבי־ציון שלאָגן זיך מיט די ליבעראַלע חובבי־ציון... און וואָס עס גייט, איז שווער צו וויסן פון די הונדערטער פּאַשקווילן, וואָס ווערן צע־שיקט אין בריוו, אָדער געדרוקט אין צייטונגען... עס מוז דאָך זיין אן אַרט פראַגע: וואָס עס איז בעסער, געשאָבענער אָדער געריבענער רעטעך?

# געדאַנקען איבער ליטעראַטור

ין א ליטעראַרישער געזעלשאַפֿט, ביי'ן אַ פּאַדראַטשיק, צוליב זיין שיינער פרוי און גרויסאַרטיקן קאַפּע פאַרזאַמלט, — האָט עמעץ א פראגע געשטעלט: נאָך וואָס שרייבט מען? פאַרשפּילנדיק ביים קאָרטן־טישל, האָט דער ווירט, אויסדרייענדיק זיין שווערן קאָפּ, מיט די שטענדיק גערייטלטע אויגן, גערייצט, אין צימער אריין געוואָרפן: ווער עם קאָן נישט ל ע ב ן, ש ר י י ב ט!

— אָבער —האָט אָנגעהויבן די פרוי ווירטן, בעטנדיק מיט די שיינע, שטענדיק פייכטלעך־שמאַכטנדיקע אויגן די ליטעראַרישע געסט אום פאַרצייונג פאַרן מאַן, — „אָבער —

זי האָט אָבער נישט געענדיקט. אַן אלטער ליטעראַט, וואָס איז נעבן איר געזעסן, האָט זי אָנגעכאַפּט ביי דער פיין־געטאָקטער, נאַקעטער האַנט: מאַדאַם, די ליטעראַטור איז דאָך נאָר א סוראָגאַט פון לעבן, א נאָכגעמאַכט לעבן, — ווי ספּאָרט איז דער סוראָגאַט פון ארבעט...

— געווים — האָט נאָכגעגעבן א יונגער דיכטער, וואָס איז געזעסן ביי דער מאַדאַם פון דער צווייטער זייט, און האָט ערשט נישט לאַנג איר געווידמעט א בענדל, מיט בענקשאַפּט דורכגעוועבטע געדיכטן אויף וועליזפּאַפּיר — „געווים", האָט ער ווידערהאָלט, און זיין שטימע האָט אָנגעהויבן עטוואָס ציטערן, — „ווען די, צו וועלכער איך בעט, וועלכע איך פאַרהייליק, ווען די..." און נאָך א קורצער פּויזע פון פיל דייטנדיקע אויגן־געשפּראַך, מיט דער רעכטער אין דער שעוועליור און דער לינקער אויפן האַרץ, האָט ער, אַראָפּבייגנדיק דעם קאָפּ, די אויפגעפּאָכטע בליצן אין ד'אויגן צו באַהאַלטן, געענדיקט: „וואָלט איך מיין הויך ליד ג ע ל ע ב ט, געלעבט, נישט געזונגען —"

דער אַלטער דיכטער ווערט אומרואיק, וויל זאָגן עטוואָס ביטערס און בייסנדיקס, נאָר דער אינזשעניער, וואָס האָט ביים שפּיל־טישל די קאָרטן טאַסירט און געוואָלט צעטיילן, האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיט א שמייכל געזאָגט: איך ארבעט מיינע אידעען אויס: פּאַלאַצן, באַן־בריקן —

— אָדער איינקונפטס־הייזער! — מורמלט גיפטיק דער ווירט, — טייל בעסער. —

דער אינזשעניער צעטיילט די קאָרטן; מאַכט עס אומגעלומפּערט, אויפגערעגט.

מאַדאַם לאָזט ווייטער די אויגן אַראָפּ, עפּנט זי דאָך באַלד, הערט זיך אייז צום ווייטערן געשפּרעך צווישן די ליטעראַטן, וועגן געשטעלטן פּראָבלעם. מיט האַלב־אָפענע ליפּן, געררייטלט געזיכט און נייגעריק אויפּ־פלאַמענדיקע אויגן שלינגט זי יעדעס וואָרט.

ביים קאָרטן־טישל: פּאַס! פּאַס! דערנאָך — ליציטאַציע און באַלד א שטילע נאָכדענקלעכקייט.

א סאָציאַל־געפאַרבטער ליטעראַט מיט אויסגעשפּראָכענע סימפּאַ־טיען צו די נידעריקע שיכטן און עלעגאַנטע פּרויען פון די העכערע, — האָט זיך דערוויל די הענט צעפּירט.

— גיט מיר די קראַפט, די מאַכט — רופט ער לויפנדיק איבערן צי־מער, נאָכגעיאָגט פון דער מאַדאַמס אויגן — גיט מיר די מעגלעכקייט צו שטערן און בויען...

און פּלוצלינג:

— פּאַרדאָן!

ער האָט אָנגעטרעטן אויף דער מאַדאַמס שלעפּ. און אז זי פּאַר־צייט אים מיט א ווארעמען בליק, געשיקט מיט איין פּוס וואַרפנדיק דעם שלעפּ הינטער זיך:

— ווען איך האָב צו שאַפן; ווען די וועלט איז א ליים און איך בין סקולפּטור...

און — נאָכאַמאָל: פּאַרדאָן!

ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דער טאַץ מיט טיי, וואָס דאָס דינסט־מיידל האָט אַריינגעבראַכט. אַן אויסגעשריי פון מיידל, א געקלינגעריי פון פּלאַצנדיקע גלעזער, א לענגערער מעלאָדישער קלונג פון דער געפאַלענער טאַץ, דאָס מיידל וואַרפט זיך, אויפצוהייבן דאָס געפאַלענע, דער יונגער דיכטער מיט דער שעוועליור, לויפט צו הילף און בייגט זיך איין, — א קלאַפּ פון צוויי יונגע, שטאַרקע שטערנס; בליצן אין דער מאַדאַמס אויג...

דער יונגער דיכטער זעצט זיך שוין אין אן אנדער ווינקל; דאָס מיידל האָט צוזאַמענגעקליבן דאָס געשיר, איז אַרויסגעגאַנגען נאָך א פרישע טאַץ און א „יונג־מאָדערנער" קלאַרנעטירט דערוויל:

גיט מיר א קריסטאַלענעם פּאַלאַץ אינמיטן ים... פּאַווע־פעדערן,

פערל־שנירן, קריסטאַלן געשיר — און לאָזט מיך שווימען, אויף א מוטער־פערל־שיפל שווימען און קוקן, צעברעך איך מיין פען...

א היסטארישער ראָמאַניסט ענטפערט דעם סאָציאל־געפארבטן:

— מיר איז ענג, דאָס לעבן איז א געפענגעניש... פליען קעגן דער צוקונפט האָט מיר גאָט קיין פליגל נישט געגעבן, אויסטראכטן, מעשהלעך שרייבן קען איך נישט... גיי איך צוריק. די היסטאָריע איז א גוטע וועשן; זי האָט די אלטע צייטן ריין־געוואשן... פון אלע שאנד־ און בלוט־פלעקן און אין די ריין־געוואשענע צייטן לעבן און דיכטן — דאָס איז מיין איינ־ציקע טרייסט...

מען האָט שוין געברענגט פרישן טיי און, הויך זיפצנדיק, זאָגט דער ווירט:

— מען שרייבט, ווייל מען וויל עסן...

די מאַדאַם, שוין פון הויכן זיפן דענערווירט, שטוינט.

— פאַלש! שפּרינגט אויף דער אַלטער ליטעראַט. מען ד ר ו ק ט צוליב ברויט — אָבער פריער ווערט ג ע ד י כ ט ע ט, פריער האָט מען שעפערישע אידעען; צו פריע, צו שטארקע, צו הויכע... (מיט א גיפטיקן בליק צום אינזשעניער) מען זאָל עס קענען באלד, אויגנבליקלעך אוים־בויען... און... און...

ער פארהאַקט זיך, די מאַדאַם דריקט אים צערטלעך די האַנט...

דער יונגער דיכטער מיט דער שעוועליור לאָזט פון ווייטן די אויגן אראָפּ, באהאלטנדיק די צאָרניקע בליקן. —

---

עס איז ענג אויפן אָרט, ווו דאָס לעבן האָט אונדז איינגעפלאַנצט אָדער ווו עס פירט אונדז, ווי א באַרייטער אויף א קורצן שטריק. און צו קורץ איז אונדז די צייט פון אונדזער לעבן. וואָס איז די ליניע, אָדער דער איינצלנער פּונקט אינעם אומגעהייערן, אינעם נישט־פארשטענדלעכן וועלט־בילד? און ווי פארשווינדן אונדזערע לעבנס־יאָרן אין דער אייבי־קייט? הינטער זיך — אַן אומגעהייערע פארגאַנגענהייט, וואָס האָט אונדז נישט געקענט, פאר אונדז — אַן אומענדלעכע צוקונפט, וואָס וועט אונדז נישט געדענקען.

חלומט זיך דער פרומער אַן אייביק לעבן אוים: א קורצן גיהנום און — אַן אומענדלעכן גן־עדן, נאָכן איבערקומען דאָס ריניקן אין גיהנום... חלומט ער זיך תחית־המתים אוים, אויב ער וויל זיך נישט מיט דער זינ־דיקער ערד געזעגענען אויף אייביק... וויל זיך איינער דאָס לעבן מיט א

נאָמען פארלענגערן, גרעסערע — א מאָנומענט פארדינען; שטעלט זיך דער עגיפּטישער קעניג פּיראַמידן אויף, פאַרהייליקט דער בינעזער זיינע קברים, לאָזן רייכע אייזערנע קאַפּיטאַלן, שטעלן זיך שטאַרקע מצבות פון גראַניט מיט גאָלדענע אותיות — און מען לעבט זיך ארוים פון דער צייט.

רייזן מענטשן איבער דער וועלט; ווי א פּאַנאָראַמע גייען פארביי לענדער, שטעט און פעלקער, און מען לעבט זיך פון אָרט אַרוים...

און מיטן לעבן אַליין, אויסער דער קורצקייט און דער ענגשאַפט, מיטן א י נ ה א ל ט פון לעבן איז אויך דער מענטש נישט צופרידן. נישט נאָר ברייטער און לענגער, אויך העכער און טיפער וויל ער לעבן. און אָפט — אַנדערש, ער וויל עס פארבייטן, טוישן...

אָבער זעלטן־וועלטן־וועט עס קען עס טון אין דער ווירקלעכקייט... די דריקנ־דע מערהייט מוז קומען צום בוך, צו דער ליטעראַטור. נישט דער היס־טאָרישער ראָמאַן, די פאַרגאַנגענהייט, די פאבל — די שענערע, שטראַלנ־דע צוקונפט; דער ראָמאַן — דאָס היינטיקע לעבן שענער, ערהאַבענער, טיפער...

און מיט דער הילף פון דער ליטעראַטור רייסט זיך דער מענטש פון זיין געפענגעניש אַרוים: קען דער שוסטער דורכלעבן א ריטערלעך אָדער אַריסטאָקראַטיש פּרונק־לעבן... גייט דער שוואַכער האַנט־אין־האַנט מיט אַן אַלעקסאַנדער מוקדון, דעראָבערן די וועלט. אָדער זיצט מיט א נאַפּאָ־לעאָן אין סאַנקט העלענע און לעבט נאָכאַמאָל איבער וואַטערלאָ; ווערט דער אָרעמסטער רייך ווי ראָטשילד, און באַשיט די אָרעמסטע מיט גאָלד; און דער שטילסטער לעבט דורך די שטאַרקסטע ליידנשאַפטלעכע אָרקאַנען. טויזנטפאַך און רעגנבויגן־פאַרביק ווערט דאָס לעבן. נישט רירנדיק זיך פון אָרט, שטייגט איר אויף די העכסטע בערג, שפּאַצירט איר אין די שענסטע טאָלן, שווימט איבערן צעפלאָסענעם שמאַראַגד פון די שענסטע זעען. אין דער ענגסטער, פינצטערסטער קעלער־שטוב שפּראָצן אויף גערטנער, וואַקסן אוים אַרקאַדן, פּאַלאַצן, פּיראַמידן, כּפינקסן... מיטן בוך אין דער האַנט שפּאַצירט איר אין לאָנדאָנער נעפּל און הערט דאָס פייפן פון ניגאַנטע מאַשינען; זעט איר דאָס בליצנדיקע, געשמאַקפולע אוים־געלאַסנקייט פון נייעם בבל — פּאַריז; טאַנצט איר אויף א יאַפּאַנישן ביימער־פעסט, באַרעגנט מיט די ווייסע שמעקנדיקע קירשן־בליטן... אין צווייטן קאַפּיטל האָט איר גלעטשער, שניי־בערג, קאָנסטאַנטינאָפּאָל מיט גאָלדענע מעטשעטן, און פּילייכט ווילט איר אַספּאַזיע באַוווּנדערן? זען ווי קלעאָפּאַטרא שטאַרבט פון א שלאַנגען־ביס, אָדער ווי משה צעברעכט

די לוחות, אָדער א באזוך מאכן ביי די גריכישע געטער אויפן אָלימפּ?
און פיליבּט ווילט איר הערן ווי מחמד פרעדיקט, אָדער בודא?

אַלץ גיט אייך די ליטעראַטור — די קונסט!

און אָפּט פארשטייט דער מענטש זיין אייגן לעבן נישט.

עס ליגן אין זיין טיפסטן הארץ זאָמען פון די פלאַמענדיקסטע רויזן; ער קען זיי נישט וועקן. עס שטיקן אים טרערן — פּערל; טריקן איז אים דאָס אויג, ער קען זיי נישט אויסוויינען און זיי ווערן פארגליווערט, און פאַלן צוריק אין האַרץ אריין, ווי שטיינער. און אין די טונקלסטע האַרץ־ווינקעלעך ווילן געפילן ווי די בלומען שפּראָצן, און האָבן קיין ליכטיקן שטראַל און וועלקן, און גיסן זיך איבער אין א ווייטיק אָן א נאָמען...

און קומט דער דיכטער, — שפּריצט ער טוי אויף די רויזן אין הארץ און זיי פלאַמען אויף, און שטראַלן אויסן מענטשנס אויגן ארויס, און דופטן... מיט זיין צויבער־וואָרט עפנט ער די שלייסן און דער זילבערנער טרערן־שטראָם שפּריצט אַרויס, און לייכט ווערט דאָס הארץ, פון שטיינער באפרייט, און קלאָר־שטראַלנדיק ווערן די אויגן, און גליקלעך דער מענטש, וואָס האָט אויסגעוויינט זיין שמערץ, און ער פאָרעמט די צעפלאָסענע נעפּל פון הארציקע געפילן, און זיי לעבן אויף. — און טיף, און שיין, און הויך; און פול ווערט דאָס לעבן, ווי פון דער זון געבענטשטע טרויבן.

דער געשיכטלעכער העלד בייט זיך זיין לעבן לויט זיין ווילן; דער וורום־מענטש ליגט צופרידן אין ערד־גריבעלע, ווו ער ווערט געבוירן און פארלוירן; דער מערהייט שענקט דער דיכטער דאָס, וואָס די נאַטור האָט זיי פארזאָגט.

קונסט איז א סוראָגאַט פון לעבן, נאָר זייער אָפּט טיפער, ערהאַבענער און וואָרער פאַרן לעבן...

און צוליב דעם לעזט מען.

---

און אויבוואָל איר פאַרלאַנגט פון ליטעראַרישן קינסטלער דאָס לעבן, די צייט און דאָס אָרט, וואָס איר אַליין האָט נישט, פאַרלאַנגט איר דאָך נישט פון אים, ער זאָל עס געבן אַזוי ווי עס איז אין דער ווירקלעכקייט. אַ'זיסט וואָלט איר אייך באַנגיגט, וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אָרט, מיט דער געאָגראַפּיע, וואָס באַשרייבט אַלע וועלט־טיילן, אַלע לענדער; וואָס גיט אייך אין ציפערן די הייך און דעם פאַרנעם פון בערג, די טיפקייט און דעם לויף־גאַנג פון וואַסערן; וואָס באַשרייבט אייך גענוי אַלץ, וואָס וואַקסט און לעבט אין יעדער געגנט. דאָס אָבער ווירקט אויף אייער פאַר־

שטאַנד, נישט אויף אייער אויג. איר הערט עס, נאָר איר זעט עס נישט; איר פאַרשטייט עס, נאָר איר קענט עס אייך נישט פאָרשטעלן. און איר פאַרלאַנגט „עס זאָל אייך שטיין פאַר די אויגן". ריכטיק, אָבער פאַרוואָס גענוגט אייך נישט די פאָטאָגראַפיע? ווייל די פאָטאָגראַפיע איז מעכאַניש. איר ווילט נישט זען די זאַכן, ווי דאָס טויטע גלאָז אינעם אַפּאַראַט זעט עס; איר ווילט זיי זען מיטן אויג פון אַ קינסטלער, באַשטראַלט פון זיין נשמה, באַלעבט מיט זיין גייסט. און דעריבער, ווען איר ווילט די פאַרגאַנגענהייט, גענוגט אייך נישט דער היסטאָריקער, נאָר דער היסטאָרישער ראָמאַן. און ווען איר לעכצט צו דער צוקונפט, נישט אַלס פּאַרטייַמאַן אָדער פּאָליטיקער, אַז איר ווילט די צוקונפט ז ע ן — וועט לעשן אייער דורשט אַ דיכטערישע פאַבל (מעשהלע), און נישט דער אוטאָפּיסט, ווי צ. ב. בעלאַמי.

און דאָך האָט מען ערשט נישט לאַנג גערופן: רעאַליזם! דאָס לעזער־פּובליקום איז צוגעשטאַנען צום דיכטער, ער זאָל זיי געבן דאָס לעבן ווי עס איז; די ווירקלעכקייט, נישט פאַרשענערט, נישט געענדערט. און אויפן פאַרלאַנג פון גרויסן פּריץ — פּובליקום — האָט די ליטעראַטור אָנגעהויבן פאָטאָגראַפירן. מען איז אַרויפגעקראָכן אויף דעכער און פּיקסירט די גאַס, אָבסערווירט דורכגייענדיקע, געכאַפּט און פאַרצייכנט באַוועגונגען, ווערטער; געשטאַנען הינטער טירן, אונטערגעהערט דורכן שליסל־לאָך וואָס אין שטוב טוט זיך. די אַרבייט איז געוואָרן אַ מעכאַנישע און פון דער ק ו נ ס ט — אַ ק ו נ ץ — נאָכצומאַכן. עס איז אָבער געווען אַ געוויינלעך מיספאַרשטענדעניש. אויב מען דאַרף דיכטן — האָבן די ליטעראַרישע צושטעלער, ווען דיכטונג איז מאָדע געווען, געמיינט — באַדאַרף מען קיין לאָגיק, קיין נויטווענדיק אַנטוויקלען פון אורזאַך און רעזולטאַט, און וואָס מער אויסגעטראַכט — איז בעסער. און מענטשן האָבן אָנגעהויבן מאָלן איידער זיי האָבן געקאָנט צייכענען; עס איז געוואָרן אַ אויסגוס און צוזאַמענמישונג פון פאַרבן אָן קאָנטורן, אָן ליניען און פּונקטן, און מען האָט נאָך אָפט דאָס אַלץ מיט אַ מיסטעריעזן נעפּל באַדעקט, מען זאָל דאָס, וואָס האָט געפעלט, אין נעפּל נישט זוכן. און דעמאָלט האָט דער לעזער, וואָס האָט געוואָלט זען און דורכלעבן און נישט געהאַט וואָס, געשריען: רעאַליזם! און געמיינט האָט ער: לערנט אייך צייכענען. דאָס היינטיקע, פאַרגאַנגענע און צוקונפטיקע זאָלט איר צייכענען מיט אַ פעסטער האַנט, זאָל אַלץ האָבן זיינע פעסטע קאָנטורן.

אָבער זען וויל מען מיטן אויג פון קינסטלער און דאָס קינסטלער־

אויג זעט די ווירקלעכקייט, נישט אזוי ווי זי איז, נאָר פיל ווירקלעכער, וואָרום ער זעט איר אינערלעכן אינהאלט, איר באַציונג און אָפּהענגיקייט פון דער נשמה פון דער וועלט, און מיט דעם וואָס טוט זיך הינטער די קוליסן פון דער וועלט אין אָפּהענגיקייט פון זיין קינסטלערישער וועלט־אַנשויאונג.

וואָרים ביי דעם ווירקלעכן קינסטלער גייט דאָס זען און באשרייבן נישט צוזאמען. ווי די פארשידנפארביקע גלעזלעך אין קאַלײדאָסקאָפּ ליגן טיף אין הארץ ביים דיכטער, אונטער דער שוועל פון באוווסטזיניקייט, פאַרשידענע איינדרוקן, מאָמענטן, און ביי יעדער הארץ־באַוועגונג ווערן נייע פיגורן באשאפן און דעמאָלט ערשט באשריבן. ווי אייזן־שטויב ליגן דאָרט פון די געהירן פאַרגעסענע איינדרוקן, און די קינסטלערישע וועלט־אַנשויאונג איז דער מאַגנעט, וואָס ציט אַרום זיך די איינדרוקן אויף אַ געוויסער פיגור.

אָבער דאָס נייע קען אַרויסשפּראָצן נאָר דעמאָלט, ווען דער אַלטער זאָמען, וואָס דאַרף זיי אַרויסרופן, פוילט און שטאַרבט; וואָרום דאָס נייַ־געשפּראָצטע איז נישט ניי באשאפן, נאָר דאָס אויפלעבן פון געשטאָר־בענעם אין אַ נייער פאָרם.

דאָס מאַטעריאַל פאַר דער קונסט איז די ווירקלעכקייט. יעדער מאָ־מענט, יעדער איינדרוק באזונדער — דאָס זענען די פארשידנפארביקע גלעזלעך; דאָס דיכטערישע הארץ — דער קאַלײדאָסקאָפּ; די סטרוקטור פון די וועלט־אַנשויונג און די שיינהייט זענען די שטראַלן פון דער דיכ־טערישער נשמה. אין שיינעם שלאָס זענען די ציגל מעכאַניש, די סטרוק־טור — טעכניש, דער פּלאַן, אויב ער איז נישט קאָפּירט — דיכטונג.

דאָס דיכטן מוז זיין אָריגינעל, אַ פּערזענלעכע שאַפונג.

פּאָעזיע איז פּערזענלעכקייט.

---



משה פּרץ — דעם דיכטער׳ס זיידע



פּרצעס באָבע

# אַלע ווערק פון י. ל. פרץ

## אינהאַלט פון די 18 בענדער

# פון פאַרלאַג „יידיש"

דער קליינער און יונגער יידישער אַרגענטינער קיבוץ איז אַ דאַנק דער שוידערלעכער יידן־אויסראָטונג זינט אויגוסט 1939 געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע יידישע ישובים אין דער וועלט. דער יידישער וועלט־חורבן האָט אונדזער ישוב דערהויבן און אים אָנ־געטון אַ טראַגישן און גרויסן זכות.

אַ זכות גייט ביי אונדז זייט שטענדיק אָן האַנט ביי האַנט מיט חוב. פאַר דעם גרויסן טראַגישן חוב איז אונדזער ישוב אַ סך, אַ סך שולדיק. און פאַרלאַג „יידיש", וואָס איז אין דער פאָרעם אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג און אין תוך געהער ער צום גאַנצן ישוב, שטרעבט צו באַצאָלן אַ קליינעם טייל פון די חובות, וואָס דער ישוב איז שולדיק.

דורך דעם פאַרלאַג „יידיש" וועט דער אַרגענטינער יידישער ישוב אָנהויבן העלפן אויפבויען דאָס דאָזיקע, וואָס דער שונא האָט חרוב געמאַכט.

און נישט אומזיסט הייבן מיר אָן מיט אונדזערע קלאַסיקער! דאָס דאָזיקע לעבן, וואָס מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם האָבן באַ־שריבן וועט מען שוין מיט קיין טאַנקען אויך נישט אויסמעקן.

און ווען דער צאָרן וועט זיך ענדיקן און אייראָפּע וועט זיך נעמען באַנייס אויפבויען און מען וועט דאָרט נעמען אויפבויען אויך דעם יידישן שארית הפליטה, וועט דער אַרגענטינער ישוב דורך דעם פאַרלאַג „יידיש" שיקן די ביכער פון די קלאַסיקער פאַר די ערשטע פון סניי אויפגעבויטע יידישע ביבליאָטעקן.

פאַרלאַג „יידיש" הייבט אָן מיט אַלע ווערק פון י. ל. פּרץ, ווייל בעצם האָט פּרץ געראַטעוועט דאָס מאָדערנע יידישע לעבן פון אַ שריפה, וואָס האָט עס געוומען אַרומכאַפּן פון אַלע זייטן. פּרץ איז אַריין אין פייער אַריין פון השכלה און אַסימילאַציע און ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם סאַמע עיקר פון דער באַדראָטער יידישקייט. די ערשטע ווערק וואָס מען וועט אַריינשטעלן אין אַ באַנייטער יידישער ביבליאָטעק פון אייראָפּע, מוזן זיין פון י. ל. פּ ר ץ!

# י. ל. פרץ

# אלע ווערק

מיט בילדער, פאקסימילן, געקליבענע פערזענלעכע בריוו און
ביאָגראַפישע שטריכן פון יעקב באָטאָשאַנסקי

פאַרלאַג „יידיש"
פון וואָלף ברעסלער און אברהם מיטלבערג
בוענאָס איירעס 1944

נ י י נ ט ע ר ב א נ ד

---

# אלט און נ י י

(נייע פאָלקסטימלעכע און אנדערע געשיכטן)

# אינהאַלט:

זייט

# די ירושה

(אָנשטאָט דער פאָרעדע)



ען האָט צו וויסן געטון דעם גערטנער, אז די שענסטע, די ווייסעסטע ליליע, וואָס ער האָט געפלאַנצט און דערצויגן, די שענסטע פון זיין גאָרטן, זיין שטאָלץ און זיין פרייד, איז איבערנאַכט פארשוואונדן —

דורכגעפלויגן איז א ווינט און האָט זי ארויסגעוואָרצלט, מיטגע־ריסן, אוועקגעטראָגן, און אין ווילדן טרייב געוויס ערגעץ אויפן וועג פארלוירן — —

עס האָט אים ווי געטון, דעם גערטנער.

עס איז זיין ליבסטע בלום געווען — זיין שטאָלץ, זיין טרייסט; האָט אים ווי געטון דאָס הארץ.

---

ביים ברעג פון ים ליגט א שיפער און שלאָפט... ער האָט זיך אין מילדן אָוונט געלייגט... אויף דער קייט האָט זיך שטיל זיין שיפל געוויגט, און שטילע זיסע חלומות האָבן איינגעוויגט דעם שיפערס הארץ־רייסנ־דיקע בענקשאַפט...

אריבער וועט די נאַכט... אָנהייבן בליען וועט דער טאָג... אויף די וועלן־רוקן וועקן זיך גלאַנצן, אָפגלאַנצן פון מאָרגן־רויט אין מזרח — באפרייען וועט ער דאָס שיפל! און פון נאַכט און פינצטערקייט דערלייזט, וועט ער ארייגשפרינגען מיט לוסטיקער קראַפט, רודערן — די רעשטלעך שאָטן און שלאָף פון די וועלן־רוקן פאריאָגן — פערל וועלן אויפשווימען און ארומרינגלען זיין שיפל —

העי! העי! אין דער ווייט, אין דער ברייט — איבער וועלן, איבער גלאַנצן, העט! העט! צו נייע ברעגן, צו נייע וועלטן — —

און עמעץ גייט דורך, רירט'ם אָן ביים אַקסל:

— שיפער — דיר חלומט, און דער ווינט האָט זיינס געטון, ער האָט אָפגעריסן די קייט! די צאָרניק־אויפגעברויזטע פאליע האָט דיין

שיפל פארכאפּט און פארטראָגן — און דער הימל, דער הימל צירנט, און דער ים צערודערט זיך — רוק דיך אָפּ פון ברעג —

דער שיפער דערוואכט.

און זיין הארץ־ווײ דערוואכט און זיין אייביקע בענקשאַפט...

---

די זון גייט אונטער, און דער פאסטוך אין וואלד קען זיך זיינע שאָף נישט דערציילן. איינס פעלט, איינס האָט זיך פאראירט... איינס — דאָס ווייסעסטע, דאָס יינגסטע און דאָס בעסטע...

ער רופט עס מיט די ליבסטע נעמען, מיט אן אומרואיקער פאר־בענקטער שטימע. פיר־פאכיק ווארפט אים דער וואלד זיין שטימע צוריק — דאָס שעפל ענטפערט נישט. פון אים קיין קלאנג...

און די זון זינקט אלץ טיפער און טיפער, דיקער און דיקער ליגן זיך די שאָטן, אין נעפל פארוויקלען זיך די ביימער...

געשווינד טרייבט ער אהיים די הערט, פארשפארט זיי, און כאַפּט א לאַמטערן, צינדט׳ן אָן, און לויפט מיט הארצקלאַפּעניש צוריק אין וואלד אריין, זוכן זיין געליבט שעפעלע, דאָס ווייסעסטע, דאָס בעסטע, דאָס יינגסטע — —

קומט ער אין וואלד אריין. ציטעריק־שטראַלנדיק איז דאָס שוואכע פלעמל, און פלוצלינג וועקט זיך דער ווינט, גיט א יאָג און לעשט דאָס איינציקע ליכטל אוים — —

אין פינצטערניש און שרעק פארזונקען, בלייבט דער פאסטוך אין וואלד.

---

און דעם גלייביקן איז מען געקומען אָנזאָגן:

— א דונער האָט אריינגעשלאָגן אין דיין הייליקייט... דיין גאָט, אָן וועלכן דיין נשמה האָט געהאָנגען, צו וועלכן דיין הארץ האָט געבענקט, דיין איינציקע האָפענונג און רעטונג, — דיין גאָט איז אראָפּגעפאלן און האָט געפּלאַצט, און איז צעשטויבט געוואָרן... און א ווינט האָט זיך אויפ־געהויבן און זיין שטויב אויפגעכאַפּט און צעשפּרייט און צעזייט...

צעריסן איז געוואָרן דאָס הארץ ביים גלייביקן.

---

און איך בין דער גילגול פון די אלע...

איך האָב געירשנט די ווייטיק פון גערטנער, פון שיפער, פון פאס־טעך, פון גלייביקן — דאָס אלץ צעזעצט מיר די ברוסט.

---

# דער אַרענדאַר

## קאַפּיטל 1.

### אַן אַרענדאַר אַ קמצן
### און תפילות פון אַן אישה.



ין פוילן דער מדינה, הינטער צוויזמער, וואָס ביי דער ווייסל, האָט געלעבט אַ ייד אַן אַרענדאַר.

איז דער אַרענדאַר געווען אַ גרויסער חשוב ביים פּריץ, און דער פּריץ איז אַ גרויסער מאַגנאַט געווען, איז ער, דער אַרענדאַר, גע־קומען צו גרוים עשירות.

האָט ער געהאַט פאָלווארקעס מיט וואַלד און פעלד, און הערט־שאַפטן פון שאָף און רינדער, און הייזער, און ברייר־הייזער, און מילן, אויף וואַסער און ווינט; און מזומנים גאָר פיל, אחוץ חובות ביי לייט...

מילא, אַז זיין ליבער נאָמען שיקט מזל, איז אַוודאי גוט.

איז אָבער דער ייד אַ גראָב נפש געווען, און אַ קמצן אַ גרויסער, און נישט געוווסט פון קיין צדקה: נישט מיר־ליד, נישט מאיר־בעל־הנס, נישט מעות־חיטין, גאָרנישט, — און לאָזט נישט קיין אורח איבער דער שוועל.

אַ ווייב האָט ער געהאַט דווקא אַן אישה צנועה וחשובה, פלעגט ער איר אָנטון געברענטע לייד, פאַר אַ גראָשן צדקה, וואָס זי פלעגט טון אונטער זיין וויסן; פייניקן פלעגט ער זי דערפאַר.

ווילע קינדער האָט ער געהאַט, — אפּנים, אין דער מוטער אריין געראָטן, — האָט ער די ייִנגלעך אין חדרים אריין, אין שטאָט אריין נישט געשיקט; עס זענען אים די פערד אַ שאָד געווען. און ביי זיך קיין רעכטן מלמד נישט געהאַלטן, נאָר אַ בעלפער בחצי־חינם, וואָס האָט זיי קוים עיברי אויסגעלערנט.

האָט פון דעם די אישה נאָך מער צער געהאַט.

פלעגט זי גאנצענע טעג ווערגן זיך מיט די טרערן אין האלדז. בײַ־נאַכט מיט די טרערן די שטילע אויסנעצן די קישנס. און ערשט ימים־נוראים, אז מען פלעגט קומען אין שטאָט אַרײַן, האָט זי אין עזרת־נשים זיך רעכט אויסגעוויינט דאָס האַרץ; די וועלט איינגעריסן.

און א תפילה אן איינאיינציקע האָט זי געהאַט אויף די ליפּן און אינעם צעווייטיקטן האַרץ:

„זאָל זיין ליבער נאָמען זיך מרחם זיין אויף איר מאַן און איבער־בײַטן זײַן האַרץ צום גוטן. זאָל ער נישט זײַן אַזוי אַרײַנגעטון אין דער תאווה פון עשירות און אין עולם־הזה פון אכילה־ושתיה... זאָל ער די נשמה אויך נישט פאַרגעסן. זי זאָל, חס־ושלום, אַז עס וועט קומען די צייט, נישט פאַרפאַלן ווערן אויף כף־הקלע..."

און אַזוי האָט זי געבעטן:

„זע, רבונו־של־עולם, גוטער גאָט, האַרציקער גאָט, ער זאָל באַ־צײַטנס נאָך תשובה טון..."

„זאָל ער מיט א ברייטער און פולער האַנט צדקה געבן, זאָל ער א מכניס־אורח ווערן, און זאָל מחנך זײַן די קינדער אין גאָטס וועג, און מגדל זײַן לתורה ולחופּה, ולמעשים־טובים..."

וואָס קאָן מער טון א צעבראָכן האַרץ פון א ייִדענע?

## קאַפּיטל 2.

### אַן אָרעמער גייער לאַכט

### און דער אַרענדאַר גייט זיך באָדן.

איינמאָל, פרײַטיק בײַטאָג.

זומער־לעב געווען, א טאָג — א גאָלדענער.

זיצט דער אַרענדאַר, מיט דער גאַנצער משפחה, אונטערן פרייען הימל, אין גערטל פאַרן הויז, ביים אָנבייסן.

א דעמב א ריז, מיט צעלאָזטע צווייגן איז אין גערטל געשטאַנען; האָט מען אין שאָטן פון דעמב דעם טיש געדעקט, מיט כל־טוב: פיש, פלייש און צימעס. און א שטראָדל; ביים פריץ אויסגעלערנט. און א פלעשל אַלטן מעט ביים טיש; כיד־הגביר.

זיצט ער אויבנאָן דער אַרענדאַר, שעפּט נחת פון דער אכילה, פאַר־טרינקט מיט אַלטן מעט, און איז מקבל־תענוג פונעם עולם־הזה, סמאַטש־קעט מיט די פעטע ליפּן, —

קומט, פון צווישן די ביימלעך אין גערטל, פלוצלינג ארויס אן אָרעמער גייער, מיטן פּעקל אויף די אַקסל...

וואָס טראָגט אַרום אַ גייער? בענדער און בענדלעך, קעמעלעך, נאָדלען און האָר־נאָדלען, און שפּילצייג פאר קינדער... וכדומה קלייניקייטן...

דערזעט ער די מישפּחה ביים טיש, שטעלט ער זיך שטיל אָפּ, לאָזט אראָפּ דאָס פּעקל פון די פּלייצעס, גלייכט זיך אביסל אויס — אן אַלטער גראָער ייד געווען, און אַ שוואַכער, נעבעך.

בעט ער זיך, דער אָרעמער גייער:

— קויפט עפּעס, יידן, לאָמיך פּאַרדינען אויף שבת...

וויל זיך צו'ן אים די אישה אויפהייבן; וואַרפט אויף איר דער ארענדאר אַ בייזן בליק, בלייבט זי, נעבעך, זיצן...

— זעט — מאַכט דער גייער — די זון איז שוין אזוי הויך, און איך האָב נאָך אויף שבת קיין סימן און קיין צייכן נישט. —

— אוועק! — טרייבט דער אַרענדאַר, טרינקנדיק...

— שענקט מיר כאָטש — רופט זיך אָן דער גייער — אַ ביסן אין מויל אריין. די נשמה צו דערכאַפּן... כאָטש וואַסער אַ טראָפּן; ס'ברענט אזוי די היץ...

שלינגט די אישה די געזאַלצענע טרערן און שווייגט. קאָנען די קינדער נישט צוזען דער מוטערס צרות און דעם גייערס נויט, און הייבן זיך אויף, און גייען אוועק פון טיש, טיפער אין גערטל אריין, און דער אַרענדאַר שפּרינגט אויף מיט גרויס גרימצאָרן:

— בעטלער־קבצנים, האָב איך פיינט, הערסט?! כ'רוף דעם משרת, ברעכט ער דיר אַ ביין!

הייבט דער גייער צוריק אויף דאָס פּעקל אויף די פּלייצעס, קרעכצט אָפּ און, האַלטנדיק אין גיין, פרעגט ער:

— און פאַר גאָט, אַרענדאַר, האָט איר גאָר קיין מורא נישט?

— ניין!

און ער צעפּראַלט זיך, דער עם־הארץ:

וואָס קאָן אים גאָט טון?

„וועט ער שיקן אַ פייער פון הימל און אוועקלאָזן די הייזער, ברויז הייזער און די מילן, מיט די שפּייכלערס מיט תבואות — מיטן רויך, בלייבן אים נאָך אַלץ די פאָלווארקעס מיט וואַלד און פעלד..."

און דער אַלטער מעט שטייגט אַלץ מער און מער אין קאָפּ אריין, און ער באַרימט זיך ווייטער:

און זאָל ער יאָרן־לאַנג נישט לאָזן וואַקסן אין פעלד, בלייבט אים נאָך אַלץ די־והותר: מזומנים אין קאַסע, וועקסלען אין טייסטער...

„און זאָל ער שיקן גנבים, זיי זאָלן אויפברעכן די קאַסע און צונע־מען אַלץ... מאָנט ער אַלץ די חובות אָפּ... זיין פריץ איז דער שופט, און וועט אים גלייבן אויפן וואָרט.

צעווויינט זיך די אָרעמע אישה, די ווערטער הערנדיק, אויף א קול, און גייט אויך אַוועק פון טיש... צעלאַכט זיך פלוצלינג דער גייער און נעמט זיין וועג, און פארשווינדט צווישן די ביימער. און דעם אַרענדאַר ווערט עפּעס אין אַלע איברים היים.

נעמט ער אַ האַנטעך פון שטוב ארויס און גייט זיך באָדן צו דער ווייסל...

## קאַפּיטל 3.

### א פויגל לאַכט און דער אַרענדאַר בלייבט אַ נאַקעטער.

באָדט ער זיך אַזוי און קילט זיך, און שעפּט נחת פון קאַלטן וואַסער, און שווימט — א יונג מיט ביינער געוועזן! — מיטן וואַסער, קעגן וואַסער, און אַרום און אַרום דער קעמפּע, וואָס אין דער מיט פון דער ווייסל הינ־טער צווזמער, און מאַכט קונצן אַלערליי: אויפן רוקן און טריט־וואַסער, און לייגט „שטילע הענט" — —

דערהערט ער פלוצלינג פון דער קעמפּע, פון צווישן די נידעריקע ביימלעך, וואָס וואַקסן דאָרט, א פויגל־קול, פאַרנעמט עס אים דאָס קול; ער האָט נאָך אַזא שפּילן פון א פויגל נישט געהערט...

האָט ער דאָך תאווה צו אַלעס; מוז ער דעם שפּיל־פויגל האָבן, אין שטוב אין א שטייגל האַלטן, אַזא שפּיל־פויגל האָט דער פריץ נישט!

שפּרינגט ער אויף דער קעמפּע ארויף — דערזעט ער דעם פויגל...

אויף א צווייגל פון א נידעריק ביימל איז ער, דער פויגל, געשטאַ־נען, און, אחוץ דעם זיסן קול, א פויגל — א פאַרנעמעניש; א גאָלדענער פויגל, און רואיק שטייט ער זיך, דער פויגל, און זינגט זיך זיין ליד, גליך ער זעט זיין שונא נישט.

שלייכט ער זיך, דער אַרענדאַר, צום ביימל צו, און שפּרינגט אונטער מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און כאַפּט — לופט אין דער פויסט אריין.

דער פויגל האָט זיך איבערגעהיפּט אין דער שטיל, אויף א צווייג — אַן אַנדערן, אויפןביימל פון דער צווייטער זייט...

גייט ער נאָך, דער אַרענדאַר, אויף די נעגל, שפּרינגט ער ווייטער אונטער, היפּט דער פויגל ווייטער שטיל אַוועק, און שטייט שוין אויף אַן אַנדער ביימל. שלייכט ער זיך ווייטער צו, היפּט דער פויגל, ביי זיין שפּרונג, צו'ן א דריטס אַוועק, און שטייט שוין ווייטער, און שפּילט! שלייכט ער זיך אים אַלץ נאָך און נאָך, פון צווייג צו צווייג, פון ביימל צו ביימל... ער שפּרינגט, דער פויגל היפּט... אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז דער אַרענדאַר פאַלט אין כעס אריין און רופט צום פויגל אזוי:

— וואַרט, וואַרט! כאַפּן וועל איך דיך שוין, מיך וועט נישט מיד מאַכן קיין פייגעלע, נאָר שוין נישט דיין זינגען וויל איך אצינד, איך האָב דיך שוין פיינט! וואַרגן וועל איך דיך, פייגעלע, און וואַרפן פאַר מיין הונט.

צעלאַכט זיך פּלוצלינג דער פויגל ווי א מענטש, און גיט א שאָס אַרויף אין דער הייך, און פאַרשווינדט אונטערן הימל.

בלייבט דער אַרענדאַר שטיין פאַרטומלט. עס דאַכט זיך אים, אז דאָס איז דאָס זעלבע קול, מיט וועלכן דער אָרעמער גייער האָט געלאַכט. לאָזט ער זיך, מרה־שחורהדיק, צוריק אין וואַסער אריין און שווימט, שוין אָן גבורות און קונצן, צוריק איבער דער ווייסל, צום אָרט, וווּ ער האָט זיך אויסגעטון, און געפינט די זאַכן נישט!

## קאַפּיטל 4.

דער אַרענדאַר נעמט ביי זיין אייגן
הויז קיצבה און אנטלויפט צום פּריץ.

דער אַרענדאַר האָט דערזען, אז די זאַכן זענען נישטאָ, האָט ער, ווי דער שטיינער איז פון א גראָב נפש, אָנגעהויבן צו פליכן אויף א קול.

שעלט ער דעם גנב, וואָס האָט אים איבערגעלאָזט אין אזא הייט.

דערנאָך לויפט ער אויף און אָפּ ביים ברעג פון דער ווייסל און שרייט, און רופט, — ענטפערט אים א צעריסן און דעמפיק ווידער־קול פון נאָענטסטן שיטערן וועלדל.

די זון האַלט אין זינקען; קיין לעבעדיקע נשמה אויף וויזע און פעלד — לאַנג שוין אָפּגעשטעלט די אַרבעט — —

א מעסער 1) קומט אָן צו שווימען איבער דער ווייסל; פון דאָרט

1) פּאָס, טראַטווע.

וועט ער קיין הילף נישט באַקומען. און ער וועט דאָך נישט גיין אַ נאָכער־מער איבער דער פאָרשטאָט. מען וואָלט געלאָפן אויף זיין בייז ווונדער; געמיינט: משוגע געוואָרן דער אַרענדאַר...

דערווייל דערשפּירט ער הונגער: נאָכן באָדן מיטן שווימען, און אַזוי לאַנג אין מויל נישט געהאַט.

און קעלט דערצו: צוגעפאַלן אַ קילער ווינט; עס קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן...

דערמאָנט ער זיך, אַז הונגער און קעלט זענען צוויי קבצנישע זאַכן; ווערט ער הונגעריק, באַפאַלט אים נאָך אַ גרימצאָרן אויף זיך אַליין: ווי לאָזט זיך אַ מענטש אַזוי אַראָפּפירן פון וועג פון אַ נאַרישן פויגל; וואַרפט ער זיך אויף דער ערד מיט אַ שטומען כעס. —

און די אַראָפּגעלאָזטע זון קוקט אַרויס פון דער ווייסל מיט אַ ברע־נענדיקער ראַנד, גלייך זי שפּעט אים אויס.

די יידישע הייזלעך אויפן רוקן פון בערגל הייבן אָן דערווייל אויפ־צושיינען, און די פענצטערלעך בליצן שבתדיק, נחתדיק.

אין פאָרשטאָט צינדן זיך פּאַמעלעך אָן די קליינע פּויערישע פענצ־טערלעך און פרייליך טאַנצן די פייערלעך; פייערלעך ווייזן זיך אויך אויף די שווימענדיקע פּאַסן איבער דער ווייסל.

קומט אים אויס, אַז דאָס אַלץ איז אים להכעיס...

איז ווייניק, שווימען נאָך אָן אין דער שטילקייט קלאַנגען פון אַלע זייטן: פון שטאָט — „קבלת־שבת"; פון פאָרשטאָט — דאָס געזאַנג פון פּויערישן יונגוואַרג אין גאַס; אויף אַ פּאַס שפּילט עמעץ מאַנדאָלינע; אַ פייפערל העלפט אונטער...

און ער מוז דאָ ליגן אין געהאַקטע ווונדן...

צערייצט עס אים נאָך מער.

ליגט ער אויף דער ערד, און בייסט די נעגל פאַר כעס, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז אַלץ איז שטיל און אויסגעלאָשן געוואָרן. און הייבט זיך אויף, און לויפט אהיים אויף אונטערוועגן, איבער די וויזן; נעץ אַרויס, נעץ אַריין...

קומט ער, אָן אָטעם און קוים אַ לעבעדיקער צו צום הויז, איז עס שוין איינגעהילט אין חושך: טיר און טויער פאַרהאַמערט, די פענצטער — פאַרמאַכט און פון אינעווייניק פאַרלאָדנט...

פאַלט ער ערשט רעכט אין כעס אַריין:

— כאַליען שוין; נישט געוואַרט אויפן באַלעבאָס!

ער וועט זיך שוין אָפּרעכענען מיט אַלע; מיט דער פּלוניתטע דער עיקר... דעם משרת וועט ער ארויסטרייבן ווי א הונט...

און גיט א לויף צו צום טויער, און הייבט אָן קלאַפּן מיט די פויסטן.

לויפט פון קיך, אויפן הויף ארויס, דער משרת מיט א געשריי:

— איי, דו, שלעפּער איינער! דאָ איז נישט קיין אורחים־הויז! דער באַלעבאָס וועט דערהערן, הייסט ער דיר ברעכן א ביין!

פאַלט עס דעם ארענדאר, ווי א בליי אויפן האַרץ; די ווערטער האָט ער דעם אָרעמען גייער געזאָגט: „ער וועט אים הייסן ברעכן א ביין!"

דערווייל איז דער משרת צוגעקומען און ארויסגעקוקט דורך א שפּארע פון טויער. דערזעט ער א נאַקעטן, כאַפּט ער זיך אָן ביי די זייטן פאר געלעכטער:

— א נאקעטע משוגעת, כא־כא־כא!

לאכן דעם ארענדאר אין די אויערן: דער משרת, דער גייער און דער פויגל צוזאמען. לויפט ער אוועק צום פענצטער פון זיין שלאָף־שטוב.

— גיטעלע, ווער קאָן דיך עס רופן ביינאַכט, און אירצט דיך אַפילו

דערהערט ער, ווי א קול פון א מאנספּארשוין, נאָר עפּעס אזוי ענלעך צו זיין אייגן קול, פרעגט אין שטוב מיט גרויס וווּנדער:

— גיטעלע, ווער קאָן דיך עס רופן ביינאַכט, און אירצט דיך אפילו נישט?!...

— כ'ווייס נישט, מיין מאַן, — הערט ער גיטעלעס ענטפער, — עפן אויף לאָדן און פענצטער, און גיב א קוק, — אפשר האָט זיין ליבער נאָמען, וואָס האָט דיך איבערגעביטן, דיר א מיצווה צוגעשיקט...

„איבערגעביטן? ווען? ווי אזוי פארביטן?" ארבעט אומזיסט דעם ארענדארס מוח. עפנט זיך דערווייל, פון אינעווייניק, דער לאָדן, דערנאָך דאָס פענצטער, און עמעץ קוקט ארויס — —

ווערט דער ארענדאר שוין גאָר צעטומלט: זיין פּנים, זיין העמד, רויט אויסגענייט, — אויך נאָכגעמאַכט דעם פּריץ! — און זיין שלאָף־מיצל מיטן זילבערנעם קווייטל —

און „יענער" — הערט ער — זאָגט:

— גיי נישט צו, גיטעלע, עפּעס א נאקעטע משוגעת... א רחמנות! דערלאַנג מיר פאר אים עפּעס, די חרפּה צוצודעקן; נאָר אַלטוואַרג, גיטעלע, ער וועט אין זיין משוגעת סיי ווי סיי אַלץ פון דיר אראָפּרייסן...

— גיב, גיטעלע, א העמד, א פּאָר פּלודערן... און א היטל, — מיטן

בלויזן קאָפּ איז ער אויך! — און א חולה, גיטעלע, — ער איז אוודאי אויסגעהונגערט, נעבעך!

בלייבט דער ארענדאר פארשטיינערט. און אין א ווײַלע ארום זעט ער מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי „יענער" ווארפט אים דאָס אלץ ארויס! און דאָס פענצטער ווערט באַלד פון אינעווייניק פארמאַכט און פארלאָדנט...

—אן אומגליק האָט מיך געטראָפן, — ברעכט זיך דער ארענדאר די הענט, — עפּעס א שווינדלער געקומען, פארשטעלט זיך און צוגענומען מיין האָב און גאָב...

לויפט ער צו צום לאָדן פון דער קינדער־שטוב, קלאַפּט אָן און רופט:

— יענקעלע, משהלע, שיינדעלע! אייער טאטע קלאַפּט! עפנט אויף! ס'האָט אים אן אומגליק געטראָפן...

זענען, אפנים, די קינדער נאָך נישט געשלאָפן.

ענטפערט יענקעלע פון בעט ארויס:

— מאַכט נישט קיין חוזק, ייד... מיין טאטע איז ערשט די רגע דאָ געווען... די קישנס מיר פאַריכט...

משהלע באַרימט זיך:

— מיט מיר קריאת־שמע געלייענט...

שיינדעלע מיטן קלינגענדיקן קולכל באַשטעטיקט:

— יאָ, יאָ! און אונדז אלע דריי, צום ערשטן מאָל, געקושט... א „גוטע נאַכט" געזאָגט...

— מיט מיר וועט ער אלע אָוונט קריאת־שמע לייענען! — באַרימט זיך משהלע ווייטער.

און יענקעלע שיט צו זאַלץ אויף די ווונדן:

— און היינט אין שטאָט געווען, דער טאטע! פאר אונדז א מלמד באַשטעלט; ר'וועט קומען מוצאי־שבת, באַלד נאָך הבדלה וועט ער קומען, יאָ, יאָ!

גיט נאָך שיינדעלע, נאָך א ישוב, צו:

— הערט, ר' ייד! נארן דארף מען נישט... נאָר אויב עס פעלט אייך עפּעס, האָט קיין מורא נישט, קלאַפּט אָן ביים טאטעשעס פענצטער... וואָרום, די מאמע זאָגט, אז גאָט, ברוך הוא, האָט אויסגעהערט איר געבעט, און דעם טאטן א י ב ע ר ג ע ב י ט ן, א גוטן, ווילן טאטן האָבן מיר אצינד! —

„שלעכט, דאָ איז א שרעקלעכער שווינדל געשען!" — פלאַמט אויף

אין ארענדארס מוח, — אָפּגענארט דאָס ווייב, די קינדער; מען מוז, כאָטש האלבער נאכט, לויפן צום פּריץ! אין קייטן וועט ער אים פארשיקן!״

## קאַפּיטל 5.

### דער ארענדאר באקומט שמיץ און שלאָפט איין אין ראָוו ביים וועג.

וועט ער דאָך נישט לויפן נאקעט, און די גדערים ליגן אים נישט אויף איין אָרט; לויפט ער צוריק צום ערשטן פענצטער, כאפּט און מאכט צוויי־דריי בים פון קוילישט, ציט אויף זיך ארויף די בגדים, טראכטנדיק דערביי מיט כעס:

„אהא! דאָס האָט די פּלוניתטע, אונטער מיין וויסן, פאר די שנאָ־רערס אָנגעגרייט! באצאָלט וועט ווערן מיטן פּריצס הילף — מיט פּראָצענט!״

און ער לויפט.

לויפט ער איבערן גערטל און שלאָגט זיך, אין איילעניש, אָן אין אַ בוים; פּונקט אָן דעם בוים, אונטער וועלכן דער אָרעמער גייער איז געשטאנען.

— תלין מיינער! שרייט ער אויס, — גלייך יענער וואָלט נאָך דאָרט געשטאנען, און לויפט ארויס, מיט שוויים באדעקט.

צום פּריץ איז אַ מהלך. זומער איז די נאכט נישט קיין גרויסע, קומט ער צו צום הויף, הייבט שוין אָן גרויען דער טאָג.

זעט ער דורך די אייזערנע שטאכעטן, אז דער פּאלאץ איז באלייכט; עס רודערט זיך אין פּאלאץ. אין גרויסן, ברייטן הויף שטייט געשפּאנט דעם פּריצס קאָטש, די פערד הירזשען און קלאפּן מיט די פּאָדקאָוועס אָן די שטיינער. — דער פּריץ קומט ארויס, זעצט זיך אין קאָטש אריין, מען עפנט דעם טויער... אַ קנאק מיט דער בייטש, דער קאָטש רירט זיך פון אָרט, — ארום דער קאָטש רייטן פיר פון פּריצס קאָזאקלעך, מיט שטור־קאצן אין די הענט; נאָך דער קאָטש — די רעשט...

מען פּאָרט ארויס פון טויער.

מיין ארענדאר קלערט נישט לאנג, גיט זיך אַ וואָרף פאר די פערד אין דער ברייט, דער שמייסער האָט קוים צייט געהאט איינצוהאלטן די פערד.

— וואָס איז? — פרעגט דער פּריץ פון קאָטש ארויס.

לויפט צו צום ארענדאר א קאזאקל און בייגט צו'ן אים אראפ דעם שטורקאץ, קוקט און ענטפערט צו דער קאטש צו:

— עפעס, אן ארעמער ייד!

שפרינגט אויף דער ארענדאר:

— פריץ־לעב, חלילה, נישט קיין ארעמער ייד... איך, דיין ארענדאר, מיט א נייטיק מישפט... סכנת נפשות! א גנב, א שווינדלער —

— ווער עס איז, — האקט אים דער פריץ איבער, בייז, — איך פאר צום סיים, —

און אז דער ארענדאר וויל נישט אפטרעטן:

— זאל ער גיין צום רב! טרייבט אים פון וועג!

קארגן די קאזאקלעך פאר א ייד קיין נאהייקעס נישט; קאלערט זיך דער ארענדאר, אונטער די שמיץ, פון וועג אראפ, אין ראוו אריין...

דער קאטש איז פארשוואונדן.

שטיל איז געווארן. און דער געשמיסענער, צעווייטיקטער ארענדאר שלאפט איין אין ראוו ביים וועג...

## קאפיטל 6.

פון ראוו צום רב,

פון רב אין הקדש אריין.

נישט לאנג איז דער ארענדאר געשלאפן אין ראוו...

קוים האט זיך רעכט געריי̇טלט דער מארגן, און פון די פענצטער אין פאלאץ, די געביידן ארום פאלאץ, און פון די ווערבעס אין ביידע זייטן טראקט האבן זיך אויפגעהויבן פייגל, גאנצע שארן מיטאמאל, און געלאזט זיך מיט גערויש און געפילדער ארויף, ארויף צום ליכטיקן הימל...

האט עס אים אויפגעוועקט. פארשטייט ער נישט, וואס ער טוט דא? וואס עס ברעכן אים אזוי אלע ביינער? ווי קומט ער צו ליגן און שלאפן אין ראוו? וואס פאר א קליידער טראגט ער עס? וואס פאר א בייזער חלום חלומט זיך אים?

פליט גראד א פייגעלע נידעריק פארביי, מאכט א ראד ארום זיין קאפ, קוקט אים מיט די לוסטיק־לאכנדיקע אייגעלעך אין פנים אריין; דער־מאנט ער זיך פלוצלינג אלץ מיט אמאל, און כאפט זיך אן ביים קאפ...

מען האט אים באגנבעט און באשווינדלט, און דער פריץ, דער שופט, איז אוועק קיין ווארשע צום סיים! איבערגעלאזט אים, ווי א יתום...

פאַלט אים איין: אז מען מוז דערווייל אָפּראַטעווען די חובות ביי לייט.

לויפט ער צו דער פאַרשטאָט, קלאַפּט אָן ביים ערשטן בעסטן פויע־רישן בעל־חוב —

— איי, וואסיל, כ'דאַרף גראָד נויטיק געלט, גיב מיר אָפּ דעם חוב, אָדער א ראַטע אויפן חוב —

קוקט וואסיל דורכן פענצטערל ארויס און פרעגט:

— ווער ביסטו, ייד? וואָר פארא חוב האָסטו ביי מיר?

— דערקענסט מיך נישט־ איך בין דאָך דער ארענדאַר!

צעלאַכט זיך וואסיל אויף א קול און קומט ארויס מיט דער גאנצער מישפּחה פאַר דער טיר.

— געפעלט אייך — פרעגט ער — אזא משוגעת? טראָג דיך אָפּ, איך רייץ אויף דיר אָן די הינט...

לויפט דער ארענדאַר צום צווייטן בעל־חוב, און טרעפט אים שוין פאַר דער טיר.

מיט גראַבלעס צום היי גייט ער. דערזעט אים דער פויער, לויפט ער צו צום פענצטערל, פּויקט מיט די פינגער דורך דער שויב אין שטוב אריין און רופט:

— איי, קינדער! קומט ארויס, וועט איר זען א משוגענעם ייד...

און אזוי איבער דער גאנצער פאַרשטאָט. מען לויפט אויף זיין בייז ווונדער; מען וואַרפט אים נאָך שטיינער און שטעקנס; די הינט רייסן אים די פּאָלעס.

קוים א לעבעדיקער איז ער פון פאַרשטאָט ארויס, אין שטאָט אריין געקומען, און לויפט צו די יידישע בעלי־חובות...

און ער האָט שוין די העזה נישט צו זאָגן, אז ער איז דער ארענדאַר. זאָגט ער, דער ארענדאַר האָט אים געשיקט נאָך געלט! און גיט סימנים, און ווייסט דאָך און קען געבן אמתע סימנים... טרייבט מען אים פון טיר צו טיר ווי א סוטה: א ייד — א משוגעת, קומט שבת נאָך געלט!

זעט ער, אז ער איז אין גאנצן פאַרלוירן, זעצט ער זיך אנידער אינ־מיטן מארק אויף א שטיין און וויינט אין הארץ אין דער שטיל, מיט טרוקענע אויגן —

דער עולם גייט פאַרביי דאַווענען, ווייזט אויף אים איינער דעם צווייטן:

— נעבעך, א משוגענער ייד... ווער ווייסט, פון וואַנען...

יינגלעך שטעלן זיך אָפּ... מען ווארט נאָר, די עלטערע זאָלן אוועק־גיין אין שיל אריין, וועט מען זיך גענומען צום משוגעת... מען זאמלט שוין שטיינדלעך אין די טאשן אריין.

כאַפּט ער זיך אויף און אנטלויפט בייציטנס בארג־אראָפּ, צום וואסער־צו. דערזעט ער זיך אינעם וואסער, דערקענט ער זיך נישט! גאָט, ווי ער זעט אויס: צעוואָרפן די האָר, צעקנייטשט און צעקנוידערט דאָס פּנים, איינגעפאלענע ברענענדיקע אויגן... און עפּעס גרויער איז ער גע־וואָרן איבערנאכט! כאפּט אים אָן א גרויל: עפּעס איז ער אזוי ענלעך גע־וואָרן צום אָרעמען גייער, וואָס ער האָט ערשט נעכטן פארטריבן...

לויפט ער, ווי משוגע, ביים ברעג פון דער ווייסל, א גאנצן שבת, אויף און אָפּ, ביז די זון איז אונטערגעגאנגען, — דערמאָנט ער זיך פּלוצלינג, אז דער פּריץ האָט אים געהייסן גיין צום רב. ער וועט דעם פּריץ פאָלגן, ער האָט קיין אנדערע עצה נישט, — לויפט ער צוריק דורך הינטערגעסלעך אין שטאָט אריין צום רב, גייט שוין דער רב ארום איבער דער שטוב נאָך הבדלה.

פאלט ער אריין מיט א געשריי:

— רבי, איר מוזט מיך ראטעווען!

דערלאנגט אים דער רב קודם כל — „שלום" און פרעגט, ווער עס איז.

בלייבט ער שטיין:

— רבי, איך בין דאָך... דער ארענדאר בין איך דאָך... — שטאמלט ער שוין מיט א נישט־זיכער קול. צווייפלט ער שוין אליין, צי ער איז ווירקלעך דער ארענדאר.

קוקט אויף אים דער אלטער רב א לאנגע ווילע מיט גרויס רחמנות, און זאָגט דערנאָך אזוי:

— דעם ארענדאר, זאָגט ער — קען איך זייער גוט... זיצט דערווייל, רב ייד...

זעצט ער זיך, דער ארענדאר דער רב קעגנאיבער.

— פארשטייט איר מיך, — זאָגט דער רב, נישט אראָפּלאָזנדיק פון ארענדאר דאָס רחמנותדיקע אויג — ער איז ביי מיר פּריוויטיק נאָכן אָנ־בייסן געווען, דער ארענדאר...

הערט ער אין געהאקטע ווונדן, און דער רב פארציילט:

— ער האָט זיך, הערט איר, שטארק געענדערט, דער ארענדאר; גאָר איבערגעביטן...

— ווי הייסט? — וויל אויפשפּרינגען דער ארענדאר.

ליִיגט אים דער רב א האנט אויף אן אקסל און זעצט אים צוריק, און דערציילט ווייטער:

— געווען... גערעדט אין פּשטות אריין, אָן גאווה... א סך גערעדט... מענטשלעך... יידישלעך...

— און איבערגעלאָזט דערנאָך, א היפּש ביסל געלט פאר אָרעמע לייט... און אויף הלבשה פאר תּלמוד־תּורה־קינדער...

— איר הערט? אפילו צוגעזאָגט צו געבן האָלץ פון וואלד, צו פאַריכטן די שיל...

— און געבעטן, איך זאָל אים, מוצאי שבת נאָך הבדלה, ארויסשיקן א גוטן מלמד פאר די קינדער...

דערמאָנט זיך דער ארענדאר אָן די קינדערס רייד און עס כאַפּט אים אָן א ספּאזם אין האלדז, און ער קען שוין קיין וואָרט נישט ארויסברענגען —

און דער אלטער רב נעמט צעניוף אין איין האנט אריין ביידע שפּיצן פון דער גרויער באָרד, און קוקט אויף אים א לאנגע ווײַלע מיט באַרעמהארציקע אויגן, און ענדלעך זאָגט ער:

— מילא, דער ארענדאר זענט איר נ י ש ט . . .

„אלא מאי, איר האָט אן איינרעדעניש... איז עס א שטראָף פון זיין ליבן נאָמען, מוז מען אָנעמען פאר ליב...

„און דעריבער ראָט איך אייך, מיין ליבער ייד, גייט אין הקדש אריין... עס האלטן זיך דאָרט אויף א חברה אָרעמע לייט, נעבטיקט מיט זיי איבער אין הקדש — און אינדערפרי וועט איר באַקומען קיצבה גלייך מיט אלע אָרעמע יידן, און וועט אייך לאָזן מיט זיי צוזאמען איבער דער וועלט...

„צו ד ע ר פּרנסה וועט איר גראָד טויגן...״

— רביצין! — רופט דער רב, זיך אויפהייבנדיק, אין דער צווייטער שטוב אריין, — גיב דעם ייד א גלעזל ווארעמס... און אז ער וועט עס אויסטרינקען, זאָג דעם שמש, ער זאָל אים אָפּפירן אין הקדש אריין... און זאָל ער, למען השם, זען, ער זאָל האָבן א שטיקל געלעגער אויף איבער נאכט. ער וועט נעכטיקן, דער ייד... זאָל ער האָבן גוט צו שלאָפן... איך מוז גיין וועגן א מלמד פארן ארענדאר...

און שפּעטער, אז דער שמש איז צו אים צוגעקומען, נעמען אין הקדש אריין, האָט זיך שוין דער ארענדאר שטיל אונטערגעגעבן און גע־לאָזט זיך פירן...

## קאַפּיטל 7.

ביי'ן א חברה קבצנים — א חתונה
— אריין אין אייגענעם בעט.

דער ארענדאר האָט זיך אונטערגעגעבן.

ער האָט שוין פארשטאַנען, אז דאָס האָט אים זיין ליבער נאָמען געשטראָפט פאר די רייד...

ער האָט טאַקע נישט צוגענומען דאָס פארמעגן ביי'ן אים, נאָר — אים פון פארמעגן...

— פארפאלן!

און שוין יאָרן־לאנג, אז ער גייט ארום מיט די קבצנים איבער דער מדינה, פון ישוב צו ישוב, פון הויז צו הויז, פון טיר צו טיר. מיט א ביי־טעלע אויף „גדולים"1) און „פּרוטות" אין קעשענע, און א טאָרבע אויף שטיקלעך־ברויט און חלה איבערן האלדז.

אין דער התחלה האָט ער די גוטע צייטן געטריבן פון זיך מיט גע־וואלד... דערנאָך זענען די זיכרונות מטושטש געוואָרן...

ער פלעגט זיך נאָכאמאָל אויפכאפּן ערגעץ אין אן אורחים־הויז און א געשריי טון:

— משרת! שפּאַן איין צום פּריץ!

אָדער:

— גיטל, היינט מאך א שטרודל!

אָדער אראָפּשפּרינגען פון געלעגער.

— סאָקאָל! (אזוי האָט זיין הונט אמאָל געהייסן) עמעץ דרייט זיך ארום הויז!

און לייזן א פּסק פון חברים:

— האַלט ס'מויל, משוגענער!

משוגענער האָט מען אים גערופן...

מיט דער צייט אָבער זענען די חלומות פון די גוטע יאָרן אויך פארשוואונדן...

---

1) גראָשנס.

נאָך א יאָר און נאָך א יאָר, האָבן די אַלטע צייטן אים אַליין אויס־געזען, ווי א חלום...

און ער האָט אויפגעהערט צו גלויבן אין חלום, מאַלע וואָס...

ווער ווייסט, ווער ער איז, פון וועמען ער שטאַמט, פון וואַנען ער קומט... ער האָט מיט דער צייט זיין נאָמען פארגעסן; צייט ער האָט אויפ־געהערט צו שרייען ביינאַכט, רופט מען אים „שטיל משוגעת" איז דאָס, זיין נאָמען... ווען איז אַזוינער עולה־תורה?

נאָך א צייט מיט יאָרן איז אַרויס אין דער סביבה, ווו די חברה קבצנים האָט זיך געדרייט, א קלאַנג, אַז ערגעץ אין א ווייטער שטאָט וועט זיין זייער א רייכע חתונה, מיט א גרויסער אָרעמער סעודה.

קלויבט זיך די חברה קבצנים אהין צו דער חתונה; גייט „שטיל־משוגעת" אויך מיט דער חברה צוזאַמען.

איז אין שטאָט אריין א מהלך געווען... און אין יעדער קהילה שטייט מען אביסל. נעכטיקט מען אין אורחים־הויז, מען נעמט „קיצבה" און עפּעס אָנצובייסן אויפן וועג...

קומט מען אביסל שפּעטלעך.

קוים צייט געהאַט צו לויפן אין מרחץ אריין, זיך אויסצוואַשן, די בערד אויסצוקעמען און אָפּרייניקן די מלבושים. די אָרעמע סעודה איז גרייט, אין א סאַלע די טישן געדעקט, מיט אַלעם גוטן — צוויי פּעסער ביר געעפנט, א פאַס מעט, א חוץ פלעשער מיט י״ש...

זעצט מען זיך ארום די טישן.

דער מחותן מיט דער מחותנתטע, און די כלה אין דערמיט — אוי־בנאָן; די סעודה איז געווען פון כלה־צד...

זיצט „שטיל־משוגעת" און וואַרפט אַן אויג אויפן טיש: באַקאַנטע טעלער, באַקאַנטע מעסער און גאָפּל, און לעפל... ער קוקט זיך בעסער צו: זיינע אותיות ביי דער פריוו...

הערט ער, ווי די מחותנתטע זאָגט:

— עסט, יידן, און טרינקט געזונטערהייט, און בענטשט מיר די כלה מיינע, און ווינטשט גוטע יאָרן דעם זיווג...

דערקענט ער דאָס קול; גיטעלעס קול.

הייבט ער די אויגן אויף: זיין טאָכטער שיינדעלע איז די כלה — הייבט דער מחותן אויף א כוס און רופט.

— לחיים, יידן, לחיים!

איז עם זיין אייגן קול פון אמאָל...

דערשרעקט ער זיך, ווערט אים נישט גוט, פאַלט ער אַרונטער אויפן אָנלען פון בענקל, —

זאָגט דער מחותן צו צוויי פון די סאַרווערס, וואָס דרייען זיך אַרום טיש:

— נעמט דעם ייד, וואָס עס איז אים, לא עליכם, נישט גוט געוואָרן, אין דער שטוב אַריין, ווו עס ברענט אין אויוון, און טוט אים אויס, און לייגט אים אין בעט אַריין... און איך וועל נאָכקומען זען, צי מען וועט, חס־ושלום, נישט דאַרפן אַ מומחה — אַ רופא, צי אַ דאָקטאָר...

קרימען זיך די סאַרווערס אַביסל — נאָר אַז דער מחותן הייסט, פאָלגט מען...

אין אַ מינוט אַרום, ליגט שוין אונדזער אַרענדאַר אין זיין שטוב, אין ז יי ן בעט, אויף ז יי ן קישן, אונטער ז יי ן איבערבעט, און קוקט פאַרדולט אין פייער פון אויוון אַריין... איז עס אַ בייזער וויסטער חלום געווען?...

די סאַרווערס גייען, דער מחותן קומט אַריין און פרעגט:

— נו, פעלט אייך עפּעס, אורח־לעב?

— ניין... און פאַרמאַכט די אויגן...

און אין אַ ווײַלע אַרום עפנט ער זיי ווידער:

קיין פאַריבל נישט האָבן...

— חס־ושלום! ענטפערט דער מחותן מיט אַ וווּנדערלעכן שמייכל,

— זאָגט נאָר בפירוש, וואָס איר ווילט... דאָס גרעסטע נחת פון אַ מענטש איז, אויב ער קאָן עפּעס צוליב טון אַ צווייטן...

קרעכצט דער בעטלער אָפּ און זאָגט:

— זאָגט מיר, כ'בעט אייך: ווער איז דער חתן אייערער און וואָס?

ענטפערט דער מחותן, מיט דעם זעלבן שמייכל און גאָרנישט פאַרוווּנדערט אויף דער שאלה — אַ רבס אַ זון, אַליין אַ למדן אַ גרויסער, און אַ מזג־טוב — מיט אַלע מעלות...

ציט זיך דער בעטלער אויס איבערן בעט:

אויפן גאַנצן לייב.

— מעג איך שוין שטאַרבן! — זאָגט ער, און הייבט אָן צו ציטערן.

— ניין, אורח־לעב, זאָגט דער מחותן לאַכנדיק... מען שטערט נישט קיין יידישע שימחה! מען שטאַרבט נאָך נישט... אייך איז נאָר קאַלט, זעט, וואָס איך טו...

און ער כאַפּט דעם אורחס אַנטון פון בענקל אַראָפּ און וואַרפט עס אין פייער אַריין...

דאָס פעטע אַנטון צעפּלאַקערט זיך אויפן פייער.

— איר, זאָגט דער מחותן, — וועט נעמען אויף זיך מ ײַ נ ע, דאָס הייסט, א ײַ ע ר ע מילבושים — געווג שוין געליטן...

און כהרף־עין וואַרפט ער פון זיך די מלבושים אַראָפּ און ער אַליין פאַרשווינדט...

## דאָס אַכטע און לעצטע קאַפּיטל.

ענדע גוט — אַלעס גוט.

איז מיטאַמאָל דעם אָרעמען אַרענדאַר אויפגעגאַנגען אַ ליכט אין די אויגן . . .

האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז שוין אָפּגעקומען, אַז עס האָט זיך געענדיקט די שטראָף...

לויבט ער מיט גרויס פרייד גאָט אין האַרץ...

און עס באַנייען זיך אים פּלוצלינג די כוחות, און ער שפּרינגט אַרויס פון בעט, כאַפּט אויף זיך די איבערגעלאָזטע קליידער, און לויפט אַרויס — אַ מחותן צו די אָרעמע געסט...

זאָגט גיטעלע מיט אַ ליבן שמייכל:

— נו, מײַן מאַן, נישט גלײַכער אַזוי?

און שיינדעלע פאַלט אים אויפן האַלדז:

— טאַטעשי! אוי, אַ גוטער דו ביסט, טאַטעשי!

אָן קראַנקן אָרעמאַן האָבן עפּעס אַלע גאָר פאַרגעסן...

# אויף דער פרישער לופט

## (א מעשה נורא מיטן רבין ז"ל לעבנס יונגסטע שנור)



ון דער טיפסטער טיפעניש, פון אונטערן שאול תחתיה, רייסט זיך איינמאל אויף און שלאגט זיך אפ אין אלע שבעה מדורות פון גיהנום א קראצנדיק - פייפנדיקער גרילץ:

— „פייראנד!"

דארטן אויך פאראן „פייראנד!"

זענען די לאפיטוטלעך — די אונטערהייצער פון די קעסלען — אונטערגעשפרונגען פאר גרוים פרייד: פייראנד! פריי אויף עטלעכע שעה! א יומא דפגרא אין גיהנום! און איינער גרילצט איבער צום צווייטן:

— פייראנד! פייראנד!

און אז עמעץ גיט א פרעג:

— וואס אזוינס?

ענטפערט מען אים פארדראסיק:

— שבתי־צבים יארצייט! דאס הייסט: עם־הארץ! ווי קאן מען אזוינס פארגעסן?!

ווערן ראש צוגעווארפן גאנצע בערגלעך קוילן צום פייער אונטער די קעסלען; שלאגן מיט אמאל פון די קעסלען גאנצע וואלקן פון פרישער פארע ארוים; רייסן זיך פון די קעסלען ארוים נייע שרעקלעכע געשרייען, פון פחד און יסורים רעים...

לאכן זיי, די לאפיטוטלעך: ווארפן, זינגענדיק און פייפנדיק, די פארטוכער פון די לייבער אראפ. נעמען אויף זיך, מעשה־קונדס, יעדער אן אנדערע געשטאלט: ווער פון א מענטש, ווער פון א חיה־רעה; פון אן עוף, צי פון א בייזער פליג אדער עפעס א טמא־קריכנדיקס... און קייכן, אייי־נער אויפן אנדערן קוקנדיק, פאר געלעכטער. און לאזן זיך ארוים און ארויף אויף דער אויבערשטער וועלט, אויף א שפאציר, אויף א פאר־ווילעניש, אויף וואס עס וועט זיך טרעפן.

פײראַנד! — ביז די זון װעט אונטערגײן, ביז דער גלאָק װעט אײן קלױסטער אױף זײער „מעריב״ קלינגען!

אגב, װעט זיך מאכן א גלעגנהײט, א בשר־װדם א פּיסל אונטער־צושטעלן, א נישט געװאָרנט נשמהלע אין נעץ אַרײנצוכאַפּן — װעט מען זיך מיט דער גלעגנהײט באַנוצן. דאָס גיהנום באַלױנט מיט א ברײטער האַנט: נישט פון א קעסל־הײצער איז אַרױס א העכט ביז לפני ולפנים: א שר־המשקים בײ ס״ם, א שלעפּן־טרעגער בײ לילית׳ן...

פרײען זיך מיטן „פײראַנד״ די לאַפּיטוטלעך, שפּרינגען אַרױס און אַרױף, און צעלױפן זיך אױף אַרבע כנפות הארץ: זה בכה וזה בכה... עס װעט זיך מעשים טון. —

אין גיהנום־לוח בין איך נישט באַהאַװנט: בײ א ו נ ד ז איז א שײנער זומער־טאָג געװען — און אײן לאַפּיטוטל איז זיך מײשב, פאַר־שטעלט זיך פאַר א שײן־חנעװודיק, געל־גאָלדיק פרעשל, מיט א גרין־סאַ־מעטענעם אונטערשלאַק, און לאָזט זיך, היפּנדיק און שפּרינגענדיק, אױף אַן עקסקורסיע איבער א זומער ־ װױנונג אונטער דער שטאָט, — פעלט אים, מן־הסתם, קײן נחת נישט:

אָט זיצט פאַר דער סטאַנציע א חברה נשים; אַפּװאַרטנדיק מענער אָדער געסט, בײטלט מען דערװײל די װײבערישע קלײען: אױף שכנים ושכנות — אסור לדבר, — באַלעקט עס זיך, דאָס פרעשל; עס זעט שױן בחוש, װי די װײבעלעך הענגען אױף יענער װעלט בײ די צינגלעך, װי זײ װיגן זיך, און װיגן אין אַװיר... און היפּט װײטער... זיצן אױף א װע־ראַנדע יידעלעך, זומער־לעב — אָן די קאַפּאָטקעלעך, — אין די לײב־צו־דעקלעך, מאַנכע אין טליתים־קטנים אפילו, און כאַפּן — א קערטל אױף דער פרישער לופט.

שרײט אײנער, התפּעלותדיק:

— מלכה־מלך־טױז — א קװענץ! און לײגט א יד־חזקה אױפן טעצל מיטן געלט אַרױף —

פײפט אים אױס דער צװײטער; ער האָט:

— א רױש! א רױש!

װערט א געשרײעריי:

— א מזל, א מזל פון א ייד!

שמעלצט זיך דאָס לאַפּיטוטל אין פוטער; די יידעלעך װעלן שױן פאַרגעסן מינחה צו דאַװנען; ער װעט עס געדענקען און אז עס װעט קו־מען די צײט, עדות זאָגן...

און ער שפרינגט, ווי א מילגרוים, מיט נחת פול, אין װעלדל אריין.
פון דארט יונגע קולות דערהערט: געלעכטער, שטיקלעך לידלעך פון יידישן טעאטער, פון דער קאטערינקע אין הויף...

עס לאזט זיך וווילגיין פון בחורים און בתולות א כנופיהלע!

בגלוי הראש די בחורים (א שפאס — אזא היץ!), די בתולות — בגלוי עפעס ערגערס... מען גייט שנים, שנים, אויף און אפ גייט מען. צי מען זיצט אויפן שמעקנדיקן גראז, אנדערע — פרקדן, אויסגעצויגן... און אט שפרינגט מען אויף, א טענצל וועט מען כאפן!

א מיידל מיט צעפלאסענע האר האט גערופן:

— טאנצן! טאנצן!

האבן זיך בחורים און בתולות אנגעכאפט ביי די הענט: א בחור מיט א בתולה, א בחור מיט א בתולה —

און דאס מיידל מיט די צעפלאשעטע האר רופט:

— ווער וועט זינגען? ווער וועט זינגען? און דאס קולכל איז אנגעשוואלן פון יצר־הרע, און אין די אייגעלעך פלאקערן די יצר־הרע־פלעמלעך. געפעלט זי דעם פרעשל זייער, זייער; טייוולס־קויט דערשפירט! ניסן ווילט זיך אים... שפרינגט ער נענטער צום זוים פון איר קליידל צו. דערזעט אים דאס מיידל און דערשרעקט זיך, א פחד פאלט אויף איר. לאזט זי א קוויטש ארויס, א שרעקלעכן קוויטש, און אנטלויפט, ווי א האז פארן יעגער, אלץ איניינעם קוויטשנדיק, טיפער און טיפער אין װעלדל אריין; לויפט איר איינער, א בחור, נאך... — דאס געבליבענע יונגווארג לאכט, האלט זיך ביי די זייטן און קייכט, דער בחור מיט דער בתולה! — פארשווינדן...

היפט דאס פרעשל לוסטיק און לעבעדיק ווייטער, און ווייטער — עס איז אים היינט אזויפיל נחת באשערט, ער וועט האבן וואס צו דערציילן אין די לאנגע גיהנום־נעכט, צווישן איין קוילן־אונטערשיט און דעם צווייטן, און קוקט זיך אום — א נייע מציאה: —

איינע אליין, א בלאסע דאמע אויף א שטיין ביים וועג, א בוך אין דער האנט — א היינטיק מעשה־ביכל; מין־הסתם: א העכסט אינטערעסאנטער ראמאן! זי לעזט און שטיל, דריבנע ציטערט איר לייב. אין די אייגעלעך וועקן און לעשן זיך די גוטע פינקעלעך; די בליצעלעך, די גוטע!

און איבערן בלאסן פנימל בייטן זיך, צינדן און לעשן זיך, בליען אויף, פארגייען און צעגליען זיך אויפסניי די רעכטע רויטע פלעקעלעך, און

צעגיסן זיך איבערן בלאסן האלדז־און־נאקן אראָפּ... און דאָס הערצל הייבט זיך און פאלט —

— אָ!

לאָזט זיך אָבער דערווייל אראָפּ די זון — א פייערדיקע קויל אונטערן וועלדל. די ביימער־שטאמען גילדן זיך און גילדן, מיט איר אָפּגלאַנץ באַגאָסן...

שטילער איז געוואָרן. און אין דער שטילקייט דערהערט זיך פון נישט ווייטן דאָרף דער גלאָק, זייער מעריב־גלאָק.

די ארבעט רופט!

פארשפּעטיקט ער, ווערט קאלט זיין קעפּל, פארגליווערט דער פּעך, פארפעלט אין די גיהנום־מהומות זיינע קעפּל־קולות, — ער וואָלט זיך שוין נישט אויסגעקויפט; מלקות איז גאָרנישט!

שפּרינגט דאָס פרעשל אָפּ צום וועג, וויל טוישן די געשטאלט און פארשווינדן, און טוט עס נישט, און בלייבט שטיין — —

עס האָט אויף א וואָרענדע דעם רבינס יינגסטע שנור דערזען —

ווי קומט דעם רבינס יינגסטע שנור אהער? א מעשה שהיה...

דעם רבינס יינגסטע שנור, זאָל לעבן, איז, מיט זיין ליבן נאָמענס הילף, מיט אַן ערשטלינג די ערשטע קימפּעט איבערגעקומען...

א יפת תואר — איינע אין גאנץ קרוין־פּוילן; נאָר א שוואכינקע, אביסל א פארצויגענע; ביי דער מחותנת, דער מוטער, פון געבוירנהייט אַן א ציטעריקע בת־יחידה געווען. קומט זי אזוי געשווינד צו די כוחות נישט צוריק...

און עסן עסט עס ציפּנדיק, ווי א פייגעלע; ווייַן צום שטארקן — נישט איבער די ליפּעלעך; קוים־קוים א זופּ פון קידוש און הבדלה... איז זי, נעבעך, בלאס. און שוואך איז זי, און דאָס קעפּל, נעבעך, דרייט זיך איר... ציטערט די מאמע, און — שלום בית שאין לשער, — ציטערט דער יונ־גערמאן... זיצט ער איבערן ספר און פון די אייגעלעך — טראָפּן נאָך א טראָפּן! רופט מען א דאָקטאָר, און נאָך א דאָקטאָר, זאָגן אלע: פרישע לופט...

היינט פארשרייבט מען דאָך נישט; הימל און ערד און פרישע לופט. האָט אָבער ער, זאָל לעבן, קיין חשק נישט...

— א ניסיון — ברומט ער, א שטיקל סכנה, זאָגט ער.

שטייט אָבער צו דער בן: טאטעשי און טאטעשי! און די מחותנת — די מוטער דעם ווייבלס:

— סטייטש? צי נעמט דער רבי אויף זיך א נפש? אזא'ן איידל נפשל? !

וואָס טוט מען מיט א זון? און מיט א מחותנת?...

זאָגט ער צו איר:

— מוזט איר מיטפאָרן, מחותנת, און אכטונג געבן און, חס־ושלום, מאַכט זיך עפּעס —

און ער, זאָל לעבן, רוימט איר עפּעס אין אויער אריין.

און מען פאָרט נאָך די אייגענע וואָך. דאָס ווייבל, די מוטער, דאָס קינד מיט דער אם...

זיצט עס פּונקט דאָס ווייבל, דעם רבין זאָל לעבנס שנור, אויף דער וואָרענדע אין קילן שטילן פאַרנאַכט, און אָטעמט די פרישע, שמעקנדיקע לופט. אין שטוב ביים וועגעלע, אין וועלכן דאָס קינד איז איינגעשלאָפן, זיצט די אם; זיצט און שטריקט איר זאָק די באָבעשי — און זי אויף דער וואָרענדע קוקט אין עפּעס אריין... און, קענטיק, א שטילן נחת שעפּט זי פון דעם, וואָס זי קוקט אריין. די אייגעלעך גלאַנצן מיט נחת, דאָס גאַנצע בלאַסע פּנימל שיינט, ווי א צווייטע לבנה, פון בלויען ציפּיקל ארויס.

דאָס האָט דאָס ימח־שמוניקל דערזען.

— וואָס לעזט אזוינס דאָס גנאָלטע ווייבעלע אינעם בלויען ציפּיקל? עס איז א וואָכן־טאָג, עס איז קיין צאינה־וראינה נישט...

וויל ער צושפּרינגען און זען... היפּט ער עטלעכע שריט און ווייטער קאָן ער נישט... דאָס ספרל לאָזט אים נישט צו, עס שטויסט אים אָפּ.

באַגיסט זיך אים מיט שוויים דאָס שטערנדל... כאַפּט עס אפער, און איבער דער פּעל אריבער, א פיסל נאָך א פיסל און קראַצט, און קראַצט, גלייך עמעצ וואָלט אויף אים מיט זיבן־יעריקן וויין־עסיק געטריפט... נאָר אוועק וועט ער נישט, און זאָל ער אפילו פאַרשפּעטיקן, און ווען כף־הקל... אזא שטיל־צניעות וועט ער נישט דערלאָזן...

ביני לביני, דערהערט דאָס ווייבל עפּעס א גערודער פון שטוב. קושט זי דאָס ספרל הארציק מיט די ליפּעלעך, פאַרמאַכט עס און לייגט אוועק אויפן טיש. און צעשטראַלט זיך נאָך כשרער, און ווענדט זיך מיט די צנועהדיק־פינקלדיקע אייגעלעך צו דער טיר צו. נאָך אויף א גרעסער נחת וואַרטנדיק...

און דאָס טירל פון אינעווייניק עפנט זיך שטיל, אָן א סקריפּ, און די אם, מיט א פינגער פון איין האַנט איבער די ליפּן, דאָס הייסט: טסס, ס'קינדעלע שלאָפט! — שטופּט פאר זיך מיט דער צווייטער האַנט דאָס

קינדערישע וועגעלע אויף דער וואַרענדע אַרויס... אויף גומענע רעדעלעך, אַ הײנטיק־מאָדיש וועגעלע, מען הערט קײן שאָרך ניִשט —

— און די מאַמעשי? — פֿרעגט דאָס יונגע װײַבל, קוים הערעוודיק. צעשמײכלט זיך די אַם, נחתדיק:

— בײַם זאָק, בײַם וועגעלע צעקאָפּנס אײַנגעדרימלט... זאָלן נאָר די פֿליגן לאָזן!

רירט זיך דאָס יונגע מאַמעלע, שטיל מיט די ליפּעלעך, צום קינדס שטערנדל צו:

— אַ גוטע נאַכט, אַ זיסע נאַכט, אונטערן גוטן מלאכס פֿליגעלע...

און צוריק פֿאַרט דאָס קינד. די אַם פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר צוריק... שמײכלט דאָס יונגע װײַבעלע אַ זיס פֿאַרחלומט שמײכעלע אײַ־בערן בלאָסן פּנימל. און הײבט זיך שטיל, שטיל אויף, און לאָזט זיך, שטיל באַגליקט, צו דער וואַרענדע צו. און בויגט זיך, מיטן פֿולן הערצעלע, איבערן געלענדער אַריבער, און הײבט דאָס קעפּעלע, מיט די פֿרום און נחתדיק שטראַלנדיקע אײגעלעך, מיט אַ זיסן דאַנק צום בלויען, שטילן הימל אַרויף... פֿאַרזײַט זיך דער בלויער שטילער הימל מיט גאָלדענע פֿינקלדיקע שטערנדלעך, שטראַלן זײ, פֿינקלען זײ צוריק צום גליקלעכן מאַמעלע אַראָפּ — קאָן עס שוין דאָס פֿרעשל ניִשט אַריבערטראָגן; שפּרינגט עס טיפֿער צוריק אין וועלדל אַרײַן. תוך כדי דיבור קומט פֿון דאָרט, צוריק אויפֿן וועג אַרויף, אַ ײדעלע, אַ גײער, אַ שטעקן אין דער האַנט, דער סחורה־קאַסטן איבער די אַקסל. און ער שפּרײזט, איבער דער ברײט פֿון וועג, גלײַך צו דער וואַרענדע צו, רופֿנדיק:

— קויף עפּעס, יונג װײַבעלע — — —

זי זעט אים ניִשט, זי הערט אים ניִשט...

— קויף עפּעס, מאַמעלע!

„מאַמעלע" דערהערט זי שוין. און גיט אַ לײַכטן ציטער. וואַרפֿט דער געהער דעם קאַסטן פֿון די אַקסל אַראָפּ, און עפֿנט זײַנע פּאַכן, און רעכנט אויס:

— שפּילקעס און נאָדעלעך, האָר־נאָדעלעך און קעמעלעך...

— איך דאַרף ניִשט. ליבער ייִד!

עפֿנט ער אַ צווײטן פּאַך:

— אָט עלפֿנבײנערנע רײפֿעלעך, פֿאַרן יונג קינדעלע אין מײלעכל אַרײַן — אַ שפּילעכל... און אָט וועלפֿענע צײנדלעך; אַ סגולה, לײכט דאָס

צײנדלען איבערצוקומען... און אָט, פֿאַר אַן עין־הרע, אױפֿן הענטל — בענדעלעך... זײַדענע, רױטינקע...

אױף דעם װאַרפֿט שױן דאָס יונגע מאַמעלע אַן אױג. זי װיל דאָך זאָגן:

— נאָך צו־פֿרי, ר׳ ייִד...

אָבער תּוך כּדי דיבור, װי זי האָט נאָר אַן אױג געװאָרפֿן, האָט ער אַ פּאַק אַ נײַעם געעפֿנט, און איר פֿאַר די אױגן מיט אַ שנור קרעלן אַ בליץ געטון; װי מילגרױמען גרױסע, רױטע װי בלוט... און מיט זײַנע אױגן — אַ בליץ, און מיט אַ קול, אַ הײס־אָנרײַדעװודיקס:

— קױף װײַבעלע, קױף!

געלאַסן שמײכלענדיק, מאַכט זי אַװעק מיט דער האַנט אױף ניִשט... ער טוט זײַנס:

— און אָט פּערל! מײנט ניִשט, אַן אָרעמער שאַכער. אָט בריליאַנטן אפֿילו, און איך גיב אױף באָרג! און אַז אַ יונג װײַבל פֿאַרלאַנגט, שענק איך אַמאָל... איר הערט? איך שענק! פּערל שענק איך, און בריליאַנטן...

האַקט זי אים שױן איבער קאַלט:

— אומזיסט אײַערע רײד, װער איר זאָלט ניִשט זײַן! גײט אײַך אײַער װעג. מײַן צירונג שלאָפֿט אין װענעלע אין שטוב. מײַן טײַער צירונג שלאָפֿט פֿון אַ גוטן מלאך באַשיצט... איך דאַרף אײַך און אײַער סחורה ניִשט! גײט, אײַך, גײט, װער איר זאָלט ניִשט זײַן!

אומרואיק איז זי דאָך, װענדט זי זיך אָפּ און הײבט אָן, אונטערן פֿרײַען הימל, פֿאַרן שלאָף קריאת־שמע צו לײענען. װערט נעלם דער שאַכער, צוריק אין װעלדל אַרײַן. און פֿון דאָרט רײַסט זיך פּלוצלינג אַ יונגער בחור פֿון די הײנטיקע בחורים אַרױס, לאַנגע פּעקיקע האָר ביז אײ־בער די אַקסל; אױגן, װי די ברענענדיקע קױלן, פֿלאַמענדיקע; אין אײן האַנט עפּעס אַ כּלי, אַ מאָדנע, מיט סטרונעס צום גרימפּלען, די צװײטע — בײם האַרץ, עס זאָל ניִשט אַרױסשפּרינגען.

און ער רעדט צו איר, זיפּצנדיק, און זינגענדיק, פֿון צײַט צו צײַט אױפֿן אינסטרומענט צוגרימפּלענדיק:

— אָ, בת־מלכּה פֿון הימל! — דאָס הײנטיקע לשון פֿון בחורים! — דו פֿאַרשעמסט מיט דײַן זיס בלאַס פּנימל אין הימל די לבֿנה, און מיט דײַנע זיסע אײגעלעך — די שטערנדלעך אין הימל!

און װײַטער אַ כאַפּ צום האַרץ:

— און האָסט אָנגעצונדן אַ העליש פֿײַער אין מײַן ברוסט... אַ בענ־קעניש — אין מײַן נשמה!

און שיר־השירים קען ער אויך:

— מיט איינס פֿון דײַנע אייגעלעך האָסטו מיך באַהאַרצט; מיט אַ שטראַל פֿון דײַנע אויגן דאָס האַרץ דורכגעשטאָכן און געלעכערט, און אַ וווּנד געמאַכט. און עס טריפֿט, און טריפֿט מײַן האַרציק בלוט. און נאָר דו, דו מיט דײַן זיסער האַנט קאָנסט זי היילן...

זעט דאָס ווייבל, נעבעך, אַז עס וועט קיין עק נישט נעמען, האַקט זי די קריאת־שמע איבער:

— נאַרישער בחור, זאָגט זי, נאַרישער בחור מיט אַ מיידלשן קאָפּ און אַ כּלי־זמרישער כּלי אין דער האַנט, — איך בין אַן אשת־איש, און האָב אַ ליבן, ליבן מאַן; פֿון יחוס — אַ פּאָן און פּער. און אַ תּורה־לערנער אַ גרויסער... און איך האָב אים ליב, אוי, ווי ליב! און אַ יונג־מאַמעלע בין איך, אַ גליקלעך יונג־מאַמעלע, זײַן ליבער נאָמען האָט מיר אַ קינדעלע — אַ מלאָכל באַשערט... וואַרף נישט קיין אַרבעס אויף דער וואַנט...

ווערט פֿון בחור צוריק פֿראָש...

האָט זיך אָבער נישט דאָס פֿרעשל אַליין פֿאַרזוימט; אַנדערע אויך, האָבן אפֿשר ב ע ס ע ר ע געשעפֿטן געהאַט... קומט אָנצעשפּרינגען אַ יאַשטשערקעלע, שטעלט זיך ביים פֿרעשל אָפּ:

— אויך פֿאַרשפּעטיקט?

— און אומזיסט! ענטפֿערט דאָס פֿרעשל פֿאַרצאָגט. און ווייזט צום ווייבל צו...

— אַי! איז דאָס יאַשטשערקעלע מבטל און מאַכט צום פֿראָש:

— ביסט אַ פֿערד; זײַ אַ פֿערד! אַ רייט־פֿערד, אַ רייט פֿערד פֿאַר אַ פּריץ, אַ יעגער אַ שטאָלצן.

וכך הוה. פֿון דעם פֿרעשל איז אַ שוואַרץ סאַמעטן מיוחוסדיק פֿערדל געוואָרן, אָט שטאַמפּט עס מיט די דינע פֿיסלעך, און אַ רייט־געשפּאַן — אַ זילבערנס, מיט גאָלדענע פֿליטערלעך באַשפּריצט.

און פֿון דער יאַשטשערקע ווערט אַ פּריצל — אַ יעגערל; הויך און שטאָלץ, און חנעוודיק, ווי שלענגעלעך די וואָנצעלעך. —

שפּרינגט דאָס פּריצל — דאָס יעגערל אויפֿן פֿערדעלע אַרויף. און גיט אַ ריט איבערן וועג אין דער ברייט, צו דער וואַרענדע צו, און גיט אַ זאָג עכט־פּריצעשדיק:

— איי, יידיש ווייבל — חנעוודיקס! אַ גלעזל וואַסער ברענג אַרויס!

און א פריץ פאָלגט מען דאָך. ציטערט דאָס ווייבל און ברענגט א גלאָז מיט וואסער ארויס, און דערלאַנגט מיט א האנט א פארציטערטער. נעמט דאָס פריצל דאָס גלאָז צוזאמען מיט דער האנט, און דריקט די האנט. און אַרויסצורייסן די האנט האָט זי נישט קיין כוח. און ער קוקט, מיט אויגן פריצישע, הייס און היציקער אין אירע כשרע אייגעלעך אריין, די בליקן זיינע בריען זי און אירע ברעמען פאַלגן נישט און פאלן נישט אראָפּ, און זי קוקט, פארכישופט, אים אקעגן —

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

האָט דאָך ער, זאָל לעבן, עפּעס דער מוטער איינגערוימט...

שטעלט זיך אויף דער שלאָפנדיקער מוטערס נאָז א פליג און זומט, און גיט א ביס...

שפרינגט דאָס אלטע מוטערל אויף: ווו די טאָכטער, ווו?

לויפט זי. די בריל אויפן שטערן, דעם זאָק אין דער האנט. די שפּיז־לעך פארלווירנדיק, אויף דער ווארענדע ארויס, דערזעט זי, גיט זי:

— „שדי, קרע שטן!" — א געשריי

און שוין —

נעלם געוואָרן דאָס פריצל, די ערד האָט'ן איינגעשלונגען...

אַן אמתע סכנה געווען... אָבער ניצול געוואָרן!

# דער דין־תורה מיטן ווינט

## (דריי קיכלעך 1)



ימי המלך שלמה — אין די צייטן פון מלך שלמה, האָט גע־לעבט אַן אלמנה, אַן אָרעמע, מיטן נאָמען שונמית.

און געלעבט האָט די אַלמנה שונמית אין אַ סוכה פון אַלטע ברעטער, באַדעקט מיט אַ סכך פון צווייגן און בלעטער פון פּאַלמען־ביימער, אין אַ פישער־דאָרף, ביים ברעג פון ים־הגדול.

און געשפּייזט האָט זיך די אַלמנה מיגיע כפּיה — מיט שטריקן און פאַריכטן די נעצן פאַר די פישער אין פישער־דאָרף.

ויהי היום — איז געקומען די צייט פון ווינטן און שטורעם־ווינטן. קיין שיפל גייט נישט אין ים אַריין, קיין נעץ ווערט נישט פאַרשפּרייט, איז די אַלמנה געבליבן אָן אַ ביסן ברויט.

וועט זי דאָך נישט גיין אין די אָרעמע פישער־הייזלעך אַריין בעטן ברויט; עס פעלט אומעטום, ווענדט זי זיך וו יי ט ע ר פון דאָרף.

עטלעכע מייל פון דאָרף, אין אַ גרויס הויז מיט אַ גרויס געהייף, האָט געוווינט אַ רייכער ייד, וואָס איז געבענטשט געוואָרן פון זיין ליבן נאָמען מיט פעלדער פעטע, פרוכטבאַרע גערטנער און גאַנצע וועלדלעך איילבירטן. און מיט הערטן שאָף און רינדער, און מויל־טירן און קעמלען.

הייבט זי זיך אויף, די אַלמנה שונמית, איינמאָל אינדערפרי, זעט, אַז דער הימל איז אַ בייזער, די לופט — ווינדיק, פאַרשטייט זי, אַז זי מוז שוין אָנקומען צו מתנת בשר־ודם, באַדעקט זי זיך מיט אַן אַלטער שאַל,

---

1) אין דער „קלעצקין"־אויסגאַבע איז אָט־די זאַך געדרוקט אין צענטן באַנד אונטערן נאָמען „פון שטוב און גאַס", ווו עס זענען צום מערסטן געדרוקט לידער. מיר האַלטן, אַז דאָ איז דאָס ריכטיקערע פּלאַץ פאַר דער דאָזיקער זאַך, וואָס געהער צו פּרצעס לעצטע פאָלקסטימלעכע געשיכטן.

וואָס זי טראָגט בייטאָג און דעקט זיך מיט איר צו ביינאַכט, און לאָזט זיך פון דאָרף אַרויס אין וועג אַריין, צום רייכן ייד.

קומט זי קעגן מיטאָג צום געהייף, טרעפט זי דעם רייכן ייד פאַר דער טיר, גייט זי צו, בוקט זיך דריי מאָל, רירט דריי מאָל אָן מיטן שטערן די ערד פאַר זיינע פיס.

פרעגט ער זי:

— וואָס בוקסטו דיך פאַר מיר, אישה? שטיי אויף און זאָג, ווער דו ביסט און וואָס איז דיין פאַרלאַנג.

זאָגט זי אים: „איך בין די אַלמנה שונמית פון פישער־דאָרף ביים ברעג פון ים" און פאַרציילט אים וועגן איר נויט. שוין לאַנג קיין ביסן ברויט אין מויל נישט געהאַט: און בעט א לעבל ברויט,

די נשמה צו דערהאַלטן!"

ווייזט ער איר, וואָס אין געהייף טוט זיך.

— זע, אישה, אָט שפּאַנט מען ערשט מיינע קעמלען און מיינע מויל־טירן אויס. פון ירושלים קום איך, איך האָב שלמה המלכס פּאַלאַץ געזען! א פּאַלאַץ — א פאַרבלענדעניש! און מען לאָזט יעדן אַריין. און איך בין אַריינגעקומען. אין א גאָלדענער קרוין, אויף זיין גאָלדענער שטול איז שלמה געזעסן, אַרומגערינגלט מיט שרים און זקינים, און פאָלק. און ער האָט פאַר זיי תורה און חכמה געזאָגט. פּערל האָט זיך געשיט פון מויל.

און הער, וואָס ער האָט געזאָגט, אישה!

„ושונא מתנות יחיה" — האָט ער געזאָגט.

ווער עס וויל לעבן, נעמט קיין מתנות נישט, ווער עס נעמט אומ־זיסט, פאַרקירצט זיך זיינע יאָרן, וואָס זיין ליבער נאָמען האָט אים באַ־שערט. דו ווילסט זינדיקן, אישה, און איך וויל נישט זיין קיין שותף צו דיינע זינד. גאָט איז א דיין־אַלמנות, ער וועט עס מיר נישט פאַרגעסן, אַז איך האָב מיטגעהאָלפן צו פאַרקירצן דיינע יאָרן...

אומזיסט גיב איך נישט.

— אויב אַזוי — זאָגט די אישה, — גיב נ י ש ט אומזיסט; ב אָ ר ג מיר א לעבל ברויט. אָדער ליי מיר אביסל מעל, וועל איך עס מיר אַהיימטראָגן און אָפּבאַקן, און דאָס לעבן דערהאַלטן, און דאַנקען דיר און בעטן פאַר דיין לעבן...

— דאָס אויך נישט, אישה! — ענטפערט דער עושר געלאַסן. „עבד לוה לאיש מלוה" האָט שלמה המלך געזאָגט. ווער עס לייט, קויפט זיך א קנעכט. און קנעכט קויף איך מיר פ ר ע מ ד ע, נישט מזרע־אברהם,

יצחק ויעקב... איך וויל איינגן פלייש און בלוט, ביפרט אן אַלמנה, פאר קיין קנעכט נישט האָבן... איך באַרג דיר נישט, איך ליי דיר נישט...
פרעגט די אישה:

— זאָל איך פאַלן פאַר הונגער פאַר דיינע פיס, דאָס וועט בעסער גאָט געפעלן, דעם דיין־אַלמנות?

— דו וועסט, אַלמנה שונמית, — ענטפערט ער איר נאָך געלאַ־סענער, — פאַר מיינע פיס פאַר הונגער נישט פאַלן... העלפן וועל איך דיר, ווי גאָט איז מיר ליב! נאָר העלפן וועל איך דיר מיט אן עצה: גיי און זיי זוכה פון הפקר!

— וואָס מיינט איר דערמיט? הפקר איז אין מידבר, צום מידבר איז דריי טעג, און וואָס געפינט מען דאָרט? גרעזלעך אויסגעטרוקנטע? טרייבט איר שפּאָס פון אן אָרעמער אַלמנה און פאַרכט אייך נישט פאַר דעם, וואָס אייביק לעבט און וועגדט פון יתומים און אַלמנות קיין אויג נישט אָפּ!

— איך שפּאָס נישט, אישה! — ענטפערט ער. — גאָטספאַרכטיק בין איך פון געבורט, און נישט צום מידבר נאָך גראָזן שיק איך דיך.

— נייג צו דיין אויער, אישה, און הער! מיין קאַמער איז אַצינד לער. די הונדערט זעק מיט ווייסן ווייצן־מעל ווי שניי האָב איך, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, קיין ירושלים אָפּגעפירט, צום מלך שלמה אין פּאַלאַץ אריין. און די ברעטער, וואָס האָבן זיך אונטער די זעק געבויגן, זענען פריי. אָבער ווייס, גאַנץ ווייס זענען די ברעטער; באַדעקט מיט שטויב, מיט וועלכן די זעק האָבן געשוויצט. דער שטויב איז הפקר, דער שטויב איז נישט מיין. גיי, על־כן, אין קאַמער אריין, וויש דיר די ברעטער אָפּ, זאַמל דעם שטויב פון ווייסן ווייצן־מעל ווי שניי, נעם אהיים, לייג אָן א פייער, — קלייב שפּענדל אויפן וועג — און באַק דיר דיינע קיכלעך אָפּ, זאָל זיין ליבער נאָמען אריינשיקן די ברכה אין דיין שטויב פון מעל, און עס, און דערקוויק דיך, און לויב גאָט...

---

האָט די אַלמנה שונמית געטון, ווי דער פרומער און רייכער מאַן האָט איר געראָטן. האָט זי אָפּגעשאַרט און אָפּגערייניקט דעם שטויב פון מעל פון די ברעטער און רייכן פרומענס קאַמער; אויפן וועג צוריק האָט זי פון ווינט פאַריאָגטע צווייגלעך געפונען; אהיימגעקומען, שוין נאַכט געווען. האָט זי פון די צווייגלעך פייער געמאַכט, דאָס מעל מיט וואַסער געמישט און געקנעטן, זענען דריי קליינע ברייטעלעך ארויס, האָט זי די די דריי ברייטלעך ביים פייער קוים אָפּגעבאַקן, און גאָט פאַר זיינע חסדים

לויבנדיק, ווייל זי נעמען דאָס ערשטע ברייטל צום מויל, — עפנט זיך מיט אימפּעט פּלוצלינג פון דרויסן די טיר, אין ביידל פּאַלט אַריין אַ מענטש מיט אַ געשריי!

ראַטעווע אַ מענטש פון טויט, שוין דריי טעג און דריי נעכט אין מויל נישט געהאַט...

און ער פאַרציילט אין שרעק און אין איילעניש:

אַ שריפה איז אויסגעבראָכן אין זיין דאָרף. אינמיטן דער נאַכט, ווען אַלע זענען געשלאָפן, האָט אויסגעבראָכן די בראַנד. אַ פייער איז פון הימל געפאַלן... און דער שטורעם האָט דאָס פייער איבערן גאַנצן דאָרף צעיאָגט... אַלץ איז פאַרברענט, ער איינער איז פון די פלאַמען פייער און די זיילן רויך מיטן לעבן אַרויס. אַלץ איז געוואָרן אַ רויב פאַר דער בראַנד: מאַן, ווייב און קינד, און שאָף און רינד, און האָב און גאָב. און דריי טעג און דריי נעכט לויפט ער אַרום, פון פייער געיאָגט, פון שרעק געטראָגן און אָן אַ ביסן ברויט...

דערלאַנגט אים די אַלמנה דאָס ברייטל פון מויל אַוועק און זאָגט אים:

— גיי אַרויס, איך בין איינע אַליין, און עס... און דערהאַלט דיין נשמה...

גייט דער אָנגעקומענער אַרויס און פאַרשווינדט אין דער פינצטער־ניש פון דער צוגעפאַלענער נאַכט.

דאַנקט די אַלמנה זיין ליבן נאָמען, וואָס האָט זי מיט ברויט באַ־שענקט און נאָך אַ מיצווה, אַ מענטש ביים לעבן צו דערהאַלטן, באַשערט, און ווייל דאָס צווייטע ווייכע ברייטל נעמען צום מויל.

עפנט זיך נאָכאַמאָל מיט אַן אימפּעט די טיר, און אַ צווייטער מאַן פאַלט אין דער אַלמנהס ביידל אַריין, מיט דעם זעלבן געשריי:

— ראַטעווע אַ מענטש פון טויט...

ער איז אַ רייכער מאַן געווען, הערטן שאָף און רינדער אין סטעפּ געפּאַשעט, אין רייכע געצעלטן מיט ווייב און קינד געוווינט, און יונגען געזונטע ביי שאָף און רינד געהאַלטן... פּלוצלינג זענען בעדואינען, ווי אויף די פליגל פון ווינט, אָנגעפלויגן אויף זייערע פערד, מיט בויגן גע־שפּאַנטע אין די הענט; פון אַלע זייטן זיי אַרומגערינגלט, מיט אַ האָגל פיילן באַשיט, די יונגען מיט ווייב און קינד געטייט, די הערטן אָפּגע־פירט, און מיט זיי אין וויטן ברייטן סטעפּ פאַרשוווּנדן... און אַז דער סטעפּ האָט אויפגעהערט אָפּצוקלינגען זייערע טריט, האָט ער זיך, איינער אַ לעבעדיקער פון צווישן די טויטע אויפגעהויבן, און בלאָנדזשעט שוין

דרײַ טעג און דרײַ נעכט אַרום, אָן אַ ביסן ברויט, אײדער ער איז צו איר ביידל געקומען —

— דערלאַנג, האָב רחמנות, אַ ביסן צום מויל, אַנישט פאַל איך אַ טויטער צו דײַנע פיס...

דערלאַנגט אים די אַלמנה שונמית בתשואת־חן דאָס צווייטע ברייטל, גאָט לויבנדיק און דאַנקנדיק פאַר דער צווייטער גרויסער מיצווה, וואָס ער האָט איר באַשערט. הייסט אים אויך אַרויסגיין עסן פאַר דער טיר, ווייל זי איז אײנע אַליין אין ביידל. און ער טוט אַזוי, און פאַרשווינדט אויך אין דער פינצטערער נאַכט.

נעמט זיך די אַלמנה שונמית צום דריטן ברייטל און וויל עס שוין געגענען צום מויל. רייסט זיך פלוצלינג אויס מיט באַנײַטע כוחות פון צפון דער ווינט און רייסט איר ביידל איין. צעפאַלן זיך רעכטס און לינקס די ווענט... פליט ערגעץ אַוועק דער סכך. און דער ווינט רייסט דער אַלמנה דאָס דריטע ברייטל פון דער האַנט אַרויס און שליידערט עס אין ים אַריין...

און ערשט דעמאָלט שטילט דער ווינט. שטייט די אַלמנה און טראַכט...

דער ווינט האָט זיך געלייגט, שטיל איז דער ים. איבער זײַן וואַסער, ווי איבער אַ שפּיגל, גליטשן זיך די ערשטע שטראַלן פון דער אויפגײענדער זון. באַלד וועט זיך אויפכאַפּן דאָס דאָרף, אָפּבינדן מיט פרייד די שיפּ־לעך ביים ברעג, פאַרשפּרייטן נעצן... קינד און קייט וועט אַרויסלויפן באַגלייטן די פישער. און מיט פרייע געשרייען רופן: אויס הונגער, גע־לויבט זײַן ליבער נאָמען! עס וועט זײַן ברויט.

אָבער נישט וועגן דעם טראַכט די אַלמנה.

אַן אַנדערער געדאַנק עגבערט אין איר מוח.

— וואָס האָט גאָט פון איר געוואָלט? וואָס האָט גאָט מיט איר, דער אַלמנה, געטון?

— וואָס האָט מיר גאָט געטון? — עגבערט איר אין מוח.

— איין ברייטל האָט ער איר צוגענומען פאַר אַן אַנטלאָפענעם פון פייער. רעכט, זאָל זײַן געלויבט זײַן נאָמען!

— דאָס צווייטע — פאַר אַ גערעטעטן פון גזלנים, אויך געלויבט זײַן ליבער נאָמען. ער האָט געגעבן, ער האָט גענומען, פאַר אַ בילכערן פון איר...

— אָבער דאָס דריטע ברייטל? אויסצורייסן בײַ'ן אַן אַלמנה פון מויל און שליידערן אין ים אַריין! —

דאָס איז איר אומעגלעך צו פאַרשטיין...

און עס פעלט איר איין, אַז אפשר ווייסט גאָר גאָט נישט דערפון, אַז דאָס האָט דער ווינט אַליין, מיט זיין אייגענעם ווילן, אָן גאָטס וויסן און קעגן זיין ווילן, געטון, זיין ליבן נאָמען, וואָס שפּייזט אַלמנות און יתומים, להכעיס!

אַנדערש קען נישט זיין!

און זי וועט עס דעם ווינט, דעם גזלן, נישט שענקען. זי וועט דעם ווינט פאַרקלאָגן...

פאַר וועמען?

פאַר דעם מלך שלמה.

פאַר אים וועט זי האָבן אַ דין־תורה מיטן ווינט, קיין ירושלים וועט זי גיין!

אָפּגעקלערט, פאַרדעקט זי דאָס פּנים מיט דער צעריסענער שאַל און לאָזט זיך אין וועג אַריין.

פאַרהונגערט איז זי און פאַרשמאַכט, נאָר דער גערעכטער צאָרן טראָגט זי אויפן וויטן וועג. און זי איז געקומען — קיין ירושלים.

קומט זי, פרעגט זיך נאָך, ווייזט מען איר, ווו דער מלך שלמה הויזט. לאָזן זי די שומרים אַריין; שלמה המלכס טירן זענען אָפן פאַר אַלע, ביפרט פאַר אַלמנות. קומט זי אין זאַל אַריין און פאַלט פאַרן מלך שלמה, וואָס זיצט אויף זיין שטול, אויפן פּנים!

— אדוני המלך — זאָגט זי — אַ דין־תורה האָב איך.

— מיט וועמען? איך זע, דו קומסט אַליין.

— מיטן ווינט; — ענטפערט די אַלמנה, און הייבט צו אים דאָס פּנים אויף, און פאַרציילט אים איר טענה.

— גוט — ענטפערט דער מלך שלמה — דיין פּנים איז דיין עדות: עס איז מיד, און אין דיינע אויגן ברענט דער הונגער. וועסטו דיך צו אַלעם ערשטן דערפרישן. זעץ דיך, דערווייל, אישה, אין אַ ווינקעלע, מען וועט דיר דערלאַנגען ברויט און וויין. עס, טרינק און דערהאַלט דיין נשמה, דערנאָך וועסטו הערן דיין פּסק.

גייט זי אָפּ אין אַ ווינקעלע. דערלאַנגט מען איר ברויט מיט וויין. עסט זי. קומען דריי פרעמדע מענער אַריין, מיט זעקלעך אויף די אַקסל. צום מלך שלמה דאַרפן זיי.

— וואָס איז אייער פאַרלאַנג, פרעמדע מענער? און וואָס טראָגט איר אין די זעקלעך אויף אייערע אַקסל?

דערציילן די מענער אזא געשיכטע:

ישמעאלים, סוחרים זענען זיי. האַנדלען מיט צירונג טייערע און כלים, און בשמים די טייערסטע, און זענען זאַלבערדריט געפאָרן אין אַ שיפל איבערן ים... ווינטן זענען געווען. אומרואיק איז געווען דער ים, זענען זיי אָבער שטאַרקע און געניטע לייט, שרעקן זיך פאַר קיין ווינטן נישט, שווימען זיי וואַל־אַרויף, וואַל־אַראָפּ...

האָט אָבער, איינמאָל פאַרנאַכט, אָנגעהויבן דאָס שיפל צו נעצן... געלעכערט איז ערגעץ געוואָרן דאָס שיפל, און מיט וואָס צו פאַרשטאָפּן איז נישטאָ. שרייען זיי, אפשר וועט מען זיי דערהערן פון ברעג און קו־מען צו הילף. הערט קיינער נישט. דער ווינט כאַפּט זייערע געשרייען און צעוואַרפט זיי איבערן ים, די וואַלן כאַפּן אויף און אנטלויפן מיט זיי אין דער נאַכט אריין...

און דאָס שיפל נעצט און הייבט אָן זינקען...

שרייען זיי צו גאָט. צו זייער גאָט; ער הערט נישט. רופן זיי צו אַנדערע געטער. צום גאָט פון מואב, צום גאָט פון פּלישתים, צו אַנדערע געטער. קיינער ענטפערט נישט, האָבן זיי זיך דערמאָנט, אז עס איז דאָ נאָך אַ גאָט, אַ גאָט פון ישראל... פּרווון זיי און רופן:

— גאָט פון ישראל, ענטפער אונדז אין דער נויט. און אַ נדר טוען זיי: דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער, וואָס מיר האָבן געלייזט, גיבן מיר דיר אַוועק פאַר אונדזערע נפשות, נאָר ראַטעווע אונדז! ראַטעווע, גאָט פון ישראל...

און אין דער רגע האָט זיך דער ווינט אַ וואָרף געטון און עפּעס פון ברעג אין שיפל אַריין מיט אַ געוואַלדיקן כוח אַריינגעשלײַדערט, פּונקט אין לאָך פון שיפל אַריין, און האָט עס פאַרשטאָפּט...

און באַלד האָט זיך געלייגט דער ווינט און מיר זענען בשלום צו־געשוווּמען צום ברעג...

האָבן מיר ביי לייטן זיך נאָכגעפרעגט: ווו הויזט דער יידישער גאָט, מיר ווילן אונדזער נדר מקיים זיין?

— איך וויל אייך עפּעס בעטן, באַלעבאָס! איר זאָלט אויף מיר האָט מען אונדז אָנגעוויזן ירושלים...

זענען מיר מיט אונדזערע זעקלעך קיין ירושלים געקומען און אין די גאַסן די מענטשן אויסגעפרעגט: ווו איז אייער גאָט, מיר ווילן אים זען! האָבן לייט אונדז געענטפערט, אז דעם גאָט פון ישראל זעט מען נישט...

— מיר דאַרפן אים דאַנקען, כבוד אָפּגעבן, און אַ מתנה דערלאַנגען...

האָבן זיי מיט די אַקסלען געדריקט; אַנדערע האָבן אונדז אויסגע־לאַכט...

און עלטערע לייט, וואָס מיר האָבן באַגעגנט, זיי זיך פאַרטרויט און אַן עצה געפרעגט: וואָס טוט מען מיט אונדזער נדר, וועמען גיט מען, ער זאָל פּאַסן צום יידישן גאָטס ווילן, די זעקלעך מיט זילבער און גאָלד, האָבן זיי קיין באַשייד נישט געוווּסט. נאָר איינער פון זיי, דער עלטסטער, האָט אונדז געראָטן, מיר זאָלן זיך ווענדן, גרויסער האר און מלך, צו דיר, דו ביסט, האָבן זיי געזאָגט, דער קליגסטער אויף דער גאַנצער וועלט, און דו וועסט וויסן אונדז צו ראָטן, ווי אַזוי אונדזער נדר מקיים צו זיין, צו טון מיטן גאָלד און זילבער לויט דעם ווילן פון גאָט פון ישראל.

האָבן זיי געענדיקט און געבוקט זיך, און דער מלך שלמה פרעגט:

— האָט איר, פרעמדע לייט, באַטראַכט, וואָס דער ווינט האָט אייך פון ברעג אין שיפל אַריין געשליידערט, מיט וואָס ער האָט דאָס לעבל פאַרשטאָפּט, איר זאָלט נישט אונטערגיין?

— מיר האָבן געזען, גרויסער מלך. אַרויסגענומען און גוט באַ־טראַכט, אַ קליין ברייטל איז עס געווען, אַ ווייך, נישט־דערבאַקן ברייטל... מיר האָבן עס געבראַכט, דיר צו ווייזן, מלך...

און דער עלטסטער נעמט דאָס ברייטל פון בוזעם אַרויס און ווייזט עס —

רופט צו דער מלך שלמה די אַלמנה שונמית און פרעגט, צי זי דערקענט נישט, צי איז עס נישט איר ברייטל?

— דערקענט זי; איר ברייטל.

פּסקנט דער מלך שלמה, מען זאָל איר געבן די דריי זעקלעך גאָלד און זילבער. טוען אַזוי די לייט, דאַנקען און גייען.

און צו דער אַלמנה ווענדט זיך דער מלך שלמה:

— נעם דאָס גאָלד מיטן זילבער. פאַר דיין דריט ברייטל האָט דיר גאָט באַצאָלט, און זיי וויסן, אַז קיינער טוט נישט גאָט להכעיס; אַז אַלץ געשעט לויט זיין ווילן. און אַז נאָר זיין שליחות טוט דער ווינט. —

---

# דער קרבן



מאָל איז געווען א גרויסער שר, וואָס האָט געהאַט א פּאַלאַץ צווישן גערטנער ביים ברעג פון ים.

דער שר איז אָן אַלמן געווען, און נאָך אַמאָל חתונה האָבן האָט ער נישט געוואָלט צוליב די צוויי טעכטער וואָס ער האָט געהאַט, שרה און ריבקה.

שטייט אַמאָל דער שר אין פענצטער פון פּאַלאַץ און וויל זען, וואָס זיינע אַרויסגעגאַנגענע טעכטער טוען. זעט ער, אַז איינע, די עלטערע, מיטן נאָמען שרה, זיצט אויף א גאָרטן־באַנק און העפט. ווייסט ער, וואָס זי העפט. זי העפט אויס, מיט גאָלד און זילבער און גראַנאַטן אויפן פיינסטן סאַמעט, א פּרוכת אין שטאָט אַריין פאַר דער שיל. א יפת־תואר, און א בריה־ניפלאָה, די הענטלעך פליען ביים העפטן, און א פרומע נשמה דערצו.

און די צווייטע, מיטן נאָמען ריבקה, לויפט אַרום צווישן די בייטן פון בלומען, און רייסט די שענסטע און די טייערסטע און פלעכט א קראַנץ. ער ווייס, פאַר וועמען — פאַרן ליבן פאָטער. א יפת־תואר און א געשיקטע, און אַזאַ האַרציקע דערצו. און ער הייבט די אויגן אויף, ווייטער צו קוקן. שוועבן זיינע בליקן איבערן שטילן בלויען ים, און זיין האַרץ וווּנדערט זיך: פאַרוואָס זעט מען קיין שיפלעך מיט חתנים פאַר זיינע טעכטער נישט? ווען וועט ער פון זיי נחת דערלעבן?

און ווי ער קוקט אַזוי, דערזעט ער: א שיפל גענענט זיך צום ברעג. שטיל רירט עס צו. די רודערן הענגען פון די רייפן אין וואַסער אַראָפּ, און א האַנט הענגט פון שיפל אַרויס, אין וואַסער אַריין. ווער קאָן עס אין שיפל זיין, און וואָס האָט זיך אים געטראָפן, וואָס די רודערס זענען אים פון די הענט אַרויס, און איינע פון די הענט הענגט אַזוי שטאַר אין וואַסער אַראָפּ? איז דער שיפער איינגעשלאָפן פאַר מידקייט, אָדער א שלאַג פון דער זון באַקומען און פאַרחלשט געוואָרן?

אומרואיק געוואָרן, לויפט דער שר אַראָפּ, שרייט די דינער צוזאַמען,

איילט מיט זיי צום ברעג פון ים. די טעכטער האָבן אויך דערהערט און זענען נאָכגעקומען.

איידער מען האָט אָפּגעבונדן א שיפל, אנטקעגן צו שווימען און צו רעטן, האָט דערווייל דאָס בלאָנדזשענדיקע שיפל אַליין זיך צוגעשלאָגן צום ברעג.

אין שיפל איז געלעגן א פארחלשטער יונגער מאַן.

— אוי, ווי שיין! — האָט אויסגעשריגן ריבקה. און שרה האָט זיך שוין מיטן קראנקן פארנומען, — מען האָט פון פּאַלאַץ א טראָג־בעטל געברענגט, מען האָט דעם פארחלשטן, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט דער־מינטערן, אויפן בעט געלייגט און, אויף שרהס באפעל, צום פּאַלאַץ גע־טראָגן, אין א צימער אריינגעטראָגן...

— איך רייט אין שטאָט אריין נאָך א דאָקטאָר! — האָט דער שר געזאָגט, און אויגנבליקלעך האָבן די דינער פאר אים צוגעפירט א גע־זאָטלט פערד...

—איך וועל רייסן בלומען פארן שיינעם קראנקן! — האָט ריבקה געזאָגט. אז ער וועט זיך אויפכאַפּן, די אויגן עפענען, זאָל ער בלומען דערזען...

שרה איז ביים קראנקנס בעט געבליבן; צוקאָפּנס געזעסן, און שטי־לערהייט פאַר אים תפילה געטון.

— — — — — — — — — — —

עס איז געוואָרן פארנאכט. די זון גייט אונטער און שטילע שאָטנס וועבן זיך צוזאמען אין קראנקס צימער.

אין דער פארשאָטנטער שטילקייט, מיט טיפע רויטע אָפּגלאַנצן פון דער טיפער אונטערגייענדיקער זון, עפנט זיך פּלוצלינג די טיר פון קראנקן־צימער, און עס באווייזט זיך ווער, מיט שווארצע פליגל, אין א שווארץ טוך פארהילט.

— ווער ביסטו, ווער? — פרעגט שרה דערשראָקן, און קאָן פון דער דערשיינונג קיין אויג נישט אָפּווענדן.

— דער מלאך־המוות! — ענטפערט דער געקומענער. מען האָט מיך נאָך דעם יונגנמאַנס נשמה געשיקט...

— אוי, — בעט זיך שרה, — לאָז אים נעמאָך! זע, ווי יונג ער איז, זע, ווי שיין ער איז... ער שלאָפט פארחלשט, און א זיסער שמייכל שפּילט ארום די פיינע ליפּן. א זיס, ליב לעבן חלומט זיך אים... זע דעם

אָפּגלאַנץ פון געחלומטן גליק אויף זיינע בלאַסע באַקן, אויף זיין זיסן שטערן...

— דו האָסט אים ליב באַקומען, מיידל, — ענטפערט דער מלאך־המוות — קויף אים אויס אויף עטלעכע מינוט!

— אויף עטלעכע מינוט?... מיט וואָס?

ענטפערט ער אויף דער ערשטער פראַגע נישט.

נאָר: —

— שוואַרצע, — זאָגט ער — לאַנגע צעפּ האָסטו, שענק מיר דיינע צעפּ!

— נעם! — שרייט שרה אויס.

און דער מלאך נעמט פון אונטערן שוואַרצן מאַנטל זיין שאַרף מעסער ארויס, שניידט, שרה בלייבט גאָל. דער מלאך פאַרשווינדט, אָבער נישט אויף לאַנג.

די זון האָט זיך עטוואָס טיפער געזעצט, אין דער שטילקייט הערט זיך ריבקהס געזאַנג ביים בלומען רייסן; אַ זים האַרציק ליד זינגט זי, די ווערטער הערן זיך נישט — און דער מלאך־המוות באַוויזט זיך צום צווייטן מאָל:

— די עטלעכע מינוט זענען אַריבער!

— איך וויל נאָך עטלעכע מינוט פאַר אים קויפן, אפשר וועט ער דערוויייל די אויגן עפענען...

— דו ווילסט זיינע אויגן זען? וואָס גיסטו דערפאַר?

— וואָס דו ווילסט, מלאך!

— פאַרבן דאַרף איך, — ענטפערט דער מלאך. — גיב מיר דעם אַלבאַסטער פון דיין לייב, דאָס פּורפּור פון דיינע ליפּן, דאָס בלויע פון דיינע אויגן...

— נעם! — ענטפערט שרה.

— אויף אַ פּאָר מינוט! — ענטפערט דער מלאך.

— אויף אַ פּאָר מינוט! — זאָגט שרה נאָך, שוין אַן אויסגעבלייכטע, מיט ליפּן בלויע, אויגן פאַרלאָשענע...

דער מלאך פאַרשווינדט. און ריבקהס געזאַנג קומט פון גאָרטן אַלץ נענטער און נענטער. „זי וועט באַלד דאָ זיין!" טראַכט שרה, און ווייס נישט, צי דאָס פרייט זי, צי עס מאַכט איר שמערץ. נאָר איידער די שוועסטער איז געקומען, האָט זיך דער מלאך־המוות צום דריטן מאָל באַוויזן:

— אַזוי געשווינד? — שטאַמלט שרה.

— ווילסט נאָך צוויי מינוט קויפן?

— איך וויל.

נעם זיי דיר!

— שיינע ציין האָסטו?

ער נעמט. דער יונגערמאַן עפנט די אויגן נישט אויף, אויף די טרעפּ הערן זיך שוין ריבקהס טריט. זי לויפט ארויף; אָבער דער מלאך־המוות קומט פריער.

— וואָס נאָך זאָל איך דיר געבן? — פרעגט שרה פארצווייפלט. וואָס פאַרמאָג איך נאָך?

— אַ נשמה! — ענטפערט דער מלאך — לעבן פאר לעבן. גיב דיין לעבן פאר זיין לעבן!

— איך גיב!

— נישט דאָ! — ענטפערט דער מלאך. דו מוזט אין דיין צימער אריין, אויף דיין בעט זיך לייגן, — אזוי איז דיר שטארבן באַשערט.

— און ער?

— ער וועט לעבן! אויסלעבן זיינע יאָרן.

שרה וואקלט זיך אָפּ אין איר צימער אריין, דער מלאך־המוות גייט נאָך.

אין דער זעלבער סעקונדע האָט ריבקה מיט געזאַנג די טיר צום קראַנקנס צימער געעפנט און האָסטיק דעם קראַנקן מיט בלומען באַוואָרפן.

און ער, דער קראַנקער, האָט פּלוצלינג די אויגן געעפנט, פון בעט אראָפּגעשפּרונגען, און איז צו ריבקהן, ווי פון אַ מאַגנעט געצויגן, צוגעפאלן:

— אָ, ווי שיין דו ביסט, כלה!

— אָ! ווי שיין דו ביסט, חתן!

— — — — — — — — — —

# דער שבת־גוי

## קאַפּיטל 1.

עולם־הזה פון קאָרענעם
שקעטעלע. אַלערליי ציין.
א שווענקעכץ

ער בעלעמער רב — אַן אָפּגעריבן ספּאָדיקל, אָפּגעריסן לאַמטיקן קאַפּאָטקעלע; אַ קליין יידעלע מיט אַן אָפּן גרגרתל און לאַכנדיקע גראָע אייגעלעך אין איינגעשרומפּענעם פּנימל — דאָס גרייז־גראָע פּריילעכע רביל הייבט זיך אויף, צווישן איין סוגיא און דער צווייטער, פאַרדעקט די אָפּענע גמרא מיט די שפּאַקולן פון דער נאָז אראָפּ, וליתר תוקף ועוז, — מיט דער פאַטשיילע פון דער בוזעם ארויס, און נעמט זיך, לשם־תענוג — צו זיין ביסל עולם־הזה — צום קאָרענעם טאַביק־שקעטעלע.

א שמח־בחלקו און א מענטש אָן א גאל, שמייכלט ער צום שקעטעלע. און קלאַפּט אָן מיט די קליינע פינגערלעך אָן דעקעלע, פּויקנדיק און פרעגנדיק:

— פאַראַן אביסעלע?

און אַז דאָס שקעטעלע ענטפערט דעמפּיקלעך:

— פאַראַן אביסעלע, פאַראַן!

עפנט ער עס מיט הרחבה אויף, נעמט מיט די קליינע פינגער־קישעלעך אביסעלע פונעם ביסעלע און טראָגט צום נעזל צו, און גיט א קליין שטאָפּעלע רעכטס, א קליין שטאָפּעלע לינקס, און נאָכאַמאָל אזוי, ווערט אים ליכטיק אין די אייגעלעך, זאַפּט זיך מיט נחת אָן דאָס הערצעלע, לאָזט ער זיך איבער דער בית־דין־שטוב, ממש טאַנצנדיק, גיט ער אָפּ א שבת דעם בורא־עולם, ממש זינגנדיק:

— אי־אי־אי, גאָטעניו, א גוט וועלטעלע דו האָסט עס באַשאַפן!

און וואַרפנדיק פון פענצטערל אַ בליק אין מאַרק אַריין, ווערן אים די אייגעלעך פייכט.

— וואָס פאַר אַ פיינע בריהלעך עס דרייען זיך אויף דיין וועל־טעלע אַרום! יידעלעך און, להבדיל, אַ נ ד ע ר ע... אײ־אײ־אײ! מענטשן גאָלדענע, סאַמעטענע, זיידענע...

פאַלט עמעץ פלוצלינג אַריין:

— רבי, געוואַלט!

דערשרעקט ער זיך:

— וואָס איז דיר געשען אַזוינס, יענקעלע?!... יענקעלע?

ער קען אים! גאַנץ כעלם קען דער רב, כמעט ביי אַלע סנדק געווען...

און אַז ער זעט אַ צעבלוטיקט מויל ביי יענקעלען:

— אוי, אוי, יענקעלע, ווער האָט דיר שלעטכם געטון, יענקעלע?!

זיצט שוין יענקעלע אויף דער באַנק פון פאַרן בית־דין־צדיק־טיש מיט די הענט די פאַרבלוטיקטע די באַקן צוהאַלטנדיק, און וויגט זיך, ווי אַן אומרו רעכטס און לינקס אין דער ברייט, זאָגנדיק:

— אוי, אוי, יענקעלע, ווער האָט דיר שלעכטס געטון, יענקעלע?!

גאַפט ער, דער כעלעמער רב:

— ווי קומסטו, אינדערוואָכן, צום שבת־גוי, — יענקעלע?!

— אַ באַשערטע זאַך, רבי־לעב... כ׳גיי, איבערן מאַרק גיי איך מיר... ווי מיינט איר, רבי־לעב? ליגט מיר אין זין דער שבת־גוי? טראַכט איך פון אַ שבת־גוי? וועגן פּרנסה טראַכט אַ ייד! מיט ליידיקע הענט וועל איך קומען אהיים! וואָס וועט די פלוניתטע, טראַכט איך, זאָגן... די אַרורה מיינע... איר קענט דאָך זי, רבי־לעב! קומט ער אַקעגן, דער שבת־גוי. דער־זע איך אים, שיכור־ניסלעך קנאַקט ער זיך... און עפּעס קונציק אַזוי — אַ וואָרף מיט דער האַנט דורכן אַוויר, פונקט אין מויל אַריין, אַ קנאַק, און וואַרפט שוין מיט די ליפּן רעכטס און לינקס די שאָלעכצער. האָב איך מיך אָפּגעשטעלט, קוק איך אויף זיין בריהשאַפט.

גלייכט ער זיך אוים מיט מיר, זאָגט ער:

— יענקעלע, עפן ס׳מויל, יענקעלע!...

מילא, בעט אַ גוי, עפן איך... און געמיינט האָב איך, רביניו, ער וויל מיר שיכור־ניסלעך וואַרפן אין מויל אַריין, — עפן איך — נעמט ער, רבי, די פויסט און גיט מיר אַ זעץ אין די ציין אַריין!

צעוויינט ער זיך נאָך מער, יענקעלע:

— אוי, דער רוצח, דער רוצח...

איז עס אָבער דעם כעלעמער רב נישט ניחא.
גייט ער נענטער צו און מוסרט אים:
— דאָס האָב איך נישט ליב, יענקעלע! ווי זאָגט מען עס, גלאַט אַזוי, אויף גאָטס באַשעפעניש — רוצח?!
— ער האָט דאָך מיר דריי ציין אויסגעהאַקט, — צעכליפּעט זיך יענקעלע, ווייזנדיק די ציין.
קוקט דער רב און שאָקלט מיטן קעפּעלע און זאָגט, נישט גלייבנדיק:
— זאָג דעם אמת, יענקעלע, ס'איז ד י י נ ע ציין?
— וועמעס דען, רבי? נאַט, רבי, זעט!
קוקט דער רב און גאַפט:
און ער עפנט אויף דאָס מויל און ווייזט אים די לעבער...
— הפלא ופלא, — זאָגט ער נאָך א ווײַלע, — א ייד זאָל האָבן אַזוינע ציין...
— אַוואָסערע דען ציין האָט א ייד? — פרעגט יענקעלע אַביסל שוין דערשראָקן.
— נאַ, זע! — ענטפערט דער רב און ווייזט אים זיין אַלט מעבל אין אַלטן מויל — אַנדערע האָבן לחלוטין נישט קיין ציין, סיי־ווי־סיי, נישט אַזוינע ציין! כ'בין דאָך נישט קיין הייַנטיקער, נישט געזען אַזוינע ציין בייַ'ן א ייד אין מויל!
און קלערן זעצט ער זיך דער רב; צוויי שאלות מיטאַמאָל:
— ווי קומען אַזוינע גרויסע געזונטע ציין צו'ן א ייד?
און דער שבת־גוי, וואָס האַקט ער עס אין פרעמדע ציין אַריין?
קלערט ער און קלערט ביז ער שפּרינגט אויף:
— אַהאַ!
דאָס הייסט — דערגאַנגען:
— האָ בהאָ תליא, יענקעלע! איינס אָן צווייטן ווענדט זיך עס... דו זאָגסט גלאַט אין דער וועלט אַריין „רוצח!", אויף גאָטס באַשעפעניש — „רוצח"! נישטאָ קיין רוצחים. עס זאָלן זיין רוצחים אויף דער וועלט, וואָלט די וועלט, חס־ושלום, קיין קיום נישט געהאַט! אלא מאי? א מעשה־שהיה פ א ר צ יי ל ס ט ו דאָך, און איך גלייב דיר, און איך זע דאָך די אויסגעהאַקטע ציין, איז די מעשה, פאַרשטייסטו מיך, אַזוי —
און ער כאַפּט אַביסל אָטעם און פאַרטייטשט:
— שולדיק, יענקעלע, זענען טאַקע דיינע ציין!
— שפּרינגט יענקעלע אין דער הייך:

— היתכן, רבי, מיינע ציין? און דער ערל?

— גאָר אינגאַנצן פּטור איז ער נישט, דאָס, יענקעלע, זאָג איך נישט! דער עיקר־חייב אָבער זענען דיינע ציין, דאָס הייסט: נישט דיינע ציין...

— וואָס טייטש?

— לייג צו קאָפּ, יענקל! דער ערל איז בטבע אַ מזג־טוב... שיכור־ניסלעך געהאַט, דיך דערזען, האָט ער דיך באמת געוואָלט מהנה זיין, מכבד זיין... „עפן ס'מויל!", זאָגט ער... אַריינוואַרפן וויל ער: זיי האָבן דאָך ליב ווילטאָג און קינצעלעך! אָבער אַז דו, יענקל, האָסט געפּאָלגט, און ער האָט דערזען גאַנצע ציין, ז י י נ ע ציין, הייסט עס אין ד י י ן מויל... פאַרשטייסטו דאָך: אַן אינו ישראל, אין דיין מויל זיינע ציין, ווערט ער אונטערגעצונדן! און אַן אינו ישראל, אַז ער ווערט אונטער־געצונדן, וואָס זאָל ער טון? זעצט ער מיט דער פּויסט!

— פאָלג מיך, יענקעלע, — ענדיקט דער רב — מאַך קיין עסק נישט דערפון... גיי אַהיים צו דיין פּלוניתטע, זאָג איר, איך האָב געהייסן, בפירוש געהייסן, זי זאָל דיר מאַכן אַ שווענקעכץ פון פ י י ג ן...

פאָלגט יענקעלע, גייט אוועק און דער רב רופט אים נאָך:

— און דאָס אַנדערע מאָל, אַז אַן ערל הייסט דיר עפענען דאָס מויל, עפן אַביסעלע... נישט מער ווי אַ ביסעלע, אַ שפּאַרעלע! ער דאַרף גאָרנישט זען, אַז אַ ייד האָט ציין...

## קאַפּיטל 2.

נאָכאַמאָל קלעפּ. דער רב וויל
מתפּלל זיין אויף אַ האַלב ברויט.
און עצה־טובה.

גייט דער בעלעמער רב צו זיינע סוגיות צוריק, לערנט געשמאַק און שעפּט נחת פון דער הייליקער תורה. און כאַפּט פון צייט צו צייט אַביסעלע פונעם עולם־הזה אינעם קאַרענעם שקעטעלע... און דאָס האַרץ פון תענוג וואַקסט!

— אוי, אַ וועלטעלע, אַ וועלטעלע...

און וואַרפט ווייטער אַ בליק, דורכן פאַרגרינטן אַלטן שייבעלע, פון פענצטערל אין בית־דין־שטוב, צום מאַרק אַרויס...

— און מענטשלעך, גאַטעניו, סאַמעטענע, זיידענע...

ענדיקט ער די שבחים נישט. ווײַטער אַרײַנגעפאַלן יענקעלע. נאָך קיין חודש נישט אַריבער.

גאַפּט ער, דער רב:

— וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומט די נאַכט, יענע נאַכט, — וואָס איז ווײַטער, יענקעלע?

— דער שבת־גוי! רבי, אַלץ דער שבת־גוי! — שרײַט יענקעלע — און פאַלט אויף דער באַנק אַנידער.

מוסרט אים דער רב מיט לײַטזעליקייט:

— אַ פּגע־רע דו ביסט, יענקעלע! וואָס קריכסטו אַלץ צום שבת־גוי? קיין רוצח, חלילה, איז ער נישט, אָבער גלאַט אַזוי — נאָך וואָס טויג ער דיר?

— פון הינטן איז ער מיר אָנגעקומען, רביניו... — פאַרענטפערט זיך יעקעלע — פון הינטן, רבי־לעבן! איך גיי מיר דורכן געסל, רביניו, אהיים... אַ ברויט האָב איך פאַר מײַן הויזגעזינד געטראָגן, פאַר ווײַב און קינדערלעך אַ ברויט געקויפט, זײַן ליבער נאָמען האָט אַ ברויט באַשערט! אונטערן אָרעם טראָג איך עס... קריג איך פּלוצלינג הינטן־אַרום אַ זעץ אין קאָפּ אַרײַן, בין איך אומגעפאַלן, חלש איך, האָב איך מיך קוים אויפגעכאַפּט, — זע איך, גייט דער שבת־גוי אוועק מיטן פולן מויל און קײַט, און דאָס ברויט ליגט מיר פאַר די פיס אָפּגעביסן — נאַט, זעט, רביניו — — אוי, דער קאָפּ, דער קאָפּ! —

און ער ווײַזט דאָס ברויט דעם רב און כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ.

באַטראַכט דער רב דאָס ברויט און זאָגט:

— דער קאָפּ איז אַ קלייניקייט, פון אַ זעץ, חלילה, שטאַרבט מען נישט! אָבער זע, יענקעלע, ווער האָט רעכט געהאַט?

אָט זע — ציין! אָן ערל, זע, האָט ציין! זעסט? אַ ביס, און מיט־אַמאָל אַ העלפט פון ברויט! איך וואָלט עס נישט געקאָנט!...

— יאָ, רבי! — איז מודה יענקעלע, אָבער מיטן רוצח וואָס וועט זײַן?! כ ע ל ם איז אין סכנה!

— אי — י — י!

— און מײַן נישט, יענקעלע, — ווענדט ער זיך צו אים — אַז איך האָב קיין צער נישט דערפון... איך ווייס, וואָס אַ האַלב ברויט בײַ'ן אַזאַ ייד ווי דו, מיט אַזוי פיל מײַלעכלעך אין שטוב, באַטײַט... עס וועט דיר טאַקע, נעבעך, פעלן... עס זאָל זיך ווענדן אָן מיר, זאָג איך דיר בהן־צדקי, איך וואָלט בפירוש געהייסן, קהל זאָל דיר אָפּקויפן אַ האַלב ברויט...

פארוואס נישט? טאקע אָרעם קהל, אָבער — א ייד האָט היזק געהאט און פון אַלעמענס שבת־גוי! און א האלב ברויט איז גלאט קיין סכנה נישט... קהל ווערט נישט בדלות... ווייסטו דאָך, איך האָב קיין דעה נישט!

צעשרייט זיך יענקעלע:

— אזוי?... הייסט עס, לית דין ולית דיין... דער רוציח וועט ארומגיין פראנק און פריי!

— רוצח, — ענטפערט דער רב געלאסן, איז פאָרט לאוו־דווקא... כ'האָב דאָך דיר איינמאָל שוין געזאָגט: די וועלט, חס־ושלום, קיין קיום נישט געהאט! נישטאָ קיין רוצחים...

— אלא מאי? פרעגסטו?

— שולדיק, זאָג איך דיר, יענקעלע, איז דאָס ב ר ו י ט! „על פת לחם — שטייט אין די ספרים, — יפשע גבר”. קענסט דאָך די קליי־נע אותיות — א מענטש זינדיקט איבער א ביסן ברויט!... און אלע: א ייד אין עובר אויף „לא תחמוד”... אמאָל אפילו אויף „לא תיגנוב”... א גוי, להבדיל, אויף „לא תיגזול”... אמאָל טאקע אויף „לא תירצח!” אויך, אָבער נישט פון דער טבע... אַלץ דאָס ברויט! דו ווייסט גאָרנישט, יענקל, א יצר־הרע עס שטעקט אין ברויט. הגע בעצמך, זאָג אַליין, יענ־קעלע, ווען נישט דאָס ברויט, וואָס וואָלט געאַרט א שבת־גוי, אז יענקע־לע דרייט זיך ארום אויף דער גאס, שפייזט זיינע עופהלעך און לויבט גאָט? האָ? אָבער אז מען דערזעט ברויט... אז יענקעלע טראָגט א ברויט! יאָ, יענקעלע — פארשטייסטו! צעקיי עס גוט...

און דער רב גייט צו, לייגט יענקעלען די הענט אויף די אקסל און זאָגט מיט גרויס רחמים:

— ווייסטו וואָס, יענקעלע? דו ווייסט דאָך, איך בין אן עניוו, בטבע אן עניוו... איך האָב נישט ליב יענע זאכן... פונדעסטוועגן, דיר וועל איך עס טון, דיר צוליב! און, ווייסטו וואָס? איך וועל מיתפלל זיין אויף א האלב ברויט פון דיינעטוועגן!

— א דאנק, רביניו! שפרינגט יענקעלע אויף דערפרייט, און וויל ארויס פון שטוב.

— נאָר הער, יענקעלע, — שטעלט אים נאָך אָפּ דער רב, — מע־זאָלסטו קיין ברויט, וואָס דיין ליבער נאָמען וועט דיר באשערן, אָפן און בפרהסיא נישט טראָגן; מען דארף נישט אויפרייצן דעם יצר־הרע... האָסט א פּאָלע — פארדעק!

## קאַפּיטל 3.

א ווייב מיט א קאַטשובע

א מעשה פון הינטערן באָד.

גייט יענקל בארואיקט אוועק פון רב, און קומט נאָך א קורצער צייט צוריק מיט א געוואלט צום דריטן מאָל, און ווייטער דער שבת־גוי.

— דאָס איז שוין — זאָגט דער רב — לְמַעלה מן השכל. אַ ייד זאָל זיך במשך פון איין זמן טרעפן דריי מאָל מיט א שבת־גוי — און דערביי דריי מאָל געשלאָגן ווערן! עס לייגט זיך גאָרנישט אויפן מוח.

— עס שטעקט עפּעס דערינעַן! — זאָגט ער — און ער קנייטשט איין דעם שטערן און הייבט אָן חוקר־ודורש צו זיין:

— האָסט אים געוויזן די ציין?

— חס־ושלום, רבי! אז איר האָט נישט געהייסן?!

— געהאלטן ברויט בפרהסיא?

—ווער ברויט, ווען ברויט, רבי?

וואָלט ער געהאט ברויט, וואָלט ער גאָר צו דעם אַלעם נישט גע־קומען... ער איז אהיימגעגאנגען אָן ברויט... האָט אים די פלוניתטע באַגעגנט מיט דער קאַטשובע... איז ער אנטלאָפן, איז זי אים נאָכגעלאָפן... איז ער פון דער שטאָט אַרויס, צום באָד געלאָפן... א יידענע, פון שטאָט ארויס לויפט זי נישט... קומט ער בשלום הינטערן באָד ארונטער, ליגט דער שבת־גוי אין גראָז; שפּרינגט ער אויף, דערהרגענען וויל ער אים. אויפן סאַמע־ראָדנע טויט, זאָגט ער! און שלאָגט, — קוים זיך אויסגעריסן...

— ווייסטו וואָס, יענקעלע, — מאכט שטיל דער רב, נאָך א פאַר־קלערטער ווײַלע, — וועסט מיר מוחל זיין, איך גלייב נישט!

— כאַפּט יענקעלע אראָפּ די קאַפּאָטע:

— רבי, אזוי גרוים גאָלד, ווי גרוים צייכן בלאָע...

און וויל זיך אויסטון אינגאנצן; לאָזט נישט דער רב:

— שוטהלע, נישט דאָס מיין איך, — מאכט דער רב, — דארפסט דיך גאָרנישט אויסטון... לשיטתי גיי איך נאָר, איך קאָן גאָרנישט גלייבן, דער שבת־גוי, — גאָטס א באַשעפעניש, זאָל גלאַט זיין א רוצח! א רוצח דאַרף גאָר נישט זיין במציאות... און זאָג אַליין, יענקעלע, היכא דמי, — רוצח? דו וואָלסט געקאָנט זיין א רוצח?

יענקל זאָגט: ניין!

— איך אויך נישט! — זאָגט דער רב.

און פארטראכט זיך, און כאפט זיך נאָך א ווײַלע אויף:

— אהא.

„דערגאנגענ!" הייסט עס, און ער צעשמייכלט זיך און זאָגט:

— ווייסטו וואָס, יענקעלע? הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן!

און ער שטעלט זיך אויף, און זייערט מילה במילה:

„הינטערן באָד, זאָג איך דיר, יענקעלע, מוז זיין דאָס אָרט, ווו קין, ווי אין דער תורה הקדושה שטייט, האָט געטייט זיין ברודער הבל". —

„און דאָס אָרט, האָבן מיר א קיימא־לן, איז מסוגל לרציחה, ביפרט, איז עס א סכנה פאר א בן־נוח, וואָס קאָן זיך בטבע נישט איינהאלטן" —

עפנט יענקעלע מויל און אויערן:

— א!

— וואָס? — שמייכלט דער רב — עס ליגט זיך אויפן שכל? מן־הסתם! אז איך זאָג, זאָג איך! א מכה שולדיק איז דער גוי!

— פאָלג־זשע מיך, יענקעלע, מאַך דיר נישט דערפון. ווילסטו, רוף א פעלדשער, אנישט, לייג אליין צו קאלט וואסער.

— און שבת, איך מיש מיך אפילו נישט אין קהל־זאכן, אָבער בשעת סכנה — שבת, אם ירצה־השם, לאָז איך אויסרופן אין שיל און אין בית־המדרש, דער עולם זאָל ווייכן דעם הינטערן־באָד!

— און אפשר וועלן די באַלעבאטים איבערטראָגן דאָס גאנצע מרחץ... אין שטאָט אריין, אין מארק אריין... נישט גלייכער, וואָס? איז עס אָבער שוין נישט מיין זאַך! א גוטן טאָג, יענקעלע...

## קאַפּיטאל 4.

די אסיפה. יענקל מוז
אוועק. דעם שבת־גוי
— הוספה. —

איז אָבער נישט אוועק קיין גאנצער חודש און יענקל איז געקומען נאָכאמאָל...

די ציין נ י ש ט געוויזן, הינטערן באָד נ י ש ט געוועזן און צע־בראָכענע ביינער האָט ער. —

הינטער דער שיל האָט ער אים דערטאַפּט, דער שבת־גוי...

מוז שוין דער רב מודה זיין:

— אוי א גזלן! טאַקע ממש א גזלן!

און „אַ סכנה פאַר גאַנץ כּ ע ל ם...״

— פאַר מיר, למשל, נישט. איך קום נישט אַרויס מפּתח ביתי... נאָך וואָס? אָבער — גאַנץ קהל!

— וואָרום — זאָגט ער — וואָס ביסטו עס מער פון אַן אַנדערן כעלעמער ייִד? דו הייסט יענקל, אַן אַנדערער הייסט גרוינעם; אין נאָמען ווענדט זיך עס נישט. און איך ווייס גאָרנישט, צי דער שבת־גוי ווייסט, ווי עמעץ הייסט? ווי אַזוי רופט זיך דער, ביי וועמען ער נעמט די לייכ־טער אַראָפּ...

— מוז מען שוין — זיפצט ער אָפּ — אַן אַסיפה מאַכן... יאָ...

— און ווייסט, דער עיקר, פאַר וואָס איך האָב מורא, יענקעלע?

— פאַר וואָס, רבי?

— פאַרן יום־כּיפּורדיקן פאַר־נעילה!

אַז ערל קומט אין שיל אַריין, אָנצינדן די נעילה־ליכט, קען ער חרוב מאַכן כעלם. אומברענגען, חס־ושלום, די גאַנצע קהילה מיטאַמאָל!

און ליב האָט ער, דער רב „אומר ועושה״!

שבת הענגען שוין אין מקום־קדוש קוויטלעך גרויסע מיט אותיות שרייענדיקע:

אַן אַסיפה וועט זיין! אַ סכנה פאַר דער שטאָט!

אַ סכנה — קומען זיך צונויף די קאַרפּן־קעפּ, איילן זיך די טיז־ליקעס, זיצט מען קאָפּ אויף קאָפּ — —

— זאָגט־זשע, וואָס, רבי־לעב...

— זאָל יענקעלע, זאָגט ער, פאַרציילן...

זאָגט יענקל זיין עדות. פאַרציילט דער רב, ווי עס איז אים אָפּגע־פאַלן אַ סברא... און אַז גערעכט איז געבליבן יענקעלע — —

— אַ רוצח — שרייט יענקעלע, — אַ רוצח!

ציטערט „אַ פיש אין וואַסער״...

— וואָס־זשע טוט מען, רבינו?

נישט לאַנג וואַרטן לאָזט דער רב, און זאָגט אַזוי:

— איך זאָל, זאָגט ער, האָבן אַ דעה ביי קהל... מען זאָל מיך באמת פרעגן, וואָלט איך אַזוי געזאָגט:

יענקל זאָל קודם־כל, און טאַקע באַלד מאָרגן, אם־ירצה־השם, און גאָר באַגינען טאַקע ערגעץ אַוועק... וואָרן אויף אים האָט ער שוין אַ חזקה, דער שבת־גוי... מער ווי אַ חזקה, אַ כיוון־דדש...

ולהשיב אפו, כדי מציל צו זיין קהל פון סכנה, זאָל מען דעם שבת־גוי געבן הוספה:

אַ גרעסער שטיק קוילעטש, צוויי טרינק בראָנפן,

איך ווייס? אולי ירחם!...

. . . . . . . . . . . . .

איר לאכט?

און דאָך שטעקט אין יעדן פון אונדז א שטיק בעלעמער רב!

# נישט פאַרמישפּט

## 1) — אין פאַדער־הויז פון עולם האמת

נדיקן, מיינע ליבע לעזער, וועט זיך די מעשה גאָר אויף א הויך אָרט; אויף א געהויבן אָרט, ווו טויט און לעבן זענען אויף משקולות.

פארן רויט געדעקטן טיש, מיט די גאָלדענע טראָלבען און קוואסטן...

— אין קרייז־געריכט.

פאר דאָס אָנהייבן הייבט זיך עס אָן ז יי ע ר אָרעם, ז יי ע ר ש פּ ל ד י ק —

אין מושב ־ זקנים;

אינגאנצן איין שטוב, מיט א פּרייסיש ווענטל אויף צוויי העלפטן אָפּגעטיילט — פאַר זקנים באַזונדער און פאַר זקנות באַזונדער (אין אונד־זער פרעמדער שטאָט באַגראָבט מען אפילו באַזונדער), האָט יעדע העלפט א פענצטער צו דער גאס און א טיר צום הויף ארוים.

זיצן זיי (איין לייבל, דער געוועזענער לאַנד־שדכן מיט די פאַרגלי־ווערטע פּים — ליגט), זיצן זיי, די פאַראייניזאַמטע זקנים און זקנות אינעם פאַדער־הויז פונעם עולם־אמת; פון דער גאַנצער וועלט פאַרגעסן, נאָר פון דער פרומער „צדקה” נישט פאַרלאָזט, און ציילן זייערע איבעריקע פאַר־שאָטנט־קריכעדיקע, טויבלעך־בלינדלעכע טעג און גרייטן זיך...

איינמאָל — עס פאלט צו די נאַכט...

דער משרת, וואָס האָט די מאָלצייט געברענגט, האָט די לאָדן פאַר־מאַכט; געוואָרנט, מען זאָל, צו דער רעכטער צייט, דאָס ליכט פאַרלעשן, און הינטער זיך די טיר פאַרמאַכט...

די זקנים וזקנות דערזיפן מיט די בלאַסע ליפּן די פיש־יויך, צע־דריקן, מיט די מיילער אָן ציין, די ווייכע שטיקלעך ברויט, וואָס שווימען ארום אין די טעפּלעך, (די געל־געוואָרענע „גרינע” דוואָשע, אן אמאָליקע גרינהענדלערן, מאַכט נאָר מיטן מויל; נישט זי געדענקט, נישט זי זעט

אין סידור די גרעסטע אותיות, נישט זי הערט, ווי יענער בענטשט!) און באַלד זיך צו דער לאַנגער קריאת־שמע מיטן גרויסן „על חטא" גענומען.

אָפּגעלייענט, אָפּגעקלאַפּט מיט די ציטערדיקע פויסטן אין די מאַטע הערצער אריין און — געלייגט זיך (אויסער ליבל שדכן, וואָס ליגט) — קרעכצן...

און ביסלעכווייז — שנאָרכען און חלומען...

חלומט מען אַמאָל פון אַמאָליקע טעג. רופט זיך ווען אַן אַלט מיחוש אָן, קרעכצט מען; פאַרבלאָנדזעט זיך אין מידן מוח אַ זיכר פון אַן אַמאָליקן זומער־טאָג, גליטשט זיך דורך אַ שטראַל איבער אַ גערונצלט פאַרמעטן פּנים... מערסטנטייל אָבער חלומט זיך יענע זייט, בייטן זיך שאָטן פון אימה ופחד: דער מלאך המוות מיט זיינע טויזנט אויגן קומט צו חלום, די ריטער, די אייזערנע אין מלאך־דומהס האַנט, די וואָגשאָל פאַרן בית־דין־של־מעלה וויגט זיך פאַר די אויגן...

אַ דאגה, פאַרוואָס מען שרעקט זיך אין פעדער הויז פון עולם אמת...

און אין גאַס פּלוצלינג:

— טראַך!

און געהאַקטע שויבן קלינגען...

— אוי־אוי! וועקט זיך אַן אַלטער אויף.

הערט זיך נאָך פון גאַס, — אַ געלייפעריי, אַ געפּייפעריי, און אַ געזאַנג:

„ברויט פאַר אַלע," —

„די בעקער צעטריבן!"

און טראַך — אַ געקלאַנג פון גלאָז!

„ליכט פאַר אַלע!"

„לאַמטערן צעשלאָגן,"

„קיין גאַנצער געבליבן!"

און נאָך אַמאָל:

— טראַך! און ווייטער געפּלאַצטע שויבן...

און נאָך אַמאָל, און נאָך אַמאָל, און אַזוי איבער דער גאַנצער גאַס...

זענען שוין אַלע וואַך. זעצט מען מיט אראָפּגעהאָנגענע פיס פון די בעטן און מען ציטערט.

איין גרינע דוואָשע הערט נישט...

זיצן די מענער מיט ווייסע אויגן אין דער פינצטערניש אריין, אין טויט־שרעק איינגעהילט.

קלאַפּן די װײַבער, װאָס ליגן בײַם פּרײַסישן װענטל, צו די מענער אַרײַן:

— מאַנספּאַרשױנען, װאָס טוט זיך עס אין גאַס?

ענטפֿערן זײ נישט, די מאַנסלײַט, — עס קלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. שרײַען די װײַבער:

מאַנספּאַרשױנען, איר זענט דאָך מאַנספּאַרשױנען, זאָל װער פֿון אײַך אַרױסגײן, זאָל װער אַ לאָדן עפֿענען און אַרױסקוקן!

— זאָל עמעץ פֿון אײַך זען, װאָס אין גאַס טוט זיך.

— די װעלט גײט דאָך אונטער...

די מאַנספּאַרשױנען שװײַגן.

לײבל דער לאַנד־שדכן, װאָס קאָן זיך נישט אױפֿזעצן, זוכט מיט אַ פּאַראַליטערטער האַנט שװעבעלעך, דאָס ליכט, װאָס שטײט בײַ זײַן בעם אָנצוצינדן, און געפֿינט נישט.

נישטערט ער און װאַרפֿט נאָך אַראָפּ דאָס ליכט מיטן מעשענעם לײַכטער פֿון טישל.

גיט אַ קלונג, גיבן זקנים וזקנות אַ ציטער, כאַפּט זיך אױף די לעצטע — די בלינד־טױבע גרינע דװאָשע, און הײבט פּלוצלינג אָן זאָגן: „גאָט אַברהם״; דאָס אײנציקע, װאָס זי געדענקט.

שלעפּט זי מיט זיך די װײַבער מיט; זאָגן אַלע מיט אַ װידױ־קול, מיט שרעק און האַרציק געװײן: „גאָט אַברהם״.

גיסן זיך שטילע טרערן אַפֿילו פֿון די מענער אױגן.

און אין גאַס האַקט מען לאַמטערן מיט געזאַנג...

דערהערט זיך פּלוצלינג פֿון גאַס אַ טראָמפּײט — —

די לאַמטערן־האַקער, צעשפּרײטן, צעלױפֿן זיך. די טראָמפּײט קומט נענטער און נענטער. שװערע, שװערע טריט הערן זיך שױן פֿון גאַס... מען גײט און מען טרעט.

— סאָלדאַטן! — רופֿט זיך אָן לײבל שדכן כמעט דערפֿרײט... זקנים וזקנות װערן עטװאָס רואיקער.

קאָמאַנדירט מען אין גאַס:

—נאַ — פּלע — טשאָ !

װערט אַ געקלאַנג פֿון איבערגעלײגט געװער, און די טריט דערװײַטערן זיך, און פֿאַרהילכן ערגעץ, אין דער צװײטער, אין דער דריטער גאַס...

װערט אין מושב זקנים שטיל און — קאַלט...

ציען די אַלטע לייט צוריק די פּיס אין די בעטן אריין; ציען זיי די קאָלדרעס זיך איבער די קעפּ און ציטערן שטילער...

ציטערן זיי אין דער פינצטער, און טראַכטן.

— וואָס קאָן עס זיין! וואָס איז געווען? וואָס וועט זיין?

און שלאָפן איינציקווייז איין אָן א תשובה...

ערשט אינדערפרי האָבן זיי די תשובה באַקומען.

אויפגעוועקט האָט זיי א ווייטער שאָס; און באַלד איז דער משרת מיטן אָנבייסן שפּעטער אריינגעקומען, און געזאָגט:

— רעוואָלוציע!

## 2. — אויפן הויף, רעוואָלוציע מיט א גענדזן-פּופּיקל

איז א שיינער, ווארעמער טאָג, זיצט מען אויפן הויף, העלפט דער משרת אַרויסטראָגן דעם לאַנד-שדכן מיטן געלעגער, זעצט מען זיך אַרום געלעגער.

לייבל, דער געוועזענער חברה-נושאים-שמש, א שטיקל מיוחס אויף דער קוליע, זעצט זיך פון די עם-הארצים אביסל אָפּגערוקט, אָבער אַלע זיצן. אויסער, אז עמעץ קאָלערט זיך אין גאַס אריין, א האַנט אויסצושטעלן. היינט נישט: א סכנה.

דער משרת האָט פאַרן אוועקגיין געזאָגט:

— געוועלבער וועלן זיין פאַרמאַכט. די טראַמוויים וועלן נישט גיין. דראָשקעס — נישט פאָרן... עס וועלן זיין דעמאָנסטראַציעס מיט רויטע פאָנען. און פּאַטרולן וועלן אומגיין מיט אָנגעלאָדענע ביקסן; און שיסן...

ווערט א זקנה בלאַס:

— פאַרוואָס?

פאַרוואָס קומט צו שיסן?

פאַרבייסט דער לאַנד-שדכן די ווייסע דינע ליפּן:

— עס קומט!

— און מענטשן — זאָגט משה-חייט שטאָלץ — שטעלן זיך איין דאָס לעבן!

משה-חייט איז דער יינגסטער און דער געזינטסטער, אים איז נאָר א טאָכטער אַנטלאָפן, דאָס ווייב — געשטאָרבן, און די רעכטע האַנט טריקנט אים; ער קאָן מיט דער נאָדל נישט פירן. אָבער אַזוי — נאָך א גאַנצער מענטש.

— און וואָס ווילן זיי, די מענטשן דײַנע? פרעגט דער לאַנד־שדכן פאַרביסן.

— איך ווייס, וואָס זיי ווילן! ענטפערט משה־חייט. און פינטלט אַרום מיט רויטלעכע אויגעלעך און שמייכלט זיך אין ציגן־בערדל אַרײַן. זאָגן וועט ער נישט. מ׳שטיינס געזאָגט: פּגרים־מתים...

מאַכט אָבער דער לאַנד־שדכן:

— או — הום...

דאָס הייסט: ער איז מסופּק, צי יענע ווייסן, ומכל שכן, צי משה־חייט ווייסט...

„וואָלט ער אַזוי געלינקט געוועזן, ווי ער ווייסט" — זאָגט משה־חייט. „אויף די באַלעבאַטים גייט עס!"

און ער קאָן זיך שוין נישט אײַנהאַלטן:

— די רוצחים, דעם גאַנצן עולם הזה פאַרכאַפּט!

— אַזוי? מאַכט דער לאַנד־שדכן.

— עולם הזה פעלט אים, דעם חייט! — קרומט זיך אַ זקנה...

— פאַרוואָס נישט? — שפּרינגט אויף משה־חייט — מײַן נשמה איז אַ לעמעשקע? כ׳קאָן נישט פאַרדייען?

און זעצט זיך צוריק ווייטער וואָרטשענדיק:

— אַלץ האָבן זיי צוגענומען, די מערדער! מיט פיש־יויך שפּייזן זיי אונדז... זיי קומט אַלץ! — די הייזער, דאָס געלט, דאָס צירונג, די מלבושים...

ווער בויט הייזער? דער מולאַר! ווער מאַכט צירונג? דער גאָלדשמיד: און מלבושים ווער מאַכט?

— איך!

גיט ער אַ קלאַפּ אין דאַרן האַרץ אַרײַן, אַז עס קלינגט אָפּ.

און דער לאַנד־שדכן פרעגט:

און געלט ווער מאַכט?

משה־חייט ווערט ווי פאַרבליפט; לייבל דער געוועזענער חברה־נושאים־שמש מאַמלעט.

די מ... מ... ממשלה.

שפּרינגט אויף משה־החייט:

— אָט דאָס טויג טאַקע נישט!

ווערט אַ צעשראָקן געמורמל.

— צערעדט זיך...

— ס'מויל זאָל אים הינטן שטיין.
— לאָז שוין זיין געגוגו!
דער לאַנד־שדכן האָט אָבער קיין חשק נישט:
— און די ממשלה, זאָגט ער, שיסט!
זאָגט דאָס חייטל בייזלעך:
— כל־זמן דער זעלנער פאָלגט!
— דאָס מוז ער! רייסט זיך מיטאמאָל פון אלע מיילער ארוים. אויף דעם איז ער דאָך סאָלדאט!
גיט זיך דאָס חייטל נישט אונטער:
— וואָס מיינט איר, שוטים, באַלעבאַטים דינען?
זיי קויפן זיך אוים, די עבברושים! און גיט זיך ווייטער א קלאַפּ אין הארץ אריין:
— מיר דינען! מען וועט שוין זען!
און די אויגן ווערן אים נאָך אָנגעצונדענער, דאָס ציגן־בערדל ציטערט!
דעם גאנצן עולם הזה וועט מען זיי צונעמען...
און דער גיפטיקער לאַנד־שדכן פרעגט:
— דו אויך? און וואָס פאר אן עולם הזה פעלט דיר, טרוקענע האנט? פארטראַכט זיך משה־חייט אויף א ווילע און צעלאַכט זיך:
— אצינד?
— עס צופּט — זאָגט ער — ביים הארץ! און קלערט ווייטער און רופט אוים, וואָס ער וואָלט אצינד געוואָלט.
א געגדזל פּיפּיקל!
— שכל האָט ער! — מאכט דער לאַנד־שדכן.
קומט אלע מיטאמאָל וואסער אין מויל אריין... חזרן זיי איבער יעדער פאר זיך אין דער שטיל:
„א געגדזל פּיפּיקל — —",
די טויבע אפילו האָט אויך דערהערט און מאכט מיט פייכטע ליפּן:
— א געגדזל־פּיפּיקל..."
און לייבל, דער געוועזענער חברה־נושאים־שמש, זאָגט אויך נאָך:
— א געגדזל־פּיפּיקל...
ווערט אויפסניי א געמורמל:
— עס צופּט טאקע אין די געדערים...

— זאָלן זײ אַלע אַזױ לעבן, די באַלעבאַטים, צי מען קען אױסקומען אַ זומער־טאָג מיטן ביסל פיש־יױך און די פּיצלעך ברױט...

— און האַלב גנבעט אַװעק דער משרת...

— לאָ׳מען זיך טאַקע דאָס לעבן דערהאַלטן!

— מיטן ריח אַלײן — װאָלט איך מיר די נשמה דערכאַפּט...

און אױפן ראַנד פון קבר, אין פּעדערהױז פון עולם־אמת, האָט זיך פּלוצלינג אַרײנגעכאַפּט דער יצר־הרע. עס האָט זיך צעפּלאַקערט די תאװה צו עפּעס גוטס... די װײסלעכע אױגן הײבן אָן גלאַנצן; די אַראָפּגעלאָזטע אונטערשטע ליפּן — ציטערן, און די גענעצטע מײלער שרײַען זיך הײזער־ריקלעך איבער:

— אַ פּופּיקל... אַ פּופּיקל... אױ, אַ גענדזן־פּופּיקל, אױ, אַ פּעט גענדזן־פּופּיקל... אַ שמעקנדיקס...

אין די הענט ציען דרײַערס און צװײַערס, און גרעשלעך פון קע־שענעס און בוזעמס אַרױס.

אָבער — װער װעט גײן? װער װעט גײן?

— איך נישט! זיפצט אָפּ דער לאַנד־שדכן.

שרײַט גרינע: איך!

װײל מען נישט:

— חס־ושלום! ז׳װעט נישט דערגײן, װעט נישט דערײדן... און װעט אינמיטן פאַרגעסן — אָן זיכרון, אַ בהמה...

װײל משה־חײם גײן, װײל מען אױך נישט:

— מיט אײן האַנט — מיט אַ לינקער? ער װעט פאַרלירן! מען װעט אים אַרױסשטױסן...

רופט זיך ענדלעך אָן לײבל שמש:

— איכע...

אַזױ רעדט ער.

ער איז דער עלטסטער, דער שװאַכסטער, גײט אױף קוליעס... און עס װערט אַ גערופערײ:

— יאָ: יאָ! ער איז אַ מבין!

— דער גאָרקיכער קען אים און װעט אים נישט נאַרן.

— אָבער כמעט בלינד... װײל עמעץ אײנװוענדן.

— קען די שטאָט אױסנװײניק...

— גײט דאָך אױף אַ קוליע...

— זאָל זײן אַ קוליע, אַבי אַ מבין...

העלפט מען אים, זיך אויפהייבן. דערלאנגט מען אים די קוליע אין דער האַנט אריין, און ער גייט; דעם קאָפּ ווי ווייט מעגלעך איז, אויפגעהויבן. מיט דער קוליע, נישט אָן גאווה, קלאַפּנדיק, און דער עולם רופט נאָך:

— זעט, זעט! ער גייט!

— נאָר קלייב אויס, לייבל!

— בעט אים — א רעכט פּופּיקל.

— און איינפּאקן זאָל ער; אין א פּאפּיר —

— אין א סך פּאפּירן!

— און צובינדן מיט א שטריקל —

— למען השם!...

— און פארליר נישט...

ביז ער פארשווינדט.

## 3. — קאָסטראָמער גיבורים און לייבל שמש

דארף א קאָמפּאניע קאָסטראָמער, הויכע ברייט־פּלייציקע סאָלדאטן, גיין איבערפירן אַרעסטאנטן פון צירקל־אַרעסט אין טורמע אריין.

שטייען זיי, אויסגעשטעלט מיט שאַרף־אָנגעלאָדענע ביקסן פאר א יונגען אָפיציר מיט שפּיציקע וואָנצעלעך און אייגעלעך, וואָס זאָגט זיי אָן, ווי אזוי זיי זאָלן זיך באַגיין אויפן וועג מיטן „ווגוטרעני וווראג!"

דער „ווגוטרעני וווראג" — דער שונא פון אינעווייניק איז דער פּאָלאַק און דער ייד...

דער ייד איז נאָך געפערלעכער!

באווייזט זיך א קוים־קוים שמייכעלע אונטער די וואָנצן פון די קאָסטראָמער ריזן: „יידעלעך" און „געפערלעך"... עך־מאַ! פליגעלעך אזוינע...

זאָגט אָבער דער אָפיציר, אז „שדים שטעקן אין זיי!"...

קינדער פון וויגן גייען ארויס אויף דעמאָנסטראציעס. אלע גייען; פון די בעטן, פון די שפּיטעלער ארויס!

אזא איינגעוואָרצלטע שינאה ברענגט אין זיי צו דער רוסישער מלוכה; אזא פארקערטער האַס — צו דער הייליקער צערקווע...

פליגן — און, אַז מען דאַרף, ווערט פון זיי לייבן, טיגערן... זיי מאַכן זיך נאָר שוואך, ווי ביים „פּריזיוו", פארשטעלן זיך אזוי, א כיטרע פּאָלק די אנטי־קריסטן!

און — מיט באַמבעם גייען זיי!

ווערן שווין די פּנימער פון די ריזן פינצטער. הילן זיי זיך אין שטרענגע שאָטן איין. אין די קינדערישע אויגן צינדן זיך שלעכטע פייער־לעך אָן; דריקן די לאַפּעם די ביקסן פעסטער.

און קאָמאַנדירט מען:

— מאַרש!

גייען זיי מיט פעסטע טריט און א נאָך פעסטערן וויסן, וואָס צו טון...

נעמען זיי אָפּ אַרעסטאַנטן פון צירקל: אלט און יונג, פרויען און קינדער — און פירן זיי, ערנסט אין שטיל־שווייגנדיק, און נישט אינגאַנצן אָן שרעק, איבער דער גאַס צו דער תפיסה —

קומט אַנטקעגן א ייִד, גלאָצט מיט די אויגן אויס:

„ווי שטיל ער גייט... ער טאַפּט מיט די פיס, ווי מיט הענט, ער שלײַכט זיך... ער האַלט עפּעס אין ביידע הענט; און אזוי זאַכט... און אזוי ווייט פון זיך“!

גיט מען אים א רינגל־אַרום מיט אַמאָל — — —

זאָגט דער פירער:

— גיב אהער!

לייבל פאָלגט נישט.

וויל מען נעמען, ער לאָזט נישט! רייסט מען, לייבל שמש ראַנגלט זיך:

— מאָיע, מאָיע — שרייט ער — ראַזבאָיניקי!...

קוים די בלינדע אויגן האָבן דערזען, אז עס זענען סאָלדאַטן. וויל ער שוין אַוועקוואַרפן דאָס פּעקל, דערהערט ער ערשט אַן אַנגסט־געשריי: ניע בראָסיי!

גיט ער א צאַפּל און קריגט מיט א שטיק אין דער נאָז...

פירט מען אים, מיט די אַרעסטאַנטן צוזאַמען, מיטן אַראָפּגעהאָנ־גענעם נאָז־פליגל, צוריק אין צירקל אַריין...

לייגט מען דאָס פּעקל אויף א גרינעם טיש און מען שיקט נאָך סאַפּיאָרן...

קומען זיי, טרעטן אַלע אָפּ. בינדן די סאַפּיאָרן זאַכט דאָס שטריקל אָפּ, עפענען דאָס פּעקל מיט פאַרציטערטע הענט און געפינען, איר ווייסט שוין וואָס...

## 4. — נישט פֿאַרמישפּט

מאכט מען א פּראָטאָקאָל:

— נישט געפּאָלגט דעם פּאטרול... געווערט זיך... באליידיקט דעם פּאטרול: „ראַזבאָיניקי" געזאָגט.

פון פּופּיקל קיין וואָרט נישט דערמאָנט; איינגעשלונגען, נישט געוואָרן!

און מען האָט געשריבן, געחתמעט. אוועקגעשיקט, ווו מען דאַרף...

לייבלען, וואָס א דאָקטאָר האָט פּארנייט דעם נאָז־פּליגל, האָט מען אויך אָפּגעשיקט ווו מען דאַרף.

נאָך עטלעכע חדשים, קומט זיך דאָס אַלץ צוזאַמען אין „סוד"...

לייבל, די קאָסטראָמער: צוויי פון זיי אלם היטער, די רעשט אלם עדות און — דער פּראָטאָקאָל...

אַלץ — אויסער דעם פּופּיקל. —

זיצן, ביים רויטן טיש די אדונים שטרענג.

— פרעגט דער פּרעדסיעדאַטעל:

— ביסט מודה?

שווייגט לייבל... ער הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין.

ברומט א סודיא:

— ער וועט נישט ענטפערן!

דער קטיגור:

— פּארקערט!...

הערט מען אוים די עדות...

זאָגן זיי: טאַק טאָטשנאָ!

„עפּעס א פּעקל געטראָגן... נישט געפּאָלגט... געהאַמפּערט זיך... גע־זאָגט: „ראַזבאָיניקי"...

פרעגט דער סניגור, דער אדוואָקאט הייסט עס:

— וואָס פאַר א פּעקל?

זאָגט איין עדות:

— כ'ווייס נישט... אָפּגעגעבן אין צירקל.

— ווו איז עס אהינגעקומען?

ברומט א סודיא:

— יידעלעך — ארויסגעגנבעט...

און דער פּראָקוראָר:

— דערויף זענען זיי שוין בריה'ס!

ווײַל דער אדוואָקאַט ווייטער פרעגן, ווינקט זיך דער פרעדסיעדאטעל איבער מיט די חברים, און זאָגט שטרענג:

— דאָס געהער נישט צו דער זאַך!...

— נישט דאָס צירקל ווערט געמישפּט! זאָגט ער.

לאָזט דער אַדוואָקאַט דעם קאָפּ אַראָפּ און הייבט אָן צו בעטן רחמים:

—רבותי, איר זעט דאָך: אן אַלטער...

ברומט מען:

או—הו! די שינאה וואקסט מיט די יאָרן!

און מען צעווערטלט זיך: דער מליץ יושר מיטן פּראָקוראָר:

— אויף א קוליע... זאָגט דער אדוואָקאַט.

— אזוי קומען זיי צום פּריזיוו אויך! לאכט דער פּראָקוראָר.

— און טויב איז ער, און בלינד —

— געמאַכט... גאַנץ יידישלעך...

— א האַלב טויטער!...

לאכן שוין אַלע...

ווערט שוין דער אדוואָקאַט בייז. ער איז דאָך עפּעס אויך א מענטש מיט א דעה, — גיט ער א געשריי צו לייבלען אויף רוסיש לשון:

איי, זשיד, פּאָדנימי סוואָיו פּאַלקו...

פארשטייט דאָך לייבל נישט א וואָרט, רופט מען צו א מבין אויף יידיש־לשון, זעצט ער אים איבער:

— מען הייסט, לייבל, דו זאָלסט אויפהייבן די קוליע דיינע.

מוז ער.

האָט ער דאָך אָבער קיין כוח נישט, ציטערן אים דאָך די הענט, און די קוליע איז א שווערע... שלעפּט ער, אז מען הייסט!

שלעפּט ער און הייבט, און הייבט און גיט מיט אמאָל א פאַל אנידער.

. . . . . . . . . . . . .

קורץ און בקיצור:

מען האָט'ם נ י ש ט פארמישפּט!

---

## צווייטע אָפּטיילונג:

(משלים).

---

# קין און הבל

### 1.


מאָל איז געווען א קין, אמאָל איז געווען א הבל; צוויי ברידער זענען זיי געווען.

דער ע ר ש ט ע ר קין און דער ע ר ש ט ע ר הבל.

האָט הבל געהאט גאָט אין הארץ, געהערט זיין שטים ביי זיך אין די נירן און האָט זיך קיין גאָט נישט געזוכט.

דאקעגן קין, אָבוואָל דער עלטערער, האָט נאָר די ב ע נ ק ש א פ ט צו גאָט געהאט; האָט ער א וואנדערשטאָק גענומען און איז געגאנגען זוכן גאָט, אויף וועג און שטעג.

„גאָט מוז זיין ג ר ו י ס, אוימגעהייער גרויס; שטאַרק, אוים־טערליש שטאַרק מוז ער זיין"! — אזוי האָט קין געטראַכט.

און אז ער האָט דעם ערשטן, אומגעוויינלעך גרויסן, שטארקן פעלדז אויף זיין וועג געטראָפן, איז ער אויף די קני געפאלן און פון הארץ ארוים א געשריי געטון:

— אָט איז גאָט!

און פול פאָרכט, דאנקבארקייט און ליבשאפט צום גאָט, וואָס האָט זיך אים באוויזן, פאלט ער פארן פעלדז אויף די קני און בעט מיט פאר־ציטערטע ליפּן:

„לאָז מיך אייביק זיין נעבן דיר, גאָט, מיין גאָט!"

„דערוווייטער מיך נישט פון דיר, דו קוואַל פון גרויסקייט און מאַכט".

א ווינטל בלאָזט און רוישט אין דער שטיל —

דערהערט קין אינעם ווינטל גאָטס וואָרט: פארנעמט ער זיינע רייד און געררויש —

גייט הבל פארביי, רופט ער אים באגייסטערט צו:

— ברודער, קום צו און זע באשיינפערלעך גאָט!

— ברודער, דאָס איז גאָט! און איך, דיין ברודער קין, בין זיין נביא און, —

„אזוי זאָגט גאָט" — —
ער ענדיקט נישט!
הבל שטעלט ארויף א פוס אויפן פעלדז:
ער טרעט אויף גאָט!
שפּרינגט קין אויף און כאַפּט דעם וואנדערשטאָק, און טייט זיין ברודער הבל, וואָס האָט געלעסטערט גאָט...

. . . . . . . . . . . . . . . .

„בלוט פאַר בלוט" איז דאָס געזעץ.
לויפט א ווילד־טיר פון וואלד ארויס און צערייסט קינען, וואָס האָט זיין ברודער הבל געטייט. —

2.

„בלוט פאַר בלוט" איז א געזעץ;
„געשטאָרבן איז עמעץ, עמעץ זאָל לעבן!" — דאָס צווייטע!
און א נייער קין ווערט געבוירן; און — א נייער הבל.
האָט הבל גאָט אין הארצן און זוכט נישט גאָט; קין — נאָר דאָס פאָרגעפיל פון גאָט און א ברענענדיק בענקשאַפט צו אים, — זוכט ער גאָט אין וואלד און פעלד.
„גאָט איז לעבן, גאָט איז פרייד!"
איז זיין געדאנק.
„געזאנג איז ער און בליאונג... אויסער גרויס און שטארק!"
געפינט ער א בוים — א ריז אין וואלד, און פאַלט אויף די קניען פאַר גאָט!
„ווי גרויס דו ביסט, גאָט; די הימלען שפּארסטו אונטער. און שטארק — צוואנציק ריזן נעמען נישט ארום דיין שטאַם!
„און ווי דו בליסט, גאָט; דאָס ביסטו די בליאונג אליין!"
און ווי זים צעגיסט זיך דער געזאנג אין דיינע צווייגן, — לאָז מיך רוען אין דיין שאָטן, גאָט"...
„און אז א ווינטל בלאָזט און די בלעטער הייבן אָן צו רוישן, הערט קין די שטים פון גאָט און פאַלט אויף די קניען.
גייט הבל פאַרביי:
„זע, ברודער, גאָט! און איך, דיין ברודער, בין זיין נביא!
„אין די אויערן רוישט מיט זיין געזאנג; ביזן הארץ אריין — זיין קלינגענדיק וואָרט...

און — אזוי זאָגט גאָט...

ווייל הבל נישט הערן גאָטס וואָרט; שטרעקט ער אויס זיין האנט און כאפט אָן א צווייג פון בוים.

— איך בייג אראָפּ דעם קאָפּ פון גאָט; איך רייס אים ביי די האָר!

און רייסט אויס, און צעווארפט א הויפן בלעטער פון גאָט.

פאלט הבל, דער גאָט־לעסטער, פון קינס הענט דערוואָרגן; אנט־לויפט קין, דער ברודער־מערדער, צום ים, פארפלייצט אים א וואל!

„בלוט פאר בלוט!"

.3

„געשטאָרבן קין און הבל, לעבן זאָלן קין און הבל!"

און ניי־געבוירן, קומען זיי צוריק אויף דער וועלט.

האָט הבל גאָט אין הארץ און זוכט אים נישט.

און קין האָט איינמאָל גאָט אין חלום געזען; און איז דער חלום פארשוואונדן, האָט ער זיך אויפגעכאפּט נאָך מיט א גרעסער, ברענענדיקער בענקעניש צו גאָט.

און א שניצער איז שוין קין געווען, מוז ער זיך אויסשניצן דעם גאָט, וואָס ער האָט אין חלום געזען.

פארווירקלעכט מוז דער חלום ווערן; צוריקומען און אייביק בלייבן מוז דער פארשוואונדענער טרוים!

ער קאָן אָן גאָט שוין נישט לעבן!

נעמט ער מיט זיך מעסער, האַק, הובל און זעג און גייט אין וואלד אריין.

דעם שטארקסטן, העכסטן בוים קלייבט ער אויס; און דער פאלט אונטער זיין האַק, און ווערט דערנאָך מיט האַק, הובל און מעסער באארבעט...

און טעג און נעכט טרעט קין פון דער ארבעט נישט אָפּ. פון די שפּענער האָט ער זיך א פייער, צום ווארעמען און קאָכן געמאכט; פון אָפּגערייניקטן שטאם זיך זיין גאָט געשניצט...

און עס איז ארויס א גאָט!

דער גאָט, וואָס האָט זיך אים אין חלום באוויזן, וואָס ער האָט אין שלאָף געזען...

און גרויסע אויגן האָט ער אים געמאכט — גאָט זעט פון עק וועלט ביז עק... אָבער נישט גלייכע אויגן:

קוקט איין אויג לייטזעליק און באַשענקענדיק־ליב — גאָט איז אַ גוטער! —

דאָס צווייטע — שטרענג, — אַ ריכטער איז גאָט אַ שטרענגער און באַשטראָפט יעדע זינד!

און אין איין האַנט האָט ער אים אַ הענגל־טרויבן אריינגעשטעלט — פרוכטבאַרקייט איז דער גוטער גאָט!

די צווייטע האָט ער אויף אַ פויסט פארשניצט און זיין האַק אין דעם פויסט אריינגעשטעקט — דעם זינדיקן אָפּצושרעקן; גאָט שטראָפט!

און פּאַרטיק איז געוואָרן דער גאָט, און ער האָט אים אויפגעשטעלט און — פאַלט פאַר אים אויף די קני!

— אָ, גאָט!

ווי ליב האָב איך דיך, גאָט, מיין גאָט! און ווי פאָרכט איך מיך פאַר דיר!

— און איך בין דיין נביא, גאָט!

איך האָב דיך געפונען!

און איך וועל דער וועלט זינגען דיין לויב און שאַלן דיין קראַפט.

איבער דער ברייטער וועלט וועל איך דיין נאָמען צעטראָגן; ווי שמעקנדיקער בוימאייל וועט זיך, אָ, מיין באַשעפער, דיין נאָמען צעגיין — און בעטן בעט ער זיך!

„רייד מיט מיר, גאָט"!

פליט, איבער זיין, צו גאָטס פּיס פאַרזונקענעם קאָפּ, אַ מחנה וואַנדער־פייגל פאַרביי; רוישן זייערע פליגל אין דער לופט; הערט ער גאָטס רייד צו זיך אין גערויש.

גייט הבל פאַרביי.

— הבל, זע באַשיינפערלעך גאָט! און —

„אזוי זאָגט גאָט!" — —

— דיין באַשאַפענער באַשעפער? — פאַלט אים הבל אין די רייד אריין מיט שפּאָט.

— האָסט אַ בוים אויסגעהאַקט, ביים פּ יי ע ר פון זיינע שפּענער דיך געוואַרעמט און דיין שפּייז געקאָכט, און דו קניסט פאַרן טויטן אָפּגע־שיילטן שטאַם, וואָס דו האָסט, לויט דיין אייגן בילד, געמאַכט?

דערקענסטו דיך נישט, קין, אין ד יי ן ג אָ ט ?

און זע, איך שפּיי אויף דיר און אויף דיין עבענבילד — דיין גאָט!

— גאָט — שרייט קין אויס אין ברענענדיקן צאָרן — פארשטאָפּ דאָס לעסטער־מויל, באַנוץ דיין האק פאַרן זינדיקנס קאָפּ!

און ער פאלט נאָכאמאָל אויף די קני:

— ער איז מיין ברודער, גאָט! פון איין טראכט זענען מיר אויף דער וועלט אַרויס, די זעלבע ברוסטן האָבן אונדז גענערט, — נאָר דו ביסט מיר טייער, גאָט, גערעכטער גאָט — און איך בעט, און איך פאַרלאַנג פון דיר: שטרעק אויס דיין האנט און שטראָף!

— און ווילסטו נישט? מוז א י ך עס טון; איך, דיין נביא, דיין קנעכט!

און שפרינגט אויף; און מיט דער האק פון גאָטס האנט ארויס, האָט ער זיין ברודערס קאָפּ געשפּאָלטן...

4.

און ווייטער איז אין גאָטס נאָמען א ברודער־מאָרד געשען. —

און „בלוט פאר בלוט” איז דאָס ערשטע געזעץ; „דער, וואָס גייט, קומט צוריק” — דאָס צווייטע.

„קין און הבל געשטאָרבן; לעבן זאָלן קין און הבל.

און אזוי וועט זיין, אייביק זיין.

---

# דער מלאך

## אויפגעבליט האָט דער מיזרח - שטרייף.



ער אָטעמט־אויף דאָס פעטע שטיק פעלד, מיט טוי באַדעקט. אין שטאל בלעקט דער אָקס, וואָס וויל אויפן פרייען ארוים. און באַלד עפנט זיך די טיר פון הויז; דער ערדמאַן באַווייזט זיך אויף דער שוועל.

אָפן איז די שטארקע ברוסט; פארשאַרצט די ריזיקע הענט.

מיט א קלאָר, ליב און דאנקבאַר אויג בליקט ער — ארויף צום צע־שמייכלטן הימל, אראָפּ צו זיין פעטער שפּייזערן — ערד, און דערהערנדיק די שטים פון געטרייען אָקס, צעשמייכלט ער זיך:

— איך גיי, ליבער, געטרייער אָקס!

נישט לאנג האָט געדויערט, און דער אָקס איז שוין צום אקער גע־שפּאנט.

אונטערן אקער שטייט דער ערדמאַן, דריקט דאָס מעסער טיף אין דער ערד אריין, און דער אָקס ציט אוים האלדז און קאָפּ צום ערשטן שריט.

באַווייזט זיך פּלוצלינג א מלאך פון הימל, ציט־אוים זיין פייערדיקן שווערד איבערן אקער, צווישן אָקס און מענטש...

און אין די אויגן פון מלאך זענען שמערץ און ליבשאַפט צוזאמענ־געגליט; באַרמהערציקייטן און דראָאונג.

און פייערלעך ווענדט זיך צום מענטש דער מלאך, און באַפעלט, און שטאָלערן קלינגט זיין שטים דערביי:

„פארלאָז דיין אָקס, דיין אקער, דיין פעלד און גיי!"

און אז דער ערדמאן וויגערט זיך דערשראָקן, קלינגט נאָך הארטער דעם מלאכס שטים:

„און וועסטו נישט ג ע ר נ ווִ י ל י ק גיין, טרייבן וועל איך דיך!"

„ווילסטו דײַן שפּײַזערן־ערד נישט פאַרלאָזן, פאַרשלים איך איר טראַכט, און זי וועט דיר איר שפּראָצונג נישט געבן"

„ווי אײַזן וועט זי ליגן אויסגעשפּרייט פאַר דײַנע אויגן און אָנזאָגן וועל איך די הימלען, און זיי וועלן איבער איר קיין טראָפּן רעגן נישט לאָזן; קיין טראָפּן טוי".

„און וועסטו מיט שרעק פון דײַן ערד אַנטלויפן, און אין דײַן שטוב, פאַר מיר און פאַר מײַן געבאָט, זיך באַהאַלטן" —

„שיק איך מײַן בליץ און צינד אָן דעם דאַך איבער דײַן קאָפּ...

„רוף איך פון אַלע עקן וועלט ווינטן צוזאַמען, און זיי וואַרפן איבער דיר די ווענט פון דײַן הויז".

„און וועסטו נאָך ווידערשפּעניק זײַן, און אַלץ נישט אָפּרייסן זיך פון דאָס דײַניקע, און פון דײַן האָב־און־גאָב.—"

„ווינק איך צו די ווילדע אין סטעפּ, אין שטויביקן וואָלקן קומען זיי געפלויגן, און באַפאַלן דײַן האָב־און־גאָב"...

„און אין דײַנע אויגן קוילען זיי דײַן אָקס און דײַן שאָף און רינד, און פרעסן זייער פלייש!"

„דו מיט ברענענדיקע אויגן וועסט עס צוזען, און פאַרהונגערט בלײַבן!"

„און דײַנע זין און דײַנע טעכטער וועלן זיי באַצווינגען; מיט פייכטע שטריק בינדן, און פאַר זיך טרײַבן, אויף קנעכט און דינסטן צו פאַרקויפן — און קיינס וועט צו דיר שוין צוריק נישט קומען, — די אויגן וועלן דיר אויסגיין, וואַרטנדיק אומזיסט!"

— דו מוזט גיין!

—וווּהין? — פרעגט דער ערדמאַן פאַרציטערט.

„גאָט האָט דיך אַלס זײַן שליח אויסדערוויילט, און דו וועסט גיין איבער דער וועלט שאַלן, און רופן זײַן נאָמען!"

„איבער דער וועלט וועסטו גיין"!

„נע־ונד וועסטו זײַן".

„און אָן וועג און שטעג וועסטו גיין; איבער דערנער שאַרפע און שטיינער שפּיציקע, באָרוועס וועסטו וואַנדערן; אייביק בלוטיקן וועלן דײַנע באָרוועסע פיס"...

„און אַז דו וועסט מיד ווערן און זיך אָפּשטעלן, דעם אָטעם נאָר צו כאַפּן, וועל איך אָנצינדן די ערד אונטער דײַנע פיס, און זי וועט דיך טרײַבן!"

„וועל איך דיך פון הימל פארפאָלגן מיט דונער און בליץ".
„און בלוטיקע שונאים וועל איך אויפשטעלן אונטער דיר, און זיי וועלן דיך מיט זייערע פיילן יאָגן... דאָס ווילדע טיר וועל איך רופן אויף דיר פון וואלד, און עס וועט דיך טרייבן"...
„און צו אן אָפרו, צו א הערבערג 1) וועסטו לעכצן: „און ווו א טיר, וועסטו אָנקלאפּן און בעטן זיך: לאָזט מיך איבער דער שוועל!" און ווו א פענצטער: נאכטלעגער פאר א קראנקן וואנדערער, בעטלען" —
„און טרייבן וועט מען דיך פון אומעטום!" —
„מיט שאנד און שפּאָט טרייבן, מיט קלעפּ און שלעק — ווי א קרע־ציקן פון ישוב ארויס! און משוגע פאר שרעק וועסטו ווייטער לויפן..."
„און אז דו וועסט פאר א וואסער־שפּיגל פארביי, און דיך אליין דערזען, וועסטו דיך פאר זיך אליין דערשרעקן! וועט דיך אָנכאפּן א גרויל פאר זיך אליין! א שרעק פאר דיינע אָפענע ווונדן; אן עקל פאר דיין שמוץ אויפן צעבלוטיקטן לייב... און וועסט דיך וועלן פון דיין שליחות, פון גאָטס נאָמען־שאלן — באפרייען, און וועסט נישט קאָנען;"
„דעם טויט וועסטו רופן און ער וועט נישט קומען!" —
„די נעגל וועסטו ארייגשטעקן אין דיין אייגן לייב, דאָס הארץ ארויסרייסן, די נשמה און גאָטס וואָרט פון דיר, — און וועסט נישט קאָנען!"
„און נאָך א גרעסערע שרעק וועט דיך יאָגן...
„און ווי הייסע טראָפּן בליי וועלן פאלן די טרערן פון דיינע אויגן איבער דיין פּנים; און פון דיינע, אייביק אָפענע ווונדן וועט זיך גיסן אָן אויפהער דיין בלוט...
— נאָכוואָס?
פול בארמהארציקייט ווערט די שטים פון מלאך:
„פון יעדער טרער, וואָס וועט פון דיינע אויגן פאלן — אזוי וויל גאָט! — וועט אויסשפּראָצן פון דער זינדיקער ערד א ווייסע ליליע" —
„און פון יעדן טראָפּן בלוט, וואָס וועט טריפן פון דיין איטלעכער ווונד — א רויטע רויז! אזוי האָט גאָט באשטימט!"
און צוריק שטאָלצירן קלינגט די שטים:

1) וואַרשיינלעך „הארבעריק", וואָס מיינט אכסניה אויף אַלט־יידיש. — רעדאַקציע.

„אָבער דאָס אַלץ וועט זײַן הינטער דיר; דאָס אַלץ וועלן דײַנע אויגן נישט זען"...

„פאַר דיר — דערנער; שטיינער אונטער די פיס; ווי ווײַט די אויגן זעען — א וויסטעניש" — —

„און וועסט, משוגע פאַר שרעק און פּיין, אַלץ ווײַטער און ווײַטער לויפן...: די וועלט אונטער דיר מיט בלומען פאַרזייען, די ערד אונטער דיר אין אַ גן־עדן פאַרטוישן, און דו וועסט עס נישט זען — ביז —

— ביז וואַנען, מלאך?!

„ביז דו וועסט צוריקומען צום אָרט, פונוואַנען דו גייסט אַרויס — אויב..."

— אויב וואָס, מלאך? — פרעגט דער ערדמאַן נאָך מער פאַרציטערט.

„אויב גאָט וועט דיר אויף אַנדערע פון זײַנע וועלטן נישט שיקן"...

„צו דעם ביסטו געבענטשט און פאַרשאָלטן..."

„צו דעם — אויסדערוויילט!" —

# דער אייביקער פרידן אין ערגעץ־לאַנד



ערציילט אזוי דאָס מעשהלע פון ערגעץ־לאַנד:

אין ערגעץ־לאַנד איז א הויכער גרויסער בארג פאַראַן. האַלטן זיך אויפן שפּיץ פון בארג די אָדלער די גרעסטע, שפּילן אויף זיין הייך די ווינטן די שטאַרקסטע; שפּילן זיי און רינגלען זיך.

זעט אויך דער שפּיץ פון בארג דאָס גרעסטע הימל־שטיק פון געוועלב איבערן ערגעץ־לאַנד, און דעם שענצטן אויפגאַנג פון דער זון יעדן מאָרגן־פרי אין ערגעץ־לאַנד...

באָדט זיך דער שפּיץ באַרג אין העלסטן, רייכסטן ליכט. עס איז דאָך דער העכסטער בארג אין ערגעץ־לאַנד: די זון פאַרשטעלט אים קיינער נישט, פון ערגעץ פאַלט אויף אים קיין שאָטן נישט...

און שטאַרק איז ער, דער באַרג: פעלדזן זענען זיינע גלידער, קופּער און גאָלד — זיינע אָדערן... דאָס ווייס די ווילדע ציג, וואָס שפּרינגט איבער זיין רוקן...

— אַט אזוי האָט דאָס מעשהלע פאַרציילט.

. . . . . . . . . . . . . . .

האָבן די מוטער דאָס מעשהלע געהערט, דערפון א וויגן־ליד פאַר־פאַסט, און שלעפערן די קינדער איין דערמיט. מיטן ליד פון ערגעץ־לאַנד, פון הויכן גרויסן באַרג אין ערגעץ־לאַנד.

וואַקסט אָבער אויף דאָס קינד און עס פאַרגעסט דאָס וויגן־ליד; אין לערנען און אין שפּילן ווערט עס פאַרגעסן; דערנאָך אין לעבן, ליבן און ליידן... אינעם וועלט־גערויש!

ערגעץ דאָך, אין א פאַרבאָרגענעם ווינקל פון האַרץ, ציטערט נאָך אַלץ א סטרונע שטיל, און עס קלינגט דאָס ליד, דאָס וויג־ליד, פון שפּיץ פון באַרג אין ערגעץ־לאַנד, — פליִצט דאָס לעבן אַרום און אַרום, רוישט עס און זידט, הערט מען די סטרונע נישט —

גייען אזוי יאָרן און צייטן פאַרביי — —

טרעפט זיך אמאָל —

שפּינט א יונגערמאַן זײַן גאָלדענעם פאָדעם פון לעבן, און עס שטרעקט זיך אויס דעם מזלס האַנט און רײַסט אים דעם פאָדים איבער: גײט דער יונגערמאַן פון לעבן אוועק אין דער אײנזאַמקײט... דערפילט ער פלוצלינג אין דער שטילער אײנזאַמקײט: עפּעס ציטערט אין ווינקל פון האַרץ בײַ אים, אין פאַרבאָרגנסטן ווינקל פון האַרץ קלינגט... שטעלט ער זיך אָפּ און הערט זיך אײַן...

זינגט אַמאָל א יונגערמאַן זײַן גליקלעך ליבעס־ליד אויף זײַן האַרף, אויף זײַן גאָלדענער יוגנט־האַרף: דערהערט דאָס בײזע מזל און שלײַכט זיך צו און שטרעקט אויס די בײזע בײַנעריקע האַנט און רײַסט אים א סטרונע נאָך א סטרונע מיט געוואַלט; ווערט שטיל די האַרף און שרעקלעך שטיל אין האַרץ; — שטײן איז דאָס האַרץ געבליבן... און אין דער שטילקײט קלינגט פלוצלינג אויף דאָס וויגן־ליד. דאָס ליד פון ערגעץ־לאַנד, פון הויכן, גרויסן באַרג אין ערגעץ־לאַנד...

און אַמאָל וועקט זיך עס עמעצן אין חלום אויף און קומט אין א שטילער לבנה־נאַכט צום אויער, כאַפּט זיך יענער אויף...

און אזוי אַמאָל, פאַרטראַכטערהײט, וועקן זיך בײַ לײַטן די בענק־שאַפט אויף, און טרײַבט קײן ערגעץ־לאַנד; צום הויכן באַרג, צום גרויסן באַרג אין ערגעץ־לאַנד...

ציט דאָס ערגעץ־לאַנד און ציט; וואַנדערט מען...

און אין אַלע צײַטן, און אויף וועגן אַלערלײ, און פון אַלע עקן וועלט וואַנדערט מען קײן ערגעץ־לאַנד...

בלאָנדזשעט מען, פאַרבלאָנדזשעט מען, —

בײַנער בלײַבן אויפן וועג און שטעג קײן ערגעץ־לאַנד...

מאַנכע טרעפן דאָך און דערגרײכן עס.

קומען מאַנכע קײן ערגעץ־לאַנד; ווײס אײנער דאָך פון צווײטן נישט...

אויף אײנזאַמע וועגן גײען זײ, פון פאַרשידענע עקן וועלט קומען זײ... אײנער טרעפט זיך מיטן צווײטן נישט.

---

שפּינט זיך און שפּינט ווײַטער דאָס מעשהלע...

פון לבנה־שטראַלן שפּינט זיך עס; אין שטילע נעכט, אין לבנה־נעכט...

דערצײלט עס ווײַטער אזוי:

צופוסנס בײַם הויכן באַרג אין ערגעץ־לאַנד ליגן לענדער פרײַע, פעט און שוואַרץ... וואַקסן וועלדער טיפע, טיפע, און שטראָמען יאָגן און

טייכן פליסן... און רינגלען אַרום דעם גרויסן הויכן באַרג...

און קומען די וואַנדערער, — איינציקווייז, פּאָרנווייז, אָדער פאַמיליען גאַנצע — און דערגרייכן זיי דעם באַרג אין ערגעץ־לאַנד, באַזעצן זיי זיך אַרום און אַרום דעם באַרג, צופוסנס דעם באַרג...

גייט דער יעגער מיט פייל־און־בויגן אין וואַלד אַריין; זעצט זיך דער פישער מיט נעץ און ווענטקע ביים קלאָרן טייך; זוכט זיך דער פעלד־מאַן זיין אַקער אויס; טרייבט דער הערט זיין פי איבער דער פעטער לאָנקע... ווערן קאָלאָניעס מיט דער צייט...

גרויס איז אָבער דער צופוסנס פון באַרג, טרעפט זיך איין קאָלאָניע מיט דער צווייטער נישט; ווייסט איינע פון דער צווייטער נישט.

בויט זיך יעדערע איר וועלט פאַר זיך, און אָרדנט זיך איין די „איינציקע" וועלט. בויט זיך איטלעכער איר הייליקטום פאַר גאָט דעם „איינציקן", און דינט דעם האַר פון דער וועלט דעם איינציקן...

און מען לעבט זיינע יאָרן אויס, און מען שטאַרבט צו דער רעכטער צייט, און אַלץ לויטן ווילן און געזעץ פון גאָט דעם איינציקן...

און מען בעט גאָט, און מען רעדט אויף דער „איינאיינציק" מענטש־לעכער שפּראַך.

און מען אַרבעט; און מען מערט, און מען פּרוכפּערט זיך, און מען הייבט זיך פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אויפן רוקן פון הויכן באַרג, פון געגלויסטן באַרג . . .

לאַנגזאַם — מיט ווייץ, האָבער און קאָרן, גייט דער אַקערמאַן; מיידט אים אויס דער פלאַנצער פון וויין; העכער שפּרינגט דער הערט, איבער שטיין און פעלדז, נאָך דער ווילדער ציג; מיט דער מעטאַלענער אָדער גייט דער בערגמאַן פעסט און טיף...

און נ אָ ך העכער שטייגן מאַנכע...

דאָס זענען די, וואָס האָבן זיך, מיטן גאַנצן האָב־און־גאָב, באַרו־איקן נישט געקאָנט...

שווין צו פאַרבענקטע נשמות זענען זיי; צו פאַרבענקטע נשמות צו דער הויכער הייך.

ווייל שאַרפער קלינגט אין האַרץ ביי זיי דאָס וויגן־ליד...

לייגט מען אַמאָל די ווענטקע אַוועק און דעם פייל־און־בויגן, און מען גייט פון וואַלד און טייך... פאַלט רידל און קאָסע אַמאָל פון האַנט אַרויס; פאַרלאָזט מען דעם אַקער, פאַרלירט מען שער און שניידמעסער פון האַנט, קומט מען פון ווייבערג אַרויס, און מען וואַרפט די האַק אַוועק,

און מען קוקט פון דער מעטאַלענער אָדער אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין... פאַרלאָזט מען אויף גאָטס באַראָט די ווילדע ציג, און מען שווײַגט...

עס ציט דער שפּיץ פון באַרג...

האָט יעדע קאָלאָניע איר בענקנדיקן מאַן, אַנדערע — אירע בענקענדיקע לײַט — שטײַגן זיי.

איז, וואָס העכער, דינער און דינער דער רוקן פון באַרג; בלאָנדזשען זיי און טרעפן זיך אַמאָל.

און טרעפט מען זיך...

און טרויעריק ווערט דאָס מעשהלע, ווען עס דערציילט דערפון... און ש ר ע ק ל ע ך...

טרויעריקע געשיכטן; בלוטיקע געפּעכטן...

עס שפּינט זיך און שפּינט זיך דאָס מעשהלע אַזוי:

האָט יעדע קאָלאָניע איר בענקענדיקן מאַן; מאַנכע — אירע בענקענדיקע לײַט — —

צום שפּיץ פון באַרג בענקען זיי...

צו די ווינטן די שטאַרקע, צו די אָדלער די גרויסע... צום גרויסן פרײַען הימל; צום רײַכן העלסטן ליכט, צום שענסטן אויפגאַנג פון דעם זון בענקען...

עס ציט דער שפּיץ פון באַרג...

און איינציקווײַז גייען זיי, איבער די גרענעצן פון פעלדער גייען זיי... פון ווײַנבערג־געוועלבן קומען זיי אַרויס... ביי די רענדער פון מעטאַלענע גרובן שלײַכט מען זיך.

איבער שטיין און פעלדז, איבעריאָגנדיק די ווילדע ציג. —

מיט פאַרבענקטע אויגן, אין דער הויכער הייך פאַרקוקט, בלאָנדזשען זיי, זאַפּנדיק מיט אויפגעשפּיצטע אויערן די געוויישן פון דער הייך — און טרעפן זיך אַמאָל...

און טרעפן און — דערשרעקן זיך.

און מיסטרויאיש פאַרוווּנדערט, קוקט איינער אויפן צווייטן, זיך אָפּשטעלנדיק:

פון פאַרשידענע ערטער געקומען, אויף פאַרשידענע וועגן געגאַנגען און — אַנדערש געקליידט, אַנדערש געשוירן און אַנדערש דעם קאָפּ באַדעקט...

שטאַמלט מען, זיך גריסנדיק און זאָגנדיק:

— גוט־מאָרגן!

זאָגט עס יעדערער אויף ז י י ן שפּראַך, אויף זיין איינציקער שפּראַך... קלינגט עס דעם צווייטן פרעמד, הארט, נישט־מענטשלעך און פיינטלעך אין די אויערן... מיינט יעדערער, דער צווייטער דראָט.

„ער באַליידיקט מיך, ער שעלט!"

שטייט מען זיך קעגנזייטיק צו:

— ביסטו אַ מענטש, גלייבסטו אין — —

און אָנגערופן ווערט דער נאָמען פון גאָט, פון „איינציקן" גאָט...

ווערן אין צוויי שפּראַכן גערופן צוויי נעמען פון גאָט; און יעדערער פון צווייטן טראַכט:

— רעדן רעדט ער נישט ווי קיין מענטש און גלייבן גלייבט ער נישט אין גאָט...

גרייט מען זיך צום שטרייט...

רופט יעדערער פאַרן שטרייט זיין גאָט צו הילף...

אויף פאַרשידענע שפּראַכן ריידן זיי, פאַרשידענע נעמען רופן זיי.

זאָגט יעדערער: ער לאַכט פון מיר און לעסטערט נאָך מיין גאָט! —

אָדער: ער דינט אַן אַנדערן גאָט, אַ פאַלשן גאָט, אַ שלעכטן גאָט!

פלאַקערט מיטאַמאָל שטאַרקער אויף דער האַס, און מען ראַנגלט זיך; אויף טויט און לעבן גייט דער שטרייט...

זיגט א י י ן מענטש און זיין א י י נ צ י ק ע ר גאָט...

און דער באַזיגטער שעלט צי בענטשט זיין גאָט און — פאַלט...

קאָלערט זיך דעם באַזיגטנס קאָפּ באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ... און צייכנט מיט בלוט זיין וועג איבערן באַרג, איבערן רוקן פון הויכן גרויסן באַרג.

און זיין גאָט אויף זיין שפּראַך דאַנקענדיק, שטייגט דער זיגער אַלץ העכער און העכער...

און די צאָל פון די בענקענדיקע אין די קאָלאָניעז, און די צאָל פון די, וואָס טרעפן זיך און ראַנגלען זיך אויפן רוקן פון באַרג וואַקסט פון טאָג צו טאָג...

עס וואַקסט די בענקשאַפט, וואָס טרייבט אַלץ אַרויף און אַרויף...

און עס וואַקסט דער צאָרן קעגן דעם ווילדן, וואָס מען טרעפט אויפן וועג; קעגן דעם ווילדן טיר, וואָס גלויבט נישט אָן גאָט, האָט אַ שלעכטן, פאַלשן גאָט און שטאַמלט אויף אַ נישט־מענטשלעכער שפּראַך...

און וואָס אַמאָל העכער שטייגט דער מענטש מיט זיין צאָרן! און מיטן מענטש, אַלץ העכער און העכער — שטרייט און שלאַכט...

ראַנגלט מען זיך וואָס אַמאָל נענטער צום שפּיץ פון באַרג...

און די טויטע קערפּער פון באַזיגטע קאָלערן זיך אַלץ אָפּטער און אָפּטער, און פון אַ העכערער הייך, באַרג־אָפּ, באַרג־אָפּ... און צעפליישן זיך, זיך קאָלערנדיק, אויף בלוטיקע פעצן און פעדעם, אָן שפּיצן פון שטיין און פעלדזן; און אַלץ עפטער און עפטער ריזלט דאָס בלוט באַרג־אָפּ, באַרג־אָפּ; און שטראָמט, און טרענקט, און רייטלט דעם רוקן פון באַרג...

און אַדאַנק די אָראָפּגעפאַלענע צעפליישטע לעסטערער פון גאָט, ווערט אַלץ פעטער און פעטער די ערד צופוסנס דעם באַרג; אַלץ פולער און געבענטשטער — די זאַנג פון ווייץ און קאָרן; פולער און גליענדיקער — די טרויב, זיסער — דער זאַפט אין איר... און דער ווילדער ציג שפּראָצט אַלץ מער און מער גראָז פון אונטער די פיס, און אַלץ מער און פעטערע מילך גיט זי דעם הערט...

און די פאַרבענקטע זינגער דאַנקען גאָט און — שטייגן...

---

און ווייטער פאַרציילט דאָס מעשהלע:

און עס פּרוכפּערן זיך אַלץ, און מערן זיך די קאָלאָניען צופוסנס דעם באַרג. און די פאַרבענקטע צו דער הייך וואַקסן אויך אין צאָל, — שטייגן שוין מערערע מיטאַמאָל...

און געפערלעך, און מיט יעדן טאָג געפערלעכער ווערט דער וועג אַרויף; צו גרויסע אָדלער און פרייע ווינטן דער שטעג... און צום אויפגאַנג פון דער זון, און צו די ברייטע הימלען אינדערהייך...

אַלץ מער ווילדע שטאַמלער און גאָט־לעסטערער טראָגן זיך אויפן רוקן פון באַרג.

און שוין באַוואָפנט ווערט געשטיגן...

און מחנות באַוואָפנטע טרעפן זיך אָפּט און עפּטער..

און שלאַכטן ווערן ביי יעדן טרעפן־זיך געפירט, און אַלץ — אין נאָמען פון גאָט, פון איינציקן גאָט!

און דערהערט מען אונטן די קריגס־געשרייען פון ד ע ר ה י י ך, לויפט מען אַרויף צו הילף...

קומט דער הערט פון זיין געצעלט אַרויס, דער בערגמאַן פון זיין גרוב, פון טרויבן־געוועלב לויפט דער ווינבערגער אַרויף, עס איילט אויך דער ערדמאַן פון אָקער אַוועק, און דער פישער פון ברעג טייך, און דער יעגער פון טיפן וואַלד, און באַוואָפנט זענען אַלע; דער בערגמאַן האָט פאַר אַלע וואָפן געמאַכט...

און אַלץ עפּטער און העפּטיקער ווערט די שלאַכט...

הילכט דער באַרג פון אייביקן קריג; פון העלדן־געשריי, פון געווער־קלאַנג... און פון גאָטס נעמען, וואָס ווערן אין אַלערליי שפּראַכן גערופן...

און מאַסנווייז קאַלערן זיך די טויטע אַראָפּ, אַראָפּ, און צעפּליישן זיך אויף שטיין און פעלדז, איבער וועג און שטעג... און בלוטיקע טייכן שטראָמען באַרג־אָפּ, באַרג־אָפּ... יאָגן זיך און שטראָמען.

און וואָס אַמאָל, ווערט אונטען פעטער די ערד, פולער די זאַנג פון ווייץ, האָבער און קאָרן. זיסער און גליענדיקער דער ווייַן און אַלץ זאַטער און זאַטער פּיטערט זיך די ווילדע ציג צווישן שטיין און פעלדז און גיט מ ע ר און פעטערע מילך...

---

נאָר איינמאָל — אַזוי ווערט דאָס מעשהלע דערציילט — האָבן זיך צוויי, אין צעפּלאַקערטן קאַמף, אַלץ העכער און העכער געיאָגט, ביז זיי האָבן פּלוצלינג דעם הויכן שפּיץ פון באַרג דערגרייכט, און פּלוצלינג גאָר פאַרבאָדן זיך אין אַ שטראָם פון ליכט, פון העלסטן רייכסטן ליכט פונ־דערהייך...

און מיטאַמאָל און פּלוצלינג רייסט זיך זיי בײדע אַ נייע, גאַנץ נייע שפּראַך פון דער צונג אַראָפּ! — דאָס איז געווען פ ו נ ד ע ר ה י י ך, די ליכטיקע שפּראַך, די שטראַלן־שפּראַך.

און מיטאַמאָל און פּלוצלינג האָט איינער דעם צווייטן דערהערט און פאַרשטאַנען; האָט י ע ד ע ר ע ר אינעם צווייטן אַ מענטש דער־קענט, דעם זעלבן גאָטס נאָמען פון זיינע ליפּן אַראָפּ געהערט, און זיי זענען זיך איבער די העלדזער געפאַלן. —

און נאָך זיי זענען געקומען אַנדערע און אַריינגעפאַלן אין ליכט, און נאָך אַנדערע — און אַלע, אַלע האָבן אָנגעהויבן ריידן אויף דער איינציק־מענטשלעכער שטראַלן־שפּראַך...

איז אַ פרייד געווען!

אָבער פּלוצלינג האָבן זיי דערהערט פון הינטן אַ קריגס־געשריי, פון אַלע זייטן באַרג אַ ליאַרם פון שלאַכטן...

אונטן איז געשען, וואָס עס האָט געמוזט געשען... ווי אויבן די איינצלנע פאַרבענקטע מענטשן, האָבן זיך אונטן די קאָלאָניעס געטראָפן...

געמערט איבער דער צייט און געפּרוכפּערט זיך האָבן די קאָלאָניעס, און פאַרשפּרייט און פאַרשפּרייט, און אַלץ שמעלער און שמעלער זענען די פרייע פעלדער און די פרייע וועלדער געוואָרן... האָבן זיך יעגער מיט

יענער געטראָפן, דער ערדמאַן מיטן ערדמאַן; און הערשאַפט מיט הער־שאַפט באַגעגנט, און בערגמאַן מיט בערגמאַן — אונטער דער ערד...

— פרעמדע זענען געקומען! פרעמדע אַקערן אונדזער לאַנד! ווילד־פרעמדע כאַפּן פיש אין אונדזערע טייכן; שטאַמלער אָן אַ שפּראַך גראָבן זיך איין אין אונדזער ערד... גאָט־לייקענער האָבן אונדזערע וויינבערגער פאַרנומען, — דינע פון פאַלשע, שלעכטע געטער די ווילדע ציג באַ־צווונגען! —

אַזוי האָט מען גערופן.

און אויפגעפלאַקערט האָט אויף אַלע גרענעצן די שלאַכט...

לויפן די פאַרבלידערטע פונדערהייך אַראָפּ:

— שטיל! געוועווער צו די פּיס! אַלע זענען גלייך; פאַראַן איין איינ־ציקע מענטשלעכע שטראַלן־שפּראַך!

. . . . . . . . . . . . .

— און דאָס — פאַרפלייצט דאָס מעשהלע — איז דער אָנהויב געוועזן...

פון אייביקן פרידן דער אָנהויב.

פון אייביקן פרידן אין ערגעץ־לאַנד, צופוסנס דעם גרויסן, הויכן באַרג...

. . . . . . . . . . . . . . .

און אַזוי, פאַרפלייצנדיג, צעשטראַלט זיך עס, דאָס מעשהלע, און צעשמייכלט זיך...

ווי דער מזרחדיקער מאָרגן־גלאַנץ פון שפּיץ אַראָפּ געזען, פון שפּיץ פון הויכן גרויסן באַרג אין ערגעץ־לאַנד געזעען...

עס ווייסט, ס'וועט ווערן אַ ליד דערפון, אַ וויג־ליד; זינגען וועלן די מוטער עס, איבער דער ליבסטער קינדער־וויג...

און אינעם קינדס הערצל־קליין, הערצל־פּיין, קלינגען, קלינגען וועט דאָס ליד, און ס'וועט דערפון אַ בענקשאַפט ווערן...

אַ בענקעניש, צו ערגעץ־לאַנד, צום הויכן באַרג אין ערגעץ־לאַנד; צום פרידן־לאַנד, מיט דער שטראַלן־שפּראַך, דער איינציק־מענטש־לעכער —

אַ בענקשאַפט־פּיין, אַ בענקשאַפט־ריין!

# צוויי ברידער

ייגנטלעך, וואָלט איך ליבער די מעשה דעם גוטן גראַף טאָלסטאָי דערציילט. ער איז שוין צו גוט געוואָרן. ליידער בין איך אָבער מיטן גראַף טאָלסטאָי נישט אַזוי גוט... אפילו זייער גאָט, זאָגט מען, איז נישט דער בעסטער! ווי עס איז, אויב „אַ מעשה מיט צוויי ברידער" — פאַרשטייט איר אַליין, האָט איינער געמוזט זיין אַ קלו־גער און דער צווייטער — אַ נישט פאַר אייך געדאַכט — אַ נאַר! עס איז טאַקע אַזוי; אַנישט, וואָלט גאָר קיין מעשה נישט געווען. עס וואָלט אפשר גאָר קיין וועלט נישט געווען. פון דער צווייטער זייט אָבער האָט יעדער מענטש זיין לשון, און איך, אויב איך זאָג „איינער איז געווען אַ חכם און דער צווייטער — לאַ־עליכם —", — מיין איך גאָר פשוט: איינער איז געווען אַ שלעכטער און האָט זיך געטויגט; דער צווייטער — אַ גוטער און האָט זיך געלאָזט מעלקן! אַנישט, פאַרשטייט איר מיך, וואָלט ער גע־וועזן אַ מילנער ביזן היינטיקן טאָג.

וואָרים ביידע ברידער זענען מילנער געווען און האָבן, אויף צוויי נאָענטע בערגלעך, זייעדע ווינט־מילן געהאַט. אונטן, צופוסנס די בערג־לעך, אויף וועלכע די ווינט־מילן זענען געשטאַנען, האָבן זיך געצויגן גאַנצע טאָלן מיט ווייץ און קאָרן. און די מענטשן פון די טאָלן פלעגן עס אַרויפירן, אָדער קאָרצווייז אַרויפטראָגן צום מאָלן. ניט־געלט פאַר דער מיל לאָזט מען, ווי דער שטייגער איז, איבער אַ פערטעלע; מעל אָדער תבואה, ווי דער מילנער פאַרלאַנגט. פון מעל באַקט מען ברויט, קאָכט מען לאָקשן. די תבואה פירט מען אין שטאָט אַריין צו פאַרקויפן. פאַר געלט קויפט מען: זאַלץ, הייזון, הויז־געדעט, קליידער — וואָס נאָר אַ מענטש באַדאַרף. מען קען אין אַזאַ מיל האָבן אַ גוט יאָר, נאָך איבערלאָזן אויף אַ שלעכטער צייט. דערצו אָבער מוז מען שכל האָבן. מיט דעם, ווייסט איר שוין, זענען ביי־דע ברידער נישט גלייך געבענטשט. און אַ שאָד, וואָרים שווערע צייטן טרעפן זיך ביי ווינט־מילן אָפט, עס געראָט נישט און מען האָט נישט וואָס צו טון, אָדער עס מאַכט זיך אַ שטילע צייט און די פליגל רירן נישט. נישטאָ

מ י ט ו ו אָ ס צו מאָלן! טײלמאָל טרעפט זיך אויך אַ שאָדן אין מיל: אַ צו שטאַרקער ווינט דרייט אַ פ ל י ג ל אויס; אַן אָפּגעריסענער מיל־שטיין פּ ל אַ צ ט פאר דער צייט, אָדער ווייס איך, וואָס עס קען זיך טרעפן!

און דאָ טאַקע הייבט זיך אָן דער אונטערשיד צווישן קלוגן מיטן נאַר.

מאַכט זיך עפּעס אַ צופאַל ביים שלעכטן, דאַרף ער, ווי זאָגט מען עס, נאָר אַ פּיפּעץ געבן, אַ ווינק, לויפט אים שוין דער גוטער צו הילף: „דיין מיל שטייט? האָסט קיין אַרבעט נישט? עס פעלט דיר ברויט? הייוון? זאַלץ? וואָס?"

יאָ געפעלט, נישט געפעלט, דער שלעכטער האָט שכל, ער טויג זיך און נעמט, וואָס עס לאָזט זיך. פון צוקומעניש — שמייכלט ער אין זיך אַריין — טוט קיינמאָל דער קאָפּ נישט וויי!

איז אַ שאָדן אין מיל, וואַרפט דער גוטער פון זיך אַראָפּ דעם ראָק און שטעלט זיך צו דער אַרבעט. אין צווייען, כאָטש דער שלעכטער נאַרט זיך, אַרבעט זיך געשווינדער, בעסער, שפּאָרעוודיקער! עס דויערט נישט לאַנג, און דעם שלעכטנס מיל איז צוריק גאַנץ, אַרבעט ווי פריער, אויב נישט בעסער ווי פריער!

מיט דער צייט האָט דער שלעכטער נישט געברויכט אַפילו צו ווינ־קען. דער גוטער האָט זיך אַ לייטער געמאַכט און איז פון צייט צו צייט אויפן שפּיץ־מיל אַרויפגעקראָכן, צו זען, וואָס אויפן צווייטן בערגל, ביים ברודער אין ווינט־מיל, טוט זיך, און קוים האָט ער באַמערקט, אַז די פליגל שטייען, אָדער אַז פון קוימען גייט צו דער רעכטער צייט קיין רויך נישט אַרויס, איז ער שוין געלאָפן פרעגן, צי מען דאַרף נישט זיין הילף...

אַנדערש איז אָבער געווען אויב פאַרקערט. אויב עס האָט זיך אין גוטנס מיל אַ סיבה געטראָפן. האָט מען אַרבעט געדאַרפט, איז דער שלעכ־טער פּונקט נישט געווען בקוו־הבריאה! האָט פאַרפעלט עסנוואַרג, האָט עס דעם שלעכטן נאָך פריער פאַרפעלט! גאַנץ אָפט האָט ער אַפילו קיין פאַלשע תירוצים נישט געזוכט, קיין קרענק נישט אויסגעקלערט, און מיט אַן אָפענעם שטאָלענעם בליק געענטפערט: „איך העלף נישט, איך באָרג נישט, איך צאָל אַפילו קיין חובות נישט; איך בין קיין נאַר נישט!" און דער גוטער גייט אַוועק מיט ליידיקע הענט, נאָר מיט אַ פול האַרץ מיט רחמנות אויפן אומגליקלעכן ברודער, וואָס „האָט אַ שטיינערן האַרץ, וואָס וועט קיינמאָל נישט פילן דעם אמתן נחת, דאָס אמתע גליק, וואָס

א מענטש האָט בשעת ער העלפט דעם צווייטן". טרערן פלעגן אים קומען אין די אויגן אריין!

און דער שלעכטער, וואָס האָט זיך געטויגט, איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. ער און די ווינט־מיל זענען וואָס אַמאָל פעסטער און שטאַרקער געוואָרן. און דער הויפן תבואה אין שפּייכלער און דער געלט־בייטל אין טאַש זענען אויך געוואַקסן, בשעת דער גוטער איז געפאַלן פון טאָג צו טאָג... די מיל האָט זיך אַביסל אויסגעקרומט, און גאַנץ אָפּט האָבן אפילו די שוואַלבן פאַר דער מיל קיין חיונה נישט באַקומען...

מענטשן האָבן געשריגן: אַן עוולה! אויף די נעגל האָט מען גע־בלאָזן. און דאָך, ווער עס האָט געהאַט אַ קערצל תבואה צו מאָלן, האָט עס פריער צום שלעכטן געפירט: זיין מיל איז בעסער, אַרבעט געשווינדער, מיט ווייניקער פּ ח ת! נישט איינמאָל האָט מען דעם גוטן נאָך באַ־גנבעט! עס איז געווען זיינע ש ט ע נ ד י ק ע ה ו נ ג ע ר י ק ע הינט אַ לעבל ברויט צו וואַרפן, זיי זאָלן אַלץ דערלאָזן און שווייגן! און דער גוטער איז אַזוי לאַנג געפאַלן, ביז ער איז, נעבעך, געבליבן ליגן...

עס האָט זיך אַ שטורעם־ווינט געמאַכט. דעם שלעכטנס מיל האָט עס ווייניק־וואָס געשאַדט. אַ פליגל האָט זיך אויסגעקרומט, נישט מער, און מיט ווייניק אַרבעט האָט מען אים דעם צווייטן טאָג אויסגעגלייכט... דעם גוטנס — איז געפאַלן! מיטן ערשטן בלאָז האָט דער שטורעם־ווינט זי אויסגעדרייט, מיטן צווייטן — אויסגעריסן און אומגעקערט, און דער־נאָך צעשלאָגן, צעטרימערט, און די שטיקער אין טאָל אַראָפּגעשלײדערט...

— העלף מיר אויפקלויבן די שטיקער און צוריק אויפבויען מיין מיל! — האָט ער זיך צום שלעכטן געווענדט.

— איך האָב קיין צייט נישט! האָט דער קלוגער געענטפערט. איך האָב פיל אַרבעט און שטעל מיר אַ צווייטע מיל!

און דער גוטער איז, מיט האַרצווייטיק און פול מיט רחמנות אויפן אומגליקלעכן ברודער מיטן שטיינערנעם האַרץ, אַראָפּגעגאַנגען אין טאָל אַריין, זוכן הילף און האָט זי נ י ש ט געפונען...

— מיר האָבן קיין צייט נישט! — האָט מען אים געענטפערט; עס איז גראָד שניט־צייט געווען...

דעמאָלט האָט דער גוטער געוואָרפן דעם לעצטן בליק אויפן באַרג, ווו זיין ווינט־מיל איז געשטאַנען, און אויפן טאָל, ווו די שטיקער פון דער חורבה זענען געבליבן, און איז געגאַנגען אין דער וועלט אַריין, זוכן פריינטשאַפט און אַרבעט.

ער איז נע־ונד עד־היום!... און דער שלעכטער ברודער האָט פאמע־
לעך דאָס געהילץ פון ברודערס ווינט־מיל אויפגעקליבן, דאָס שלעכטע
פארברענט, דאָס גוטע אין דער נייער ווינט־מיל באנוצט.

די לייט פון טאָל האָבן פריער געקריצט מיט די ציין. מיט דער צייט
— אָן גוטן און זיין ווינט־מיל פארגעסן; צוויי ווינט־מילן זענען גענוג!...

די מעשה וואָלט איך ליבער דעם גראף טאָלסטאָי דערציילט. ליידער
בין איך מיט אים נישט באַקאַנט און מוז יוצא זיין מיט אייך.

---

# דאָס גלעזל

(הומאָרעסקע)



מאָל, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל אויף דער פּראָווינץ, איז געווען אַ גאָלדשמיד און אַ בריליאַנטן־שלייפער דערצו. און געווען איז ער, דער גאָלדשמיד, אַ בריה־ניפלאה אין דער מלאכה, אַ געבענטשטע האַנט געהאַט, אין זיין פאַך אַ גאון געווען. עד־היכן הדברים מגיעים, האָט קיינער נישט געוווסט: נישט ער, נישט זיינע קונים. געזעסן און געאַרבעט צירונג פאַר באַלעבאַטים: אויריננגלעך, פינגערלעך, קידושין־פינגערלעך וכדומה. קוים פרנסה געהאַט!... ניתגלה איז ער ערשט געוואָרן מיט דער צייט... און צופעליק. האָט זיך, כדומה־למשל, געטראָפן, אַז אַ באַלעבאָס פון קליינעם שטעטל האָט אַ שידוך געטון פון דער פרעמד, מיט אַן עושר פון אַ גרעסערער שטאָט. פאָרט מען אויף דער חתונה, באַווייזט זיך דעם גאָלדשמידס צירונג אויף אַ העכער אָרט. יענער עושר איז שוין אַ שטיק מ ב י ן: אַ סוחר, אַ וועלט געזען, מאַכט ער: אַי, אַי, אַי! — הייבט אָן דער גאָלדשמיד דאָרט אויך צו שמען... באַקומט ער שוין פון דאָרט אַרבעט און מיט דער צייט ציט ער זיך שוין איבער אין דער גרעסערער שטאָט אַריין; שוין אַזוי פיל קונים געהאַט.

מילא, צו'ן אַ גביר פון דער גרעסערער שטאָט קומט אַמאָל אַ פּריץ: צוליב מיסחר, אויף אַ שימחה, צי אַזוי אַמאָל שבת אויף געפילטע פיש, — דער טיש אויסגעשטעלט, דאָס בני־בית אויסגעצירט... דער פּריץ קומט אַריין, ער איז נאָך אַ גרעסערער מבין; פאַלט אים עפּעס אין אויגן אַריין.

— וווּ איז דאָס געקויפט? ווער האָט עס געמאַכט?

ווערט מען פון גאָלדשמיד געוואָר צווישן פּריצים...

כידוע, מאַכט יעדער גובערנאַטאָר איין מאָל אין יאָר אַ באַל פאַר גרויסע לייט. עס איז שוין אַזאַ מינהג. מאַכט יענער גובערנאַטאָר אויך אַ באַל, קומען פּריצים מיט פּריצות, מיט טעכטער. טראָגט מען דעם גאָלד־

שמידס צירונג... זעט דער גובערנאטאָר א פינגערל, צי א בראָש, צי א קאָליע, גאַפט ער. ער האָט נאָך אזא ארבעט נישט געזען.

„װעמעס ארבעט איז עס?"

— „דעמס און דעמס".

„אזוי?" —

צומאָרגנס שיקט מען דעם גאָלדשמיד רופן, װערט ער א יוצא־וניכנס בײם גובערנאטאָר.

קומט אמאָל צופאָרן, באַקוקן די גובערניע, אײנער פון די שרי־מלכות, דארף מען אים אקעגנטראָגן ברויט מיט זאַלץ אויף א טאַץ. װער מאכט די טאַץ? מן־הסתם, שוין אונדזער גאָלדשמיד. קומט די טאַץ אין עיר־המלוכה אריין, קלינגט מיט איר די עיר־המלוכה...

נישט אומזיסט זאָגט שלמה־המלך: טוב שם משמן טוב!

טרעפט זיך א מעשה, דער אַלטער מלך גײט פון דער װעלט, קלײבט מען אויס א נײעם מלך. גײט יענע קרוין אין שאַץ־קאַמער, און פאַרן נײעם מלך מאַכט מען א נײע קרוין. זוכט מען גרויסע גאָלדשמידס. בעט מען צװישן אנדערע אונדזער גאָלדשמיד אויך. קומט ער און ארבעט מיט און צײכנט זיך נאָך אויס על צד היותר טוב...

הכלל — מקימי מעפר דל!

אונדזער גאָלדשמיד װוינט שוין אין דער רעזידענץ, איז א יוצא־וניכנס אין הויף. ער װערט גאָר מרואי פני־המלך. א פּ ר אָ ס ט ע ר בשר־ודם, אפילו א קלענערער ש ר, קאָן זיך שוין גאָר צו'ן אים נישט דערשלאָגן...

איז דאָך אָבער א גלגל חוזר העולם און, אז מען קאָן העכער נישט שטײגן (װאָרים װאָס קאָן זײן העכער פאַר אזא גאָלדשמיד?), הײבט מען אָן פאַלן...

פאַר װוילטאָג האָט ער שוין קײן נײעס נישט באַװיזן. דאָס אַלטע װערט צוגעגעסן, די אויגן זענען, קוקנדיק דערויף, מיד געװאָרן, דאָס האַרץ קריגט א גליסטונג צו עפּעס נײעס. באַװײזט זיך ערגעץ־װוּ א נ ײ ע ר קינסטלער... איז — װי דער סדר־עולם איז — זה נופל וזה קם... מאַכט דער נײער קינסטלער דעם זעלבן װעג, װאָס דער אַלטער האָט געמאַכט. און, לעומת זה, מאַכט דער אַלטער גאָלדשמיד — דעם אײגענעם װעג צוריק: פון עיר־המלוכה צוריק אין גובערניע אריין, פון גובערניע — אין פּאָװיאַט, פון פּאָװיאַט — א ה י י ם; פון מלך, הײסט עס, צום שר,

פון שר צום גובערנאטאָר, צום פריץ, צום גביר, צום באַלעבאָס אין קליי־נעם שטעטל... צוריק צו קידושין־פינגערלעך...

נידעריקער פאַלן קאָן מען נישט; אָרעמעלייט דאַרפן קיין צירונג נישט. בלייבט מען הענגען אין דער לופט, שטרעקט מען אויס די צונג...

און די צייטן אַ ל י י ן ווערן שלעכט. מען מאַכט עפּעס גאָר קיין חתונות נישט און די קאָנקורענץ וואַקסט...

מילא... דלות מאַכט פּסולת. און ויהי (ווי „ויהי", איז אַ צרה!) כּי הציק לו הרעב, נישטאָ וואָס אין מויל אַריין צו לייגן. דער גאָלדשמיד גייט אַרום פּוסטע־פּאַס, איז ער זיך מיישב און הייבט אויף פון דער ערד אין גאַס אַ שטיקל גלאָז פון אַ צעבראָכן פלעשל: פון וואַסער, פון משקה און אפשר גאָר מיט אַ מעדיצין, ווער ווייסט? נאָר אַ פּראָסט שטיקל גלאָז, און גייט דערמיט אַהיים, און זעצט זיך אַנידער — שלייפן... און אַזוי ווי ער שלייפט, הייבט אָן אונטער די הענט דאָס גלעזל צו פינקלען, צו גלאַנצן... אַ כּישוף: עס שפּריצט מיט כּל־המיני פונקען, עס שטראַלט; ער אַליין גאַפט. ער האָט גאָרנישט געוווּסט, ווי ווייט קינסטלער ער איז! דער־נאָך נעמט ער דאָס גלעזל, זעצט עס אַריין אין עפּעס אַ פאַרוואַלגערט רייפל, וואָס ער האָט קוים געפונען, און גייט אַרום אָפּנאַרן די וועלט! — גייט ער. דאָס האַרץ קלאַפּט ביי אים, ווי ביי'ן אַ גזלן! קומט אים אַקעגן אַ בחור מיט אַ פלאַמענדיק פּנים, פאַלט אים איין — אפשר אַ חתן און דאַרף אַ פינגערל? שטעלט ער אים אָפּ. האָט ער כּמעט געטראָפן: קיין קידושין־פינגערל דאַרף ער נישט, אַ כּלה־מתּנה — אדרבא! מעג זיין אַ פינגערל! און ווי יענער גיט אים אַ בליץ פאַר די אויגן מיטן ברילִיאַנטל, פאַלט ער צו מיט ביידע הענט און פרעגט: ווי טייער?!

לאָזט דעם גאָלדשמיד דאָס האַרץ נישט זאָגן, נישט קיין שווינדלער בטבע, פרעגט ער צוריק:

— וויפל ווילסטו געבן?...

דער בחור מיינט: גאָט ווייסט, צי ער וועט קאָנען קומען צו דער סחורה? נעמט ער אַרויס אַ מטבע און מאַכט זיך אַ שפּאַס:

— אַ טאָלער!

דריקט אים דער גאָלדשמיד דאָס פינגערל אין דער לינקער האַנט אַריין, כאַפּט אים אויס דעם טאָלער פון דער רעכטער האַנט און לויפט אין שענק אַריין. דעם וואָרעם פאַרגיסן, דאָס האַרץ צו דערכאַפּן...

ווען מיר איבערלאָזן, פאַרשטייט זיך, דעם גאָלדשמיד און נאָכ־גיין דעם בחור.

קלערט דער בחור: משוגע? נאָר זיין דאגה, און גייט מיטן פינגערל צו דער בתולה, צו וועלכער ער האָט זיך געשדכנט...

איז דאָך אָבער נשים דעתן קלות, האָט די בתולה, צו וועלכער ער שדכנט זיך, צ ו ו י י חתנים. אים, אַ באַלעבאַטיש קינד מיט אַ פּאָר פּאות און אַ חלק הויז — איז איינער, און אַ הוזאַר (אין שטעטל איז קאַוואַלעריע געשטאַנען), אַ הוזאַר מיט אַ קיווערע מיט שווערד, טראָלבן און שפּאָרן, אַ בריה ניפלאה אויפן פערד — דער צווייטער. אויסקלייבן איז שווער. ביפרט: אַ הוזאַר, היינט איז ער דאָ, מאָרגן רייט ער אַוועק... ישובט זי זיך אַלײן. דערווייל, דער בחור קומט אַרויף, נעמט זי אים צו בסבר פּנים יפות. דאָס פינגערל אַוודאי, עס פאַרנעמט די אויגן... הכלל — מען רעדט, מען לאַכט, ווי דער שטייגער איז... די צייט שטייט דאָך נישט, פאַלט צו דער אָוונט, דערהערט זיך פון מאַרק, פון דער הוזאַרן־וואַך, אַ טראָמפּייטל, אַ פּייקל האַלט אונטער, מען הייבט אָן שפּילן זאָרעס... מיין בתולה דערמאָנט זיך אָן יענעם, ווערט אומרואיק, זאָגט אַלײ אינעם איינעם: שפּעט, שפּעט! מען וועט זי, חס־ושלום, באַרעדן, און דערלאַנגט אים, אָפּצוקומען, דאָס מיילעכל, און שטופּט אים אַרויס פון טיר. און עס איז שוין געווען די רעכטע צייט, קוים איז דער בחור אַראָפּ פון די טרעפּ, אַריבער דאָס געסל און פאַרבויגן אין עק — טופּ, טופּ, טופּ: אַ ריי־טער פון דער צווייטער זייט! אָט איז ער שוין פאַרן פּלויט; שפּרינגט שוין פון פערדל אַראָפּ, בינדט עס צו צו'ן אַ שטאַכייט. אָט קלינגט שוין שווערד און שפּאָרן אויף די טרעפּלעך, דאָס טירל פּראַלט אויף...

איך וועל אייך לאַנג נישט ברייען: איבערנאַכט איז פון דער כלה־מתנה אַ חתן־מתנה געוואָרן... קוים אויפן שפּיץ פון ייִנגסטן פינגער אַרויף...

דאָ ענדיקט זיך אָבער נאָך נישט די מעשה; דעם „ברילִיאַנט" איז געווען עפּעס בעסערס באַשערט...

כעלות, קוים עס רייטלט זיך דער מיזרח, דאָס פערדל קאָפּעט נאָך אַלײ און קאָפּעט מיט די פיס אין ליימיקן געסל און קיינער הערט עס נישט, וועקט זיך פּלוצלינג אין דער ווייטער שטילקייט אַ קול פון אַ טראָמפּייט... „טרעוואָגע" ווערט געבלאָזן! בײנאַכט איז פּלוצלינג אַ גרויסער יעדנעראַל געקומען, ווערן די הוזאַרן געוועקט, צום עקזערציר־פּלאַץ גערופן... אַ רעווי וועט זיין — טראַ־ראַ־טראַ! מיין גיבור מיטן פינגערל שפּרינגט אויף, וויל לויפן, אָבער נישט לייכט איז דעם פּישל זיך אַרויסצורייסן פון דער נעץ... זי וואַרפט אים דיר ווייסע הענט איבערן האַלדז. פּלעכט ער זיי אויף, לויפט זי און באַהאַלט אים דעם קיווער, דאָס שווערד... און

נאַכאמאָל געזעגענען, און נאַכאמאָל... די טרעפ אראָפּ, אויפן הונגעריקן, נאָר דערפרייטן פערד ארויף, און פּאַף — פייל פון בויגן צום פּלאַץ, די ראָטע שטייט — אין אָרט אריין... און — פּאַד פּאַזעראַק! דער עסקאדראָני קאָמאַנדיר שטייט אים אויג אָן אויג, און זעט, עפּנט שוין א מויל אויף א „מי־שברך"...

גיט אים אָבער דאָס פינגערל פלוצלינג א בליץ אין די אויגן. ווערט ער רויט, ווי א צונטער, און כאַפּט אים דאָס פינגערל פון שפּיץ פינגער אראָפּ.

— געגנבעט? —

שטאַמלט ער: וואשע, אזוי און אזוי... חושד בכשרים... חס־וחלילה...

מילא, דעם אמת אויסזאָגן קאָן ער דאָך נישט. ער וועט דאָך נישט אויסגעבן די בתולה פון א באַלעבאַטיש הויז! פּלאַצט ער ארויס:

— געקויפט!

— פאַר וויפל? — פאָרשט שטרענג דער אָפיציר.

שלעכט! טראַכט דער הוזאַר, עס מוז דאָך עפּעס ווערט זיין... און גיט א זאָג פארן טייוול:

— צוואַנציק טאָלער!...

א מטמון מיט גאָלד פאַר א הוזאַר! דער אָפיציר עפנט שוין דאָס מויל אויף א נייעם „מי שברך"... באותו הרגע שפּרינגט אָבער אָן א ווייס פערד, דערויף — הינטער אים — אנדערע פערד — קלענערע גע־נעראלן.

ער אליין גיט א פרעג:

געזונט?

אלע עסקאדראָנען ענטפערן: געזונט! א דונער, א געפּילדער! די ערד ציטערט...

און באַלד — די רעווי... און אַז עס איז באַשערט, צייכנט זיך אויס דער עסקאדראָן פון אונדזער גיבור: געיאָגט ווי אויף פליגל, געשפּרונגען אויף די פערד, ווי די שדים, דורכגעלעכערט די צילן על צד היותר טוב... קריגן די הוזארן א „דאַנק" און אויף משקה, אונדזער אָפיציר ווערט אויפן אָרט — פּאָלקאָווניק... א שימחה, א גדולה, משתה ויום־טוב, טרינקט מען א חודש, צוויי... דער הוזאַר האָט דערווייל אויסגעדינט, און איז אהיים מיט גרויס שימחה: פּטור בלא כלום, פאַר נאַריש פינגערל, פאַרן פאַרשפּעטיקן. דער פּאָלק מיטן קאָמאַנדיר זענען באַלד ארויס אין א

גרעסערע שטאָט, אין לאַגער אַריין... און דאָס פינגערל וואָלט גאָר פאַר־געסן געוואָרן, ווען נישט דאָס, וואָס האָט זיך ווייטער געטראָפן:

אין פאָלק איז פּלוצלינג געוואָרן אַ פּגירה אויף פערד. מילא, אַ צער־בעלי־חיים איז עס; פאַלן ווי די פליגן. האָט דאָך אָבער יעדער מענטש שונאים, ביפרט אַן אָפיציר, וואָס איז אַזוי פּלוצלינג עולה־לגדולה גע־וואָרן. געפינט זיך אײַנער און שיקט צום מלכות אַ מסירה אויפן פוראַזש! באשר־בכן דער האָבער איז גאָר קיין האָבער נישט...

איז עס פּונקט פאַר אַ מילחמה, איז די זאַך שטרענג. שיקט תיכף־ומיד דאָס מלכות אַראָפּ גאָר אַ גרויסן גענעראַל אויף אַ רעוויזיע. באַ־פאַלט ער, לויפט גלײַך צום מאַגאַזין, באַקוקט דעם האָבער, דרייט מיט דער נאָז, פאָרט אין קאַנצעלאַריע אַריין, שיקט רופן דעם פּאָלקאָווניק, קומט ער, נעמט ער אים אויף זיצנדיק, שטרענג, דער פּאָלקאָווניק שטייט פאָד־קאָזיראָק. עס ציטערן אונטער אים די פיס... מישט זיך ווייטער אַריין דער בריליאַנט. דער גענעראַל הייבט אויף אַן אויג — פון בריליאַנט שיסט אַ בליץ אין אויג אַריין, גיט ער אַ שפּרינג אויף און אַ בריל ווי אַ לייב:

— לאַקכע־בחור!

אין אונדזער מדינה הייסט עס: כאַבאַרניק, וואָרים ווי קומט צו אַ פּאָלקאָווניק פון נישט אַ רייך הויז אַזאַ גרויסער, טײַערער בריליאַנט? רײַסט ער אים דאָס פינגערל פון פינגער אַראָפּ, ער וועט עס צולייגן צו די אַקטן, און פרעגט:

— וויפל באַצאָלט?

זעט דער פּאָלקאָווניק, אַז עס איז אַ דבר־גדול, אויסזאָגן דעם אמת קאָן ער נישט, גיט ער אַ פּלאַץ אַרויס:

— טויזנט טאָלער!

און אַז דער גענעראַל קוקט נאָך אַלץ, נישט גלייבנדיק, מיט איין אויג, גיט ער צו אַ וואָרט־צייכן:

— פאַר טויזנט אײַנס טרעט איך עס אָפּ...

לאָזט דער גענעראַל דעם קאָפּ אַראָפּ און שרײַבט:

ראשית שרײַבט ער אַ ראַפּאָרט צום מלכות... אַז דער האָבער איז ריינע פּערל. והשנית: אַ שטר חוב אויף טויזנט און איין טאָלער; לכשירוויח וועט ער אָפּגעבן... און פאָרט צוריק...

אַצינד דאַרף געשען דאָס וווּנדערלעכסטע...

מען ווייסט נישט ווי אַזוי, נאָר דאָס פינגערל איז געקומען אין חצר־

המלכות אריין! איינמאָל, די מלכה זיצט פארטראכט, פארלירט דאָס נאָז־טיכל פון שויס, הייבט עס א הויף־דאַמע אויף, א יונגע, ערשט אָנגעקומענע און א יפה־פיה... און לייגט עס צוריק.

הייבט די מלכה אביסל די ברעמען אויף, ווייל דאנקען מיט א האלב מויל, ווי עס פּאסט פאר א מלכה, עפנט די ליפּעלעך, און בלייבט מיט די אָפענע ליפּעלעך זיצן. וואָס איז? דער בריליאנט פון דער הויף־דאַמעס פינגערל האָט עס איר אָנגעטון! ממש פארכישופט האָט ער זי. נעמט זי צו באַקוקן: זי האָט נאָך אזא בריליאנט אין א פינגערל נישט געזען. נישט אין די שאַצקאַמערן, נישט אין כתרי־המלכות... פרעגט זי:

— פון וואנען קומט צו דיר א בריליאנט?

ווערט די הויף־דאַמע רויט און טויט און פארציטערט, און ענטפערט נישט א וואָרט.

מוז דאָך דאָ עפּעס זיין, און אביסל אייפערזיכטיק איז א מלכה אויך, וואָרן ווער, אז נישט א מלך קאָן קויפן אזא מתנה? הייבט זי זיך אויף און גייט אריין צום מלך אין קאַבינעט און ווייזט אים דאָס פינגערל. זי וויל זען, וואָס ער וועט זאָגן... ווייסט ער לחלוטין פון גאָרנישט, און ווערט פון בריליאנט פארכישופט. ער האָט נאָך אזא קלאָרן ריינעם בריליאנט, און אזא גרויסן, און אזוי אָן א שמץ פּגימה נישט געזען. עפנט ער גרויסע אויגן און קאָן זיך זאַט נישט אָנקוקן. דערציילט אים די מלכה, אזוי און אזוי, די און די הויף־דאַמע האָט עס געטראָגן. זאָגט דער מלך, אז פון וואנען דאָס פינגערל קומט, וויל ער נישט וויסן, מאַלע, וואָס עס טוט זיך אין הויף... נאָר דער בריליאנט פּאַסט נישט פאר קיינעם, נאָר פאר א מלך. דער הויף־דאמע וועט ער זיין ווערט באַצאָלן... און נעמט צו דאָס פינגערל.

נעמט מען באלד דאָס פינגערל, מען קריצט אויס דעם מלכס נאָמען מיטן הערב פון דער מדינה, ווערט דאָס פינגערל: א חותם־המלכות. דער מלך חתמעט דערמיט אַלע פּאַפּירן, הן אין דיני־ממנות, הן אין דיני־נפשות, הן אין פּאָליטיק. ווער עס קריגט דאָס פינגערל, א ווייַלע אויפן פינגער ארויף, קאָן חרוב מאכן א וועלט, האָט פראַוו להשמיד ולהרוג. ווען און וועמען ער וויל אריינוואַרפן אין קייטן און אין תפיסות. לאָזט עס טאקע דער מלך נישט פון פינגער אראָפּ... און כדי צו באלוינען די הויף־דאַמע, הייסט דער מלך רופן מבינים, זיי זאָלן אָפּשאַצן דעם ווערט פון בריליאנט. קומען זיי... ווערט זה ככה וזה ככה! איינער זאָגט: א דריטל, איינער —

אַ האַלבן, איינער גאָר — אַ גאַנצן מיליאָן... וואָס טוט מען? דערמאָנט זיך דער מלך אָן פריערדיקן הויף־גאָלדשמיד און גיט אַ באַפעל:

— ברענגען...

ברענגען איז ברענגען!

נעלם געוואָרן; מאַכט מען אַ חקירה ודרישה. עס דויערט אַ צייט, מען ווערט געוואָר. מען שיקט אַ דבר־מלכות; ווי דער שטייגער. מילא, אַז די קליינע שרים פון קליינעם אָרט באַקומען אַ באַפעל, צוצושטעלן דעם גאָלדשמיד צום מלך, וואָס קלערן זיי? ער האָט אַוודאי באַגנבעט אַמאָל די שאַצקאַמער, און אַצינד איז מען ערשט דערגאַנגען. וואַרפט מען אַריין דעם בחור אין קייטן און מען שיקט אים צום מלכות, אַ צעשלאָגענעם און אַ האַלב־טויטן פאַר פחד... קומט ער קוים מיט צרות אָן, מעלדט מען דעם מלך: ר'אי'דאָ, נאָר...

מען וויל אים זאָגן, אַז מען נעמט אים אַראָפּ די קייטן, איז אָבער דער מלך בייז, שלעכטע ידיעות פון דער מילחמה באַקומען, גיט ער אַ געשריי:

— קיין שום „נאָר"!

ברענגט מען אים שוין אַריין, ווי ער שטייט און גייט.

באַמערקט עס אפילו נישט דער מלך. ער ווייזט אים דעם בריליאַנט און פרעגט:

— וויפל ווערט?

ענטפערט יענער: גאָרנישט!

— ווי הייסט?

און די שרים אַרום:

— ווי הייסט, חותם־המלכות... גאָרנישט?...

— און דער גרעסטער בריליאַנט אין דער וועלט! גאַפּן אַנדערע...

דער גאָלדשמיד ווערט גאָרנישט ניתפעל:

— ס'איז נישט קיין בריליאַנט, — זאָגט ער.

— סטייטש, יענע שאַצן דאָך אויף הונדערטער טויזנטער...

— איך וויים בעסער!

ווערט שוין דער מלך אומרואיק און פרעגט, נישט מיט זיין קול:

— פאַרוואָס — בעסער?

— ווייל — ענטפערט ער — איך מיט מיינע הענט האָב'ם געמאַכט...

און ער וויל דערציילן ווען, ווי אַזוי — און האָט אָבער נישט דערציילט...

ארויסגעשלעפּט און אין תּפיסה אריין, און מיט רעכט!

מען האָט מיט דעם בריליאַנט אַזוי פיל פּסקים געפּסקעט, אַזוי פיל גיטער גענומען און געגעבן, אַזוי פיל הייזער, אַזוי פיל שטעט... און אַזוי פיל מענטשן געהייכט און געקריינקט און אַנדערע אין קייטן געשמידט, אין תּפיסות געוואָרפן, אין וואַסער, אין פייער אריין און געפערטלט... די פּסקים זענען און מוזן בלייבן וואָר און דער מלך מוז זיין און בלייבן אמת, און דער חותם זיינער אמת; טבעת־המלך — טבעת־המלך, מוז זיין דער בריליאַנט — בריליאַנט...

אַזוי האָט געפּסקעט דער גרויסער מיניסטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די מעשה, וואָס איך האָב אייך דערציילט, איז, ווי אַלע מעשהלעך, אַ משל. און, ווי יעדער משל, נישט מיט אַלע פּרטים דומה לנימשל; מען מוז דאָך עפּעס צוגעבן לנוי... להדור המעשה...

אָבער אַ מעשה איז עס!

און שטאַמען שטאַמט זי פון אַ מקום־גדול — איש מפּי איש פון רבין ר׳ יונתן!

# דער בילדהויער

„עס זענען אמאָל צוויי בילדהויער געווען"...

און מיר זעצן זיך איבער: רזשעזביארזשעס, סקולפּטאָרן, שטיין־שניצער...

„און ביידע זענען גרויסע מייסטער, גרויסע קינסטלער געווען. ביי־דע האָבן שוין געהאט אזא כישוף אין די פינגער; פון אונטער דעם האמער לעבט אויף דער מאַרמאָר, און ער הערט, זעט און רעדט!"

„נאָר אין כאַראַקטער זענען זיי פאַרשידן געווען; צוויי איינגאַרטי־קע נאַטורן".

איינער איז געווען א טיפע, ערנסטע און וואונדערלעך־טרויעריקע נאַטור... דאָס לעבן האָט ער נישט פיינט געהאַט, ער האָט זיך נישט אי־בערגעלעבט, און דאָך ווייס ער, אז אונטן אין יעדן בעכער וויין ליגט א טראָפּן גאַל; אז נאָך יעדער אויסגעלאַסענער פרייד גייט קאַצניאַמער... אז דאָס לעבן איז קיין וואלץ צום אָפּטאַנצן, קיין ליד צום אָפּזינגען, נאָר א טיפע, טיפע רעטעניש, א זיסע טיפע ווייטיק..."

„דער צווייטער איז, פאַרקערט, א נאַטור־קינד! א לעב־קינד! די רויטסטע עפּל, די שענסטע בלומען, די ברענענדיקע זון, ברענענדיקע ווייבער־אויגן!"

— „וויין, ווייבער און געזאַנג" איז זיין ערשט — „בראָקאַט, גאָלד און פלאַמען" דאָס צווייטע וואָרט...

און בשעת דער ערשטער האָט אינעם שטיין אידעען פאַרכישופט; בשעת ווען ער האָט — געמייסטערט העלדן, וואָס שליידערן גאָט און דער וועלט, פעלקער און קעניגע דאָס שאַרפסטע וואָרע וואָרט אין פנים אריין; מאָנאַרכן, וואָס שליידערן פלוצלינג, ווי פון א דיבוק באַפאַלן, די שווערד פון דער זייט אוועק, און וואַרפן זיך אויף די קניען פאַרן אָפענעם הימל און זינגען און שפּילן גאָטס לויב, — הייליקע, וואָס מאַכן קראַנקע גע־זונט מיט גאָטס גלויבן; פּראָפעטן, וואָס שפּאַלטן שטיינער און קוואַלן

וואסער שפּריצן, וואָס פירן פעלקער איבער מידבריות און ימים — צום פרייען לאַנד — —

מאַכט דער צווייטער, שפּילנדיק, געטער און מענטשן מיט יצר־הרע פלאַמען אין די אויגן, שווימענדיקע בעכער ווייַן אין הענט, און שייַנהייטן, וואָס שפּרינגען אַרויס נאַקעט פון שוים פון ים.

דער צווייטער בילד־הויער פאַרשטייט די וועלט, און די וועלט איז אים דאַנקבאַר; ער מאַכט דאָס לעבן הייסער, דאָס בלוט קאָכעדיקער, דעם גענוס שטאַרקער...

מען זעצט אים, אויס דאַנקבאַרקייט, אַ בריליאַנטענע נאָדל אין קראַוואַט אַריין, מען שפּרייט אים לעבעדיקע בלומען אונטער די פיס, מען שטאָפּט אים אָן דעם מאָגן מיט אַלעם גוטן און די טאַשן — מיט גאָלד, און אַז ער באַווייַזט זיך, רייַסט מען זיך אויס דעם האַלדז שרייַענדיק:

— לעבן זאָל דער קינסטלער!

דעם ערשטן פאַרשטייען נאָר יחידי סגולה...

ביי זיין אַרבעט שטעלט זיך זעלטן עמעץ אָפּ...

נאָר פאַר דאָס, ווער עס טוט עס, דער גייט שוין אוועק שטיל־שווייַגנדיק, טיפער און ערנסטער ווי פריער... איינער זיפצט, אַ צווייטן באַווייַזט זיך אַ טרער אין אויג...

און פאַר דעם זיפץ, פאַר דער טרער, איז דער רייַכער בילדהויער דעם אָרעמען מקנא...

ער וויל, ער מוז זיך נוקם זיין!

איין קינסטלער, איין בילדהויער, איין וועלט־הערשער מוז ער בלייַבן!

---

און איינמאָל, האָט דער רייַכער בילדהויער פאַרזאַמלט הונדערטער פון זייַנע שילער און איז דעם אָרעמען באַפאַלן...

מען האָט צעשטערט זייַן אַטעליע, די שענצטע און בעסטע אַרבעט צעבראָכן, אים אַליין האָט מען געבונדן און אין אַ רייַנעם ווערקשטעל אַרייַנגעפירט!

— דאָ וועסטו אַרבעטן, אונטער מ ייַ ן אויג, לויט מ ייַ נ ע פּלענער, לויט מייַן באַפעל!

און עס איז אַזוי געשען!

און מיט דער צייַט איז פון אַ גרויסן בילדהויער אַ נאָכמאַכער, אַ נ אָ כ מ אַ כ ע ר געוואָרן, אונטער אַ פ ר ע מ ד ן נאָמען, פון אַ

פ ר ע מ ד ע ר ווערקשטעל און לויט פ ר ע מ ד ע מ ו ס ט ע ר ן גייט ארוים זיין ארבעט אויף דער וועלט...

נאקעטע שיינקייטן, פלאמענדיקע ווײנטרויבן, שוימענדיקע בעכער... שיכורע מענטשן און געטער...

מאנכע דערקענען נאָך זיין האנט אָן דעם פיין־ביטערן שמייכל, וואָס באַהאלט זיך דאָך אין א ווינקל פון די געטער און מענטשן־ליפּן... פון לייכטן חוזק, וואָס שוועבט דאָך, קוים צו דערקענען, אונטער דער מאסקע פון אויסגעלאסענעם לעבן... אָבער נאָר מאנכע...

פון דער א ל ט ע ר ארבעט זענען עטלעכע מאָנומענטן געבליבן; זיי אָבער האָט מען פארגעסן...

די וועלט מיינט:

— דער אלטער מייסטער איז — געשטאָרבן!

---

# דער פיר־פאַרביקער לאַמטערן

## און די פיר קליינע הינטעלעך



מאָל איז א פריץ געווען.

געהייסן האָט ער, ווי מען האָט אים א נאָמען געגעבן; זאָל זיין — נמרוד:

„ונמרוד גבור ציד לפני ה׳״, אזוי ווי אין פסוק שטייט!... דער פריץ איז א גרויסער יעגער געווען. די תבואה האָט ער נאָך אויפן פעלד פאַר־קויפט, פאַר דאָס. דעם וואלד נישט גערירט! דאָרטן האָבן וועלף, בערן, פוקסן און האָזן געלעבט, און געריבן די האָריקע פעל אָן אלטע, הונדער־טער־יעריקע ביימער...

איינמאָל איז ער, ווי געוויינלעך, אויף דער יאגד געגאנגען.

מיטגעגאַנגען זענען: ירבעם, נבוכדנצר, המן און אַנדערע הינט. איין זרש איז פון די בעסטע הינט אין דער היים געבליבן.

זרש איז דעמאָלט א פרישע קימפעטאָרן געווען; אויף פיר בלינדע הינטלעך איז די „יולדת״ געזעסן.

און שטיל איז אין פּאַלאַץ געווען, אז נמרוד גייט יאָגן, גייען די משרתים און די משרתות אין קרעטשמע אַריין טאַנצן. און אויף זרש׳ס פּנים האָט זיך אויסגעגאָסן א העל־רויטלעכע פארב פון ליבשאַפט צו די הינטישע גיבורים לעתיד לבוא, און אין אירע אויגן האָבן שוין די שטראַלן פון זייער קינפטיקן לויב געבליצט... די ערשטע „כאפער״ וועלן זיי זיין, און „אפּאָרטירן״ וועלן זיי צו דער האנט ערלעך און ג ע ש י ק ט . . . צווישן די אויסגעשארפטע ציין וועלן זיי, אָן א שאָדן, צוטראָגן פוקסן און העזלעך... און זייער בילן וועט איבערשרעקן לייבן; עלעפאנטן וועלן אנטלויפן... און עסן וועלן זיי מיט נמרודן פון איין טעלער...

און די אויגן אירע ווערן פארן זיסן נחת שמעלער און שמעלער, ביז די זיידענע ברעמען פאלן צו. און זרש, — עס קומט איר, דער קימפעטאָרן! — שלאָפט איין.

פּלוצים ענדערט זיך דאָס בילד:

פאַר א זינד, וואָס זי איז געווים נישט באַגאַנגען, פאַר א בילבול, וואָס נבוכדנצר, איר אייביקער שונא, האָט אויף איר געמאַכט, האָט מען זי אין וואַלד אריין נישט מיטגענומען... צוגעבונדן האָט מען זי פאַר דער טיר, ווי א געמיינער שעפּער־הונט... פון וואַלד הערן זיך טראָמפּייטן... פון וואַלד לויפט ארויס א האָז. ער שטעלט זיך אין עק וואַלד, מיט די פאָדער־שטע פים אויפן פעלד. ער זעט זי און אנטלויפט נישט... ער קוקט אויף איר מיט ביזיון, ער פאַרסקעט, ער לאַכט! די וואָנצעלעך ציטערן פאַר לאַכן!...

דאָס ווערט זי נישט דערליידן! א שטריק איבערייסן איז ביי איר אזוי פיל, ווי, להבדיל, ביי שימשון הגיבור; זי ציט זיך איין און בלאָזט זיך אָן, און גיט א שפּרונג —

דער שטריק פּלאַצט און זי לויפט...

דער שטריק האָט געפּלאַצט אין חלום; אויפגעכאַפּט, האָט זי א שויב אויסגעהאַקט און איז ארויסגעשפּרונגען אין וואַלד אריין!

די קליינע בלינדע הינטלעך האָבן דערפילט: ערשטנס, קעלט, צווייטנס — הונגער.

און ביידע קוואַלן זענען גרעסער געוואָרן, אז די זון איז אונטערגע־גאַנגען, און די, מיט מאַיאָליק אויסגעלייגטע, קיך־דילן האָבן זיך שטאַרק אָפּגעקילט...

און פון וואַלד הערט זיך אַלץ איינייגעם דער האָרן...

פאַר שרעק, פאַר הונגער און קעלט זענען אַלע פיר הינטלעך פון קויש ארויסגעשפּרונגען, צעלאָפן זיך אומגעלומפּערט אויף די אויסגעבוי־גענע פים, און בלינדערהייט זיך שוין נישט אויפגעזוכט... יעדערער האָט זיך אין זיין ווינקל איינגעהויקערט...

און פון אַלע פיר עקן האָבן אַלע פיר געפּישטשעט פאַר שרעק, פאַר הונגער, פאַר קעלט.

ווער ווערט אויף זיי רחמנות האָבן אין שטילן לערן־הויז?

נמרוד יאָגט אין וואַלד, די דינערשאַפט טאַנצט אין קרעטשמע, די מוטער האָט זיי פאַרלאָזט און פ א ר ג ע ס ן . . .

---

דאָך איז די וועלט אזוי איינגעריכטעט, אז ווען זאָגאַר בלינדע קליינע הינטלעך פּישטשען, פּישטשען זיי נישט אומזיסט...

ווייט - ווייט אין גרין־געמאָלטן עס־צימער, אויפן טיש, אויף א שניי

וויים טישטוך, צווישן קריסטאָלן עס־און טרינק געשיר, אין א גאָלדענעם רערן־לייכטער, שטייען ליכט, גרויסע סטעארין־ליכט.

זיי הערן און האָבן רחמנות...

פאר גרוים צער בעלי־חיים, האָט זיך איינס אזוי דערהיצט, אז עס האָט זיך פון זיך אליין, אָן א פונק פרעמד פייער, אָנגעצונדן און צע־פלאקערט!

און דאָס צעפלאַמטע ליכט זאָגט:

— ברידער, איר וואַרט דאָ אויף נמרודן!... לייכט אים ביי דער מאָל־צייט, מאַכט אים פריילעך דאָס הארץ... איך גיי צו די אָרעמע הינטלעך.

— וואָס רעדסטו, אזוי נידעריק אראָפּ ווילסטו?

פון דער אייגענער מוטער פארלאָזט...

— מיין מזל איז שוין אזוי. און זיי זענען אזוי אָרעם, אזוי אָרעם;

— מיט וואָס וועסטו זיי דינען? וועסט זיי אָנזייגן?

— איך האָב נישט אירע ברוסטן, — ענטפערט עס טרויעריק.

— וועסט זיי אָנוואַרעמען?

— איך האָב נישט איר האָריקע פעל.

— וואָס דען?

— איך וועל זיי ל י כ ט ן ! . . .

— זיי זענען בלינד!

— וואָס טויג זיי ליכט? וואַרעמקייט דארפן זיי, מילך...

— ביי מיר וועלן זיי געשווינדער די אויגן עפענען!

— זאָל יעדערער טון, וואָס ער קען... איך האָב ליכט, וועל איך געבן, זיי וועלן די אויגן עפענען און זוכן די רעשט און געפינען אליין...

— גיי — לאַכן יענע, נישט אָנגעצונדענע, צוריק אָפּגעקילטע ליכט... וועסט גאָרנישט מאַכן, ניין!

— פארוואָס?

— פאר דעם... זיי וועלן, נישט דיין ליכט מיט די בלינדע אויגן, נאָר דיין חלב מיט די אָפענע נעז דערשפּירן, אויפרעסן וועלן זיי דיך!

דאָס באַרמהערציק־דערפלאַמטע ליכט דערשרעקט זיך.

אָבער א וואָרט — א מאַן! דער גורל איז געפאלן!

עס גאַרטלט זיך אונטער, רייסט זיך אוים פון ענגן לייכטער, אָטעמט פרייער אָפּ, רוקט זיך פון טיש אויפן דיוואַן איבער די דילן, און רוקט זיך ווייטער און ווייטער, און הערט אַלץ שארפער און שארפער דאָס רחמנות־בעטנדיקע־קליין־הינטישע געוויין און גייט אַלץ שנעלער און שנעלער.

נאָר אויפן וועג האָט עס א גלעזערן הייזל דערזען... א לאָמטערן מיט פיר פארשידנפארביקע שויבן! דאָס הארץ האָט אין אים א ציטער געטון פאר פרייד! דאָס וועט זיין זיין פאנצער, זיין רעטונג, פאר הונגעריקע מײַ־לער! און פאר די ש וו א כ ע אויגן וועט ב ע ס ע ר זיין דאָס פארביק, איידעלע ליכט, נישט ווייס מיט אמאָל — ווייס קען שאדטן...

און ער גייט אריין אין לאָמטערן און גייט ווייטער אין זיין שליחות אָבער שוין לאנגזאָמער...

---

קיין זאך קען נישט ביישטיין דעם שטארקן ווילן. וויל, און די גאנצע וועלט ווארפט זיך צו דיינע פיס! ביי די הינטלעך האָבן זיך די אויגן גע־עפנט, זיי האָבן ל י כ ט דערזען, נאָר יעדעס אין ז יי ן ווינקעלע, דורך אן א נ ד ע ר גלאָז...

— בורא מאורי האש! האָבן אלע געבענטשט מיט אמאָל, אָבער באלד האָט זיך דער אונטערשיד באוויזן:

— ליכט איז געל! רופט א הינטל פון זיין ווינקל ארויס מיט פרייד.

— נאר! — רופט א צווייטס פון צווייטן ווינקל — ליכט איז גרין!

און א דריטס:

— איר האָט נאָך ביידע די אויגן רעכט נישט געעפנט! איך זע! ליכט, זאָג איך אייך, איז בלוי! באשיינפערלעך בלוי!

און דאָס פערטע שרייט:

— אויב דו האָסט די אויגן אָפן און דו זאָגסט, אז ליכט איז בלוי, ביסטו א ליגנער! ליכט איז — רויט!

ווערט א וויכוח!

שפארט מען זיך הינטיש־היציק: —

— איך שווער, אז ליכט איז געל!

— ביי מיין לעבן — ליכט איז בלוי!

— ביי מיין מאמען — ליכט איז רויט!

— ביי גאָט אין הימל — ליכט איז גרין!

שרייט איינס:

— פעלשער אָדער בלינדע! קומט נענטער!

ווערט א געשריי:

— נענטער, נענטער!

אָבער שוין נישט צום לאָמטערן, נישט צום ליכט...

און אלע פיר שפרינגען אינדערמיט אריין...

די אויגן זענען שוין פון האס פארגאָסן, די הינטישע הערצלעך זידן פון גרימצאָרן...

איינס צום צווייטן שפרינגט צו. אַלע גרייט זייער רעכט צו באַווייזן. יעדעם מיטן פיסקל אין יענעמס פעל אריין! מיט די ציין אין יענעמס פלייש די וואָרהייט צו באַשטעטיקן, צו באַפעסטיקן...

ליגנער מוזן פארטיליקט ווערן, ליגנער האָבן קיין רעכט אויף לעבן; דער פארפירער, און ווען עס איז מיין אייגענער ברודער, מוז שטארבן...

און עס פלאַמט אויף דער גערעכטער צאָרן...

און פון די צענויפגעשפרונגענע, נאָרוואָס זעעוודיק־געוואָרענע הינט־לעך ווערט א קנויל, וואָס ווארפט זיך און צאַפלט צוזאמען אין שטרייט פאר דער וואָרהייט...

יעדעם איז גרייט פארן אמת צו ט ויט ן און — געטייט צו ווערן...

ווארפט די פארצאפלטע קנויל דעם לאמטערן אום; פארלאָשן גע־וואָרן דאָס ליכט, און נאָכמער האָט זיך צעפלאקערט דער קריג וועגן ליכט אין דער — פינצטער...

און אז זרש איז, פארסאפעט און מיט שוויים באגאָסן, צוריק ארויס פון וואלד, האָט זי אויף דער שוועל פון פאלאץ דערזען איינעם פון אירע שפעטערע גיבורים ליגן צעביסן און צעבלוטיקט...

זי לויפט צו.

— וואָס איז מיט דיר? גאָט! וואָס איז געשען, ווו זענען דיינע ברידער?

— איך האָב קיין ברידער נישט — ענטפערט דער האלב־טויטער, — ליגנער זענען זיי, פאלש געשוואָרן האָבן זיי! איינער שווערט, אז ליכט איז געל, דער צווייטער, אז ליכט איז גרין, דער דריטער — רויט, און איך האָב אליין געזען, אז ליכט איז בלוי, איינפאך בלוי! זיי ליגן דאָרט. די ליגנער, די ליכט־לייקענער! אויך צעביסן...

---

און געענדיקט האָט ר׳ שלמה:

— „ויהי אור״! האָט גאָט געזאָגט. פארביקע לאמטערן האָבן נאַ־רישע מענטשן געמאכט.

---

דארף איך אייך זאָגן, אז מיט דעם מעשהלע האָט זיך געענדיקט א וויכוח, ווי אזוי מען דארף רעדן צום פאָלק, שרייבן פארן פאָלק?

---

# די היטערן פון הייליקן פייער אין טעמפּל

(לעגענדע)



ער מענטש פון דער היינטיקער וועלט האָט וועגן פייער אַזוי געטראַכט:

„פייער גיט וואַרעמקייט, פאַרטרייבט די קעלט; קעלט איז טויט, וואַרעמקייט איז לעבן — דער קוואַל פון לעבן איז פ י י ע ר".

„פייער פאַרטרייבט דאָס ווילדע טיר פון וואַלד, פייער איז ג ו ט".

„פייער איז די מוטער פון ליכט. ליכט פאַרטרייבט די שאָטן פון דער נאַכט... פייער איז ו ו י ל".

„און ריין איז פייער און רייניקט אַלץ — אַ ר י י נ י ק י י ט, אַ ה י י ל י ק י י ט איז פייער..."

„זון, לבנה און שטערן — אַלץ, וואָס לייכט, — וווינט אין הימל; פון דאָרט האָט געמוזט אַ גאָט דעם מענטש דאָס פייער ברענגען; אויס ב אַ ר מ ה אַ ר צ י ק י י ט. ווי וואָלט אויסגעזען אַ מ ע נ ט ש אָן פייער?"

אַזוי האָט אונדזער עלטער־עלטער־עלטער־זיידע וועגן פייער געטראַכט; און אין זיין טעמפּל ר י י ן און ה י י ל י ק דאָס פ י י ע ר געהאַלטן און געהיט. —

און צום היטן דאָס פייער איז געוויילט געוואָרן די י ו נ ג ־ פ ר ו י: דאָס ריינסטע, דאָס שענצטע, דאָס הייליקסטע און ריין־שטראַלנדיקע...

האָט די אויסדערוויילטע יונג־פרוי דאָס פייער אין טעמפּל, ווי אַן אויג אין קאָפּ געהיט. איר לעבן דעם העכסטן און הייליקסטן (אָדער דעם סימבאָל פון העכסטן און הייליקסטן) געאָפּפערט... איר האַרץ און איר ריין־יונגפערלעך געפיל דעם פייער איבערגעגעבן; מיט שמעקנדיקע קרייטעכצער גענערט, מיטן ריינסטן מענטשן־אָטעם אונטערגעפאַכט, און ריין, און לעבעדיק געהאַלטן...

האָט זיך אָבער געטראָפן, און די פייער־היטערן האָט אַ רגע אָן היי

ליקן פייער פארגעסן; האָט זיך פון אלטאר אָפּגעווענדט, פון טעמפּל ארוים
— און דאָס פאַרלאָזטע פייער איז א ו י ס ג ע ג א נ ג ע ן —
דאן — ווי איר:
לעבעדיקערהייט האָט מען זי אין א גרוב אריינגעוואָרפן און
פארשיט...

. . . . . . . . . . . . . . .

איז אמאָל באלאגערט געוואָרן א גריכישע שטאָט.
אויף טויט און לעבן האָט אויפגעפלאַמט די שלאַכט צווישן באלאַ־
גערער און באלאַגערטע.
און צו קיין זיג איז נישט געקומען.
פעסטע מויערן רינגלען ארום די שטאָט; ריזיקע טאראנען שלאָגן
אין די מויערן.
העלדן שטורמען די טויערן; נישט ווייניקערע באשיצן זיי.
די זעלבע צאָל באַפאלט; די זעלבע — פארטיידיקט.
די צאָל פון די פיילן, וואָס פליען פון די מויערן אראָפּ, און די צאָל
פון די פיילן, וואָס פליען צו די באשיצער ארויף — איז גלייך.
און — זעלטן איינע זאָל נישט טרעפן!
און די צאָל פון די טויטע, וואָס פאלן אונטן, פאר די פיס פון די
באלאגערער, און די צאָל פון די טויטע, וואָס קאָלערן זיך פון די מויערן
אראָפּ אין שטאָט אריין איז — ד י ז ע ל ב ע.
ווארט אומזיסט די פייער־היטערן, קניענדיק ביים אלטאר, אין היי־
ליקן פייער אריין, מיט שרעקיגע אויגן פארקוקט פון דרויסן אויף א צייכן
פון זיג.
איר אויער פארנעמט קיין איינציקן פרייד־געשריי, קיין פאנפארן
רוף: מען הערט נישט קיין טריט פון זיגער צום טעמפּל...
ציטערט איר ריין יונגפערלעך הארץ:
איר פאָטער־שטאָט איז נאָך אלץ אין געפאר; און צוזאמען מיט דער
שטאָט דער טעמפּל דער הייליקער, און דער אלטאר מיטן הייליקן פייער...
און א שרעקלעכער פארלאנג באפאלט זי:
זי מוז פון טעמפּל ארויס און זען; איין סעקונדע זען די שלאַכט...
און זי קען דעם פארלאנג נישט גובר זיין און איז ארוים פון טעמפּל.
און באלד האָט זיך איר צו די פיס, פון די מויערן, א טויטער קער־
פער אראָפּגעקאָלערט... א העלד האָט אין דער ריי פון די פארטיידיקער
פארפעלט, גרעסער איז געוואָרן די געפאר...

רייסט זי פּלוצלינג דעם פייגלבויגן פון דער טויטער האנט ארויס. שנעל ווי דער בליץ שפּרינגט זי ארויף אויף דער מויער; ציט אַן מיט פארצווייפלטער קראפט די סטרונע; צילט, לאָזט אָפּ און טרעפט — א גרעסערן העלד צווישן די באלאגערער...

און די וואָג פון מזל האָט א ציטער געטון: איבערוויגן האָט די שאָל פון איר פאָטער־שטאָט!

אָפּגעשטויסן און צעטריבן איז דער באלאגערער; באפרייט די שטאָט, געראטעוועט דער הייליקער טעמפּל — —

מיט פרייד־געשריי און ליוב־געזאנג, מיט צעווייטע פּאָנען, רוישנ־דיקע פליטן און פאנפארן־מוזיק, איילן די זיגער צום טעמפּל, — ז יי ע ר גאָט, דעם גאָט פון זייער שטאָט צו דאנקען און —

בלייבן פארשטיינערט...

פינצטער איז אין טעמפּל!

אין מאָמענט פון זיג האָט זיך דאָס פייער פארלאָשן...

. . . . . . . . . . . . . . .

פירט מען די פייער־היטערן, וואָס האָט דעם זיג געגעבן, מיט גע־זאנג און קלאנג, מיט לידער פון ליוב און דאנק, אונטער הייליקע פּאָנען, פון טעמפּל ארויס...

פירט מען זי אין גאָלד און זילבער באַקליידט. און איינגעהילט; איבערן וועג מיט בלומען געשטרייט, פון דער געראטעוועטער שטאָט אויפן פרייען פעלד ארויס צום גרוב...

שטעלט מען זי אָפּ ביים ראנד פון גרוב און מען קריינט איר דעם זיגער־קאָפּ מיט א לאָרבער־קראנץ...

לאָזן זיך די נאָענטסטע צו טעמפּל און גאָט, און די עלטסטע פעטער פון שטאָט פאר איר אויף די קניען אראָפּ, רינגלען זי, קניענדיק, ארום, און קושן, קניענדיק, די זוימען פון איר מאנטל און קלייד.

שטויסן די פּאנפאַרן דעם לעצטן פרייד־און דאנק־געשריי ארויס און פארשטומען...

שטויסט מען זי אין דער טיפער גרויסער שטילקייט אין גרוב אריין... ווערט פארשיט דער גרוב...

. . . . . . . . . . . .

אזוי האָבן צוויי טיפע, שווארצע אויגן פון א בלאס געזיכט ארויס דערציילט; און איך האָב עס אייך איבערדערציילט. —

---

# דער קאָלאָניסט



מאָל איז געווען — האָט ר' שלמה, אַן אַלטער ייד אין בית־המדרש דערציילט — אַ קאָלאָניסט.

פרעמד איז ער געווען אין דאָרף; ער האָט מיט קיינעם און קיינער האָט מיט אים נישט געהאַלטן.

ער האָט גאָר אַן אַנדער לשון גערעדט, און קיינער האָט אים נישט פאַרשטאַנען, און נישט געוואָלט פאַרשטיין!

איינמאָל האָט ער, דער קאָלאָניסט, געפונען אַ בריליאַנט.

רעכט פאַרשטאַנען דערויף האָט ער זיך נישט; קיין האָן איז ער אָבער אויך נישט געווען און וואָלט אים אויף אַ קערנדל ווייץ נישט פאַרטויִשט.

עס שיינט און בליצט; „עס איז אַ קליינע זון", — טראַכט ער. עס מוז ווערט זיין אַן אוצר.

גאָר מיט אַ טייערן שטיין צווישן פרעמדע לייט איז מען מיטן לעבן נישט זיכער!

ווערט מען געוווּיר, וועט מען אים די ערשטע נאַכט באַפאַלן, די פענצטער ארויסנעמען און צונעמען דעם אוצר מיט דער נשמה צוזאַמען!

מען מוז באַהאַלטן דעם שטיין!

דעם ווייב אַפילו וועט ער נישט זאָגן פון בריליאַנט אַ וואָרט. ער האָט זי ליב, נאָר אַ יידענע — לאַנגע האָר — קורצער שכל; זי וועט זיך נישט איינהאַלטן.

און ער נעמט זיך צוריקצווועגס צו דער קאָלאָניע און באַגראָבט דעם שטיין אין דער ערד, אין געמיזע־גערטל פאַרן הויז.

פאַר אַ צייכן לייגט ער אויף דעם אָרט אַ קיזל־שטיין; אַ שווערן קיזל־שטיין, ער זאָל דאָס אָרט דערקענען, און אַז עס וועלן קומען בעסערע צייטן, אַן קינאה־שינאה צווישן שכנים און ביפרט צו פרעמדע, וועט ער וויסן וווּ צו זוכן און צו געפינען דעם אוצר. דעמאָלט זאָל ער שיינען און בליצן אין שיינעם העל טאָג!

איינמאָל האָט דאָס יונגע ווייבל דעם שטיין באַמערקט. עס איז איר

א שאָד דאָס פּיצל ערד, וואָס דער קיזל־שטיין פאַרנעמט; אויף זײַן אָרט קען אַרויסוואַקסן אַ ציבעלקעלע, אַן אוגערקע... אַ שאָד!

אַליין אַוועקנעמען דעם שווערן שטיין קען זי נישט; רופט זי דעם מאַן צו הילף.

ער דערשרעקט זיך:

— גאָט באַהיט, — רופט ער אויס — ריר נישט דעם שטיין!

— פאַרוואָס?

— עס איז אַ מזלדיקער שטיין! ער ברענגט אונדז מזל וברכה!

— עס איז דאָך אײנפאַכער קיזל־שטיין?!

— זעסט דאָך! אַזאַ סגולה האָט ער שוין!

זי גאַפט! זי איז נישט זיכער, צי דער מאַן מיינט עס ערנסט, צי מאַכט ער שפּאַס.

זי קוקט אים אין די אויגן אַרײַן און זעט זײַ ערנסט, כמעט האַרט, אָן אַ לאַכנדיקן פונק.

נו, דעם מאַן האָט זי ליב, און האַלט אים פאַר קלוג און ערלעך. און גלאַט — אַ יידענע! אַ יידענע איז שטענדיק צופרידן, אַז זי קען אין עפּעס גלייבן, — אין אַ סגולה, אין אַ ווינק פון אויבן... און לאַנג צייט צו קלערן האָט זי נישט; דאָס גערטל מוז פאַרזייעט ווערן! פאָלגט זי און טוט אירס.

אין צווייטן טאָג באַמערקט דער מאַן צ ו ײ שטיינער אין גאָרטן.

— וואָס איז דאָס? ווער איז דער צ ו ײ ט ע ר שטיין? פרעגט ער.

און דאָס ווײַבל שמייכלט.

דאָס יונגע ווײַבל איז גראָד ביינאַכט שלעכט געשלאָפן. עפּעס האָט די לבנה אַזוי וווּנדערלעך אַרײַנגעשײַנט דורכן לאָדן...

עפּעס איז איר אַזוי ענג, אַזוי באַנג געוואָרן אויפן האַרץ... זי האָט אַזוי מורא געהאַט...

דעם מאַן וועקן האָט זי נישט געוואָלט, האָט זי זיך מיישב געווען, שטיל זיך אַראָפּגעכאַפּט פון בעט, אַרויסגעשלײַכט זיך פון שטוב און — צוגעלייגט נאָך אַ שטיין...

עס האָט זי באַרואיקט!

— אין צווייען — שמייכלט זי — איז שטאַרקער.

און וואָס זאָל ער טון, דער קאָלאָניסט? גיי, בייזער דיך אויף אַ יידענע ,ווען זי שמייכלט אַזוי קינדיש־זיס און לייגט דיר אַרויף די ווייסע שמאָלע הענט אויף די אַקסל און דערלאַנגט דעם אַלאַבאַסטער־שטערן צום מויל — —

דעם ווייסן שטערן קושט ער מיט פארגעניגן, אין די בלויע אויגן זוכט ער אן ענטפער אויף דעם, וואָס זי איז ביינאַכט אזוי אומרואיק... און שווייגט!

דעם קוש אויפן שטערן האלט דאָס יונגע ווייבל פאר א לוין פאַר איר גוטסקייט און פרומקייט! און ווען עס ווילט זיך איר א קוש אין שטערן — לייגט זי צו נאָך א שטיין...

טוט ער עס נישט, באַווייזן זיך איר טרערן אין די אויגן.

---

דאָס פּאָר־פאָלק האָט קינדער געהאַט — א יינגל מיט א מיידל.

דאָס מיידל וווּנדערט זיך נישט, פרעגט נישט און טוט נאָך דער מוטער.

די מוטער לייגט גרויסע, די קליינע טאָכטער קליינע שטיינדלעך; נאָר די שטיינדלעך וואקסן מיט איר צוזאמען!

דער קלוגער זון פרעגט שוין: וואָס באַדייט עס?

— שטיינער — ענטפערט די מוטער שטאָלץ, אז זי ווייסט אזויפיל — זענען מזלדיק!

— פארוואָס? — וווּנדערט זיך דער קליינער — און וואָס הייסט מזלדיק? צי האָט מען אמאָל מער ווי מען פארדינט, ווי מען ארבעט אויס?

דאָס פארשטייט שוין די מוטער נישט.

— פרעג דעם טאַטן — זאָגט זי.

— וועסט עלטער ווערן — ענטפערט דער טאַטע — וועסטו דאָס אויך פארשטיין!

און, אז דאָס יינגל איז אויפגעוואקסן, האָט אים דער פאָטער דער־ציילט דעם סוד פון ברילִיאַנט.

און אזוי איז געשען אין א גאַנץ לאַנגע שורה פון דורות.

איינער האָט איבערגעגעבן דעם צווייטן דעם סוד.

אין יעדן דור האָט א יי נ ע ר געוווּסט פון ברילִיאַנט און די רעשט האָבן געגלויבט, אז קיזל־שטיינער זענען מזלדיק; אז וואָס מער, איז בע־סער, און האָבן שטיינער געלייגט.

שכנים קוקן און גאַפן!

טייל לאַכן אין די פויסטן אריין; אנדערע, פארקערט, האָבן דרך־ארץ פאַר אַלטע מינהגים וואָס זיי האָבן שוין, קומענדיק אויף דער וועלט ארויס, געטראָפן אלס אלטע מינהגים!

נישט אײנער האָט געקלערט, עס מוז זײַן נאָך פון דער צײַט, ווען מלאכים זענען אויף לײטער געקראָכן און מענטשן האָבן געזען.

טײל שכנים האָבן געוואָלט באַווײַזן דער מישפחה זײער ליבשאַפט, און האָבן, פאַר חברקײט, אויפגעהויבן שטײנער פון וועג און אין גאָרטן אַרײַנגעוואָרפן...

און אין דער מישפחה אַלײן איז דאָס שטײנער־וואַרפן שוין אַ קולט, אַ הײליקער מינהג געווען, אַ מין „עבודת־הבורא".

יונגע לײַט פּראָטעסטירן; אַלטע בײזערן זיך און דראָען מיט בײנער־דיקע פויסטן!

יונגעלײט האַלטן רעדעס קעגן די שטײנער, און די אַלטע זאָגן:

— ווי אונדזערע עלטערן האָבן זיך געפירט, וועלן מיר זיך אויך פירן...

— אונדזערע עלטער־זײדעס זענען קליגער געווען פאַר אונדז און האָבן שטײנער געוואָרפן — מוז אַזוי זײַן!

— נישט אונדזער וועלט, מיר זאָלן זי פאַרבעסערן, איבערמאַכן. אַ גוט פערד גײט אין קאַליע און ברעכט נישט די פיס!

און נאָך אַזוינע ווערטלעך און קלוגע שפּרוכן, אויף וועלכע עס שטײט די וועלט; דאָס הײסט, אונדזער מענטשלעכע וועלט!

און ווײל אַ יונגערמאַן עפּעס טון דאַרפן, ווילן די אַלטע „צעברעכן די אײער, וואָס ווילן קליגער זײַן פאַר די הינער!"

---

און יאָר־יערלעך שײדן זיך יונגע לײַט מיט טרערן אין די אויגן פון אַלטן הויז, פון דער אַלטער מישפחה און גײען זוכן אַרבעט אין דער פרעמד: עסן ברויט פון פרעמדע אויוונס, נעכטיקן אונטער פרעמדע דע־כער; בעטן זיך קוים אײַן.

ווײַל אין דער הײם איז שוין נישט אויסצוהאַלטן!

דער באַרג שטײנער וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

ער שיט זיך אָפּ, און קומט מיט יעדן טאָג נענטער צום הויז.

מיט דער צײַט האָבן די הײליקע שטײנער טיר און פענצטער פאַרוואָרפן.

— עס שאַדט נישט! האָט מען געזאָגט.

און מען שטעלט אויף אַ לײטער און מען קריכט דורכן קוימען.

עס האָט לופט פאַרפעלט; קײן אומגליק נישט; אַז מען עסט װײניק און לעבט װײניק, דאַרף מען װײניק לופט!

און לעבן איז נישטאָ פון וואנען.

נישטאָ ווו צו זייען, ווו צו אקערן — סאמע שטיינער, סאמע שטיינער!

— לאָזט כאָטש — בעטן זיך די יונגע — צוזאמענשארן די שטיי־נער; זאָלן זיי וואקסן אין הימל אריין, נאָר וויניקער אָרט פארנעמען אויף דער ערד! זאָל זיין ווו צו ארבעטן, ווו צו אקערן און זייען.

— אפיקורסים! שרייען די אלטע. איבער אונדזערע פגרים וועט איר צוקומען צו די שטיינער...

---

ר' שלומה פארטראכט זיך א ווײַלע, נעמט ארויס א שמעק־טאבאק.

מיר, וואָס האָבן שוין לאנג די בייגל פארגעסן און האָבן ביי דער מעשה דעם אָטעם פארהאלטן, אָטעמען אָפּ, און עמעץ פרעגט:

— און פארוואָס שווייגט דער, וואָס ווייסט פון בריליאנט און מאכט קיין שלום נישט צווישן די אלטע און די יונגע?

— בא — ענטפערט ר' שלומה מיט א זיפץ — דאָס אומגליק איז טאקע, וואָס מיט דער צייט האָט מען גאָר אינגאנצן אָן בריליאנט פארגעסן!

צי איז עמעץ פלוצלינג געשטאָרבן און קיין צייט נישט געהאט א צוואה צו לאָזן!...

צי האָט איינער זיין איגענעם טאטן נישט געגלייבט און זיין אייגן קינד נישט געוואָלט געגלייבט...

גענוג — דעם בריליאנט האָט מען פארגעסן און אלט און יונג שלאָגן זיך איבער שטיינער!

---

ר' שלומה האָט געענדיקט.

און מיר פרעגן זיך: ווער איז דער בריליאנט?

און מיר ווילן טרעפן:

— דאָס פינטעלע ייד?...

— „אנוכי"?...

— „ואהבת לרעך כמוך"?

נאָר ר' שלומה ענטפערט נישט, א געהיימער שמייכל בלאָנדזשעט אים אויפן פנים.

— שקצים — רופט ער — אהיים, עס גרויט שוין דער טאָג!

---

# קינדער

## (א סוכות דערציילונג)



יין טאטע איז געווען: ווינטער א שניידער, זומער — א סאדאָוו־ניק. געפעלט אייך נישט דער יחוס, לייגט אוועק די מעשה. ס'איז אָבער א שאָד: א שיינע מעשה.

איך בין נאָך דעמאָלט א חדר־יינגל געווען, און פלעג זומער, נאָכן אָפּדאווענען מינחה־ומעריב, ארויסגיין צו טאטע־מאמע, אין סאָד אריין, וואָס זיי האָבן געהאלטן בשותפות מיט א וואַטנמאכער, און צוזאמען מיט אים דאָרט איבערן זומער געוווינט.

מיין טאטע, א פּראָסטער ייד, האָט געוואָלט, אז פון זיין ראובן־בנימין, זיין בן־יחיד, זאָל ארויס, נישט קיין שניידער און נישט קיין סאָ־דאָווניק, נאָר א בן־תורה, א רב, כאָטש א דיין! און ווען א גוטער מלמד, איז אויך א כבוד!

א קעפּל האָב איך אפילו געהאט נישט קיין שלעכטס, נאָר קיין מתמיד בין איך נישט געווען: מער חשק געהאט צו שפּילן און צו היימיש־יידישע קונסט: הבדלות מאכן, דרעדלעך גיסן, אויסשניידן פּאַפּירענע פיי־געלעך און נאָך אזעלכע זאכן. און דעם סאָד האָב איך ליבער געהאט פארן חדר... האָט אמאָל שטארק גערעגנט, און עס איז מיר אויסגעקומען צו בלייבן אין שטאָט און צו נעכטיקן ביים רבין אין שטוב, אויף א געמאכט געלעגער, צווישן טיר און פעסל־וואסער, — האָב איך געמיינט, איך וועל דערשטיקט ווערן. און האָב נאָך א גאנצע נאכט בייזע חלומות געהאט: אָט איז מען דעם סאָד באפאלן. מען שאָקלט די בארלעך, דער טאטע שלאָפט, די מאמע שלאָפט. אויף דער צווייטער זייט, איןביידל ביים וואטנמאכער, שלאָפט מען אויך. איך איינער שטיי אין העמד אינמיטן סאָד און שריי:

—טאטע! מאמע! ר' זעליק זלמן! טריינע! — אזוי האָט ר' זעליק־זלמענס ווייב געהייסן — גאָלדעלע!

— שייגעץ איינער, — וועקט מיך איינמאָל דער רבי איבער, און נישט זייער לייטזעליק, — וואָס פאַרא גאָלדעלע? —

גיי זאָג א רבין, אַז גאָלדעלע איז א מיידל, ר׳ זעליק זלמן וואַטנמאַ־כערס און זיין ווייב טריינעס איינציק טעכטערל, — א מיידל עטוואָס יינגער פון מיר, מיט וועלכער איך שפּיל מיך אפילו אין זאַמד, צוליב וועל־כער איך מאַך אמאָל א פייפערל און שפּיל צווישן טאָג און נאַכט צווישן די ביימלעך אין סאָד...

דריי איך מיך, שווייגנדיק, איבער אויף דער צווייטער זייט, שלאָף איין און חלום ווייטער...

איינמאָל, אָנהויב זומער, האָט דער רבי מודיע געווען, אַז ער האָט שטאַרק קאָפּ־ווייטיק און צעלאָזט דאָס חדר מיט א האַלבע שעה פריער. איך האָב שיר־נישט אויסגעשריגן פאַר פרייד! חברים ווילן מיך פאַרהאַלטן, שפּילן אין „ציג־און־וואָלף״, האַנדלען קנעפּלעך מיט שטאָלפּעדערן. איך הער נישט. איך אַנטלויף פייל פון בויגן. מעשה סאַדאָווניק, וואַרף איך באַלד אונטער דער שטאָט די שטיוול אַראָפּ, פאַרבינד זיי און וואַרף איבער די אַקסל. דורכלויפן דריי וויאָרסט איז נישט קיין סך, שוויץ איך און לויף. כ׳קום אין סאָד אריין, וואַרף די שטיוול אַוועק ביי דער פאָרטקע, לויף דורך די בייטן אין מיט סאָד אריין, געוואָלט מיטאמאָל ארומגענומען ווערן מיט סאָד. —

אין סאָד איז שטיל, אַלע דרימלען אוודאי אין די ביידלעך. אין סאָד איז נאָך קיין ארבעט נישטאָ, עס גייען גאַנצע חדשים צום וואַכן: ארום דערפער מיט שקצים — גרויסע בעלנים אויף אויבס...

איך שטעל מיך אָפּ, קוק מיך אום...

באַמערק איך, עפּעס רירט זיך אונטער א צעבליט באַרן־ביימל. איך קוק עטוואָס נעענטער — גאָלדעלע. עפּעס גראָבט זי אין דער ערד, שטעקט אריין ריטלעך, און איז אַזוי פאַרנומען, אַז זי הערט נישט מיינע באָרוועסע טריט... שלייך איך מיך שטיל נאָך נעענטער און פון א זייט צום ביימל צו, נעם אָן דעם יונגן דינעם שטאַם און טרייסל. דער באַרן־בוים רעגנט מיט שנייעלעך איבער גאָלדענעם קעפּעלע...

גאָלדעלע האָט זי געהייסן און — גאָלדענע האָר געהאַט, און עפּעס אַזוינע שטיל־לאַכנדיקע אייגעלעך און טאָפּלטע חן־גריבלעך אין די בעק־לעך. הערט זי אויף צו גראָבן אין דער ערד, לאָזט אויף זיך רעגענען די ווייסע בליטן איבערן קאָפּ, אין שוים אריין, און ערשט אין א גוטער מינוט אַרום, הייבט זי די אויגן אויף און זאָגט, אַביסל געדרויטלט:

— א שאָד, ראובן־בנימין, מאַכסט א היזק!

איך לאָז אָפּ דאָסביימל און פרעג, וואָס זי טוט.

גאָלדעלע פּאַרציילט:

זי מאַכט זיך א באַזונדער גערטל. און ווייזט מיר די אריינגעשטעקטע ריטלעך.

— וואָס וועט וואַקסן אין דיין גערטל, גאָלדעלע?

וואַקסן, וויל זי, זאָלן ערשטנס בלומען. רויטע רויזן, ליליען ווייסע און נאָך, און נאָך...

— און פּירות נישט?

פּירות אויך! נאָר נישט אַ ז ו י נ ע פּירות... פערגאַמוטן מעגן זיין... אָבער דער עיקר: ציטרינען, אתרוגים... ל־ו־ל־בים...

ציט זי מיטן דינעם קולכל און פאַרחלומטע אייגעלעך.

און כדי די שקצים פון די דערפער זאָלן נישט באַפאַלן איר גערטל און אָפּשאָקלען די פּירות, מאַכט זי ארום גערטל א פעסטונג — אין אונד־זער שטאָט איז א פעסטונג געווען. איך זעץ זיך צו. מיר געפעלט די המצאה, און מיר ארבעטן צוזאמען.

עס פאַלט צו דער אָוונט.

ווערט א גערופעריי פון איין זייט:

— גאָלדעלע! ווו ביסטו, גאָלדעלע?

און פון דער צווייטער זייט:

— ראובן־בנימין! ראובן־בנימין! און אומרואיק פאַרוואונדערט: נאָך פון חדר נישט געקומען?

דער מאַמעס קול!

איןביידע זייטן פאַר די ביידלעך ברענט שוין א פייער, ביים פייער שטייען טעפּ, וויעטשערע קאָכט מען. מען רופט גאָלדעלען, מען רופט מיך, מיר הערן אזוי ווי אין א חלום, אין דער ארבעט פאַרטאָן, און ענטפערן נישט.

דריי וואַלן וועט מען מאַכן ארום, אזוי ווי אונדזער פעסטונג איז אין שטאָט. צווישן די וואַלן וועט מען אָנגיסן וואַסער.

— ווייסטו וואָס, גאָלדעלע?

— וואָס?

— זעלנער וועלן שטייען אויף די וואַלן!

זי פרעגט:

— זעלנער, פון וואָס?

איך קלער נישט לאנג און ענטפער:

— פון דינע שטעקעלעך. איך וועל אויסשניצן; ווייסט דאָך, א מע־סערל האָב איך!

זי ווייסט.

און איך דערמאָן מיך, אז איך האָב מיין אייגנס עטלעכע פּאָרצע־לייענע שערבלעך.

— „וועט דאָס זיין אָפּיצירן!"

זי הייבט דאָס קעפּל אויף, פארחידושט:

— פון וואנען האָסטו פּאָרצעלייענע שערבלעך?!

—כ'האָב שוין — רים איך מיך. — געקויפט פאר קנעפּלעך! אויס־געטוישט! זעסט? און איך ווייז איר, וויפל קנעפּלעך עס פעלן ביי מיר.

— און איך האָב, זאָגט זי, געפונען אין שטאָט א לענגעכיק גלעזל

— כ'בין געוועזן קויפן זאלץ — א לענגעכיק רויט גלעזל. עס לייכט דורך אזוי שיין!

— וועט זיין, זאָג איך, א גענעראל!

— א גענעראל! איז גאָלדעלע מסכים.

און מען ארבעט ווייטער.

— גזלן, שרייט טריינע צום מאן, — לויף דורך דעם סאָד. אפשר אונטער א בוימל איינגעשלאָפן.

און מיין מאמע פון דער צווייטער זייט סאָד לאָזט זיך הערן, אן אָנגעשראָקענע:

— רוצח, בערל! (מיין טאטנס נאָמען) לויף אין שטאָט אריין! ווי מיר, געמוזט עפּעס געשען... אפשר די ווערעמלעך זיך אָנגערופן!

מען מוז איבערהאקן! מיר קריכן ארויס פון אונטער בארן־ביימל און צעלויפן זיך, יעדעס צו זייןביידל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די זאך האָט אויסגעזעזן ביי טאטע־מאמע נישט גלאטיק... אזוי שפּעט, איינגאנצן איינגעשמירט אין ערד, אין גראָז. נאָר — אבי ר'איז דאָ! און די קארטאָפל זענען פארטיק... נאָכן עסן ווערט מען שלעפעריק.

בשלום אריבער. און ביי דער פעסטונג ארבעט מען יעדן אָוונט! טיילמאָל שלייכט מען זיך אוועק נאָך דער וועטשערע נאָך אמאָל, און מען ארבעט ווייטער.

די שותפים — ביידע פּאָר־פעלקער — שפּאצירן ארום איבערן סאָד, באקוקן דאָס גערעטעניש, באשטימען, וועלכע ביימלעך מען וועט דארפן

אונטערשפּאַרן; מען רעכנט אויס, וויפל עס וועט זיין אויבס, און אויב עס וועט זיין א מקוח — וויפל עס וועט בלייבן. מען פאַרגעסט אָן אונדז אביסל... און עס ארבעט זיך געשמאַק. די פעסטונג וואַקסט פון טאָג צו טאָג. פאַר מיר, וויניקסטנס, איז די פעסטונג דער עיקר! גאָלדעלע וויל דאָס גערטל אויך נישט פאַרלאָזן. ווו זי געפינט א שיין פּריש ריטל, זעצט זי אַריין; מיט יעדן טאָג נעמט זי דאָך די פעסטונג אַלץ מער און מער. מאָרגן, אז גאָלדעלע וועט ארויסגיין מיט דער בלעכערנער קאַן באַגיסן די מערן מיט די רעטעכלעך, וועט זי אָנגיסן וואַסער. אז איך וועל קומען פון חדר, וועלן שוין צווישן די דריי וואַלן פליסן צוויי טייכער!

— אָבער וואָס וועלן די זעלנער עסן? — פאַלט מיר פּלוצלינג איין צו פרעגן.

— ברויט! — ענטפערט גאָלדעלע. — פאַראַן אין יענער זייט גאָרטן ליים, וועל איך ברענגען קנעטן בולקעס. א מולטערל וועל איך מיר מאַכן פון א גרויסן רעטעך. נאָר — פאַרזאָרגט זי זיך, — ווו וועט מען באַקן דאָס ברויט?

— מוז מען — זאָג איך — מאַכן א בעקעריי, א זעלנערישע בעקעריי, אין א פעסטונג מוז עס זיין!

גאָלדעלע שפּרינגט אויף, פּאַטשט מיט די הענטלעך פאַר פרייד.

— שטילער, שטילער! מען וועט דערהערן!... און איך נעם מיך באַלד צו דער מלאכה. גאָלדעלע העלפט. באַלד וועט אויסגעגראָבן אין דער דיק פון אינעווייניקסטן וואַל א באַק־אויוון. מען דאַרף נאָך ארויף און ארויסציען א קוימען. ערגעץ אין סאָד ליגט א שטיק בלעך, גאָלדעלע ווייסט ווו.

זי שפּרינגט אויף, פליט אויף די באָרוועסע קליינע פיסלעך. איך קוק איר נאָך און ציטער, זי זאָל זיך נישט איינשניידן א פיסל אין א שאַרף גלעזל... נאָר אָט איז זי צוריקגעקומען בשלום...

זי לאַכט:

— זיי שטייען ביי די בייטן און ציילן די ריבן!

גאָלדעלע דערלאַנגט די בלעך: איך נעם און וויל זי אויסבייגן קיי־לעכדיק, און שנייד מיר איין אין א פינגער.

גאָלדעלע דערשרעקט זיך, שפּרינגט אויף מיט א געשריי. איך שפּרינג אויך אויף, כאַפּ איר ארום דאָס קעפּל, פאַרשטאָפּ איר דאָס מיילעכל מיט דער געזונטער האַנט:

— מען וועט דערהערן!

און מען האָט דערהערט.

— וואָס שרייסטו, גאָל—דעלע, גאָל—דע—לע!

איר מאַמעס קול.

— גאָרנישט, גאָרנישט! — ענטפער איך פאר איר.

זי איז געלאָפן איןביידל אריין נאָך שפּינוועבס, א שטיקל לייוונט און א פאָדעם ארומצובינדן.

— דו? ראובן־בנימין? — הער איך מיין מאַמעס קול.

— וואָס טוסטו דאָרט ערגעץ אין סאָד, שייגעץ איינער! — כאַפּט אונטער דער טאַטע.

— גאָרנישט! ענטפער איך, גאָרנישט! כ'גיי שוין שלאָפן... און לאָז מיך צו אונדזער ביידל צו, און וואַרף מיך מיטן בלוטיק־טריפנדיקן פינגער אויף מיין געלעגער.

— איך שלאָף שוין, טאַטע! שריי איך ארויס אין סאָד אריין.

— גוט! גוט! ענטפערט די מאַמע, נאָר עפּעס אזוי ווי לאַכנדיק. אפשר האָט זיך מיר גאָר געדאַכט. דערווייל שלייכט זיך צו מיר אריין גאָל־דעלע, פארבינדט מיר ביים בלאַסער לבנה־שיין דעם פינגער — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

צומאָרגנס פירן מיך טאַטע־מאַמע אָפּ אין חדר אריין. דער טאַטע גייט פאָרויס, די מאַמע — פון הינטן, איך — אינדערמיט. די פּנימער פון טאַטע־מאַמע זע איך נישט, נאָר איך פארשטיי, אז זיי זענען „אָנגערוקטע". איך האָב געמוזט עפּעס זינדיקן, מען וועט מיך פארן רבין פארמסרן...

שטאַרק מורא האָב איך נישט. איך בין דאָך פאָרט א בן־יחיד. די מאַמע זאָגט: „איינער פון אכט געבליבן". —

און די געדאַנקען פארפירן מיך באַלד אין א זייט: „ווי גוט! איך — א בן־יחיד, גאָלדעלע — א בת־יחידה". פארוואָס עס איז גוט, גיב איך מיר קיין חשבון נישט אָפּ, נאָר ארויס פון דעם געפיל קאָן איך עפּעס נישט. „עס איז פאָרט גוט!"

ענדלעך אָנגעקומען.

— רבי, — הייבט אָן דער טאַטע נאָכן „גוט־מאָרגן — גוט־יאָר". מהיום־והלאה קומט דער יונג נישט מער אין סאָד אריין.

און פארטייטשנדיק:

— א יונגאַטש, שפּילט זיך אין זאמד!

— און מיט מיידלעך! — גיט צו די מאַמע.

— אײ־אײ־אײ! — שאָקלט דער רבי מײנער מיטן קאָפּ, װי אַן אומ־רו אין דער ברײט.

און די רביצן, װאָס קען נישט אַװעק פון קוימען און שוימט עפּעס אין טאָפּ, זיפצט אָפּ:

הײנטיקע קינדער! הײנטיקע קינדער!

נאָר פון איר מאַכט זיך קײנער נישט.

— ער װעט שלאָפן בײ'ן אײך! איז גוזר דער טאטע.

מיך פרעגט מען קײן עצה נישט. מען רעדט װײטער, דער טאטע, די מאמע, דער מלמד, נאָר איך הער שוין נישט:

שװײמענדיק אַזױ ערנסט אין טאָפּ, האָט די רביצן, װאָס לײגט קײן־מאָל נישט דעם זאָק פון האַנט אַרױס, אַרױסגעלאָזט פון אונטערן אָרעם די קנױל מיטן פאָדעם... די קנױל קאָלערט זיך איבער דער פאָדלאָגע, די קאַץ באַװײזט זיך איבערן ראַנד פון אױבן און שטעלט אַרױס אַ פּאָר בליצנ־דיקע אױגן; זי האָט מורא פאַר די פרעמדע, און קאָן זיך דאָך נישט אײנ־האַלטן, און גיט אַ שפּרונג אַראָפּ, און הײבט זיך אָן שפּילן מיט דער קנױל...

„װי זײ זעען דאָס אַלץ נישט", װוּנדערט מיך שטאַרק. אָבער אָט כאַפּט מיך דער טאטע בײם אַקסל:

— און װאָס װעט זײן פון דיר? אַ בור, אַ שנײדערױק, װי איך?

איך האָב מורא צו זאָגן, אַז איך װיל האַלטן אַ סאָד, און מאַכן אַרום סאָד אַ פעסטונג צו פאַרהיטן פאַר די שקצים.

— געדענקט־זשע, רבי, 2 גילדן אַ װאָך פאַרן שלאָפן! און אַכטונג זאָלט איר געבן...

דער רבי שאָקלט מיטן קאָפּ אין דער לענג.

— נאָר שלאָגן — נעמט אים די מאמע אָן אַ זײט, פון טאטן אַװעק

— חס־ושלום! אײנער פון אכט געבליבן!...

אױ, װי ליב איך האָב מײן מאמען!

---

שװער איז מיר געװען אױסצוהאַלטן אין חדר אָן דער פעסטונג. װער װײסט, צי זי װעט זיך קענען ענדיקן אָן מיר... און עס בענקט זיך אַביסל צום סאָד אַלײן, און — צו טאטע־מאמע. און װאָס אַמאָל מער — צו גאָלדעלען. מאַך איך די אױגן צו — זע איך זי זיצן אונטערן באַרן־בױם, מיט װײסע בליטן באַשיט...

מען טאָר אָבער נישט װעגן דעם טראַכטן... אײדער מען קוקט זיך אום — אלול. איך לערן מיך שופר־בלאָזן. עס גײט אַ גאַנג.

— „וואָלסטו אזוי צוגעלייגט די חושים צו דער גמרא!" — מאכט דער רבי.

— און שופר־בלאָזן — פרעג איך — איז א קלייניקייט? נישט א גרויסע מיצווה?!

— דאָס קען — ענטפערט דער רבי — א שניידערוק אויך!

— וואָס רעדסטו, מיכל — מישט זיך אריין די רביצן.

— א מענטש, — בורטשעט זי ביים קומען — פארגעסט, ווו ער האַלט אויף דער וועלט...

— מיין טאטע, — רוף איך אויס, באליידיקט — איז דער עיקר א סאַדאָווניק...

דער רבי וויל פארענטפערן, פארעדנדיק:

— נישט דאָס בלאָזן איז דער עיקר; דער עיקר איז די כוונה פון שופר־בלאָזן!

שלאָגן שלאָגט מען מיך נישט. מיט מיין מאמען מאכט מען קיין קונצן נישט. זי ווארפט שקצים אריבער איבערן פלויט. און מאכט זיך א סיכסוך מיט א סוחר פון אויבס, כאפט זי אזא יידן אָן ביי דער באָרד און שלעפט פון סאָד אין שטאָט אריין צום רב... דריטהאלבן וויאָרסט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף ראש־השנה האָט מען געדונגען גוישע שומרים צום סאָד און אלע זענען געקומען אין שטאָט אריין. מיין טאטע־מאמע — צו זיך, נישט ווייב פון מיין מלמד, און דער שותף מיטן ווייב און מיט גאָלדעלען — אויך צו זיך, נאָר, ווו זיי וווינען, ווייס איך נישט. פרעגן לאָזט זיך נישט.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, אין דער שטילקייט פון „למנצח".

איך שטיי ביים פענצטער, קוק אַרויס און פארבלאָנדזשע מיך פריער אין דער ווייטקייט... אונטערן הימל זענען אזוינע מאָדנע חברות מיט פייגעלעך געפלויגן, — אז זיי זענען אוועק, ווארף איך א בליק איבערן שול־הויף, גאָלדעלע! געקומען הערן שופר־בלאָזן! איינגעהילט אין א ווייס טיכל, עפעס אזוי פרום־צנועהדיק איינגעבויגן... שטייט צו מיר מיט א זייט. זעט מיך נישט. קוקט נישט. דער חזן לאָזט אַרויס:

— למנצח!

דאָס בית־המדרש צערודערט זיך. די פאַליע כאפט מיט מיין נשמה און טראָגט זי אוועק, אוועק...

מוצאי־יום־כיפור גייען מיר, מיין טאטע און איך, צוריק אין סאָד אריין. איך וויל פרעגן, ווו גאָלדעלע און איר טאטע זענען, און קען נישט;

דעם וואַטנמאַכער בײַ קידוש־לבנה האָב איך געזען, געווונטשן אים אַ גמר־חתימה־טובה... מען דאַרף טרײַנען אויך ווינטשן, גאָלדעלען אויך. פרעגן קען איך פאָרט נישט, די ווערטער בלײַבן אין האַלדז. און אומרואיק בין איך: צי האָט נישט גאָלדעלען דער תענית געשאַדט? איז זי, חס־ושלום, נישט קראַנק געוואָרן און אין שטאָט געבליבן? דאָס גלעזל וואַרעמס מיטן פאַרבײַסעכטס באַקומען מיר נישט. עס קריכט נישט אין האַלדז אַרײַן. באַלד אָבער נעמט די מאַמע דעם טאָפּ מיט די כּפּרות אין דער יויך.

— אַ שאָד — זאָגט זי — האָליץ! און זי גייט וואַרעמען צו טרײַנען. דאָרט איז שוין אַ גרויס פֿײַער געמאַכט. הייסט עס, יענע זענען שוין פֿריער געקומען.

— געלויבט איז גאָט! — רײַסט זיך מיר פֿון לייכט־געוואָרענעם האַרץ אַרויס.

— וואָס? — פֿרעגט דער טאַטע. די מאַמע שטעלט זיך אָפּ.

— גאָרנישט! — זאָג איך ראַש — גאָרנישט! געלויבט איז גאָט, אַלע זענען בשלום איבערגעקומען דעם תענית... גאָט האָט מוחל געווען די זינד...

איך פּלאַפּל, די מאַמע קערט זיך עפּעס צו־פּלוצלינג אָפּ און גייט אַרויס. איך פֿיל, אַז אַרויסגייענדיק, שמייכלט זי.

און דער טאַטע פֿרעגט:

— און וואָס דאַרף מען טון אַצינד?

— איך ווייס!

איך נעם און צינד אָן אַ לאָמטערן, דער טאַטע נעמט אַ שייטל האָליץ און אַ האַק. מען גייט אַרײַנשלאָגן אַ פּלאָקן צו דער סוכּה.

— גיי, רוף דעם שותּף!

מען דאַרף אָבער נישט רופֿן. פֿון בײַדל קעגנאיבער לאָזט זיך שוין אין גאָרטן אַרײַן דער וואַטנמאַכער. דעם לאָמטערן הינטער אים טראָגט גאָלדעלע. — די בשותּפֿותדיקע סוכּה וועט שטיין אין מיטן גאָרטן...

— איך — אַ פּלאָקן און דו — אַ פּלאָקן! — זאָגט דער טאַטע.

איך אויף דער זייט, — ענטפֿערט דער וואַטנמאַכער, און שטעלט זיך אויף איין אָרט. דער טאַטע שטעלט זיך קעגנאיבער.

זיי בייגן זיך אײַן, איך און גאָלדעלע קומען זיך צוזאַמען און בייגן זיך אין דער מיט איבער בײַדע, און לייכטן.

ווײַל דאָס מזל און אונדזערע קעפּלעך טרעפֿן זיך, רירן זיך אָן; ציטערן מיר בײַדע. די לאָמטערן אין די הענט וואַרפֿן זיך...

די העק קלאַפּן און איך רוים איר איין:

— אַ גמר חתימה־טובה, גאָלדעלע!

— גם אתם! — ענטפערט זי שטיל.

---

די מאַמעס האָבן יום־טוב געמאַכט, די טאַטעס — די סוכה. זי אויסגעצירט האָב איך מיט גאָלדעלעס הילף. אויסצירן אַ סוכה איז דאָך אַ מיצווה! לאָזט מען. דאָס איז נישט „שפּילן"!

האָט גאָלדעלע ערגעץ צוזאַמענגעקליבן האַלבע אייער־שאָלן און אויסגעהאָנגען ארום די ווענט; האָב איך אויסגעשניטן פון רויט פּאַפּיר פייגעלעך; און אין יעדער האַלבער אייער־שאָל אַ רויט פייגעלע אַריינגע־זעצט; מיטן פּיסקעלע אַרויס, אין דער מיט סוכה אַריין. ממש לעבעדיקע פייגעלעך. גאָלדעלע שעפּט נחת, פּאַטשט אין די הענטלעך אַריין:

— וועסט זען, זיי וועלן זינגען! זיי מוזן זינגען...

דערנאָך האָב איך געמאַכט אַ לאַמטער פון אַ גרויסער אויסגעהויל־טער דיניע. אויסגעשניטן אין דער שאָל שיינע געכתיבעטע אותיות: בסוכות תשבו —

„דאָס איז טייטש, — האָב איך גאָלדעלען דערקלערט — גאָט האָט געזאָגט צום פאָלק ישראל, און געהייסן, ער זאָל זיצן אכט טאָג אין סוכה.

און האָב אַריינגעשטעלט אין דער דיניע אַריין אַ ליכט. פאַרנאַכט איז שוין געווען, ווען מען פּריוון! גאָלדעלע לויפט און ברענגט זאַפּאַל־קעס. זי קומט צוריק צעהיצט; די אייגעלעך בליצן. איך צינד אָן, נאָר די הענט ציטערן מיר עפּעס; קוים אָנגעצונדן. אָט, עס ברענט. אַ פיין־צנועה־דיקע שיין צעשפּרייט זיך אזוי ווייך איבער דער סוכה. דער פּסוק שיינט העלער, ווערט בולטער און בולטער...

— אוי, האָב איך ליב סוכות! — שרייט אויס גאָלדעלע.

מיר טרעטן עטוואָס אָפּ און בלייבן שטיין אינעם וווּנדער פארקוקט...

— די פייגעלעך וועלן נאָך זינגען, זינגען! — האַלט זיך גאָלדעלע ביי אירס!

הינטער אונדז שטייען שוין טאַטע־מאַמעס.

מיין טאַטנס קול:

— שוין פאַרטיק, באָסע־קאָמאַנדעס?!

זיי בלייבן שטיל, פאַרקוקט און פאַרוווּנדערט פון דער שיינקייט, און קוקן זיך דערנאָך איבער. די מענער שמייכלען עפּעס אונטער די וואָנ־סעס. ביי די ווייבער אין די אויגן באַווייזן זיך פּייערלעך...

נישט ווילנדיק כאַפּ איך אָן גאָלדעלען ביי דער האַנט.
מען שרייט נישט — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**סוכות.**

נאָכן עסן. הינטער א בוים אין סאָד שלאָפט דער טאַטע מיטן וואַטנמאַכער.

„הינטער די פּערגאַמוטן!“ — ווייסט גאָלדעלע צו זאָגן.

איך קוק זי אָן און שמייכל:

— און די מאַמעס ביי די בייטן!

— הינטער די פלוימען! — ווייסט זי א נענטערן באַשייד.

מ י ר זיצן אין סוכה.

איך מאַך אַמישנע מיט דער האַנט פאַרן פּנים, גאָלדעלע זאָל זען, וואָס פאַר שיינע לולב־פינגערלעך איך האָב אויף די פינגער.

— אליין — באַרים איך מיך — געפלאָכטן!

— זאָלסט זען, — ענטפערט זי — ווי איך פלעכט קוילישטשן!

קיין פינגערל בעט זי נישט.

מיר שווייגן א ווײַלע.

די רויטע פייגעלעך זינגען נישט, נאָר ביי מיר עפּעס אין הערצל זינגט.

— ווייסט, גאָלדעלע, פאַרוואָס מען זיצט אין סוכה? —

און ענטפער אליין:

— זכר ליציאת־מיצריים.

און פאַרטייטש איר.

פרעגט זי נאָך א ווײַלע:

— ווייסט ראובן־בנימין, פאַרוואָס מען עסט ריבן און מערן?

איך ווייס און שעם מיך צו זאָגן...

— און האָניק? — פרעגט זי ווייטער.

— זאָלסט האָבן — ענטפער איך שטיל — א זיס יאָר...

— און שימחת־תורה — זאָגט זי — שניידט מען די מערן אין פלאַכע רעדעלעך, אזוי ווי רענדלעך גאָלדענע!

און נאָך א ווײַלע — איך:

— ווייסט, גאָלדעלע, ווער עס קומט צו־גאַסט אין סוכה אַריין? די אבות און די אמהות... און ווייסט, גאָלדעלע, וואָס „שימחת בית־השואבה“ איז?

זי ווייסט נישט, און איך זאָג איר.

— אוי, — ענדיק איך מיט א זיפץ — איז דאָס בית־המיקדש א שימחה געווען — ווער עס האָט דאָס נישט געזען, האָט קיין רעכטע שימחה נישט געזען!

— פארצייל, ראובן־בנימין, פארצייל, — בעט זי זיך; זי קוקט אויף מיר, רויטלט זיך, ווענדט אָפּ דאָס גאָלדענע קעפּל און שפּארט עס אָן, הינטערוויילעכטס, ביי מיר אויפן האַרץ, — צי הערט זי, ווי עס קלאַפּט? איך וויל פרעגן. בלייב אָן לשון.

— פארצייל! — בעט זי נאָכאמאָל און עפּעס אזוי שטיל־ציטעריק.

און איך פארצייל איר:

— פון נאָכמיטיק הייבט זיך אָן די שימחה אין עזרת־נשים (איך פארטייטש איר). אלע יידן פון גאַנץ ארץ־ישראל, אלע עולי־רגל, פרייען זיך. די עלטסטע, די ראשי־ישיבות, די זקנים פון סנהדרין, — אלע שיבעים לשון האָבן זיי געקאָנט, כישוף אויך! — אלע פרייען זיך. אלע האלטן שטורקאַצן אין די הענט, אזוינע ברענענדיקע פלאַקערן, און טאַנצן... די לוויים האלטן אלערליי כלי־זמר, וואָס זענען אויסגערעכנט אין תהילים, און זינגען גאַנצע קאַפּיטלעך תהילים... און דער עולם ארום טאַנצט... א ראָד אין א ראָד... אזוי רעדער אָן א שיעור...

ר׳ שימעון בן־גמליאל — א גרויסער תנא געווען — גאָר א גרויסער! האָט געהאלטן אכט שטורקאַצן, צו פיר אין יעדער האַנט. און טאַנצנדיק, האָט ער די פלאַקער, איינעם נאָכן צווייטן, אין דער לופט געשליידערט, פון דער לופט געכאַפּט... און אזוי קונציק, אז קיין איינציקער פלאַקער איז אויף דער ערד נישט געפאלן, קיין איינציקער האָט זיך אין דער לופט נישט פארלאָשן! און אזוי א גאַנצע נאַכט געטאַנצט. קיינער נישט געשלאָפן. ווערט מען גאָר מיד, שפּאַרט איינער אָן זיין קאָפּ אָן צווייטנס אַקסל און דרימלט א ווײַלע; כאַפּט זיך אויף און טאַנצט ווייטער... און אזוי ביז אינדערפרי, ביז די צוויי כוהנים, די היטער ביים טויער פון דער עזרה, האָבן א בלאָז געטון שופר — א צייכן, מען זאָל זיך צעגיין. דעמאָלט ערשט איז מען זיך צעגאַנגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב אָנגעהויבן דערציילן, האָט זיך גאָלדעלעס קאָפּ אראָפּגעגליטשט ביז צו מיין שויס. די אייגעלעך קוקן ארויף, צו מיר, צו מיינע ליפּן... און ווערן וואָס אמאָל גרעסער און גרעסער... וואָס לענגער איך פארצייל, זע איך, ווערן זיי פארחלומטער, שמעלער און שמעלער. די לאַנגע ברעמען לאָזן זיך פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אראָפּ. איך פארצייל דעריי־

בער אלץ שטילער און שטילער. זי עטעמט פאר דאָס אַלץ העכער און העכער. איך זאַפּ איר אָטעם איין. די פרישסטע עפּל שמעקן נישט אזוי...

אָט, זענען די אייגעלעך שוין אינגאנצן געשלאָסן...

און עס פאלט מיר איין, אראָפּצונעמען א פינגערל פון מיין פינגער און אַרויפצוזעצן אויף אירם א פינגער פון הענטל, וואָס זי האלט אונטערן קעפּל...

און איך טו עס.

זי הערט, צי ניין?

איך זעץ אַרויף און מיינע ליפּן, גאָר אָן מיין וויסן, רוימען שטיל, שטיל גאָלדעלען צום אויער:

— הרי־את...

איך ענדיק נישט, גאָלדעלע שפּרינגט אויף. אין די ברייט־געעפנטע אויגן: שרעק, צאָרן, אָבער אויך ליבשאַפט, און אַלץ ווערט צוזאמענגעגאָסן אין א געשריי:

— וואָס האָסטו געטון?

— נישט־קשה — דערהער איך באַלד מיין מאַמעס קול אין סוכה־טיר, — חול־המועד, אם־ירצה־השם, וועט זיין תנאים!

ווייזט זיך אַרויס, אז די אַלטע זענען שוין לאנג אויפגעשטאַנען; אונדז זוכנדיק, צו דער סוכה געקומען, אָפּגעשטעלט זיך, אונטערגעהערט. —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

חול־המועד זענען תנאים געווען.

שימחת־תורה איז גאָלדעלע צוגעקומען קושן דאָס ספר, וואָס איך האָב געטראָגן ביי דער הקפה.

צוויי פענער האָט זי געטראָגן, אין יעדער האנט א פאָן; זעלטן־געזעענע פענער. ווו זי האָט זיי באַקומען ווייס איך נישט: „דגל מחנה ראובן" און „דגל מחנה בינימין!" —

---

# צוריקגעקומען



עמאָלט האָט גאָר אָנגעהויבן צו יערן ביי אונדז, און געיערט האָבן מיר אויף דער לאַנגער גאַס אין אַ קנייפּע, אין אַ באַזונדער צימער ביי׳ן אַ קיילעכדיקן שטאַם־טיש. מיר האָבן ביר געטרונקען, ביים קעלנער קרעדיט געהאַט און גערעדט וועגן קונסט, וועגן אויפלעבונג פון דער קונסט א. ד. גל.

איין שטול איז אַ געוויסע צייט געשטאַנען לער. אַ יונגער דיכטער האָט געפעלט. און יעדן אָוונט האָט מען אים אויסגעקוקט: ער מוז קו־מען. צושטעלנדיק דאָס ביר, האָט דער קעלנער געפרעגט: נאָך נישטאָ אונדזער יונגער הער דיכטער? און פאַר דעם לערן שטול דאָך אַ גלאָז געשטעלט. ער האָט אויך געוווסט, אַז דער יונגער דיכטער מוז קומען.

און ווירקלעך איינמאָל, שוין צימלעך שפּעט — ער איז געקומען!

אַלע זענען אויפגעשפּרונגען, אַלע הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט צו זיין הונט, צום מאַנטל און אַלע מיילער האָבן געפרעגט:

— עפּעס באַשאַפן?

— אַ סקיצע?

— אַ בינטל לידער?

— אַ פּאָעמע?

— אַ ראָמאַן?

מען איז זיכער געווען, אַז אים האָט אַן „אַרבעט פאַרהאַלטן.

ער אָבער ענטפערט:

— אַ שטיק לעבן איבערגעלעבט!

עס ווערט נאָך אינטערעסאַנטער. מען קוקט אים אין געזיכט אַריין:

— ווי געענדערט...

— מאָדנע אויגן באַקומען...

— אַ נייעם שרומפּ אין שטערן.

— בלאַס —

— אַ מאָדנע גרימאַסע אַרום די ליפּן...

— עפּעס װאַרפּט זיך אַ זילבער־פֿאָדים אין די האָר...
עמעץ אָבער פרעגט:
— מיט װעמען?
מען בײגט זיך צו'ן אים איבער.
— אַ ברונעטע? אַ בלאָנדינע?
און דער נאָענטסטער:
— איך קען זי נישט?
— חברים — הײבט ער די ברעמען אויף -- נאָך װאָס פרעגן? איר האָט מיך נישט אײנמאָל מיט איר באַגעגנט; מיך געגריסט, זי אַפילו נישט באַמערקט... איר האָט צו איר געשטאַלט קײן שליסל נישט געהאַט — פאַר אײך גאָרנישט געװען, פאַר מיר — אַלץ...
ער בײגט זיך איבער דעם אָנלען:
— צו אָרעם, ברידער, איז די מענטשלעכע שפּראַך; עס האָט דער־פאַר קײן נאָמען נישט. שטאַרקער פאַר ליבע, צערטלעכער פאַר פרײנט־שאַפט —
„עס, אַ יום־טוב געװען!"...
„נישט קײן תמוז־זון, פון שײד אַרויסגענומען און נישט...
— צװישן צװײ רײען שטילע ציפּרעסן איז עס, דאָס טײכל, גע־פלאָסן, — אין דער הײך קושן זיך די קרוינען מיט די גרין־פאַרטרוימ־טע בלעטער, אונטער אַ ליב־אַראָפּגעלאָזטן הימל; אונטן — אַ גאַלעריע פון ליכט־אַרקאַדן, אויף בלומען, אויף בשמים־פעלדער אַרום...
איך האָב נאָר געברױכט איר האַנט צו נעמען, די אױגן צו שליסן —
— און?
— זי איז אַװעק...
מען פרעגט:
— צו טאַטע־מאַמע?
— צום מאַן?
— צו קינדער?
— אַלצאײנס! אַװעק האָט זי געמוזט...
און צוריק װיזיאָנער:
„איך האָב זי נישט פאַרהאַלטן"...
— עס איז אָװנט געװען. אינדרויסן גײט אונטער די זון און אירע אָפּגלאַנצן שפּילן אַרום די װענט. זי גײט, זײ — נאָך... זײ רײסן זיך אָפּ

פון די ווענט און ציען זיך צו איר און פארשווינדן, און מיר ווערט גרוי, גרוי... איך האָב די אויגן געשלאָסן...

איך זיץ און איך פיל, אז נאָך עמעצ גייט איר נאָך — מיין נשמה־יתירה... גוט...

— גיי — טראכט איך — מיט איר! ביי מיר וועט שוין קיין שבת און קיין יום־טוב נישט זיין —

ער בלייבט שטיל. עמעצ איז אויפגעשפרונגען מיט א פול גלאָז אין דער האנט:

— לעבן זאָלן אונדזערע שבתים און ימים־טובים!

און אריינשפארנדיק דעם דיכטער דאָס גלאָז אין דער האנט אריין:

— מאַך הבדלה, ברודער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קעלנער האָט אָנגעהויבן לעשן. —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

# אַן אומבאַקאַנטע



ין א קליינער מענער־געזעלשאַפט האָט מען וועגן פרויען און זייער איינפלוס אויפן מענער־לעבן גערעדט.

אויף מיר — האָט זיך אָפּגערופן א יונגער אַרצט — האָט אַ גרויסן איינפלוס געהאט נאָר א י י ן פרוי און דערצו — אַן א ו מ־ ב אַ ק אַ נ ט ע.

געבעטן, האָט ער די קליינע געשיכטע פאַרציילט.

אַלס יונגער סטודענט איז ער אַמאָל פאַרבעטן געוואָרן אויף א טאַנץ־אָוונט אויף א זומער־וווינונג. דער אָוונט האָט זיך פאַרצויגן ביז פאַר־טאָג. עס איז א משוגענע, לוסטיקע נאַכט געווען. די טאַנץ־ און פלירט־אַטמאָספערע האָט אים באַרוישט, און אַלס יונגער מענטש, אָן פאַראור־טיילן, האָט ער פון לוסטיקן בעכער אין איין אָטעם געטרונקען: נישט איין טענצערן, מער אַלס מען האָט געברויכט, צוגעדריקט צו די פאַרזיל־בערטע מונדיר־קנעפּ, נישט איינער, מיט קוים־אויסגעשפּראָצטע וואָנסן־שפּיצן די פלאַמענדיקע בעקלעך געשטרייפט. די, וואָס ער האָט אָפּגעפירט אַהיים, קעגן דער אויפגייענדער זון געקושט, און צו איר אונטערגאַנג אַ ראַנדעווו באַשטעלט. אַ פריילעכער וויר־וואַר אין קאָפּ, אַ קאַפּעלע לוס־טיקע זומער־פייגעלעך אין יונגען האַרץ — און די פרישע זון טרענקט מיט צעפלאָסן גאָלד די שמעקעדיקע לופט אין וואַלד, די אויפגעכאַפּטע פייגל אויף די טוי־באַפּערלטעביימער צוויטשערן און ער טאַנצט אונ־טער זיין פריילעכן וועג.

פּלוצלינג איז ער שטיין געבליבן.

אין א זומער־וווינונג האָט זיך א טיר געעפנט. עס איז אַרויס אַ באָרוועסע און קנאַפּ־וואָס געקליידטע געשטאַלט, האַלב מיידל, האַלב קינד, מיט גרויסע גאַזעל־אויגן און א באַל צום שפּילן אין די לאַנגע דינע הענט... אַ ווײַלע איז זי שטיין געבליבן, פאַרוווּנדערט פון שיינעם מאָרגן, פאַרבליפט... און אַז זי האָט אים, זיך אומקוקנדיק, דערזען, האָט זי זיך נישט פאַרשעמט; נאָר אָנגעשטעלט אויף אים צוויי ריינע קינדער־אויגן,

וואָס האָבן, קוקנדיק אים גלייך אין געזיכט אריין, געפרעגט: דיך האָט אויך אויפגעוועקט די זון? ביסט א גוטער מענטש? — ווילסט מיר נישט טון קיין שלעכטס? וועסט שפּילן מיט מיר אין באַל?...

און ער האָט זיך פּלוצלינג פארן ריינעם קינד טיף אין טיפסטן האַרץ פארשעמט און איז אנטלאָפן גלייך צו דער סטאַציע און אָפּגעוואַרט דעם צוג אהיים. —

---

דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אז ער וועט זי נאָכאמאָל טרעפן, און ער האָט זיך צום לערנען גענומען... ער האָט זיך געלערנט. לערנענדיק, אינעם קינד פארגעסן און זיין דיפּלאָם באקומען. ער מוז זיך איינריכטן און אין קורצן באקומען א גאנצן אויסוואַל פון כלות מיט נדן. אויף צוויי אַלם פּראַקטיצירנדער אַרצט. ער האָט אָנגעהויבן „ביוועןˮ אין הייזער האָט ער זיך ערנסטער אָפּגעשטעלט... און עס איז אויך געקומען דער טאָג, ווען ער האָט זיך געזאָלט דעצידירן. ער גייט איבער דער מאַרשאַל־קאָווסקא אין דער ריכטונג צום זאַקסישן גאָרטן; לענקט אָפּ רעכטס ביים גרינעם פּלאַץ, טרעט אָפּ אין א בלומען־געשעפט, קויפט א בוקעט און גייט אין גאָרטן אריין. פּאַסירנדיק דעם גאָרטן, וועט ער באַשליסן, וווהין דעם בוקעט צו טראָגן: אויפן טעאַטער־פּלאַץ — א לוסטיקע בלאָנדינע מיט געזאַנג און קלאַוויר — אָדער אויף סענאַטאָרן־גאַס — א בלאַסע דע־קאַדאַנס מיט פּאָרצעלאַן־מאָלעריי און פאָטאָגראַפיע... א שווערע וואַל. פּלוצלינג גיט אים עפּעס, ווי א קלאַפּ אין האַרץ — זי! שלאַנק, אָנגע־שפּאַרט אָן א בוים איז זי געשטאַנען. בלאַס, ווי נאָך א גליקלעך איבער־געקומענער קרענק... פון אונטער די אַראָפּגעלאָזטע ברעמען שטראַלט אַרוים און צעשפּרייט זיך איבערן בלאַסן געזיכט דאָס ריינסטע, שטילסטע גליק, מיט וועלכן זי האָט אויף איר קינד געקוקט, אויף איר קינד אין א וויג — — —

און ער האָט זיך פּלוצלינג אין טיפסטן האַרץ פארשעמט, אוועק־געוואָרפן דעם בוקעט און איז צוריק אהיים — אַרבעטן...

---

צום דריטן מאָל האָט ער זי אין שפּיטאָל אויפן טויטן־בעט געטראָפן.

אין די אומרואיקע טעג האָט מען זי פון גאַס מיט א דורכגעשטאָ־כענער ברוסט געבראַכט... אָן דאָקומענטן, אַן אומבאַקאַנטע, צופעליק־געשאָסענע, מיט אָפענע, צעשראָקענע גאָזעל־אויגן, וואָס האָבן דעם גאַנצן טומל נישט פארשטאַנען...

---

# אַ חנוכה־לעמפּל

ס איז דאָך חנוכה, ווײל איך אײך דערצײלן, ווי אַזוי א ייד, א יורד, לא־עליכם, האָט זיך אַמאָל געראַטעוועט דורך א חנוכה־לעמפּל...

און מיינט איר, א גאָלדנס? כאָטש א זילבערנס? דווקא א מעשנס און א שיברי־כלי. עפּעס אַן אַלטע ירושה פון דור־דורות. אויסגעקרומט, אויסגעדרייט און א האַלב רערל אָפּגעבראָכן...

דער ייד איז פריער געווען א באַלעבאָס...

פּלוצלינג איז ער ניתעשר געוואָרן.

ווי אַזוי? דאָס געהער נישט צו דער זאַך.

מען זאָגט, אַ זעלנער האָט געטראָגן אין גאַס א שטאַבע אײזן צו פאַרקויפן. האָט ער געקויפט אונטערן מקח. אַהײמגעפירט... ער גיט א שלײף — גאָלד!

געלקחנט געווען פון דער באַנק!

אָבער אַז א ייד ווערט רייך, איז „ישן מפני חדש", קערט ער איבער די שטוב. טוישט ער די מלבושים, ווערט ער א דײטש, זי — א פראַנצומערקע; ווארפט אוועק דאָס שייטל. צוויי בנים געהאַט — פון חדר אַרויס אין גימנאַזיום אַריין! מען הייבט אָן משנה־פּנים צו זיין די שטוב... א ספרים־שאַנק געווען, ווער דאַרף ספרים? געשיקט אין בית־המדרש אַריין; א מתנה. די שאַנק — אַן אַלטע, צעהאַקט, אין קיך אַריין אויף קינדלעך געשיקט... די פּלוניתטע שטעלט אויף דעם אָרט א טרעמאָ. זי האָט זיך מיטאַמאָל ליב באַקומען, זי וויל זיך זען פון אויבן ביז אַראָפּ... מען רופט אַריין א „האַנדל", מען פאַרקויפט דאָס אַלטע מעבל בחצי־חינם און מען קויפט „לודוויק דעם פערצנטן" — קליין, חנעוודיק, נאָר געבעט; אויסגעקרומטע פיסלעך, אָבער מיט בראָנדז. אויף רעדלעך, א מחיה. מען האָט זיך מורא צו זעצן.

אַביסל אַלט זילבער געווען: אתרוג־פּושקעלעך, בשמים־שטעקעלעך,

— פארקויפט אויף ברוך, צעשענקט דרשה־געשאנק פאר קרובים; געקויפט גלאָז, קרישטאָל... בלומען־טעפּ, וואזן, כמינהג־העולם — מאָדערן!

איז דאָך גלגל־חוזר — אין א צייט אַרום הייבט אָן גיין קאפּויר, מיט דער פוטער אראָפּ. די זין זענען שוין אין אויסלאנד, מען האָט זיי נישט צו שיקן... קוים מען פּראָלאָנגירט די וועקסלעך... פון דער האנט א גמילת־חסד קריגט מען נישט...

עס ווערט ערגער. מען קוקט זיך אום, נישטאָ עפּעס צו פארזעצן? דער „לודוויק דער פערצנטער" איז צעפאלן... גלאָז און קריסטאָל — אויס־געהאקט, צעבראָכן... א פּאָר כלים געבליבן — מיט גיפּס צוזאמענגע־קלעפּטע...

לעבט מען אין דחקות...

אז מען לעבט אין דחקות, דערמאָנט מען זיך אביסל אָן יידישקייט...

די פּלוניתטע באָרגט ביי'ן א שכינה אמאָל א „צאינה וראינה" און לייענט. דער פּאַן סאָלאָמאָן, וואָס הייסט שוין צוריק שלמה־זלמן, שטעלט זיך אמאָל דאווענען אין טלית ותפילין. און אז עס קומט חנוכה, גלוסט זיך צו בענטשן חנוכה־ליכט...

ליכטלעך האָט מען ערגעץ אויסגעקאָשפּערט; מען לויפט אין קיך אריין נאָך א שיטל האָלץ, נישטאָ! פארפעלט אפילו א קינדל!

דערמאָנט זיך שלמה־זלמן, אז בשעת חדוותא האָט ער געכאפּט אָן אלט חנוכה־לעמפּל און געוואָרפן אויף אָן אויוון.

— שלמה־זלמן, — בעט זיך די פּלוניתטע, — נעם עס אראָפּ...

גייט מען אויף מסירת־נפש, שטעלט מען ארויף א בענקל אויף א טיש, רוקט מען צו צום אויוון, עס טאנצט, עס סקריפּעט. לודוויק דער פערצנטער קרעכצט, די פּלוניתטע האלט אונטער — אראָפּגענומען...

פארשטויבט, קוים אָפּגעווישט — מען בענטשט...

דעם ערשטן, דעם צווייטן טאָג, אזוי ביזן אכטן טאָג — נאָר לייגן וועט מען זיך אָן וויעטשערע, איז אומעטיק. זיצט שלמה־זלמן ביי איין זייט טיש, די פּלוניתטע — ביי דער צווייטער און מען טראכט — א פּאָל פאר הונגער אויסצוגיין!

קלינגט ווער, שפּרינגען ביידע אויף. עפנט מען. קומט אריין א באקאנטער יונגערמאן, א מעקלער פון בלעריי.

וואָס איז?

ער האלט זיך קוים איין פאר לאכן. קיין ווארשע איז א משוגענער

ענגלענדער געקומען. א גלאַט־געגאַלטער, אָדער אפשר א נקיבה א פאַר־שטעלטע... קויפט אלטע שברי־כלים. ווארט אין הויז.

— זאָל ער אַרייננײן? מן־הסתם וועט זיך עפּעס געפינען... אזא'ן אַלטער באַלעבאָס.

דאָס אַלטע פּאַר־פּאָלק קוקט זיך איבער. וואָס האָבן זײ פאַר אַלטע כלים? דער ענגלענדער קומט דערווײל אַרײן; נישט געקאָנט זיך דער־וואַרטן; די טיר איז אָפן געשטאַנען. ער קומט אַרײן, נעמט אַראָפּ די כובע, דערזעט דאָס חנוכה־לעמפּל, פאַלט צו ווי „צו'ן א הייסן פּאָפּלינים", כאַפּט עס אין די הענט אַרײן, די הענט ציטערן, די אויגן בליצן...

— געזאָגט משוגע! — מאַכט דער מעקלער.

—וויפל? וויפל? — פרעגט דער ענגלענדער אויף א צעבראָכן דײטש.

קורץ און בקיצור, מען האָט דאָס חנוכה־לעמפּל פאַרקויפט. פאַר־לאָזט זיך אויפן משוגענעם ענגלענדערס יושר און גענומען וויפל ער האָט געגעבן.

ענגלענדער און מעקלער — אָפּ; דאָס פּאָרפּאָלק בלײבט.

— טאַקע משוגע! — מאַכט שלמה־זלמן.

— און אפשר — זאָגט די פּלוניתטע נישט דרייסט — אליהו־הנביא? אין זכות פון חנוכה־ליכט־בענטשן?...

סײ־ווי־סײ: געווען אויף וועטשערע, געווען אויף אָנבייסן, געווען אויך מיט וואָס צו גיין אין גאַס אַרײן...

און דאָס געלט איז עפּעס מזלדיק געווען... דאָס רעדל הייבט זיך אָן צוריקצודרייען. ארויף!...

שלמה־זלמן ווערט צוריק פאַן סאַלאָמאָן...

און אז עס גייט, גייט מיט אַלעם... באַקומט מען בריוו מיט נחת פון קינדער אין אויסלאַנד. אַליין זיך אויסגעאַרבעט. איינער אין לאָנדאָן, אַן אינזשעניער! גרויס! חתונה געהאַט! פאַרבעט צו זיך. זאָלן טאַטע־מאַמע קענען די שנור...

פאָרט מען...

פרייט מען זיך אָפּ א צײט אין דער היים, דערנאָך גייט מען באַ־קוקן לאָנדאָן... הײזער, פאַבריקן. דערנאָך טעאַטער, קאָנצערט־הײזער, אויסשטעלונגען.

פירט מען זײ אײנמאָל אין א קונסט־הויז אַרײן — אין א מוזעום...

און שטעלט אייך פאָר, ווי פאַרבליפט דאָס אַלטע פּאָרפּאָלק איז געוואָרן, אז זײ האָבן זיך, אין א זאַל, אונטער א גלאָז, געטראָפן אויג־אָן־

אויג מיטן אלטן חנוכה־לעמפּל... דערקענט די אַלטע, לאַכנדיקע ליבן... די ביימלעך מיטן פויגל... דאָס אויסגעדרייטע פּיסל, דאָס האלב־אָפּגעבראָ־כענע רערל.

— נישט משוגע געוועו! — קלערט, אין ענגלאנד שוין — מ י ס ־ ט ע ר סאַלאָמאָן...

— און נישט אליהו־הנביא! — די מיסטרים.

הויך רעדן, ביפרט פרעגן, פּאסט נישט פאר דער יונגער שנור.

פארטראכטן זיי זיך...

אפשר וועט איר אייך א ו י ך פארטראכטן?

# מ ש ו פ ע



ז דער אַלטער מנשה האָט געענדיקט זיין חצות מיט אַ צולאָג פון עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים, איז שוין דער בלאַסער זומערדיקער פרימאָרגן געלעגן אין פענצטערל פון קעלער־שטוב.

טרויעריק, מיט מידע אויגן, קוקט מנשה אויפן פריש־געבוירענעם טאָג. ער קנאַקט זיך אויס די דאַרע פינגער, פאַרמאַכט דאָס תהילימל, פאַרלעשט דאָס קליינע נאַפט־לעמפּל און שטעלט זיך ביים פענצטער. ער קוקט אַרויף צום שמאָלן פּאַס הימל, וואָס בלייכט זיך הויך איבערן ענגן געסל און אין דער ראָם פון זילבערנע באָרד און פּאות, אויפן גרינלעך־איינגעשרומפּענעם פּנים, באַווייזט זיך אַ בלאַסער שיין פון אַ טרויעריקן שמייכל.

— אָפּגעגעבן — טראַכט ער — דאָס פּיקדון! אַ שיינעם דאַנק, ריבונו־של־עולם!

— און נייטיק — זיפצט ער — דאַרפסטו מיך דאָ, ריבונו־של־עולם! ווילסט נאָך אַ חצות, דאַרפסט נאָך אַ קאַפּיטל תהילים... האָ? עס פעלט דיר!

ער דרייט זיך איבער צו דער שטוב און טראַכט, אַז לויט ז י י ן שכל, וואָלט גלייכער געווען, אַז אין בעט, וואָס ער פאַרנעמט, זאָל שלאָפן זיין אייניקל ריבקה; וואַלגערט זיך, נעבעך, אַרום אויף דער פּאָדלאָגע צווישן אַלטוואַרג, מיט וועלכן חיים, דער זון זיינער, האַנדלט.

אַז לויט זיין יושר, דער יושר פון אַ בשר־ודם, וואָלט בעסער געווען, דאָס גלאָז מילך, מיט וועלכן ער לעבט כימעט איבער אַ טאָג, זאָל געניסן שרה, די שנור זיינע, וואָס לויפט גאַנצע טעג אַרום אויפן מאַרק אָן אַ לעפל וואַרעמס...

יענקעלען, דעם פרישן צולאָג צו דער מישפּחה, וואָלט אויך דערפון קיין רעה נישט אַרויסגעקומען!

ברויכן ברויך ער ווייניק, דער אַלטער; עס וואָלט זיי דאָך גרינגער געווען, ער זאָל ג אָ ר נ י ש ט דאַרפן...

חיים איז אָן אַ מלבוש... חנה, דאָס עלטערע איניקל, איז אַ קראַנ־קע... ווייניק בלוט... דער דאָקטאָר זאָגט: „בלאַדאַטשקע"... הייסט נעמען אייזן־טראָפּן, טרינקען טראָן... ווײַן אביסל... מען זאָמלט פאַר איר אַ באַזונדער קניפּל... חדשים לאַנג זאָמלט מען און עס איז אַלץ ווייניק. און די אָרעמע חנה וואַקסט נישט... אַלץ שטאָקט... זיבעצן יאָר — און פאַרשטייט ווי פון צוועלף!

— וואָס האָסטו מיך אויף זיי געוואָרפן, ריבונו־של־עולם?

ער הערט זיך איין, ווי שאַרף און אָפּגעריסן חיים עטעמט אין שלאָף. ער זעט ווי שרהס בייניקע האַנט, וואָס האָט קענטיק ערשט געוויגט דאָס קינד, הענגט נאָך שלאַבעריק אַראָפּ פון בעט...

ער דערזעעט נאָך, אַז יענקעלע רירט זיך אין וויגל. „באַלד וועט ער שרייען און די מוטער וועקן!" און מיט איילנדיקע, נאָר קורצע שריט, לויפט ער צו צום איניקל און הייבט אָן שאָקלען דאָס וויגל.

— און אפשר, — טראַכט ער, זיך אויסדרייענדיק צום פענצטער, — ווילסטו, ריבונו־של־עולם, איך זאָל נאָך אָט אין דעם יענקעלען נחת דערלעבן? איך זאָל מיט'ן נאָך ברכה זאָגן, עיברי זאָל איך אים לערנען... האַ?

---

ווי אַ רויטער עפּל בליען יענקעלעס בעקעלעך אין שלאָף. אַ זיסער שמייכל בלאָנקעט זיך אים אַרום די קליינע ליפּעלעך... זיי רירן זיך אויף און אָפּ... „דער פרעסער, אין שלאָף וואָלט ער געזייגט!"

ער באַמערקט דערווייל, אַז ריבקה וואַרפט זיך אויפן געלעגער.

זי ליגט אויף אַ זאַק שטרוי, צוגעדעקט ביז דער ברוסט מיט אַ שוואַרץ־געשפּרענקלט ליילעך. וואָס זי האָט צוקאָפּנס, זעט מען נישט.

דאָס פיין־געריטלטע פּנים, מיט אַלבאַסטער־ווייסן, לאַנג־געטאָקטן האַלדז, רירט זיך חנעוודיק אויף אַן אונטערלאָג פון צעפּלאָנטערטע, שרייענדיק־רויטע האָר, וואָס פאַרדעקן דאָס גאַנצע צוקאָפּנס, און באַרירן נאָך די פּאָדלאָגע מיט עקן, וואָס ציטערן ביי ריבקהס יעדן אָפּעטעמען.

— מיינע, עליה־השלום, אויסן אויג... — טראַכט דער אַלטער — חיים בלוט, חלומות... איר צו לענגערע יאָר!

— ריבקה! — גייט ער צו און רירט זי ביי דער בלויזער האַנט, וואָס האָט זיך באַפרייט פון ליילעך.

— וואָס? ווען? — ווערט ריבקה אויפגעשראָקן און עפנט ווייט אַ פּאָר גרויסע בלאָע אויגן.

—... ש... — בארואיקט ער זי מיט א שמייכל, איך בין עס... גיי אין מיין בעט אריין...

— און דו, זיידע? — פרעגט זי מיט א ברייטן געזונטן גענעץ.

— איך וועל שוין נישט שלאָפן... עס שלאָפט זיך נישט אין מיינע יאָרן... איך וועל מאַכן טיי... האָסט דאָך געהערט ביינאַכט! זיי וועלן פרי אויפשטיין... דער טאַטע האָט אַן עסק אין שטאָט, די מאַמע דאַרף איינ־קויפן פאַר די פּימסענהאָלצן אויף תנאים...

— וועל איך מאַכן טיי, זיידע.

— ניין, ריבקה... דו גיי אין מיין בעט אריין... קאָנסט נאָך לאַנג שלאָפן... דו וועסט היינט, האָט די מאַמע געזאָגט, נישט גיין אין פאַבריק. זי וועט דיך דאַרפן... שלאָף דיך טאַקע אויס...

— אָ! — גענעצט ריבקה ברייטער.

זי האָט זיך שוין אַלץ דערמאַנט. דער פאָטער איז נעכטן אהיימגע־קומען מיט א פרייד, אַז גאָט האָט אים באַשערט א שפּאַר ביסל אַלטוואַרג.

די מאַמע האָט אויך געברענגט א בשורה: ביי די פּימסענהאָלצס, ווו זי איז אַן איינגייערן, וועט שוין ענדלעך זיין תנאים, כאָטש די כלה קרימט זיך נאָך; זי וועט האָבן פאַר'ם איריקע און תנאים וועט זיין!...

קיין גרויסע הנאה האָט ריבקה נישט דערפון. אויסשלאָפן טאַקע וועט זי זיך, אַרומגיין מיט דער מוטער אויפן מאַרק איז בעסער ווי זיצן אין פאַבריק, נאָר שפּעטער — דאָס נאָכטראָגן די קוישלעך מיט אייער און הינער, ביפּרט דאָס כאַפּן אינמיטן גאַס אַן אַנטלאָפענע הון, איז נישט פון די גוטע זיבן זאַכן!

נאָר, אַז מען מוז, מוז מען.

זי נעמט צוזאַמען אַרום זיך דאָס ליילעך און שפּרינגט איבער צום אַלטנס בעט.

פון שפּרונג האָט דער אַלטער ווייטער הנאָה, אויך „זיין אַלטע אויסן אויג״...

איידער דער אַלטער האָט פייער געמאַכט, איידער ער האָט צוגע־שניצט א קינדל אויף עטלעכע דינע העלצלעך, אויסגעלייגט זיי אונטער דער בלעך, באַשיט מיט קליינע שטיקלעך קוילן, (טייער קוילן, טראַכט ער דערביי), באַגאָסן מיט נאַפט, אונטערגעצונדן און געשטעלט אויף דער פייערקע, אַן אַלטן, פון ראָסט רויטלעך־געשפּרענקלטן, בלעכענעם טשייני־ק, —— האָט שוין שרה געהאַלטן יענקלען ביי דער ברוסט און גע־

ווינטשן זיך, זי זאָל שוין דערלעבן צו הערן, ווי יענקעלע וועט מאַכן אַ ברכה איבער דער מילך...

די בלאַסע חנה האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט און אויפגעזעצט זיך אויפן בעט.

הינטער דער מוטערס פּלייצע שפּילט זי זיך מיטן קליינעם ברידערל מאַכט אים: „קוקו".

איר קליין קעפּל, די בלייבע באַקן מיט די פאַרחלומטע אויגן אין דער פון אַ מאַסע אַש־גראָע, צעוואָרפענע האָר, באַווייזט זיך אַמאָל רעכטס, אַמאָל לינקס. די באַוועגונגען אירע זענען דאָך צו לאַנגזאַם, דער שמייכל אויפן פּנים — צו בלאַס און דער בליק אין די אויגן — צו שטאַר, דער שפּיל זאָל קענען אָפּרייסן „יענקעלע פּרעסער", ווי מען האָט'ן גערופן אין שטוב, באַלד אינדערפרי פון דער ברוסט.

ער איז שטאַרק פאַרטון. ער קוקט אויף דער שוועסטער, נאָר קיין צייט צו איר האָט ער נישט.

איין הענטל האָט ער אונטער דער זייט, אויף וועלכער ער ליגט אויף דער מוטערס שויס, מיטן צווייטן בייגט ער אַוועק די זוים פון דער מוטערס אָפּענעם העמד, עס זאָל אים נישט פאַלן אין פּנים אַריין, און קוקט דערביי אויף דער שוועסטער געלאַסן און רואיק, — זי וועט אים נישט אַנטלויפן...

חיים שטייט שוין אין טלית און תפילין און דאַוונט, שפּרייזנדיק אויף און אָפּ איבער דער שטוב.

אָפּט שטעלט ער זיך אָפּ, וואַרפט אַן אויג צו שרהן, קענטיק, ער האָט מיט איר עפּעס צו רעדן, נאָר ער וואַרפט אַ צווייטן בליק אויפן אַלטן און דאַוונט ווייטער, און שפּרייזט ווייטער איבער דער שטוב.

פאַרן אַלטן האָט ער מורא.

„דער אַלטער מיינט, אַז עס זענען נאָך זיינע צייטן, די אַלטע, גוטע צייטן, ווען אַ ייד האָט צייט געהאַט צו דאַווענען, צו זאָגן וואָרט ביי וואָרט פון סידור „אורח־חיים"... היינט איז זיבן סוחרים אויף איין פּאָר אַלטע פּלודערן!

ער האָט אַפילו נעכטן פאַרזאָרגט... די קניה האָט ער באַדונגען פאַר זעקס רובל אָן אַ צענערל, איבערגעלאָזט האָט ער זיבן גילדן מיט צוועלף גראָשן אַד'רויף... אַרויסגייענדיק פון הויז, האָט ער געגעבן אַ זעקסער דעם סטרוזש, ער זאָל, ביז ער וועט קומען, קיין „האַנדל" אין הויף אַריין נישט לאָזן.

אומרואיק איז ער דאָך! ווער ווייסט... איידער ער וועט קריגן א שותּף!
ער טרינקט שוין טיי, האַלטנדיק דאָס גלאָז אויף דער פּלאַכער האַנט און בלאָזנדיק פאר יעדן זופּ, און ווייסט נאָך נישט וואָס צו טון. שווער צו קריגן א שותּף!
צו וועמען גייט מען? צום וואָכער? ער וועט אים אָפּשינדן די הויט; צום סקלאַדניק — די קעשענע וועט ער אים אָפּשניידן!
און אז מען קריגט שוין א שותּף, מוז מען דאָך אים אוועקגעבן האַלב פּאַרדינסט, כאָטש יענער האָט זיך נישט געדונגען!...
אַמאָל קריגט ער ביי שׂרהן עטלעכע גילדן. היינט — ווי! נאָך נעכטן האָט זי אים געזאָגט, אז עס וועט פעלן צום איינקויפן!
און אפשר וועט זי אים פאַרט געטרויען פון חנה׳ס קניפּל אויף א טאָג.
ער האָט אָבער מורא צו פּרווון... ער האָט נישט איינמאָל געפּרווט און חרטה געהאַט!
ער וואַרפט נאָך אַמאָל א בליק אויף שׂרהן און עס דאַכט זיך אים, אז עס איז א שעת־הכּושר!
זי האָט שוין יענקעלען צוריקגעלייגט. שטייענדיק ביים וויגל, טוט זי זיך אָן און שמייכלט אזוי גוט, אזוי מחיהדיק גוט צום קינד, עס וועט אפשר גיין!
— איך האָב ביינאַכט גערעכנט, שׂרה, — פּרווט ער זיך, — די קניה איז גאָר א גוטע! כ׳וועל, ברוך השם, פאַרדינען...
— הלוואי, רבונו של עולם, — ענטפערט שׂרה; — זאָל עס זיין אין יענקעלעס זכות! זייט ער איז געבוירן, מאַכט זיך געשווינדער אַמאָל א פּאַרדינסט!
— איך מיין, — ווענדט חיים אָפּ מיט א חניפה־שמייכל — אז עס איז אונדזער חנהס זכות; הערסטו, שׂרה, — ביים קויפן האָב איך מיר אזוי געטראַכט: בלי נדר ובלי מסקנא, וועט מען פון פאַרדינסט אַראָפּנעמען פאַר חנהן כאָטש א דריטל! און, ווי איך טראַכט אזוי, ווערט די פּריצה ווייך, ווי א פּוטער, און לאָזט אַראָפּ איין צענערל נאָכן צווייטן!
— איז אוודאי גוט, — שמייכלט אים שׂרה צו. און ווערט — דאַכט זיך אים — יונגער און פרישער... „אַמאָליקע יאָרן — פלעגט אים דורך א געדאַנק — וואָס דען... ווען סאַמע גוטע צייטן...״ ער האָט אָבער ווייניק צייט צו׳ן אזא קלער...
— הכּלל, איז חנה א שותּפטע.

— מהיכי תיתא! אזא יאָר אויף מיר.

— יאָ, אָבער — שטאַמלט ער — אז חנה זאָל זיין א שותפטע — טאַקע, איך רעכן בפירוש אויף איר מזל. נאָר אז א שותפטע...

— איז וואָס? — פרעגט שרה מיט אויפגעשטעלטע אויערן און אויגן... זי איז אים שוין עפּעס חושד; ער פירט שוין צו'ן עפּעס... ער וויל שוין עפּעס!

— איז וואָס? —

— מיין איך טאַקע, זי זאָל זיין אן אמתע שותפטע... זי זאָל אריינלייגן אין מיסחר א חלק געלט.

— וואָס? וואָס זאָגסטו? — שרה גלויבט נישט אירע אייגענע אויערן, און אז ער ענטפערט נישט, שפּרינגט זי אים אקעגן:

— גזלן, רוצח! — דאָס איז א טאַטע... דאָס איז א מאַן, ער ווייסט, דאָס קינד איז אזוי קראַנק... אז איך האָב א נדר געטון נישט צו שפּעקולירן מיט איר געלט... עס איז דאָך איר שווער פאַראַרבעט געלט! בלוטיק געלט... די קיישלעך טראָגט זי מיר נאָך... קריגט אמאָל פאַרן ווענ... איך דערלייג איר עפּעס...

שרה קען זיך גאָרנישט באַרואיקן...

חיים וויל עפּעס ענטפערן; דער אלטער לאָזט נישט.

— שווייג שוין בעסער, חיים, שווייג — מאַכט ער — זעסט דען נישט, אז שרהלע האָט רעכט... גיי, זוך דיר א שותף... רייס נישט איין די וועלט... לעב און לאָז לעבן.

חיים נעמט שטילערהייט אין טאַרבע אריין א שטיק ברויט מיט א ציבעלע און גייט ארויס. עס באַגלייט אים דעם אלטנס שפּרוך:

— האָסט געזען ווי פייגעלעך קלייבן בראָקן אויפן הויף? א גרויסן בראָקן נעמען צוויי...

---

נישט פיל רואיקער שלאָפט ריבקה אין אלטנס בעט. אינעם יונגן קאָפּ וואלגערט זיך ארום א געדאַנק, וואָס לאָזט נישט פעסטער איינשלאָפן. א „באַגעגעניש" האָט זי געהאַט!

איינמאָל פאַרנאַכט, אהיימגייענדיק פון פאַבריק, האָט זיך איר אויפן טראָטואַר א יונגער מאַן באַגעגנט. זי גייט גלייך, מיינט, ער וועט אָפּטרעטן, ער טוט עס אָבער נישט, און קוקט איר נאָך גלייך אין פּנים אריין מיט א פּאָר גרויע לוסטיק-לאַכנדיקע אויגן, אז זי איז רויט געוואָרן. זי האָט זיך גענומען אין א זייט און געלאָזט זיך אהיים מיט געשווינדערע טריט. גע-

מענדיק זיך אין א זייטן־גאס, האָט זי זיך דאָך, נישט גערנוויליק, אומגע־דרייט, און דערזען, אז ער שטייט נאָך; ער שטייט אויפן זעלבן אָרט און קוקט איר נאָך מיטן זעלבן שמייכל, מיט די צוויי שורות ווייסע ציין.

„זי וועט עס חנהן דערציילן”, טראַכט זי און האָט עס דאָך נישט געטון, „וואָס וועט זי, די אָרעמע, קראַנקע חנה, פאַרשטיין?”

עטלעכע טעג שפּעטער איז ער איר ווייטער אקעגן געקומען. דאָס האַרץ הויבט איר אָן געשווינדער צו קלאַפּן, זי שעמט זיך אויפצוהייבן די אויגן; גייט געשווינד פאַרביי, נאָר אזוי אומגעלומפּערט, אז זי איז שיר־נישט געפאַלן אויפן גלאַטן טראָטואַר.

אין גאַנג דאַכט זיך איר, אז זי פילט, ווי זיין העלער, לוסטיקער שמייכל גליטשט זיך איר הינטן אויפן בלויזן האַלדז.

און דאָס שרעקט זי; עס דאַכט זיך איר, אז אלע אין גאַס קענען עס זען! און אנטלויפט נאָך געשווינדער.

איינמאָל איז ער איר פון אונטער דער ערד ארויסגעוואַקסן.

זי האָט אויסגעשריגן: אך! און ער שטייט איר אקעגן און פאַרש־טעלט איר דעם וועג.

— דאַכט זיך, מאַכט ער, — איך האָב דאָס גליק זי צו קענען, פריילין!

„פריילין” האָט ער געזאָגט!

דאָך ווערט זי בייז, מיידט אים אומגעדולדיק און נאָך האַלב דער־שראָקן אוים. און דאָך, מוז זי זיך מודה זיין, אז א שטימע האָט ער זייער אָן אנגענעמע. „א גאָלדענע שטימע”, זאָגט איר אונטער דאָס האַרץ...

פון דעמאָלט אָן טרעפן זיי זיך כמעט יעדן אָוונט, זי רעדט נישט צו'ן אים, שווייגט, נאָר אנטלויפן אנטלויפט זי שוין נישט...

און ער פירט זי יעדן אָוונט אָפּ פון פאַבריק.

זיי גייען צוזאמען און שווייגן.

אָפּט האַלט זי זיך נישט איין און וואַרפט אויף אים א בליק פון דער זייט...

„די וואָנצעלעך זיינע...”

און דערויף ענטפערט ער מיט נאָך א ליכטיקערן שמייכל...

מאָדנע אויגן האָט ער... טיילמאָל, דאַכט זיך, פליען פון זיי גאָל־דענע שטראַלן!

דערווייל איז מען דערפון געוווּיר געוואָרן אין פאַבריק; חברטאָרן האָבן באמערקט, און געמאַכט דערפון א גערעד.

מען לאַכט פון איר, מען וויצלט זיך אויף איר חשבון.

יונגהייט — נאַרהייט, — זאָגט מען — היינט אנטלויפט זי, מאָרגן וועט זי נאָכיאָגן...

„נישט דערלעבן וועלן זיי עס!" טראַכט ריבקה.

— זי וועט אַרויסשטעקן די צונג — ווי א שעפּס צו זאַלץ... ווו נעמט מען עס...

ריבקה פאַרבייסט די ליפּן און שווייגט.

— און א שיינער יונג, — זאָגט מען, — א גאָלדענער יונג! האָר, אויגן, א נאָז — ווי אָפּגעטאָקט, פון וועסטנטאַש שלעמפּערט זיך נאָך א גאָלדענע קייט מיט אפשר צען גאָלדענע ברעלאָקן!

ריבקה פילט זיך אביסל שטאָלץ.

— אפשר טאָמבאַק? איז איינע מסופּק.

— חלילה! — טראַכט ריבקה... אנדערע זאָגן אויך!

— גיי שווין גיי... מען זעט, — א גביריש קינד!

וווּנדערט מען זיך נאָכמער:

— ווילסט נאָך נישט שפּילן קיין ליבע, נאָך צייט? אָבער שכל האָב: רעד א גוט וואָרט, נעם קליינע מתנות, כאַפּ אַן אָנבייסן... צוקערקעס... בילעטן אין טעאַטער אריין.

עמעץ לאַכט העל אויף:

— אוודאי! נעמען ווי א בייז פערד... נאָר גענאַרן זיך לאָזן, נישט! א מכה זיי!

עס לאָזט זיך ענדלעך הערן די עלטסטע מיטן לאַנגן, בייניקן פּנים, פאַרשפּיצטער גאָמבע און זייטיקע, גרינלעכע בליקן.

— טע, טע, טע, — מאַכט זי, — א קלייניקייט, וואָס דאָס האָט צו פאַרנאַרן! חופּה־שטאַנגען וואַרטן, הבדלות שוין גרייט, נדן, — ווי הייסט? א שלל! שדכנים רייבן אָפּ די שוועל, חתנים רייסן די טירן!

ריבקה פאַרבייסט שאַרפער די ליפּן, בייגט טיפער דעם ברענענדיקן קאָפּ איבער דער ארבעט און צוויי הייסע טרערן פאַלן איר אויף די הענט, וואָס זענען באַשעפטיקט ביי דער מאַשין.

און דאָס לאָזט זי נישט שלאָפן!

ניין! זי וועט גאָרנישט, גאָרנישט נעמען.

קיין בילעט אין טעאַטער אריין, אוודאי נישט!

איינמאָל האָט מען זי פאַרהאַלטן שפּעט ביינאַכט אין פאַבריק; נייטיקע ארבעט געווען... איז די מאַמע געקומען צו לויפן אָן אָטעם, אָן א

נשמה... אַז די מוטער האָט זי דערזעען, האָבן איר די אויגן אָנגעהויבן פינטלען, דערנאָך שפּריצן ווי א פאָנטאַן... הינטן, אין פאַבריק־הויז, ביי די טרעפּ, איז ערשט געשטאַנען דער אַלטער זיידע און געקנאַקט די פינגער...

— געלויבט איז גאָט, — האָט ער געמורמלט — געלויבט איז גאָט!

„ניין, זי וועט עס נישט טון!"

שרה וויל שוין אויך גיין אין גאַס אריין. זי שטעלט דעם אַלטן א גלאָז מילך ביים טישל, רוקט אים צו יענקעלען מיטן וויגל, און וויל נאָך פאַרזאָרגן עטלעכע קליניקייטן אין באַלעבאַטישקייט...

דערביי האָט זי דאָך צייט צו קלאָגן זיך פאַרן אַלטן אויף דער היינ־טיקער וועלט.

— איר האָט דאָך געהערט, שווער! תנאים דאַרפן זיין... דער לעצ־טער טערמין... טעלעגראַפירט, מען הייסט שוין איינקויפן... און זי, די כלהשי, מאַכט א סקאַנדאַל! זי וויל נישט! זי וויל נישט קיין חתן פון פּראָווינץ... זי האָט א וואַרשעווער, זאָגט זי! א וואַרשעווער דייטשל האָט זי!

חנה, וואָס איז ביז אהער געלעגן מיט אָפענע אויגן צום סופית און געקוקט ווי די פליגן רייסן זיך אָפּ איינע נאָך דער אַנדערער און צעפּליען זיך אין שטוב, דערהערט וואָס די מוטער דערציילט, זעצט זיך פּלוצים אויף, אירע געוויינלעך מאַטע אויגן באַקומען א גלאַנץ... זי הערט, זעט אויס, און אינטערעסירט זיך... זי שפּיצט נאָך אויף די אויערן און עפנט דאָס מויל, ווי צום איינשלינגען דער מוטערס ווערטער.

די מוטער איז פונדעסטוועגן זיכער, אַז דאָס פאַרדינסט וועט נישט אַנטרינען „תנאים וועלן, אם־ירצה־השם, זיין! דער אַלטער פּימסענהאָלץ וועט זיך זיין שטעטל באַשטיין... די „צעגאָסענע פּימסענהאָלצן" שווייגט אויך נישט..., „איי, האָט זי נעגעלעך!"

— קודם כל, — האָט מיר די קעכן פון דאָרט דערציילט, — האָט מען געמאַכט א רעוויזיע, געפונען בריוו פון עפּעס א דייטשל, א ימח־שמוניק און מען האָט זיי פאַרברענט דערנאָך ערשט האָט זי געלייזט, אָבער שיין געלט געלייזט... ביי די האָר האָט מען זי ארומגעשלעפּט.

חנה פילט אַלץ, די אויגן ווערן איר פייכט, דאָס פנים — גערייטלט און פאַרצערט פאַר רחמנות.

זי פאַלט צוריק אויפן קישן מיט א געוויין.

שרה דערשרעקט זיך, דער אַלטער לויפט אויך צו.

— וואָס איז, חנהלע, וואָס איז דיר געשען?

— אַ שאָד מאַמע, אַ רחמנות...

— אויף וועמען, טאָכטער? אויף וועמען? וווּנדערט זיך שרה.

— אויף דער כּ־כּ־כּלה... זי איז אַזאַ — אַזאַ גוטע... אַזאַ האַרציקע... גיט מיר שטענדיק געלט... דאָס געלט, וואָס איך גיב דיר... זי גלעט מיך... זי קושט מיך אַמאָל... זי וויל מיך אַפילו לערנען שרײַבן.

— נאָך דאָס פעלט מיר! מאַכט שרה נישט גערן — צו מײַנע שונאים קעפּ, צו זייערע הענט און פיס! זי וויל דיר אויך דעם קאָפּ פאַרדרייען... זאָלסט אויך נישט פאָלגן אַ מאַמען.

חנה ענטפערט אין מיטן געוויין:

— ניין, מאַמעשי, ניין! האָב גאָר קיין מורא נישט! איך וועל דיך שטענדיק פאָלגן! וואָס פאַר אַ חתן דו וועסט מיר נישט געבן!

עס הערט זיך פּלוצלינג אַ קלינגענדיק געלעכטער.

דאָס לאַכט ריבקה פון דער שוועסטערס נאַרעשקייט.

— מרשעת, — שרייט שרה, — דאָס קינד איז קראַנק, מסוכן־קראַנק און זי לאַכט... לאַכן זאָלסטו, וועל איך דיר זאָגן ווי.

שעלט נישט, שרה, — באַרויִקט זי דער אַלטער, — זי איז דאָך אויך אַ קינד.

שרה גייט אָפּ פאַרדראָסן און וואַרפט, אַרויסגייענדיק פון שטוב, צו ריבקהן [illegible]: שטיי אויף, פּראַנצימערקע... גיב חנהן טיי, קער אויס די שט[illegible]ב.

---

[illegible] האָט אויסגעטרונקען זײַן מילך און האָט זיך געזעגנט [illegible]

[illegible]ערינע זעט מען נאָר די שמאָלע לאַנגע שאָטן, וואָס [illegible] די [illegible]ייער וואַרפן אויף די קליינע שויבן.

וואָס [illegible] דער טאָג, ראַשער טוישן זיך די שאָטן; טרויעריקער ווע[illegible]טער. מענטשן אײַלן זיך, לויפן, האַנדלען און וואַנדלען; ער איינע[illegible]אַזוי דאַכט זיך אים) טויג שוין צו גאָרנישט.

ער נעמט זיך צום תהילימל מיט עברי־טײַטש.

מיט אַ ציטערדיק קול זאָגט ער אַ פּסוק לשון קודש, אַ פּסוק יידיש, און רירט מיט אַ ציטעריקן פּום יענקעלעס וויגעלע.

ריבקה זיצט שוין האַלב אָנגעטון ביי חנהן אויפן בעט. ביידע טרינקען טיי. נעבן ריבקהן, וואָס שפּריצט מיט פריש לעבן, זעט חנה נאָך קרענקלעכער, נאָך בלאַסער און קלענער אויס; נאָך קינדישער.

זיי האַלטן אינמיטן אַ פאַרטרויטן שמועס.

— איך וועל נישט אויסזאָגן, חנה, דערציייל!

— שווער דיך!

— איך שווער...

— ביי וואָס?

— ביי וואָס דו ווילסט.

חנה קנייטשט איין דעם שטערן און קלערט אויס:

— ביי יענקעלעס געזונט!

— ביי יענקעלעס געזונט! חזרט איבער ריבקה.

— אַז וואָס?

— אַז דאָס!... אַז איך וועל נישט אויסזאָגן, וואָס דו וועסט מיר דערציילן...

חנה פאַרטראַכט זיך.

— זיצנדיק — זאָגט זי — קען איך נישט... איך וועל בעסער ליגן און קוקן אויפן סופיט; אַזוי פאַרגעס איך אַלץ און פּלאָנטער מיך... אַז איך ליג און קוק אַרויף, זע איך אַלץ פאַר מיר... שטעלט זיך מיר אַלץ אַקעגן...

— נו, לייג דיך, חנה...

— דו אויך! לייג צו צו מיר דאָס אויער, עס איז אַ שרעקלעכער סוד! איך וויל נישט, דער זיידע זאָל הערן!

און חנה קנייטשט נאָך שטאַרקער איין דעם שטערן, זי אָטעמט שווער, ווי פון אונטער אַ שווערער לאַסט. זי פאַלט צוריק אויפן קישן.

שטאַרק פאַראינטערעסירט, שטעלט ריבקה בעשייניג אַוועק די גלעזער און לייגט זיך צו.

דער אַלטער האַקט איבער זיין תהילים, וואַרפט אַ בליק צום בעט און פרעגט:

— נישט גלייכער אויפצורוימען, ריבקה?

— באַלד, באַלד זיידעשי, — ענטפערט ריבקה — חנה וויל מיר עפּעס דערציילן.

דער אַלטער באַוועגט דעם קאָפּ מיט אַ טרויעריקן שמייכל און הייבט אָן ווייטער זינגען זיין תהילים מיטן עיברי טייטש.

און חנה דערציילט מיט אַן איינגעקנייטשטן שטערן און ווייט־געעפנטע, כמעט שטאַרע אויגן, פאַר וועלכע ריבקה שרעקט זיך אַביסל. עס דאַכט זיך איר, אַז חנה דערציילט נישט פון זיכרון, נאָר זעט עפּעס פאַר

זיך און זאָגט, וואָס זי זעט. און איר שטימע איז אזוי טיף, און דער אָטעם פּילט זיך איר אזוי הייס...

---

חנה דערציילט:

... די קעכן איז ערגעץ ארויסגעגאנגען... איך בלייב איינע אליין אין קיך... אויף דער מאַמען וואַרט איך; זי דאַרף נאָך מיר קומען.

ריבקה, שלאָגט זי זיך פּלוצים איבער — ווען האָבן מיר געגעסן הירזש מיט האָניק?

— נעכטן! — ענטפערט ריבקה מיט אן אומהיימלעכער שטימע.

— איז עס טאַקע געווען נעכטן... יאָ, נעכטן... זיץ איך אזוי און זופּ טיי. די קעכן גיט מיר שטענדיק טיי... ווען איך קום, גיט זי מיר טיי... און דאָרט איז א מחיה טיי צו טרינקען... מיט א זילבערן לעפעלע, עס גלאנצט. פון טיי ווערט אזוי וואַרעם אין אַלע איברים... און צוקער — הערסט — אריינגעלייגט.

איך וויל טרינקען צוגעביסן, די רעשט אהיימנעמען; לאָזט זי נישט, די קעכן. זי זאָגט: צוקער איז פאַר דיר געזונט, זאָגט זי... און קוקט, איך זאָל אריינלייגן אַלע דריי שטיקער!

א פונט צוקער קריגט זי דאָרט די קעכן; יעדע וואָך א פונט צוקער! א חוץ וואָס זי נעמט אליין, פון דער זילבערנער פּושקע, וואָס שטייט אין דער ערשטער שטוב... אָפן שטייט זי; איך האָב אליין געזען! נאָר איך וועל נישט נעמען...

אויף דער פּושקע איז דאָ א הירש. די פּימסענהאָלץ האָט מיר אליין געזאָגט, אז עס איז א הירש; מיט אזוינע גרויסע, געדרייטע הערנער... אן אמתער הירש.

— הכלל, דו זיצסט אין קיך? — מונטערט זי ריבקה.

יאָ, זיץ איך אויפן בעט. אויפן שיינעם בעט... אוי, האָט עס די קעכן א בעט! דריי גרויסע קישן, ווייסע ציכלעך, ווי שניי... געשטיקטע לאנגעטן, עס קוקט ארויס רויט... גרויסע פּערלמוטערנע קנעפּ, ווי פּערציקער גרויס! א געשטעפּטע אטלעסענע קאָלדרע. אינמיטן — א גרויס ראָד ווי א ברונעם! ארום און ארום — גרויסע אָדלער מיט פליגל... פון אויבן נאָך א גרינע, זיידענע קאַפּע... א גאנצע בריצהטע, איז זי, די קעכן; נאָר א גוטע. בעט מיך זיצן אויפן בעט צופוסנס... שאַרט אוועק די קאַפּע מיט דער קאָלדרע... זי האָט מיך ליב, זאָגט זי, און — ווייסטו פאַרוואָס, ריבקה?

— פאַרוואָס?

— זי האָט אויך, געהאט אזא מײדל װי איך.. נישט חנה האָט זי געהײסן, נאָר אין מײנע יאָרן... געשטאָרבן איז זי... האָט זי מיך ליב... זאָגט זי...

— װאָס האָסטו א ציטער געטון, ריבקה?

— עס, גאָרנישט... דערצײל װײטער, חנה...

— איך זיץ און זופּ טײ... און זי קומט ארײן...

— װער?...

— די געשלאָגענע כלה...

— װאָס? די געשלאָגענע —

— האָסט נישט געהערט? — די מאמע האָט דאָך דערצײלט! יאָ, יאָ, מען שלאָגט זי, װײל זי װיל נישט דעם חתן —

— אהא. — הכלל — זי קומט ארײן?

— זי קומט ארײן — א בלאסע... רױטע אױגן — הערסט, ריבקה, אין שטוב טראָגט זי א בלױ־זײדן קלײד, א שפּאָגל נײעם, מיט רױטע פּינ־טעלעך — הינטן שלעמפּערן זיך נאָך צװײ לאַנגע, ברײטע, אטלעסענע, א ו י ך רױטע שארפן, אונטן באַנײט מיט שװארץ־זײדענע פרענז — און ברילױאנטענע אױרינגלעך, — פארקעמט איז זי אױסטערליש — הױך אי־בערן קאָפּ א קרענצל — אינמיטן קרענצל — א טױב מיט צװײ אױסגע־שפּרײטע פליגל, — פארשטײסט? פון די האָר אױסגעלײגט! די בײהאָר פארנומען הינטן מיט א גאָלדענער קלאמרע; פון פאָרנט — א גאָלדענע שפּילקע, אפשר צװײ! בײם פּאסיק װײטער א גאָלדענע קלאמרע — א פארבלענדעניש! װו זי גײט זיך נישט א ריר, גײט װי א בליץ!

חנה שטאָקט.

— און שױן?

— װארט — עס איז א גרױסער סוד, ריבקה. און זי גײט צו מיט שרעק:

— גאָט װעט שטראָפן, אז דו װעסט, חלילה, אױסזאָגן!

ריבקה פארזיכערט, אז זי װעט נישט אױסזאָגן.

חנה לײגט ריבקהן אונטער די האנט, דריקט איר קאָפּ נענטער צו זיך און דערצײלט װײטער מיט נאָך א שטילערער, נאָך א טיפערער שטימע.

— זי דערזעט מיך און פאלט צו מיר צו מיט א געװײן. —

— װאָס האָט זי פון מיר געװאָלט?

— א טובה האָט זי געװאָלט פון מיר!

— א טובה? זי פון דיר א טובה?

— שטעקט מיר אין האנט אריין א האלבן רובל — דעם האלבן רובל, וואס איך האב נעכטן אפגעגעבן דער מאמען — און נאך עפעס...

— וואס נאך? חנה'שי!

„חנהשי" אין ריבקהס מויל, איז א זיכערער שליסל צו עפענען חנהס הארץ.

— א בריוו — א בריוו, זאל איך איר אפגעבן — בסוד סודות.

— און דו האסט גענומען?

— ווארט — זי לערנט מיך אויס אויסנווייניק די אדרעס; איך קען דאך נישט לעזן! הערמאן... דעם צווייטן נאמען האב איך שוין פארגעסן — די גאס אויך — נומער, דאכט זיך, 40 — יא פערציק.

— האסט גענומען און אפגעגעבן? פרעגט ריבקה מיט א פארבאר־גענער שרעק.

— נישט אזוי געשווינד, — ענטפערט חנה נאיוו — איך האב פריער געבלאנדזשעט.

נישט דאס אבער אינטערעסירט ריבקהן.

— עס איז א בחור? — פרעגט זי שארף.

— ווייס איך? ·מן־הסתם —

— וווינט אליין? —

— דאכט זיך — יא; ער אליין האט מיר געעפנט. איך האב נאר א דריק געטון דאס ווייסע קנעפל — זי האט מיך עס אויסגעלערנט. —

— ער האט צוגענומען דעם בריוו? —

— צוגענומען.

— געגעבן תשובה?

— תשובה האט ער נ י ש ט געגעבן. ער וועט שרייבן אויף דער פאסט, זאגט ער. נאר ער האט זיך זייער דערפרייט מיטן בריוו. ער האט פאר גרויס פרייד מיך אריינגענומען אין שטוב, געזעצט אויף א בענקל...

— נאכוואס?

— פאר גרויס שימחה! ער האט מיר אפילו געגלעט די האר — אזוי ווי די מאמע טוט אמאל — א יום־טוב, צי שבת, ווען זי האט צייט...

דערנאך האט ער געלאכט און האט מיך אפילו געקושט... אין מויל אריין, גלייך אין מויל אריין... דערנאך די אויגן... שיינע אויגן, זאגט ער, האב איך...

ריבקה בלייבט ליגן ווי פארשטארט...

חנה פארטראכט זיך אביסל, און ענדיקט:

— אָבער שפּעטער, אז ער האָט געוואָלט מיר עפּענען דעם בוזעם און אריינשטעקן די האנט, האָב איך מיך פארשעמט און בין אנטלאָפן... ער האָט פארגעסן צו פארמאכן די טיר... אָפן געווען...

— געלויבט איז גאָט, געלויבט איז גאָט... — שעפּטשעט ריבקה מיט א פארשטיקט געוויין...

— וואָס זאָגסטו? ריבקה...

— גאָרנישט, חנה...

— זאָג נאָר, ריבקה, נאָכוואָס האָט ער עס געוואָלט אריינשטעקן אין בוזעם...

— שווייג! שלאָגט איר ריבקה איבער מיט שרעק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

צום גליק הערט נישט דער אלטער. ער איז פארטיפט אין זיין תהלים. ער זאָגט א פּסוק און פארטייטשט באַלד:

„זיי האָבן קיין וואַר וואָרט נישט אין מויל... אינעווייניק, אין הארץ, הייסט עס, האָבן זיי א בראָך... זייער האלדז איז אן אָפן קבר... א גרוב, הייסט עס, איינצושלינגען... און א גלאטיקע צונג האָבן זיי..."

ריבקה הערט זיך איין מיט א בלאס פּנים און פארביסענע ציין...

חנה קוקט זי אָן דערשראָקן...

---

# פון וואַנען נעמט זיך:

# „ער שפּילט פאַרן טייוול"

## (א פאנטאזיע)



ער האָט געקאָנט זיין א קלעזמער, וואָס האָט זיך אין א מיידל אויף א חתונה פארליבט. ער האָט זעלטן, זעלטן שיין און טרויעריק געשפּילט, ווייל ער האָט באַמערקט, אַז זי הערט, פילט און פארשטייט אים.

אויף דער חתונה, וו זי איז געווען, האָט ער געשפּילט שטענדיק וויינענדיק, שטענדיק הארץ־רייסנדיק; שטענדיק האָט זיך זיין וויימיק גע־גאָסן און געגאָסן.

און דער עולם האָט נישט פארשטאנען, וואָס עס איז, און האָט דערביי „מצווה־טענץ" געטאנצט; זי איינע האָט פארשטאנען, און די ליכט אין אירע אויגן, אָדער דער פייכטער טוי אין זיי, האָט אויף זיין שפּילן געענטפערט.

איז אָבער זי אויף דער חתונה נישט געווען, האָט ער גלייך ווי אלע אָנגעהויבן גרימפּלען און רופן:

— שבת, שבת!

עס האָט געהילעכט, געשארפּעט, געריסן, די געדערעם איבער־געוואָרפן...

און דער עולם האָט געזאָגט:

— היינט שפּילט ער וויל! ער רייסט איין סטרונע נאָך דער צווייטער!

דערנאָך האָט ער אויף איר אייגענער חתונה געשפּילט.

זי איז א יתומה געווען, און ביים אל־מלא־רחמים האָט די פידל אזוי יאָמערלעך געוויינט, אזוי געקלעמט, אזוי געקרעכצט, אַז...

אז די מענער האָבן געוויינט ווי ווייבער, און ווייבער האָבן געחלשט.

— דער טייוול שטעקט אין זיין פידל, — האָט מען געזאָגט.

און ערשט, אז די כלה האָט אָנגעהויבן חלשן און ווייבער האָבן זיך מיט קרעמפּן צעלאַכט, האָט מען אים די פידל פון די הענט ארויסגעריסן.

דעמאָלט ערשט האָט מען באַמערקט, אז ער האָט גלעזערנע אויגן...

דערנאָך האָט ער א צייט לאַנג נישט געשפּילט.

ער איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, אפשר ערגעץ קראַנק געלעגן... אין א צייט ארום האָט מען אים ווידער אין קאַפּעלע געזען, נאָר — קוים דער־קענט... בלאַס, אויסגעמאָגערט, מיט פאַרלאָשענע אויגן; גאָרנישט דער מענטש, און גאָרנישט דאָס שפּילן. ער האָט שוין מער קיין שטיינער נישט געשפּילט, אפילו נישט פרים געהאַלטן. אָן אנדערער האָט געשפּילט פּרים, און ער האָט צוגעהאָלפן, זיצנדיק, נישט רירעוודיק...

איינמאָל האָט ער זי דערזען ביי'ן א „וועטשערע". ער איז אויפ־געשפּרונגען, אויסגעריסן די פידל ביים פרים און אָנגעהויבן שפּילן. שפּילן ווי אמאָל: דאָס אויג פלאַמט, דאָס האַרץ דריקט, די פידל וויינט —

נאָר קיינער הערט נישט... זי הערט אויך נישט! זי האָט זיך צוריק פאַרמישט צווישן די ווייבער, ער זעט זי נישט, איר בליק ענטפערט נישט —

— איי, קלעזמער! — שרייט א מחותן — שפּילט עפּעס פרייליכעס צו דער וועטשערע! כאַפּט ער א פידל, וואַרפט צו דער ערד און אַנטלויפט.

— אין דעם יונג שטעקט דער טייוול, — האָט מען געזאָגט.

פון דעמאָלט אָן האָט ער גאָר אויפגעהערט צו שפּילן אויף חתונות. דער עול פון פרנסה איז איינגאַנצן אויפן ווייב געפאַלן; ער איז געזעסן אין שטום, שטענדיק מיד, בלאַס, אָן כוח.

דאָס ווייב האָט געזאָגט: א דיבוק, און געמאַכט זיך א שטעל אויפן מאַרק מיט געקאָכטן אַרבעס.

זי דאַנקט און לויבט דעם אייבערשטן, וואָס האָט זי געשטראָפט מיט רחמנות, וואָס האָט איר א גוטן דיבוק געשיקט. אָן אנדערער שלאָגט און הרגעט און האַקט אוים שויבן. דער דיבוק איז כאָטש א גוטער, א שטילער. וואָלט זי געהאַט געלט, וואָלט זי צו'ן א גוטן ייד געפאָרן.

— ער איז אזוי גוט, — רימט זי זיך, — אז ער שעלט אפילו נישט. אמאָל פלעגט אים ניכער א קללה ארוים פון מויל; היינט איז ער שטיל ווי א טויב. ער וויל אפילו נישט עסן... גיט מען אים, עסט ער, נישט—נישט!

נאָר טיילמאָל, האַלבער נאַכט, מערסטנטיילס אין א לבנה־נאַכט —

הייבט ער זיך אויף, נעמט אראָפּ די פידל פון וואַנט, זעצט זיך צום פענצ־
טער און שפּילט.

ער שפּילט אמאָל וויינענדיק, אמאָל לאַכנדיק; אמאָל בעט ער, אמאָל
בייזערט ער זיך, אמאָל רייסט ער די סטרונעס, אמאָל גלעט ער זיי אזוי
איידל, אזוי פיין, אזוי האַרצנדיק ווייך, אז עס צעגייט אין אַלע גלידער...

און דער עולם זאָגט:

— ער שפּילט פאַרן טייוול.

# וואָס מתים פאַרציילן


טלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָב איך געהונגערט.

און אַז דער קאָפּ איז שוין צו־שווער געוואָרן, דאָס בלוט האָט מערדעריש אין די שלייפן געהאַמערט, און פאַר די פינטלדיקע אויגן האָבן ווערעמלעך געווימלט, און איך האָב מיך, אָנהאַלטנדיק זיך ביי די ווענט, אַרויסגעוואַקלט פאַר דער טיר ב ע ט ן ברויט, איז פּונקט געווען תשעה־באב, ווען אַלע פאַסטן.

די זון איז געשטאַנען הויך איבערן מאַרק, געגאָסן ליכט און היץ אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך אַריין... און עס גייען די פאַסטער אויפן בית־עלמין אַרום, זיך קילן.

גיי איך מיט.

ביימלעך וואַקסן צווישן די קברים, נאָגן זיי די טויטע אויס. צום הימל רייסן זיי זיך נישט, האָבן זיי פאַר דאָס שטאַמען פעסטערע, צווייגן דיקערע, צעשפּרייטערע, און בלעטער — פעטערע און גרינערע, און געבן שאָטן אַ סך. —

געקומען בין איך, דער הונגעריקסטער, אַמשפּעטסטן.

פאַרדריסט עס מיך; אַלץ פאַרדריסט אַ הונגעריקן.

אויך פאַרדריסט מיך, פאַרוואָס גייען די לעבעדיקע צווישן די קברים און וואַקלען זיך, און וואָלטן געשטרויכלט און געפאַלן, עס זאָל זיך וואָס אַמאָל אַ לעבעדיקער נישט אָנכאַפּן אָן אַ מצבה פון אַ טויטן...

און פאַרוואָס, אַרומדרייענדיק זיך צווישן די קברים, ריידן זיי אַזוי שטיל? פאַרוואָס זאָלן די טויטע נישט הערן?

ווערן זיי מיר פאַרהאַסט, די לעבעדיקע, מיט זייער סודען און וואַקלען זיך, לאָז איך מיך פון זיי צום שטיק אַ ל ט ן בית־עולם אַוועק, ווו די לעבעדיקע גייען שוין נישט, ווו זיי קאָנען זיך שוין קיין קרובהשאַפט נישט אויסרעכענען, און זייער פוס טרעט נישט. און וואַרף מיך אין הויכן גראָז אַריין, ווו איך זע אַלע און מיך זעט קיינער נישט. און אַז איך וויל

אויך נישט זען, לאָז איך די ברעמען אראָפּ, מאַך די אויגן צו פעסט, דרימל איך איין — —

געדענק איך נישט, וואָס מיך האָט אויפגעוועקט: א חלום א בייזער, צי אַ בייסנדיקער קאָמאַר. נאָר אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט — אַ גרויסע לבנה שווימט, א שטיל בית־עלמין, טויטע שטערן נישט, שפּעטער אָוונט, פון שטאָט זעען זיך נאָר די באַלייכטע פענצטער פון שיל, דאָרט זאָגט מען „ויהל”.

ווייסע פלעקן שוועבן דורך. דאָס גייען מתים פאַרביי. מיט די פּנימער צו דער שיל, מיט די רוקנס צו מיר און זעען מיך נישט.

נישט ווייט פון מיר, הער איך זיי.

— איך געדענק — זאָגט א לאַנגער מת — שוין גאָרנישט.

שאָקלען יענע צו מיט די קעפּ.

שטעלט מען זיך אָפּ.

— נאָר איין חלום — גיט דער לאַנגער צו — איז מיר אינזינען געבליבן; פון די יונגע יאָרן.

— דעמאָלט געחלומט. און אפשר ערשט אַצינד, און דאָס - לעבן דאָרט איז נאָר דער באַשייד צו דעם חלום געווען?

זאָגן זיי:

— דערציילן!

דערציילט ער.

„ער גייט אויף א וועג, איינער אַליין און אין א פינצטערניש. וואָס הינטער מיר, וואָס רעכטס איז אין לינקס, ווייס איך נישט”...

„געוועסט, אייגנטלעך, האָט ער: סעדער געווען, גערטן געווען. אין די סעדער און גערטן זענען הייזער געשטאַנען, אין די הייזער האָבן מענטשן געוווינט; יונגוואַרג—אין די סעדער און די גערטן שפּאַצירט. פון בוים אַראָפּ, אין די סעדער, פריש אַזיבס אין מויל אַריין זיך געריסן. בלומען—אין די גערטן. און אין די גערטן האָט מוזיק געשפּילט, האָבן זיי אַרום דער מוזיק שפּאַצירט; צום טאַקט. אין די זייטן־וועגן — האַרציק געפלוידערט. אין די טונקעלע ווינקעלעך—זיך געקושט. אין די אַלטאַנען—געטרונקען און געלאַכט — — נאָר געזען דאָס אַלץ האָט ער נישט. פאַר אים איז אַלץ אַרום איינגעזונקען געוואָרן אין חושך. געהערט האָט ער אויך נישט. — פאַר זיין אויער איז אַלץ פאַרשטומט געוואָרן... זיינע אויגן האָבן נאָר געזען דעם וועג פאַר זיך, און די אויערן האָבן נאָר א געזאַנג פון ווייטן געהערט. און אפשר האָבן נישט די אויערן געהערט,

נאָר דאָס האַרץ; אַ שטיל פאַרכישופטע געזאַנג געווען, אַ ליד, וואָס האָט געצויגן... די ווערטער פון ליד האָט ער נישט פאַרנומען; אפשר גאָר אויף אַ פרעמדער שפּראַך געווען, נאָר די מעלאָדיע. געפילט האָט ער, אַז ווען ער זאָל די ווערטער פאַרנעמען, וואָלט ער אַלץ געוווּסט, אויף אַלעס באַשייד באַקומען, — אַזוי האָט אים דאָס האַרץ געזאָגט... און דער וועג גלאַנצט אויך פאַרכישופט, עפּעס אַ שימערירנדיקער שאַרף ציט זיך אין חושך, אויסגעצויגן ביז אַהין, ביז צום וואָרט פון דער מעלאָדיע”...

ער זעצט זיך, יענע שטעלן זיך אַרום אים.

— היינט, זאָגט ער, ווייס איך, וואָס דער וועג האָט באַטײַט...

„אַ סך, אַזוינע, ווי איך, זענען פאַר מיר געווען, האָבן זיי מיט די פּיס דעם וועג אויסגעטרעטן. קיין גרעזל, קיין בלימל געבליבן”...

„איך האָב מיך גאַנץ אָפט אָפּגעשטעלט און געוויינט פאַר צער און צאָרן, פאַרוואָס מען קאָן נישט דערגיין; זיי אויך...

פאַלן די טרערן פון פּנים אַראָפּ, ווערן זיי אויפן וועג פאַרגליווערט, גלאַנצן זיי, שימערירן זיי, — די איינציקע טרייסט...

„דערגיין קאָן מען נישט”.

„ווער עס זינגט און רופט, ווייסט מען נישט”.

„אַמאָל האָט זיך מיר געדאַכט — אַ ווייטער שטערן אין הימל רופט, זינגענדיק. איך גיי אַ זינגענדיקן שטערן נאָך. און באַרג־אויף גייט דער וועג, צו הימל צו”...

„אַמאָל — אַז זי רופט”...

„זי האָט שוין לאַנג נישט געלעבט. דאָס האָב איך געוווּסט, אָבער אַז זי רופט”...

„און טײַלמאָל, אַז אַ פויגל זינגט, נאָר עפּעס אַן אַנדערער נישט ווי אַלע...”

ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, פאַרטראַכט זיך און עס דערהערט זיך אַ פרויען־שטימע:

„איך האָב אַנדערע וועגן געהאַט — אין אַ גאָרטן! — גיט זי צו אַביסל באַרימעריש! —

און זיפצט באַלד אָפּ:

— אויך אַ חלום פון יונגע יאָרן... און אפשר — געחלומט ערשט אַצינד... איך קען נישט וויסן...

און זי פאַרציילט:

„א קליין מיידעלע בין איך געווען, און איינע אליין אין שטוב".

„עפּעס זענען אַלע אוועקגעגאַנגען, אויף א לוויה, אויף א שימחה?"

„ניין, געמוזט א קונצנמאַכער גיין אין מאַרק איבער א שטריק; די דינסטן זענען אויך אוועקגעגאַנגען".

„קיין ניאַניע שוין נישט געהאַט; לאַנג צוריקגעגאַנגען אין דאָרף אריין".

„אָבער גלייך ווי געהאַט. איך האָב נאָך אַלע אירע מעשהלעך גע־דענקט. א גאַנץ ניאַניע־וועלטל האָט אין יונגען הערצל געלעבט — און דאָס שפּיל־צייג, וואָס איך האָב געהאַט: העלדן אַלערליי, פערדלעך פלינקע, א בת־מלכה, וואָס האָט געקאָנט די אייגעלעך עפענען און פאַרמאַכן, ווען איך האָב געוואָלט. און א האָן מיט א רויטן קאַם און א הון, וואָס האָט גע־קוואָקעט, ווען איך האָב געהייסן... דאָס אַלץ איז געווען די באַפעלקערונג פונעם וועלטל... אפילו דאָס טראָמפּייטערל מיטן פּייקל האָבן אריינגעפּאַסט אין דער מלוכה פון די מעשהלעך... בין איך ווירקלעך א גוט און שטיל קינד געווען, קיינמאָל נישט געוויינט... לעב איך מיר, אליין געלאָזט, אין מיין ניאַניעס וועלטל און שפּיל מיך"...

„שפּיל איך מיך אַזוי".

„פאַלט מיר פּלוצלינג איין, גיב איך איינעם פון די העלדן א פרעג:

— האָסט מיך ליב, הוסאַר?

„און דאָס ערשטע מאָל באַמערק איך, אַז ער ענטפערט נישט".

„זאָג איך: קוש מיך! און לייג צו מויל צו מויל, און צום ערשטן מאָל דערפיל איך א קעלט פונעם בלעכל...

„כאַפּט מיך אָן א פּלוצלינגער צאָרן".

„וואַרף איך דעם הוסאַר אויף דער פּאָדלאָגע; די אַנדערע העלדן — נאָך. צעריים איך דאָס פערדל; שיט זיך שטרוי. די בת־מלכה געשליידערט — פאַרצעליי פּלאַצט. אַזוי די פּייקלעך, דאָס טראָמפּייטערל — טרעט איך זיי מיט די פיס און שריי:

— ניאַניע! ביסט א ליגנערן, ניאַניע.

„ווערט מיר א שאָד: א וועלטל טויט געוואָרן"...

„באַווייזט זי זיך, די ניאַניע".

„די טיר נישט געעפנט — אריינגעקומען".

„שמייכלט זי אַזוי ליב, יעדעם שרימפּעלע שמייכלט; פאַרגעס איך אַלץ. אייגעלעך האָב איך שוין טרוקענע, די הענטלעך ארום איר האַלדז, קוש איך זי" —

— קום, זאָגט זי, קינד מיינס, שפּאַצירן.

— וווהין?

ענטפערט זי:

— פאַרן הויז! אין גאָרטן אַריין, שפּאַצירן.

„ווייס איך, אַז פאַרן הויז איז קיין גאָרטן נישט פאַראַן; נאָר אַז די ניאַניע זאָגט...

„עפנט זי די טיר אויף".

— „דיר, זאָגט זי — מוז מען עפענען".

„גייען מיר אַרויס פאַר דער טיר — אַ גאָרטן".

„אַרום גאָרטן — אַ מויער; אין דער מויער — אַ טירל פאַראַן".

„עפנט זי מיר דאָס טירל, שטופּט מיך פּלוצלינג אַריין, זי בלייבט אין דרויסן און פאַרמאַכט מיך איינע אַליין אין גאָרטן... גיב איך אַפילו קיין געשריי! אַזוי שיין איז ער, דער גאָרטן. וועגן — גלאַנצנדיקע".

און צום לאַנגן, וואָס האָט פריער פאַרציילט, זיך וועגדנדיק:

„און נישט פון טרערן, ווי דיינער!"

און ווייטער באַרימעריש:

—„מיט גאָלדן זאַמד אויסגעשיט"!...

„און אַרום זיי — גאַנצע פעלדער בלומען, אַזוינע זאַפטיק-ליכטיק-פאַרביקע, אַזוינע מיט וווילגערוך רייצנדיקע, און אַזוינע ליבלעכע"...

„און זיי ווינקען מיר, זיי עפענען חנעוודיק די בעכערלעך און בייגן זיך, און נייגן זיך פאַר מיר, און יעדעס בלימעלע, דאַכט זיך, לאַדט מיך איין, בעט זיך פיין:

— „מיידעלע פיינס, קום צו מיר! רייס מיך מיט דיינע ווייסע הענטעלעך אָפּ... איך פּאַס צו דיר, באַשאַפן פאַר דיר!"

„טו איך עס, און רייס אַ בלום, — גאָט מיין איינציקער! אַ ברענענדיקער שטאָך אין האַנט; אַ דערנדל, נישט קיין בלום!"

„נישט דערזען, טראַכט איך מיר, טועה געווען, און רייס אַ צווייטס — דאָס זעלבע, — דאָס דריטע, דאָס פערטע — דערנדלעך און דערנדלעך, און איינס פאַרן צווייטן שטעכנדיקער, ברענענדיקער"...

„דערשרעק איך מיך. טראַכט איך מיר: אַ פאַלשן וועג גענומען! גיי איך, לויף איך אויף אַן אַנדערן".

„בלימעלעך נאָך שענערע, פאַרבן נאָך רייכערע, נאָך שמעקנדיקערע בשמים; פאַר דאָס, אין דערנדלעך אויף דער האַנט פאַרביטן, ש ט ע כ ן זיי מער, ברענען זיי שטאַרקער".

וויל איך שוין וויינען, די ניאניע רופן... שוין אויפן צענטן וועג, אויפן צוועלפטן.

„פליט א מחנה זומער־פייגעלעך פארביי. זיי שמעקן נישט, לעבן זיי! און ליכטיקער זענען זיי, און פארביקער. לויף איך נאָך, כאַפּ איך איינס — „א ווערעמל אויף דער האנט!"...

— ניין מאָם רייד! — באמערקט דער לאנגער.

איילט זי זיך צו:

— לויף איך און לויף, פון ווערעם געעקלט, פון דערנער צעשטאָכן, די הענטלעך צעהאקט און פארברענט... און לויפנדיק, אלע מאָל אויף נייע וועגן ארום גאָרטן, בין איך פלוצלינג צוריק צום טירל געקומען...

— געלויבט איז גאָט! — אָטעמט אָפּ דער לאנגער.

מאַכט זי עס נאָך קורצער:

— „עפנט זיך דאָס טירל אליין פאר מיר אויף. קום איך ארויס — א וואסערל פארן טירל! פריער נישט געווען — א קלאָר קריסטאָלן וואסערל.

זאָגט יענער אונטער...

— „שפּיגל איך מיך"!

באשטעטיקט זי: יאָ!

און צוריק אין טאָן ארייינפאלנדיק:

— דערזע איך מיך: אן אלטע, א גרויע, אן איינגעשרומפּענע...

רוף איך דערשראָקן: ניאניע! ניאניע!

באווייזט זי זיך.

נעמט זי מיך, ווי אמאָל, אויף דער שויס, צו זיך, און רוימט מיר עפּעס איין. אזוי זיס גלעטנדיק און שטיל קושנדיק. און זינגט מיר עפּעס וואָס, און וויגט מיך אזוי איין, און שלעפערט מיך איין — —"

— אויפגעכאַפּט האָב איך מיך דאָ!...

עפּעס טונקעלער געוואָרן. די לבנה האָט געמוזט פארנעפּלט ווערן, אפשר פון דונסט פון די טויטע מעשהלעך; איך קוק אויף די מתים, נישט ארויף. גייט נאָך א מת, א נידעריקער, א דיקלעכער, מיט א האלדז א קורצן — געמוזט שטארבן אויף אסטמא... און זעצט זיך, נישט ווייט פון מיר, אויף א שטיק אלטער מצבה און זאָגט:

— אויך ביים וואסערל געווען! א שטילס, א קריסטאָלנס... גאָלדענע פישעלעך אינעם וואסערל פאראן... בין איך מיט א ווענדקע געקומען... געשטעלט זיך, כאַפּן געוואָלט.

„איידער איך לאָז די ווענדקע אין וואסער אריין, באווייזט עס זיך"!

„א קינד, א הערלעך קינד!" —

„פון הימל אראָפּ, פון אונטער דער ערד ארויסגעוואקסן — א מלאכל א קליינס".

„און װוּנדערלעכע אייגעלעך: אָן שװאַרצע אַפּל — מאַטע פּערע־לעך אַזױנע... זעט אַלץ, נישט קוקנדיק. שטראַלט מאַט, נאָר עפּעס גלײַך אין הארץ אַרײַן. און האָט א קלײן זעקעלע אין דער האנט".

— זאָמען אינעם זעקעלע! — זאָגט עס — און דאָס קולעכל שפּילט".

„און עס שטרעקט דאָס הענטל אויס:

— נא, זאָגט עס, נעם".

ווארף איך די ווענטקע פון דער האנט ארויס און נעם די ווענטקע.

— זייע, זאָגט עס, זאָמען פון זעקעלע ארויס, זיי אויפן וואסערל... ווי לאַנג דו װעסט ז י י ע ן, אַזױ לאַנג װעסטו לעבן".

„און פארשווינדט".

„פאָלג איך, ווארף איך א קערנדל, איבערן וואסער לאנגזאַם. עס ווילט זיך ווי אמלענגסטן לעבן... וואָס עס וואַקסט ארויס דערפון, ווייס איך נישט; עס טראָגט דאָס שטילע וואסערל, ראַש און ווייט אוועק... מיטן אויג דעריאָג איך נישט, דערזע איך נישט... זיי איך אַזױ. ביז דער זאָמען האָט זיך אויסגעלאָזט"...

ער פאַרשווייגט, אראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ, און נאָך אַן אנדערער נעמט דאָס וואָרט:

— א קינד האָב איך אויך געטראָפן, נאָר אין וואלד, אָבער נישט קיין שיינס. און נאָר, נאָר א קליינס —

„נאָר פריער האָב איך אין דעם זעלבן וואלד א גרויסן געטראָפן, נאָר א גרויסן. און ער איז מיר נאָך אין די אויגן געוואקסן, „ארויף און ארויף"...

„וואָס איך האָב אין וואלד געטון? געזוכט!"

„וואָס? האָב איך אליין נישט געוווּסט. נאָר ג ע פ ע ל ט עפּעס האָט מיר!"

„איך האָב געפילט, אַז מיר פעלט עפּעס א ת ו ך און אַן ע י ק ר, אָן וועלכן דאָס לעבן האָט קיין טעם און קיין ריח נישט און עס איז קיין לעבן נישט; זוך איך און ווייס נישט, וואָס..."

„גיי איך און טרעף אים, דעם גרויסן, נאָר דעם גרויסן".

„אַן אַלטער, א גרייז־גראָער, נאָר מיט אַזוינע גרויסע און קלאָרע אויגן, אַז איך האָב גאָר קיין פּחד נישט געהאַט צוצוגיין —

„צוגעקומען, דערגרייך איך אים שוין נישט צו די קנעבל, פונ־דעסטוועגן רייס איך ארונטער1) דעם קאפ, און קוק אים גלייך אין די אויגן אריין.

שמייכלט ער.

פאלט מיר איין צו פרעגן, ווי אלט ער איז, לויט דער גרייס...

זאגט ער: פון דעם קען מען נישט וויסן... ער וואקסט ארויף און וואקסט אראפ. ער נעמט צו און נעמט אפ. ווי די לבנה... נאר געבוירן איז ער גלייך מיט דער צייט...

ווונדער איך מיך און פרעג: ווי לאנג ער רעכנט אזוי צו לעבן?

ענטפערט ער:

— אזוי לאנג, ווי די צייט! מיר זענען א צווילינג!

— און פון וואנען, פרעג איך, קומסטו:

— פון גארנישט, גלייך מיט אלעם...

—און ווו אהין גייסטו?

— צו ג א ר אדער גארנישט, אויך גלייך מיט אלעם. זאג איך:

— דו מוזט זיין שרעקלעך קלוג און געלערנט, אז איך פארשטיי נישט קיין איינציקס פון דיינע ווערטער! אפשר קאנסטו מיר זאגן, ווי עס הייסט ד א ס, וואס איך זוך?

ענטפערט ער:

— וואס עס ווערט געזוכט, האט קיין נאמען נישט... ערשט דערנאך, אז מען געפינט, באקומט עס א נאמען.

— און איך וועל געפינען?

— אויב דו וועסט גיין...

— אויף וועלכן וועג?

— אלצאיינס. אז מען גייט, געפינט מען. אויף אלע וועגן — „גיי איך..."

„און אין א צייט ארום האב איך דאס קינד געטראפן".

„נאר א קליינס. נישט אפצומאלן, ווי קליין. אבער נ י ש ט שיין. איינגעשרומפן, געל, אין די אייגעלעך ברענט עפעס. אמאל פלאמט עס אויף ווילד, אמאל טליעט עס, ווי אין אש... די שטים הייזעריק; אמאל שארף ווי א מעסער.

דערשרעק איך מיך:

---

1) ארויף? רעד.

— ווער ביסטו?

— „פינגערל".

— א נאָמען?

— דאָס פינגערל פון מעשהלע!

ווער איך שוין בייז:

— דו זאָגסט נישט אמת! דאָס „פינגערל" פון מעשהלע איז שיין. עס שטראַלט, און עס בלאַנקעט זיך נישט ארום צופוס אין די וועלדער... עס וויגט זיך אין דער לופט, אויף זילבערן אָדער גאָלדן שפּינוועבס וויגט זיך עס, אָדער אין די גערטן, אין בעכער פון רויזן און ליליען...

— אַזוי דערציילט א י ר! איר קאָנט קיינמאָל קיין ריינעם אמת נישט דערציילן... איך בין דאָס אמתע „פינגערל", דער אמתער ט ע ם פון לעבן, דער ר י ח פון לעבן, דאָס, וואָס דו זוכסט, וואָס דער ג ר ו י־ ס ע ר האָט געזאָגט, אז דו וועסט געפינען, אויב דו וועסט גיין... און אויף אַלע וועגן.

— דו קענסט דעם גרויסן?

— איך בין זיין ליבלעכער ברודער... נאָר דער עלטערער! אונדזער מאַמע, דאָס מעשהלע, האָט מיך געבוירן פ א ר דער צייט! און שטאַרבן וועל איך פאר דאָס נ אָ ך דער צייט... איך בין — צער...

— ניין! — פּרוּוו איך מיך נאָך שפּאַרן — דער גרויסער האָט געזאָגט, אז דאָס, וואָס איך זוך, האָט קיין נאָמען נישט — —

— איך בין טאַקע ד ע ר צ ע ר אָ ן א נ אָ מ ע ן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי להכעיס, האָט זיך מיר פּלוצלינג פאר הונגער דער קאָפּ פאר־דרייט. איך האָב שוין מער נישט געהערט.

א פאַרחלשטן האָט מיך צומאָרגנס געפונען דער קבֿרן און קוים אָפּגעמינטערט, טהרה־וואַסער אויף מיר געגאָסן...

# ווען אן אלטער בוים האָט זיך צעלאַכט...

(אן אלט־אינדישע פאבל)



האָט איר, קינדערלעך, אמאָל געזען,ביימער זאָלן לאכן?
ניין!

קיין ווונדער נישט; איך בין אביסל עלטער פאר אייך און האָב עס אויך נישט געזען.

אָבער אמאָל, אין די אלטע, גראָע צייטן, ווען די פאבל איז נאָך יונג און שטראַלנדיק געווען, פלעגן זיך טרעפן ווונדערלעכע זאכן. און אין אינדיע, ווו די פאבל איז געבוירן געוואָרן און איבער דער וועלט זיך צעשפרייט, האָט אמאָל א בוים געלאכט.

און אָט דאָס מעשהלע, „ווען אן אלטער בוים האָט געלאכט", וויל איך אייך דערציילן.

עס מאכט נישט אויס, וואָס אין מעשהלע שפילן א ראָלע גאָר אנ־דערע: פישלעך גאָלדענע, א שטאָרך — א קלוגער גזלן און א קראַב, וואָס איז קליגער פארן שטאָרך, און א י ם מיט די לאנגע פים אין זאַק אריינ־געגנאַרט, און וואָס דער אלטער בוים האָט זיך גאָר איבער דער גאנצער צייט אין דער זאך אריין נישט געמישט, שווייגנדיק זיך צוגעקוקט און אַלץ געזען, און צעלאכט האָט ער זיך ערשט צום סוף, ווען אַלץ איז שוין געשען, אָפּגעטון געוואָרן.

עס איז דאָך דאָס ווונדערלעכסטע אין דער פאבל, וואָס איך וועל אייך פארציילן.

איר, ליבע יידישע קינדערלעך, האָט זיך געוויס אליין אָנגעשטויסן, אז געשען איז די זאך אין — אינדיען.

און איר האָט געטראָפן.

עס איז געשען אין אינדיען, אינעם לאַנד, ווו די פאבל איז געבוירן געוואָרן, און לאנג, שוין לאנג, ווען די אינדישע פאבל איז נאָך יונג און פריש־שטראַלנדיק געווען, אָבער נאָך קיין גרויסע מעכטיקע פליגל נישט גע־

האַט, איבער דער וועלט צו פליען, צו אונדז אַהער צו קומען...

דאָס איז געשען ערשט שפּעטער, גאָר שפּעט.

און אינעם אינדישן פּאַבל־לאַנד, אין אַ שטיקל לאַנד־ווינקעלע איז זיך דעמאָלט אַ טײַכל געפלאָסן. אַ שטיל טײַכל, אַ ריין־קריסטאָלנס, אויף אַ שמאָל, נישט זייער טיף געלעגער, מיט גאָלדענעם זאַמד אויסגעבעט, אונטער אַ אינדישן, שטילן הימל אַ בלאָען, צווישן צוויי ברעגעס, אויף וועלכע עס האָבן געוואַקסן די שענסטע וואַסער־ליליען — די הערלעכסטע לאָטאָס־בלומען.

און געלעבט, אין יענער אַלטער צײַט, אין דעם טײַכל האָט אַ שטי־לע, קליינע פאַמיליע פישלעך גאָלדענע, אמת, אויך אַ קראַב אַ גרויסער, אין אײַזן פאַרפּאַנצערט, מיט צוויי שטאַרקע, ריזיקע שערן באַוואָפנט, איז אין טײַכל געווען. מיט אים האָבן זיך אָבער די גאָלדענע פישלעך נישט געחברט און אים מיט אָבשיי שטענדיק דעם וועג אָפּגעטראָטן. גע־לעבט האָבן די פישלעך אין דער מישפּחה, די טײַכל איז זיך מורמלענדיק — פריילעך אויפן וואַסער־שטייגער זינגענדיק געפלאָסן, און די פישלעך האָבן אין קריסטאָלענעם וואַסערל, ווי אין אַ גן־עדן געלעבט. אָן אָפּ־געלעגן וואַסערל, מען זעט קיין פישער־נעץ נישט, לעבט מען אין ווילטאָג און מען לויבט גאָט.

פון צײַט צו צײַט שפּילט מען זיך, גיט מען אַ שאָס אַרויף אין דער הייך. עטלעכע גליטש איבערן גלאַנציק־שמאַראַלנדיקן וואַסער־שפּיגעלע, אַ קוק אין בלאָען לייטזעליקן הימל אַרײַן — און צוריק צו דער מישפּחה.

גאָר נאָענט צום טײַכל, באַלד הינטער די וואַסער־ליליען — די לאָ־טאָס־בלומען, איז אַ זומפּיק שטיק לאַנד געלעגן, און אינמיטן זומפּ איז דער אַלטער בוים, וואָס מישט זיך נישט און צעלאַכט זיך ערשט צום סוף, געשטאַנען, איינער אַליין אינמיטן זומפּיקן שטיקל לאַנד. אויף אים האָט זיך אַ שטאָרך זײַן נעסט געבויט; אין נעסט זיך אויפגעהאַלטן בײַנאַכט. בײַטאָג פלעגט דער שטאָרך אַרומגיין אויף זײַנע לאַנגע שטאַרקע פיס איבערן זומפּ, אויסקוקן מיט זײַנע ברוין־רויטלעכע אייגעלעך זײַן חיונה אין זומפּ; די ווערימלעך, וואָס ער האָט אַזוי ליב, אויסגעקוקט, דערזען — דעם לאַנגן קופּערנעם שנאָבל אַ שטעק אַרײַן — נישטאָ, געכאַפּט און געשלונגען, איינס, צוויי, דריי, און אַזוי ווייטער, ביז ער איז זאַט און איבערזאַט געוואָרן, און די ליבע שפּייז צו פאַרדייען זיך, ווי זײַן שטייגער איז, אויף איין פוס געשטעלט, די ברוין־רויטע אייגעלעך באַלד צוגע־שלאָסן...

דערנאָך פּלעגט ער זיך ברייטלעך שפּאַצירן איבערן זומפּ, מעשה באַלעבאָס נאָך א גוטן מאָלצייט, טיילמאָל פאר ווילטאָג מיטן שנאָבל צו קלאַפּן, אמאָל נאָך אויף די לאַנגע שטאַרקע פיס א טענצל זיך לאָזן, מיט די אַש־גראָע שטאַרקע פליגל צוקלאַפּנדיק, אָדער נאָך גאָר, מעשה קונדעס, מיט די שטאַרקע פיס שטיינדלעך פון זומפּ אַרויסבאַקומען און אין דער לופט אַריינשליידערן.

פון דעם אַלעם אָבער האָבן די פישלעך נישט געוווּסט, דאָס אַלץ האָבן די לאָטאָס־בלומען פאַר זיי פאַרשטעלט...

און האָט זיך אמאָל געטראָפן, און א שטיינדל, פון שטאָרך שפּי־לנדיק געשליידערט, איז צו זיי אין טייכל אַריינגעפאַלן, זענען די גאָלדע־נע פישלעך זיכער געווען, אז דאָס איז זיי עפּעס פון בלאָען, הויכן הימל אַראָפּגעפאַלן. האָבן זיך פריער די גאָלדענע פישלעך דערשראָקן. ייִנגערע זענען זיך איבערן טייכל צעלאָפן, פייל פון בויגן, — עלטערע זענען טיף אַראָפּ און פאַר שרעק זיך האַלב אין זאַמד אַריינגעגראָבן, און אז מען האָט זיך באַרואיקט, איז מען צוריק פון באַהעלטעניש אין זאַמד אַרויס, פון די זייטן — צוגעשווומען, באַקוקט, באַטראַכט, קיין בייז! און אָט האָט מען נאָך אָנגעהויבן אַרום שטיינדל אַרומטאַנצן, אַרומשווימען, מיט די עקלעך אין שטיינדל צו קלאַפּן, וואָס הייסט — מאַכן פיש־מוזיק.

און אַזוי איז געווען לאַנג, לאַנג, ביז עס איז אויף די גאָלדענע פישלעך א שלעכטע צייט געקומען, און אויף זייער פרעמדן שכן דעם קראַב — אויך, און אויפן שטאָרך, וואָס אויפן זומפּ, אויפן גאַנצן ווינקל אין לאַנד.

אין דער געגנט זענען גרויסע היצן געוואָרן, וואָס א טאָג הייסער; וואָס עס שיינט אויף די זון — אַלץ ברענענדיקער, און דאָס טייכל טריקנט איין. וואָס גאָט שיקט א טאָג, פאַלט דאָס וואַסער־שפּיגעלע נידעריקער, די ברעגן פון ביידע זייטן הייבן זיך אַלץ העכער און העכער, און וואָס א נייע זון, אַלץ דאַרשטיקער איז זי און האַלט שוין ביים אויסטריקענען דאָס גאַנצע טייכל.

וואָס ווילן די גאָלדענע פישלעך טאָן? זייער שפּייז איז אין וואַסער, זייער אָטעם — אין וואַסער! שווימען זיי אַרום און אין פאַלנדיקן טייכל, ווי אָן קעפּ, צעשראָקן, מיט יעדער שטונדע פאַרצווייפלטער, פון ווידלעך־פיש־מוזיק מאַכן איז שוין נישט צו ריידן, מען שפּילט שוין נישט, מען קרעכצט, אז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען.

פון צייט צו צייט שווימט אַרויף א פישל פון דער אומגליקלעכער

פאמיליע אויפן וואסער־שפּיגל אַרויף, צו זען, צי ווייזט זיך נישט ערגעץ אין הימל אַ צייכן אויף אַ וואָלקן, אַן אָנזאָג אויף רעגן... צי הייבן זיך נאָך די ברעגעס, צי איז אַלץ די זון אַזוי ברענענדיק דאָרשטיק?

און באקומען באַלד אַ שטאָך אין רוקן פון אַ זונען־שטראַל, ווי מיט אַן אייזערנער צעהיצטער שפּיז, פאַלן אַראָפּ, ווי געשטאָכן און פאַר־ציילן, טאָג אויף טאָג, די זעלבע בשורה:

— דער ברעג הייבט זיך, מיר זעען שוין קוים די שפּיצן פון די לאָטאָס־בלומען, זייערע שאָטנס לייגן זיך שוין נישט איבערן וואסער. און דער הימל איז גליענדיק־ריין, און די זון שיסט מיט פייערדיקע פיילן...

און דעמאָלט ערשט זענען די גאָלדענע פישלעך ערשט געוואָר גע־וואָרן פונעם שטאָרך.

איינמאָל האָט אַן ארויפגעשיקט פישל זיך אויפן וואסער־שפּיגעלע לענגער פארווײַלט, צוריק איז עס אַראָפּ שיר־נישט האלב־געבראָטן און פארציילט אַ וואונדערלעכע זאַך, פון וועלכע אירע אויגן, וואָס האָבן עס צום ערשטן מאָל געזען, האָבן זיך נישט געקענט אָפּרייסן...

נעמלעך: אַ וואונדערלעכע חיה געזען. ביים ברעג, איבערן טייכל גע־בויגן, איז זי געשטאַנען, און אויף איין פוס, און פארטראַכט, די אויגן האלב צוגעמאכט... מיט די גרויסע, אש־גראָע פליגלען קיין ריר נישט געטאָן. וואָס קאָן עס זיין?

דאָס זעלבע האָט געזען אַן אנדער פישל צומאָרגנס, אַ דריטס — אויפן דריטן טאָג... און דאָס וואונדער וואַקסט: די פליגלען, זאָגט מען, זענען שטאַרקער, לענגער און ברייטער, ווי ביי אַן אָדלער! און קוקן קוקט ער אַלץ מיט האלב־פארמאכטע אויגן אין וואסער אריין...

איז געבליבן, עס זאָל אמאָל ארויפשווימען אַן עלטערער, קליגערער פיש און ריידן מיט דער וואונדערבארער חיה, אפשר וועט פון איר קומען הילף. די חיה שטייט אויף איין פוס, מוז זי זיין אַ פרומע, און האָט אַ נדר געטון פאר גאָט אויף איין פוס צו שטיין, פייניקט זיך דערמיט, צו־ליב זיין ליבן נאָמען... און זי טראכט אַלץ און טראכט, און טראכט שוין אַזוי לאַנג, מוז זי שוין זיין קלוג, זייער קלוג, — אפשר וועט זי די אָרעמע פישלעך אַן עצה, אַ ראָט געבן, אין היציקן אומגליק, וואָס זיי האָט גע־טראָפן...

און אַזוי איז געווען. אַן עלטערער פיש איז אַרויפגעשווומען:

— גרויס, מעכטיק טיר, ערלויב אין דיין גענאָד אַן אָרעמען גאָלד־פיש דיך עפּעס צו פרעגן! — שרייט צום ברעג ארויף דער פיש.

און פון דער הייך קומט דער ענטפער:

— פרעג!

פארציטערט פאר גרויס פרייד און גליק פרעגט דער פיש:

— צוליב וואָס, גרויסטיר, האָסטו א נדר געטאָן און שטייסט אויף איין פוס...

— צוליב אייך! — פאלט אראָפּ פון קופּערנעם שנאָבל אן ענטפער.

און ער פארטייטשט:

אינמיטן פעלד שטייט אן איינזאמער בוים, ווו זיין הויז שטייט, ווו ער וווינט. פון טייך ארויס זעט מען נישט דעם בוים, אָבער פון בוים אראָפּ זעט מען דעם טייך, און ווייל ער איז קלאָר, דער טייך, און דורכזיכטיק — אויך זיינע איינוווינער: און ער האָט זיי אין זייער פיין געזען און זיך צום הארצן גענומען, און א נדר געטאָן, כל־זמן עם וועט זיך קיין וואָלקן נישט באווייזן, וועט ער שטיין אויף איין פוס!

— און וואָס טראכסטו אזוי באַשטענדיק, די בארעמהארציקע גרויס־חיה?

— אויך וועגן אייך! איך טראכט א רעטונג פאר אייך!

— און וואָס האָסטו אויסגעטראכט, קלוג און בארעמהארציק גרויס־טיר...

— דערטראכט האָב איך מיך דערצו, אז איר וועט מוזן וואנדערן...

— מיר — וואנדערן?

— אין אן אנדער, גרעסער וואסער אריין! אין א וואסער, וואָס ליגט אין שאָטן פון הויכעביימער אין וואלד, און די זון קאָן צו אים נישט צוקומען, פון וואסער נישט טרינקען! נישט ווייט איז דער וואלד, אינמיטן וואלד איז דאָס וואסער!...

— מיר האָבן דאָך אָבער קיין פיס נישט און קאָנען אויף דער טריקעניש נישט גיין!

— איך אָפּפער מיך — ענטפערט דער שטאָרך — אייך איבערצוטראָגן, איינציקווייז — גרויסע, קליינע צו צוויי און דריי אין מיין שנאָבל!

— מיר וועלן אָבער שטאַרבן אין דער הייסער טרוקענער לופט!

— ניין גרויס און מעכטיק זענען מיינע פליגלען, ביסלעכווייז וועל איך אייך שנעל ווי דער בליץ איבערטראָגן, און איר וועט אין גרויסן וואסער אריין, נאָך איידער אייערע שופּן און פלוספּעדערן וועלן זיך אָפּטריקענען!

— גיי און זאָג די בשורה אָן די צעשראָקענע פיש...

און אַזוי זאָג זיי:

— צעטראָגן זענען זיי און אין שרעק אפשר נישט גלייבן אָן דער בשורה... זאָלן זיי אויסקלויבן איינעם א פיש, א קלוגן פיש מיט א מוטיק האַרץ, זאָל ער אַרויפשווימען, אונטערשפּרינגען. ער וועט אים מיטן שנאָבל אויפכאַפּן, אהין און צוריק מיט אים פליען, און זאָל ער דערציילן, וואָס ער האָט געזען און איך קען!

— איך וועל נאָך דאָ דערווייל אויף איין פוס שטיין און טראַכטן, און גאָט בעטן, ער זאָל אייך דאָס האַרץ שטאַרקן צום איינמאָליקן פליען...

איז דער פיש, האַלב פון דער זון פאַרברענט, נאָך הויך פון דער גוטער בשורה דערפרייט, צוריק אין וואסער אריין. און באַלד איז אַרויפּ־געשווומען די גאַנצע פאַמיליע פיש:

— מיר ווילן! מיר ווילן!...

און איינער אַן אויסגעקליבענער, גראָד אַן אַלטער, האַלב־בלינדער פיש האָט מיט א צווייפל א שפּרונג געטאָן. דער שטאָרך האָט אים מיטן שנאָבל אונטערגעכאַפּט, מיט אים אוועקגעפלויגן און באַלד צוריקגעקומען. און דער פיש פאַרציילט:

— פאַראַן אַ וואַלד, און אין וואַלד א טייך, א גרויסער טייך. און די רייזע דויערט נישט לאַנג, און אין שנאָבל איז נישט אַזוי טרוקן.

און עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן דאָס איבערטראָגן... עלטערע — איינציקווייז, יינגערע — צו פּאָרן, גאָר קליינע צו דריי און פיר מיטאמאָל...

דער איינזאַמער קראַב האָט זיך צו דעם צוגעקוקט, און נישט גע־ווּסט וואָס דעריבער צו קלערן; ער האָט דעם שטאָרך נישט געגלייבט.

און מען האָט דעם שטאָרך נישט געדאַרפט גלייבן...

דער שטאָרך האָט גערן פיש. ער האָט אָבער נישט ליב צו שווימען, אייננעצן זיך די לאַנגע פיס. אַז עס איז די טריקעניש געוואָרן, האָט ער זיך א לאַנגע צייט שוין נאָר מיט טרוקענע טויטע ווערימלעך געשפּייזט, וואָס האָבן אים נישט זייער געשמעקט. האָט ער זיך צום טייכל געגענעט און געטראַכט:

— אריין און פיש כאַפּן, די פיש נעצן?

און דעמאָלט זענען אים די פישלעך אַליין אַקעגנגעקומען, אים אין שנאָבל זיך אַריינגערוקט...

ער האָט זיי געטראָגן אין דער ריכטונג צום וואַלד, צום טייך, דער־טראָגן זיי האָט ער אָבער נאָר צום איינזאַמען בוים, וואָס איז אינמיטן זומפּ געשטאַנען, ווו זיין נעסט, זיין היים איז געווען... דעם געטראָגענעם

פיש פון שנאָבל אויף א צווייג פון בוים אַרויסגעלאָזט, מיטן שנאָבל דורכגעשטאָכן און געזעצט זיך עסן... דאָס פלייש האָט ער אויפגעגעסן, און די פיש־ביינדלעך האָט ער צו די פיס פון בוים געוואָרפן... ביז צום לעצטן פיש...

און דעמאָלט ערשט, אַז ער איז אויפסניי הונגעריק און פאַר הונגער מאָגער און דאַר געוואָרן, האָט ער זיך דערמאַנט, אַז ער האָט אין טייך אויך א קראַב געזען.

— זאָל זיין — טראַכט ער — א קראַב... א האַרטע הויט האָט ער, וועל איך זי אָפּשיילן...

איילט ער אויף די לאַנגע פיס צום טייכל און רופט:

— קראַב, קראַב!

באַווייזט זיך דער נישט־גלייביקער קראַב.

— פּאַרציי, וואָס איך האָב אָן דיר פאַרגעסן, ביסט אויך א לעבע־דיק באַשעפעניש, און איך וויל דיך איצט רעטן.

— ווי אַזוי?

— איבערטראָגן...

אין וואָס?

—אין מיין שנאָבל! ווי יענע —

— ניין, — ענטפערט דער קראַב געלאַסן. — קליין און לייכט זע־נען גאָלדענע פישלעך, איך בין גרויס און שווער און א שווערן פאַנצער טראָג איך. מיך וועסטו אַזוי נישט דערטראָגן, מיך וועסטו אויפן וועג אַראָפּלאָזן, און דאָס וועט זיין מיין זיכערער טויט, איך דאַנק דיר!

נישט אָנגענעם איז דעם שטאָרך דאָס הערן, און נישט ליב איז אים דער בוים, ער איז הונגעריק. דער קראַב אָבער זאָגט נאָך א קורצער ווײַלע:

— אויב דו ביסט ווירקלעך אַזוי גרויסמוטיק, אַזוי באַרעמהאַרציק, נישט נאָר פאַר בליצנדיקע פישלעך גאָלדענע, נאָר אויך פאַר א קראַב א שוואַרצן, דערלויב מיר, דיך מיט מיין שער אָנצונעמען ביים לאַנגן האַלדז און אַזוי טראָג מיך צום טייך.

— גוט! — מוז דער שטאָרך באַשטיין. אין הונגער באַנאַרישט זיך אויך דער קלוגער, און ער שוועבט מיט אים...

אין דער הייך דערזעט באַלד דער קראַב דעם בוים און די הויפן ביינדלעך אַרום בוים; נישט אומזיסט, הייסט עס, האָט ער חושד געווען דעם שטאָרך, — א גזלן! און ווי דער שטאָרך וויל פאַרקערעווען צום בוים־צו, גיט ער א נעם צוזאַמען די שער.

— וואָס צופּסטו מיך? — פרעגט דער שטאָרך.

— איך וויל דיר זאָגן, אַז דו ביזט אַראָפּ פון וועג, נישט צום טייך פליסטו מיט מיר...

— איך פלי צום בוים. צו מיין היים, דאָרט וועסטו אַ ווײַלע זיין מיין ליבער גאַסט...

ציט דער קראָב די שער נאָך ענגער צוזאַמען.

— איך וויל אַצינד נישט זיין דיין גאַסט, פריער צום טייך... דער־נאָך, אויפגעפרישט, וועל איך צו דיר שוין קומען...

— ניין, פריער צום בוים!

ווערט די שער נאָך ענגער, שניידט אריין אין האַלדז...

— לאָז זיין ווי דו ווילסט, — שרייט דער שטאָרך, — דו אומ־דאַנקבאַרער, נאָר מאַך לויז די שער...

מאַכט ער, דער קראָב, עטוואָס לויז די שער. דער שטאָרך זעט שוין, עס איז שלעכט, און וויל זיך שוין פון קראָב און זיין שער באַ־פרייען, און גיט מיט אים אַ פלי, גראָד צום וואַסער צו, פליט שוין אי־בערן וואַסער...

— אַצינד לאָז אָפּ, וואַרף זיך אין וואַסער אַריין.

אָבער איידער דער קראָב האָט עס געטון, האָט ער דעם גזלן מיט דער שער דעם האַלדז איבערגעשניטן...

און דעמאָלט האָט דער אַלטער בוים, וואָס האָט אַלץ שווייגנדיק געזען און נישט אַריינגעמישט, זיך האַרצלעך צעלאַכט!